ווּיקטאָר הוגאָ

# דער גבּור אין קייטען

(Les miserables)

ראָמאַן.





פערלאג ב. שימין. וואַרשא.

פון ברעג [illegible]
קען הין פון דערוועלבער זייט, פון וואנען נאפאלעאן דער טראקטיר-מאן געענטפערט. דערנאך, [illegible]

# 1. דער וואַנדערער.

אין אַ אָקטאָבער-טאָג פון יאָהר 1815, אַ שעה פאַר'ן זון-אונטערגאַנג, איז אינ'ם קליינעם פראַנצויזישען שטעדטיל דין אַריינגעקומען אַ פוסגעהער.

ביי די פענסטער און אויף די שוועלען פון זייערע הייזער זענען געשטאַנען מענשען און האָבען אונרוהיג בעטראַכט דעם אונבעקאַנטען. דאָס איז געוועזען אַ מענש פון מיטעלען וואוקס, מיט ברייטע אַקסלען, פעסט געבויט, און פולער קראַפט. ער האָט אויסגעזעהן פון אַ יאָהר זעקס-און פערציג. זיין היטעל איז געווען אַנגערוקט נידעריג איפ'ן שטערן און האָט טיילווייז פערדעקט זיין פערשוויצט און פון דער זון פערברענט פנים. זיין העמד פון היקער, אונגעווייסטער ליינוואַנד, פערשפּילעט מיט אַ זילבערנעם אַנקער, האָט נישט גאָר פערבאָרגען זיין האָריגע ברוסט. די בלאָהע, אָבגעטראָגענע הויזען זענען אויף איין קניה ווייס און אויף דער צווייטער דורכגעלעכערט געוואָרען. ער האָט געטראָגען אַ צופליקטע, ערטערווייז פערלאַטעטע בלוזע, אַ נייעם, פיל-געפּאַקטען זעלנערשען ראַנצען אויף די פלייצעס, אויף די פוס שווערע שיך און אין האַנד — אַ גרויסען, היקען שטעקען. דער קאָפּ איז געוועזען קורץ געשוירען און די באָרד — ווילד פערוואַקסען.

קיינער האָט איהם נישט געקענט. דאָס איז געווען, קענטיג, אַ דורכגעהער.

פון וואַנען איז ער געקומען? מעגליך, פון ברעג פון ים, ווייל אַריינגעקומען איז ער קיין דין פון דער זודליכער זייט, פון וואַנען נאַפּאָלעאָן איז געקומען מיט זיבען מאָנאַטען צוריק, פאָהרענדיג פון קאַן קיין פּאַריז. עס איז קענטיג געוועזען, אַז דער אונבעקאַנטער איז געגאַנגען צו פוס דעם גאַנצען טאָג, ווען ער האָט אויסגעזעהן זעהר מיעד. עס האָט איהם שטאַרק געדורשט: ער האָט זיך צוויי מאָל אָבגעשטעלט ביי די גאַס-פּאָמפּען און האָט געטרונקען לאַנג און פיעל.

אויף דער גאַס פּאַשווער האָט ער פערקערעוועט צום ראַטהויז און איז אַריין אינווייניג. אין אַ פערטיל שעה אַרום איז ער אַרויס צוריק און געהענדיג פאַרביי דעם זשאַנדאַרם, וואָס איז געזעסען ביי דער טהיר, אויף אַ באַנק, האָט ער מיט הכנעה אַראָבגענומען דאָס היטעל. דער זשאַנדאַרם האָט אויף די בעגריסונג נישט געענטפערט, האָט אויף איהם געוואָרפען אַ שאַרפען קוק און איז אַריין אין ראַטהויז.

דער אונבעקאַנטער האָט זיך געלאָזען געהן צום בעסטען טראַקטיר, וואָס האָט געהערט צו אַ געוויסען זשאַקען לאַבאַר. דער טראַקטיר-מאַן, וועלכער איז געווען אויך דער קוך, איז געשטאַנען נעבען אייווען און האָט אַכטונג געגעבען אויף אַ רייכען מיטאָג פון פיש און פלייש, וואָס האָט זיך געקאָכט און געבראָטען אויפ'ן פייער. דערהערענדיג, אַז די טהיר האָט זיך געעפענט, האָט ער, נישט אומקערענדיג דעם קאָפּ, געפרעגט:

— וואָס פערלאַנגט דער הער?

— עסען און שלאָפען.

— נישטאָ קיין גרינגערע זאַך, — האָט דער טראַקטיר-מאַן געענטפערט. דערנאָך, ביי-

קיקענדיג דעם גאַסט פון קאָפּ ביז די פיס, האָט ער צוגעגעבען: — פאַר געלד?

דער אונבעקאַנטער האָט שווייגענדיג אַרויסגענומען פון זיין בלוזע אַ גרויסען לעדערנעם בייטעל. זשאַקען לאַבאַר האָט געזאָגט:

— אויב אַזוי, בין איך גרייט אייך צו דינען.

דער אונבעקאַנטער האָט אַריינגעלעגט דעם בייטעל צוריק אין די קעשענע, האָט אַראָבגענומען דעם ראַנעץ און מיט'ן שטעקען אין האַנד האָט ער זיך צוגעזעצט צום פייער אויף אַ נידעריג ביינקעל.

דיז ליעגט אין אַ בערגיגער געגענד, און די אָקטאָבער-אָווענדען זענען דאָרט קאַלטע.

דער טראַקטיר-מאַן האָט זיך הערומגעדרעהט הין און צוריק און אַלץ בעטראַכט דעם רייזענדען.

— לאַנג נאָך צו וואַרטען אויף מיטאָג? — האָט דער אונבעקאַנטער געפרעגט.

— אָט באַלד, — האָט לאַבאַר געענטפערט. און אָבווענדענדיג זיך אָן אַ זייט, האָט ער אָבגעריסען אַ שטיקעל פאַפּיר פון אַ צייטונג, האָט גיך אָנגעשריבען אַ פּאָר שורות, האָט עס אַוועקגעגעבען דעם משרת פון טראַקטיר און דערביי אידם עפּיס געזאָגט אויפ'ן אויער. יענער איז פערשוואונדען.

דער וואַנדערער האָט גאָרנישט געזעהן און האָט ווידער געפרעגט:

— וואָס הערט זיך מיט עסען?

— באַלד, באַלד, — האָט דער ווירטה אידם בערוהיגט.

דער משרת איז צוריקגעקומען מיט אַ קוויטעלע אין האַנד. דער ווירטה האָט עס אויפמערקזאַם דורכגעלייענט, האָט אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ און האָט זיך געווענדט צום רייזענדען, וועלכער איז געזעסען פערזונקען, קענטיג, אין זעהר נישט פרעהליכע געדאַנקען:

— מיין העהר, איך קאָן אייך נישט אויפנעהמען.

דער אונבעקאַנטער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— פאַרוואָס? איהר האָט מורא, כ'וועל נישט בעצאָהלען? אויב איהר ווילט, קאָן איך בעצאָהלען פאָרויס.

— נישט אין דעם געהט עס.

— אין וואָס דען?

— איהר האָט געלד...

— יאָ, — האָט דער אונבעקאַנטער געזאָגט.

— איך אָבער — האָב קיין צימער נישט, — האָט דער ווירטה געזאָגט.

דער אונבעקאַנטער האָט רוהיג געזאָגט:

— לעגט מיך אין שטאַהל.

— איך קאָן נישט.

— פאַרוואָס?

— די פערד פערנעהמען די גאַנצע שטאַהל.

— רעכט, גיט מיר אַ ווינקעל אויפ'ן בוידעם און אַ בינדעל שטרוי. נאָכ'ן מיטאָג וועל איך זיך ווי-עס-איז איינאָרדנען.

— איך קאָן אייך קיין מיטאָג נישט געבען.

דער אונבעקאַנטער איז אויפגעשטאַנען פון אָרט.

— גאָר אַזוי! — כ'בין אָבער טויט-הונגעריג! איך געה פון פריה-מאָרגען אָן. איך וועל בעצאָהלען. איך וויל דאָך עסען!

— איך האָב גאָרנישט צום עסען.

דער אונבעקאַנטער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און אָנגעוויזען אויפ'ן אייווען.

— גאָרנישט! און וואָס איז דאָס?

— פאַר דאָס אַלץ האָט מען שוין בעצאָהלט.

— ווער?

— די געסט אין צווייטען צימער.

— וויפיעל זענען די?

— צוועלף פערזאָן.

— און דאָ איז פאַראַן צו עסען פאַר צוואַנציג.

— זיי האָבען דאָס אַלץ בעשטעלט און דערפאַר בעצאָהלט.

דער אונבעקאַנטער האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט און האָט געלאַסען געזאָגט:

— איך געפין זיך אין אַ טראַקטיר, איך בין הונגעריג — איך בלייב דאָ איבער.

דער ווירטה האָט זיך אָנגעבויגען און האָט אידם אַ מורמעל געטהון אין אויער:

מיט אזא טאן, אז ער האט אויפגעציטערט:

— טראגט זיך אב!

דער אינבעקאנטער האט געעפענט דאס מויל, אבער דער ווירטה האט איהם נישט געלאזט רײדען און האט ווײטער געזאגט מיט'ן זעלבען שטילען און שארפען מורמעל:

— רעדט נישט מעהר. זאל איך זאגען, ווי מען רופט אייך? איהר הײסט זשאן וואלזשאן. זאל איך זאגען, ווער איהר זענט? גלייך ווי איך האב אייך דערזעהן, האב איך עס פערשטאנען, און האט געשיקט אין ראטהויז פרעגען. אט איז דער ענטפער. איהר קענט לעזען?

דער אינבעקאנטער האט געווארפען א בליק אויף דאס קוויטעל.

דער ווירטה האט פערענדיגט:

— איך האב א רגילות — צו זיין צו אלעמען העפליך. געהט בעסער.

מיט אראפגעלאזענעם קאפ איז דער רײזענדער ארויס פון טראקטיר.

---

## 2. וואס ווײטער אלץ ערגער.

ער איז געגאנגען, נישט אומקוקענדיג זיך צוריק, און דעריבער האט ער נישט געזעהן, ווי דער ווירטה פון טראקטיר איז געשטאנען אויף דער שוועל פון זיין הויז און ארום איהם אנ'עולם שטאדט-לײט, און אלע האבען גערעדט מיט היץ און געוויזען מיט די פינגער אויף איהם. ער האט ניט געזעהן, דערשלאגענע מענשען קוקען זיך נישט אום, זיי ווייסען אויסווייניג, אז דאס שלים-מזל לויפט זיי נאך.

ער איז געגאנגען און געגאנגען, ביז דער הונגער האט איהם ווידער דערמאהנט, אז ער האט זיין געזעצליכען פערלאנג נישט ערפילט. אויף דער גאס שאפפא האט ער אנגעגענט א שיינק. ער האט געעפענט די טהיר.

— ווער איז דארט?—האט דער ווירטה געפרעגט.

— אײנער וואס וויל וועטשערע און א נאכטלעגער.

— גוט. דא קען מען קריגען ביידע זאכען.

דער אינבעקאנטער איז אריין אין צימער.

בעת ער האט זיך געווארימט בײם פײער, האבען איהם די איבעריגע בעזוכער פונ'ם שיינק בעטראכט. ער האט געהאלטען די פיס נאהנט צום אייוועץ, און זיין פנים האט אויסגעדריקט פערגעניגען געמישט מיט פערגליווערטען שמערץ, ווי ביי מענשען, וואס זענען געוועהנט צו לײדען. און אלגעמיין איז אויף זיין געזיכט געלעגען אנאויסדריק פון מוטה, ענערגיע און טרויער. דאס איז געווען א מאדנע געזיכט: אויפ'ן ערשטען קוק האט עס אויסגעזעהן אונטערטעניג; האט מען זיך אבער בעסער צוגעקוקט, האט עס געמאכט א שטרענגען איינדריק. פון אונטער די ברעמען האבען די אויגען העל געפינקעלט, ווי פייער פון אונטער טרוקענע צווייגען.

אײנער פון די, וואס זענען געזעסען אין שיינק, איז פריהער געווען נעבען לאבארי'ס טראקטיר. ער האט דעם פרעמדען דערקענט, האט צוגערופען דעם ווירטה פון שיינק און האט איהם עפיס געזאגט אין דער שטיל.

דער ווירטה איז צוגעגאנגען צום פערטראכטען גאסט, האט גראב ארויפגעלעגט זיין האנד צו יענעם אויפ'ן אקסעל און האט געזאגט:

— געה דיר ווײטער.

דער אינבעקאנטער האט זיך אומגעקערט און האט שטיל געזאגט:

— א! איהר ווייסט שוין?...

— יא.

— מ'האט מיך ארויסגעטריבען פון יענעם טראקטיר.

— פון דאנען טרײבט מען דיך אויך.

— וואוהין-זשע זאל איך געהן.

— וואוהין די אויגען וועלען דיך טראגען.

דער רײזענדער האט גענומען דעם שטעקען און איז ארויסגעגאנגען.

קינדער האבען איהם אנגעהויבען נאכצווארפען שטיינער אין גאס. ער האט זיך א לאז געטהון צו זיי מיט'ן שטעקען, זענען זיי זיך צולאפען אין אלע זייטען.

געהענדיג פארביי דער טורמע, האט ער דערזעהן א גלאק בײם טויער. ער האט אנגעקלונגען. עס האט זיך געעפענט א לופט-פענ-

מטעריל. דער אונבעקאנטער האט אראבגענומען דאס הוטעל און האט מיט דרך־ארץ געזאגט:

— זייט אזוי גוט, לאזט מיך דא איבער־שלאפען די נאכט.

א טרוקענע שטים האט זיך געלאזט הערען:

— א טורמע איז נישט קיין טראקטיר. זאל מען אייך ארעסטירען, וועלען מיר אייך אריינלאזען.

און דאס פענסטעריל האט זיך פערהאקט.

די נאכט האט זיך אנגערוקט אויף דאס שטעדטיל און א קאלטער ווינד האט געבלאזען פון די אלפען-בערג. וואזשאן האט זיך ארומגעבלאנקעט איבער'ן שטאדט און ציטערנדיג האט ער זיך געוואקעלט, ווי שכור. איינמאל האט ער נאך געפרובט אנקלאפען אין א פריוואט־הויז אבער דער ווירטה איז ארויס מיט א געלאדענער ביקס און האט איהם געהייסען געהן. ער האט זיך געוועזן פערקליבען אין עפיס אן ערד־שטיבעל אויף א הינטערשטען הויף, וואוהין ער איז אריינגעקראכען אויף אלע פיער, אבער אין דערזעלבער מינוט איז אויף איהם אנגעפאלען א גרויסער, שטארקער הונד, פון וועלכען ער האט זיך קוים בעשיצט מיט זיין שטעקען: דאס איז געוועזן דעם הונד'ס שטעל־כיל. צום סוף האט ער זיך אוועקגעלעגט אויף א שטיינערנער באנק נעבען א הויז. אין דער מינוט איז אן אלטע פרוי געגאנגען פארביי.

— וואס טהוט איהר דא, מיין פריינד?

— איהר זעהט דאך, גוטע פרוי, איך לעג זיך שלאפען, — האט זשאן וואלזשאן גראב אין בייז געענטפערט.

— שלאפען? אויף אט דער באנק?!

— פארוואס נישט? ניינצעהן יאהר בין איך געשלאפען אויף הויליגע ברעטער, וועל איך היינט שלאפען אויף שטיינער.

— איהר זענט געוועזן א זעלנער?

— א זעלנער?... יא, גוטע פרוי, א זעלנער.

— פארוואס געהט איהר נישט אין טראקטיר?

— איך האב קיין געלד נישט.

— ליידער, — האט די אלטע געזאגט, — האב איך אויך נישט. אפשר וואלט אייך עמיצער אריינגענומען אויס מיטלייד?

— איך האב געקלאפט אין אלע טהירען, און פון אומעטום האט מען מיך אוועקגעטריבען.

די פרוי האט בעריהרט זיין האנד און האט איהם אנגעוויזען אויף א קליין, נידעריג הייזעל, וואס איז געשטאנען נעבען דעם בישאפ'ס פאלאץ.

— איהר האט געקלאפט אין אלע טהירען?

— יא.

— האט איהר געקלאפט אין יענע טהיר דארטען?

— ניין

— קלאפט און אהין.

ווער האט געוואוינט אין דעם שטיבעל נעבען בישאפ'ס פאלאץ?..

———————

## 3. אן איבערקעהרעניש

אין יאהר 1815 האט דעם בישאפ'ס טראהן אין דיין פערנומען דער בישאף שארל־פראנסוא־ביענוועניו מיריעל.

שארל מיריעל האט געשטאמט פון א הויכער אריסטאקראטישער פאמיליע. זיין פאטער דער ראטה פון פאריזער געריכטס־פאלאטע, האט געוואלט איבערגעבען זיין הויכען פאסט צו זיין זוהן בירושה, ווי דער מנהג איז געווען אין יענע צייטען, דעריבער האט ער זיין זוהן חתונה געמאכט זעהר יונג. אבער דער יונגער מיריעל, נישט קוקענדיג דעריף, וואס ער איז געוועזן פערהייראט, האט געגעבען דעם עולם א געלעגענהייט פיעל צו ריידען וועגען זיין ארט לעבען. זייענדיג קליין־געוויקסיג, איז ער פונדעסטוועגען געוועזן עלעגאנט, אנגענעהם, וויציג, אין דעם ערשטען טייל פון זיין לעבען האט ער איינגאנצען געווידמעט צו פרויען און אנדערע פערגעניגענס פון עולם הזה.

אין יאהר 1789 האט אויסגעבראכען די גרויסע און ערשטע פראנצויזישע רעוואלוציע, און גאנץ פראנקרייך האט זיך ווי איבערגעקעהרט. פיעל פארלאמענטארישע פאמיליעס זע־

גען געוואָרען פערמערט און פערטריבען פון פראַנקרייך. ביים סאַמע אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציע האָט שאַרל מיריעל עמיגרירט קיין איטאַליען, און דאָרט איז זיין פרוי געשטאָרבען פון אַ ברוסט-פעהלער, פון וועלכען זי האָט שוין לאַנג געליטען. קיין קינדער האָבען זיי נישט געהאַט.

וואָס האָט געבראַכט אַזאַ שאַרפע ענדערונג אין דאָס לעבען פון דעם עלעגאַנטען, לעבענסלוסטיגען יונגען-מאַן? דאָס אַנטלויפען פון דער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע, דער אונטערגאַנג פון זיין אייגענער פאַמיליע, די טראַגישע פאַסירונגען פון 93-טען יאָהר, וואָס האָבען פון דער-ווייטען אויסגעזעהן פילייכט נאָך שרעקליכער, איידער פון דער נאָהנט, און האָבען איהם איינגעשטויסען אויפ'ן געדאַנק אָבצוזאָגען זיך פונ'ם וועלטליכען לעבען, פון די תענוגי עולם הזה? קיינער ווייסט עס נישט. מען ווייסט נור, אַז פון איטאַליען איז ער צוריקגעקומען שוין אַלס גלח. אין יאָהר 1804 איז מיריעל געווען דער גלח פון בריניאָל, איז געווען שוין אַלט און האָט געלעבט זעהר איינזאַם.

קורצליך, נאָך נאַפּאָלעאָנ'ס קרוינונג איז מיריעל צופעליג געווען אין פּאַריז, און אין אַ געוויסען טאָג איז ער געשטאַנען אין פאָדער-צימער פון פּאַלאַץ פון קאַרדינאַל פעש, צו וועמען ער איז געקומען מיט עפּיס אַ ביטע פאַר די מיטגלידער פון זיין קהלה. גראָדע דאַן איז דער קייזער געקומען מיט אַ וויזיט צום קאַרדינאַל, וועלכער האָט איהם אָנגעהערט אַ פעטער. דערזעהענדיג, ווי אויפמערקזאַם דער גלח קוקט אויף איהם, האָט נאַפּאָלעאָן זיך אומגעקעהרט און שאַרף אַ פרעגע געטהון:

— ווער איז עס דער קליינינקער אַלטער, וואָס קוקט אויף מיר אַזוי?...

— אייער מאַיעסטעט! — האָט מיריעל געענטפערט. — איהר קוקט אויף אַ קליינינקען אַלטען, און איך קוק אויף אַ גרויסען מאַן. מיר קאָנען ביידע דערפון נוצען ציהען.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט זיך מיריעל דערוואוסט פון דעם אומגעריכטען נייעס, אַז ער איז בעשטימט פאַר בישאָף אין די שטאָדט דין.

געקומען איז ער קיין דין מיט זיין שוועסטער באַטיסטינע, אַ פערזעכען מיידעל, וואָס איז געווען יונגער פון איהם מיט אַ יאָהר צעהן, און מיט מאַדאַם מאַגלואַר, וועלכע איז געווען אין איינע יאָהרען מיט באַטיסטינען. פריהער איז מאַדאַם מאַגלואַר געווען אַ דינענסט פון אַ פּראָסטען גלח, איצט האָט זי גלייך בעקומען דעם טיטול ווירטשאַפטערין ביי זיין הייליגקייט דעם בישאָף פון דין.

באַטיסטינע איז געווען הויך, בלאַס, מאַגער און שטיל, ווי אַ טויב. זי האָט מען געקאָנט רופען אַ „ווירדיגע" פרוי, הגם דאָס רעכט אויף אַזאַ טיטול קריגט די פרוי בלויז דאַן, ווען זי ווערט מוטער. שיין איז זי קיינמאָל ניט געווען, אָבער איהר לעבען און איהרע מעשים זיינען געווען אַזוי ריין און קלאָהר, אַז אויף דער עלטער האָט זי זיך ערוואָרבען דאָס, וואָס מען קאָן אָנרופען „די שענקייט פון גוטסקייט".

מאַדאַם מאַגלואַר איז געווען קליין, ווייס, פול און קוילעכדיג, ווי אַ בולקע, זעהר ריהרעוודיג, שטענדיג פערהאַוועט און פערשמייעט, שטענדיג אָהן אָטעם פון אַרומטאַנצען און אַראַנק דער אַסטמאַ, פון וועלכער זי האָט געליטען.

ביידע פרויען האָבען דעם בישאָף איינפאַך פערגעטערט.

דער בישאָף-פּאַלאַץ איז געווען אַ גרויסער, אויסגעצייכענטער געמויערטער האָטעל. דאָס איז געווען אַ געביידע פון דער פעאָדאַלער צייט: אַלץ אין איהם איז געווען ריעזיג — דעם בישאָפ'ס צימערן, די אויפנאַהמס-זאַלען. דער פּאַראַד-הויף מיט זיינע געוועלבטע גאַלערייען אין פלאָרענטינער געשמאַק, די ברייטע גערטנער מיט די גרויסאַרטיגע בוימער. דער פּאַלאַץ איז געווען רייך מעבלירט און בעהאָנגען מיט בילדער פון בערייהמטע הויכע קירכליכע בעאַמטע.

אין דין האָט מען דעם נייעם בישאָף אויפגענומען מיט גרויס כבוד, די גרעסטע לייט פון דער שטאָדט האָבען איהם בעגריסט, צו אַנדערע האָט ער אַליין געמאַכט וויזיטען.

דערנאָך האָט די שטאָדט גענומען וואַרטען, דער בישאָף זאָל בעוויזען, וואָס פאַר אַ מענש ער איז.

דער שפּיטאָל איז געשטאַנען נעבן בישאָפּ'ס פּאַלאַץ און האָט ערינערט אַ קליין, איינשטאָקיג, נידעריג הויז מיט אַ קליין גערטעל.

אין דריי טאָג אַרום נאָך זיין אָנקומען, האָט דער בישאָף בעזוכט דעם שפּיטאָל, האָט אַלץ גענוי בעטראַכט און געבעטען דעם דירעקטאָר אַריינקומען צו איהם.

— העהר דירעקטאָר, וויפיעל פּאַציענטען האָט איהר איצט? — האָט ער געפרעגט.

— זעקס און צוואַנציג, אייער הייליגקייט.

— לויט מיין חשבון קומט אויך אויס אַזוי, — האָט דער בישאָף געזאָגט.

— די בעטען, — האָט העהר דירעקטאָר אָנגעהויבען, — שטעהען צו־נאָהנט ביי־אַנאַנדער.

— דאָס האָב איך אויך בעמערקט.

— די קאַמערן זענען איינפאַכע צימערן און שלעכט ווענטילירט.

— מיר האָט זיך אויך אַזוי אויסגערעכט!

— צו דעם אַלעם, אַז דרויסען איז שעהן, האָבען די פּאַציענטען ווייניג פּלאַץ אין גאָרטען צו שפּאַצירען.

— פּונקט דאָסזעלבע האָב איך געטראַכט.

אין אַ צייט פון עפּידעמישע קראַנקהייטען, — דאָס יאָהר האָבען מיר געהאַט טיפוס, פאַר צוויי־יאָהרען אַ הויך־פיבער, — דערגרייכט אַמאָל די צאָהל פון די קראַנקע ביז הונדערט, האָבען מיר נישט וואו זיי אַהינצוטהון.

— מיר איז עס אויך איינגעפאַלען!

— וואָס קאָן מען העלפען? — האָט דער דירעקטאָר געענדיגט. — נישטאָ קיין מיטעל.

דאָס דאָזיגע געשפּרעך איז פאָרגעקומען אין עס־צימער פון בישאָפ'ס פּאַלאַץ.

אַ ביסעל אָבגעשוויגען, האָט דער בישאָף זיך געשווינד געווענדט צום דירעקטאָר:

— ווי דענקט איהר, וויפיעל בעטען קאָן מען אויסשטעלען אָט דאָ אין צימער?

— ביי אייער הייליגקייט אין עס־צימער? — האָט דער דירעקטאָר פערשטוינט אויסגערופען.

דער בישאָף האָט אַ מעסט געטהון דאָס צימער מיט'ן אויג.

— דאָ קאָן מען זעהר לייכט אויסשטעלען צוואַנציג בעטען, — האָט ער געזאָגט ווי צו זיך אַליין, דערנאָך האָט ער הויך פאָרטגעזעצט: — העהרט נאָר, העהר דירעקטאָר, וואָס איך וועל אייך זאָגען. דאָ איז, קענטיג, אַרויסגעקומען אַ טעות: זעקס און צוואַנציג מענשען האַלט איהר אין פינף—זעקס קליינע צימערלעך, און מיר, דריי מענשען, פערנעהמען פּלאַץ פאַר זעכציג. נישט אַנדערש, אַז דאָ איז געמאַכט געוואָרען אַ טעות: איך האָב פערנומען אייער הויז און איהר מיינס. גיט מיר צוריק מיינס און נעהמט אייך אייערס.

אויף מאָרגען זענען די זעקס און צוואַנציג בעטען מיט זייערע קראַנקע געשטאַנען אין בישאָפ'ס פּאַלאַץ, און דער בישאָף האָט זיך אַריבערגעצויגען אין שפּיטאָל אַריין.

אַזוי האָט דער בישאָף שאַרל מיריעל אָנגעפאַנגען זיין טהעטיגקייט אין דין.

קיין אייגען פערמעגען האָט ער נישט געהאַט, אָבער פון דער רעגירונג פלעגט ער בעקומען געהאַלט 15 טויזענד פראַנק יעהרליך. פון זיי האָט ער אויסגעגעבען אויף זיך און זיין הויזגעזינד טויזענד, די איבעריגע 14 טויזענד— אויף צדקה־זאַכען. שפּעטער האָט ער אָנגעגעבען אַ בקשה, מען זאָל איהם אַסיגנירען אַ סומע אויף אַנ'אייגענעם עקיפּאַזש, ווי איהם קומט, לויט זיין אַמט. די בקשה האָט געמאַכט גרויס אויפזעהן אין שטאָדט, עס האָט זיך זאָגאַר געפונען אַ בעלן צו שיקען אַ מסירה'לע אויפ'ן בישאָף. מ'האָט איהם פונדעסטוועגען אַסיגנירט דריי טויזענד פראַנק. מאַגלואַר און באַטיסטינע האָבען זיך זעהר דערפרעהט.

— איצט, — האָט באַטיסטינע געזאָגט, — וועט דיין הייליגקייט קאָנען און זינען האָבען זיך אויך אַ ביסעל, דען ער לעבט שוין צו־פיעל אין דחקות.

דעמזעלבען אָווענד האָט דער בישאָף דערלאַנגט דער שוועסטער אַ צעטיל, ווי אַזוי צו פערווענדען די דריי טויזענד פראַנק: אַלעס, ביז דעם לעצטען סאַנטים, איז אַוועק אויף צדקה־זאַכען. דער בישאָף איז אומעטום געגאַנגען צו־פוס און אויף גאַנץ ווייטע שטרעקען — געפאָהרען אויף אַ געהנגענעם אייזעל.

שפּעטער האָבען אָנגעהויבען אַריינפאַלען אין זיינע הענד נדבות פון אַלע זייטען, אָבער

די נויט אַרום איז געווען גרויס, און וואָס מעהר טובות ער האָט געטהון, אַלץ מעהר מענשען האָבען זיך געווענדעט צו איהם נאָך שטיצע. און אַזוי אַרום האָט ער שטענדיג געלעבט אין דוחקות.

פֿון זיין גאַנצען אַמאָליגען פֿערמעגען איז איהם פֿערבליבען בלויז אַ האַלב טוץ זילבערנע לעפֿיל און צוויי שווערע זילבערנע לייכטער. דאָס אַלין איז ביי איהם געווען אַ ירושה, און דעריבער איז איהם שווער געווען מיט דעם זיך צו שיידען. אויסערדעם, האָט ער זיך פֿערגונען בלויז נאָך איין לוקסוס-זאַך: אויף איינער פֿון די בעטען אין גאָרטען האָט ער געפֿלאַנצט בלומען, אויף וועלכע ער האָט אַליין אַכטונג געגעבען. אַז מאַדאַם מאַגלואַר האָט איהם אַמאָל געזאָגט אין אַ שפּאַס, אַז עס וואָלט גלייכער געווען צו זייען דאָרט גרינטעוואַרג, האָט ער געענטפֿערט:

— אידר האָט אַ טעות, מאַדאַם מאַגלואַר, שענס איז אַזוי נויטיג ווי נוצליכעס.

אָבגעשוויגען אַ ביסעל, האָט ער צוגעגעבען:

— אפֿשר נאָך נויטיגער.

## 5. די רויבער-באַנדע.

אין אַ פּאָר יאָהר אַרום נאָכ'ן בישאָפֿ'ס אָנקומען קיין דין, האָט זיך אין דער נאַכבאַרשאַפֿט בעוויזען אַ באַנדע רויבער, וועלכע האָט געהאַלטען אין שרעק די גאַנצע געגענד. בעזונדערס האָט אָנגעוואָרפֿען אַ מורא דער נאָמען פֿון דעם הויפּטמאַן פֿון דער באַנדע קראַוואַט, פֿון וועלכען מ'האָט זיך אָנדערצעהלט וואונדערליכע און שרעקליכע זאַכען. מ'האָט שוין פֿיעל מאָל צוגעשיקט זשאַנדאַרמען צווישען די בערג איהם צו כאַפּען, אָבער איינינגע האָבען זיך אומגעקעהרט קוים מיט'ן לעבען און אַנדערע זענען ווי אין וואַסער אַריין. די חוצפּה פֿון קראַוואַט'ן האָט געשטיגען פֿון טאָג צו טאָג. די פּויערים פֿון די אַרומיגע דערפֿער האָבען אויס מורא פֿאַר זיין באַנדע געדינענט אַלס שפּיאָנען און האָבען איהם אַליין געוואָרנט פֿון געפֿאַהר, אַזוי אַז איהם איז לייכט געווען זיך אַרויסצודרעהען פֿון די הענד פֿון די זשאַנדאַרמען. דער נאָמען קראַוואַט האָט אַרויסגערופֿען אַ שוידער ביי יעדען, וואָס האָט איהם געהערט.

אָט אין דער דאָזיגער צייט האָט זיך דער בישאָף שאַרל מיריעל צוגעקליבען צו פֿאָהרען אין די בערג צו איינער פֿון זיינע פֿערוואָרפֿענע קהילות. דער מער (גאָלאָוואַ) פֿון שטאָדט האָט זיך דערוואוסט און איז געקומען צולויפֿען צום בישאָף איהם אָבצוריידען פֿון דעם געפֿעהרליכען שריט. אַז דער בישאָף האָט דערהערט, אַז עס איז אַ סכנה צו פֿאָהרען אַפֿילו אין דער בעגלייטונג פֿון זשאַנדאַרמען, האָט ער געזאָגט:

— אויב אַזוי, פֿאָהר איך אַליין. איך וויל נישט שטעלען אין סכנה דאָס לעבען פֿון דריי אָדער פֿיער אָרימע זשאַנדאַרמען.

אויפֿ'ן מער איז אָנגעפֿאַלען אַ טויט-שרעק.

— דאָרט, צווישען די בערג, — האָט דער בישאָף געענטפֿערט, — ליעגט אַ קליינע פֿערוואָרפֿענע קהילה, וועלכע איך האָב שוין צוויי יאָהר נישט בעזוכט. דאָס זענען מיינע בעסטע פֿריינד, שטילע, עהרליכע פּאַסטוכער. זיי פֿערמאָגען צו איין ציעג אויף יעדע דרייצעהן מענשען; זיי פֿלעכטען זעהר שענע פֿיעל-פֿאַרביגע בענדער; זיי שפּיעלען די שענסטע בערג-ליעדער אויף פֿייפֿלעך מיט זעקס לעכלעך. פֿון צייט צו צייט נויטיגען זיי זיך אין אַ געטליכען וואָרט. וואָס וועלען זיי זאָגען וועגען אַ בישאָף, וואָס האָט מורא צו געהן דינענט?

— אייער הייליגקייט קאָן זיך דאָך באַגעגענען מיט די באַנדיטען!

— טאַקע ריכטיג. אָבער די באַנדיטען נויטיגען זיך אויך אין אַ געטליכען וואָרט.

— זיי? ... דאָס איז אַ סטאַדע פֿון אָמת'ע וועלף!

— הערר מער, אפֿשר האָט גאָט מיך

בעשטימט פֿאַר אַ פּאַסטוך צו דער דאָזיגער סטאַדע? ...

— אײַער הײליגקײט, זײ װעלען אײַך בערױבען.

— איך פֿערמאָג קײן זאַך ניט.

— זײ װעלען אײַך טױטען.

— מיך? אַנ'אַלטען גלח, װאָס געהט זיך און מורמעלט זײנע תּפֿלות! װײס איך װאָס! אױף װאָס דאַרפֿען זײ מיך? ...

— איך ציטער פֿאַר אײַער לעבען, אײַער הײליגקײט.

— מײן ליבער העדר מער, אױב איהר ציטערט פֿאַר מײן לעבען, מוז איך אײַך זאָגען, אַז איך לעב אױף דער װעלט ניט כּדי צו היטען מײן לעבען, נאָר אום צו פֿערהיטען די נשמות פֿון מענשען.

עס האָט קײן טענות ניט געהאָלפֿען: דער בישאָף איז אַװעקגעפֿאָהרען בלױז אין דער בעגלײטונג פֿון אַ יונגעל, װאָס האָט איהם געצײגט דעם װעג. ער איז בשלום אָנגעקומען צו זײנע פּאַסטוכער און האָט בײ זײ אָבגעװױנט פֿערצעהן טעג, און יעדען טאָג האָט ער זײ מדריך געװעזען און געלערנט צו לעבען אַזױ, װי ער האָט געפֿונען פֿאַר ריכטיג. פֿאַר'ן אַװעקפֿאָהרען האָט ער געװאָלט אָבריכטען אַ פֿײערליכען גאָטעס-דינסט און האָט מודיע געװעזען װעגען דעם דעם אָרטיגען גלח. האָט זיך אָבער אַרױסגעװיזען, אַז די קהילה פֿערמאָגט ניט די קלײדער און ציהרונג, װאָס אַ בישאָף דאַרף טראָגען אין דער צײט פֿון גאָטעס-דינסט.

— עס מאַכט ניט אױס, — האָט דער בישאָף געזאָגט, — עס װעט זיך אײַנאָרדנען װי-עס-איז.

מ'האָט אָנגעהױבען אַרומצוזוכען אין די שכנ'ישע קירכען, אָבער מ'האָט קײן פּאַסענדע בעציהרונג ניט געפֿונען. פּלוצים האָבען צװײ אונבעקאַנטע מענשען געבראַכט צום גלח אין הױז עפּיס אַ קאַסטען, האָבען געזאָגט, אַז דאָס איז פֿאַר'ן בישאָף, און זענען פֿערשװוּנדען. אין קאַסטען האָט מען געפֿונען אַ גאָלד-געשטיקטען מאַנטעל, אַ הױב,-בעפּוצט מיט בריליאַנטען, אַ גאָלדענעם קרײץ מיט אַ גרױסאַרטיגען בישאָף-שטאָק, — די אַלע הײליגקײטען, װאָס זענען מיט אַ מאָנאַט צוריק אַרױסגעגנב'עט געװאָרען פֿון אַמברױנער קירך. דערבײ איז געלעגען אַ צעטיל מיט די װערטער: «דעם הײליגען ביענװעניו, פֿון קראַװאַט'ן».

— איהר זעהט? — האָט דער בישאָף מיט אַ שמײכעל געזאָגט: — איך האָב אײַך געזאָגט, אַז עס װעט זיך װי-עס-איז אײַנאָרדנען!

דער אָרטיגער גלח האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— אײַער הײליגקײט! — האָט ער געזאָגט: — איז עס פֿון גאָט אָדער פֿונ'ם טײװעל?

דער בישאָף האָט שאַרף אַ קוק געטהון אױפֿ'ן גלח און האָט פֿעסט און זיכער געזאָגט:

— פֿון גאָט!

---

## 6. די לעצטעמינוטען בײ אַ רעװאָלוציאָנער.

אין אַ קורצער צײט אַרום האָט דער בישאָף געמאַכט אַ װיזיט צו אַזאַ מענשען, װאָס איז, לױט דער מײנונג פֿון די אײנװאױנער פֿון דער שטאָדט, געװען נאָך שרעקליכער פֿון װאַלד-גזלנים.

דרײ מײל פֿון שטאָדט, אין אַ װילד-פֿערװאַקסענעם טהאָל, איז געשטאַנען אַ שטיבעל, װאו עס האָט געװאױנט אַנ'אַלטער מאַן. װעגען דעם דאָזיגען אַלטען האָט מען אין שטאָדט גערעדט מיט שרעק און עקעל. צו יענער צײט האָט אין פֿראַנקרײך געהערשט די רעאַקציע, מיט ניט װעניגער מאַכט, װי פֿריהער האָט דאָרט געהערשט די רעװאָלוציע, און אַלץ, װאָס האָט דערמאָנט אָן די רעװאָלוציאָנערע צײט, האָט אַרױסגערופֿען בײ עולם כּעס און פֿערביז-

טערונג. און אַז דער אַלטער מאַן איז אַמאָל געוועזן איינער פֿון די מיטגליעדער פֿון דעם שרעקליכען פּאַרלאַמענט — דעם קאָנוועגט, וואָס האָט פֿער'משפט צום טויט דעם קעניג לודוויג דעם זעכצעהנטען. אמת, זש., ווי מ'האָט דעם אַלטען גערופֿען, האָט געשטימט געגען דעם קעניגס טויט, אָבער שוין דאָס אַליין, וואָס ער האָט דעם קעניג געמשפּט, איז געווען פֿאַר די אַרומיגע אַ שרעקליך פֿערברעכען. דערצו האָט ער ניט געגלויבט אין גאָט, ווי אַלע אַזעלכע חברה-לייט. הכלל, מ'האָט איהם פֿיינט געהאַט, ווי אַ שפּין.

אַפֿילו דער גוטהערציגער בישאָף אַליין האָט אויך געשפּירט צום ראַזיגען מאַן אַ געפֿיהל פֿון שנאה, חאָטש ער האָט איהם קיינמאָל נישט געזעהן. ער האָט נישט איינמאָל געקלערט, אַז דאָרט מאַטערט זיך אַ מענשליכע נשמה אין איינזאַמקייט, און אַז ער איז מחויב געהן צו איהר, ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט גובר זיין און האָט עס ניט געטהון. פּלוצים האָט מען זיך אין שטאָדט דערוואוסט, אַז דער אַלטער אַפּיקורס האַלט ביים שטאַרבען. אין שטאָדט האָט עס אַרויסגערופֿען אַ צופֿריעדענע-הייט, אָבער דער בישאָף האָט דערפֿיהלט געוויסענסביסע. ער האָט גענומען זיין שטעקען און איז אַוועק צום איינזאַמען שטיבעל.

פֿאַר דער טהיר, אויף אַן אַלטען שטוהל אויף רעדלעך, איז געזעסען אַ גרייז-גרויער מאַן און האָט געשמייכעלט צו דער זון. נעבען איהם איז געשטאַנען אַ יונג פּאַסטוכעל, האַלטענדיג אַ גלאָז מילך. ווען דער בישאָף איז צוגעגאַנגען צום שטיבעל, האָט דער אַלטער זיך אויסגעקירעוועט און האָט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— צייט איך וואוין דאָ, איז עס דער ערשטער בעזוך, וואָס אַ מענש מאַכט מיר. ווער זענט איהר, מיין העדר?

— מיין נאָמען איז ביענוועניו מי-ריעל.

— ביענוועניו מיריעל! — איך האָב דעם נאָמען ערגיץ געהערט ... אַ, איהר זענט דער היגער בישאָף?

— יאָ.

— קומט אַריין, מיין העדר.

דער קראַנקער האָט אויסגעשטרעקט די האַנד, אָבער דער בישאָף האָט זי נישט גענומען. ער האָט בלויז געזאָגט:

— עס פֿרעהט מיך, וואָס מ'האָט מיך גענאַרט. ווי מיר דאַכט, זענט איהר גאָרנישט אַזוי מסוכן קראַנק.

— אָ, איך וועל גיך געזונד ווערען, נישט שפּעטער ווי אין דריי שעה אַרום וועט מיך דער טויט צונעהמען פֿון דאַנען. איך בין אַ ביסעל בעקאַנט מיט דער מעדיצין און ווייס די סמנים פֿונ'ם טויט'ס אָנקומען. נעכטען זענען ביי מיר פֿערגליווערט געוואָרען די פֿיס, היינט — די קניה, און איצט בין איך געליימט שוין ביזן גאַרטעל. אַז עס וועט צוקומען צום האַרצען, איז אַ סוף. ווי שען די זון איז, וואָס, ניין? איך האָב געבעטען, מ'זאָל מיך אַרויס-נעהמען אַהער, מיר האָט זיך געוואָלט וואַרפֿען אַ לעצטען בליק אויף די נאַטור. איהר קאָנט ריידען מיט מיר, עס מאַכט מיך נישט מיעד. איהר האָט גוט געטהון, וואָס איהר זענט גע-קומען, עס איז גלייכער, עס זאָל זיין ווער ביי אַ מענשענ'ס טויט. יעדערער האָט זיך זיין משוגעת: איך וואָלט וועלען דערלעבען ביז מאָרגען, איך ווייס אָבער, אַז איך האָב שוין אפילו קיין דריי שעה נישט. די נאַכט וועט אָנקומען. מילא, וואָס איז דער אונטערשייד? ענדיגען איז אַ איינפֿאַכע זאַך. נישט נויטיג צו וואַרטען ביז אין דער פֿריה. וועל איך שטאַרבען ביי דער שיין פֿון די שטערען.

ער האָט זיך געווענדט צים יונגעל:

— געה שלאָפֿען. דו שלאָפֿסט נישט שוין די צווייטע נאַכט.

דאָס יונגעל איז אַריין אין שטיבעל.

דער אַלטער האָט געזאָגט ווי צו זיך אַליין:

— ווערענד ער וועט שלאָפֿען, וועל איך שטאַרבען. דער שלאָף און דער טויט זענען גוטע שכנים.

דעם בישאָף האָט דאָס אַלץ ווייניג גערירט. ער האָט נישט געשפּירט גאָרנישט אָנוועזענהייט ביי דער גסיסה פון אַזאַ אומגלויביגען מענשען. דער מענש האָט איהם גערייצט מיט זיין חוצפּהדיגקייט. ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז דער דאָזיגער מענש איז אַמאָל געווען אַ פאָרשטעהער פון פאָלק און האָט געהאַט אַ גרויסע מאַכט, — און צום ערשטען מאָל אין לעבען האָט ער דערפיהלט אַ בייזקייט. נייגיריג האָט ער דעם אַלטען בעטראַכט, פיהלענדיג אַליין, אַז נייגיריגקייט אָהן מיטגעפיהל איז אַ בעליידיגונג, אָבער זש. האָט אין זיינע אויגען מעהר ניט פערדינט.

דער קראַנקער האָט געקוקט אויף איהם פריינדליך און מיט דער ווייכער הכנעה פון אַ מענשען, וואָס האַלט ביים שטאַרבען. ער האָט זיך געהאַלטען שטייף און גערעדט הויך. עס האָט זיך געדאַכט — ער שטאַרבט מיט׳ן אייגענעם ווילען. די פיס זענען שוין געווען ביים טויט אין די הענד, דער קאָפּ אָבער קלאָר און דער בליק לויטער.

ער בישאָף האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטיין.

— עס קומט אייך אַ יישר כח, — האָט ער מיט פאָרוואורף געזאָגט, — איהר האָט, פונדעסטוועגען, נישט געשטימט געגען קעניג?

די ביטערקייט פונ׳ם „פונדעסטוועגען" האָט זש. ניט בעמערקט, אָבער זיין שמייכעל איז פערשוואונדען. ער האָט געענטפערט:

— איילט זיך ניט מיט אייער „יישר כח", מיין הערר, דען געגען דעם טיראַן האָב איך יאָ געשטימט.

— וואָס מיינט איהר דערמיט צו זאָגען?

— איך מיין צו זאָגען, אַז דער מענש האָט זיין טיראַן — די אומוויסענהייט. איך האָב געשטימט געגען דעם דאָזיגען טיראַן. די וויסענשאַפט דאַרף ווייזען דעם מענשען זיין וועג.

— און דאָס געוויסען? — האָט דער בישאָף איבערגעשלאָגען.

— דאָס איז איינס און דאָסועלבע: דאָס געוויסען איז דאָס ביסעל קענטניש, מיט וועלכען מיר ווערען געבוירען.

דער הייליגער ביענוועניו האָט זיך געוואונדערט. ער האָט דאָ געהערט נייעס.

— וואָס אָנבעלאַנגט דעם טויט פון לואי דעם זעכצעהנטען, — האָט זש. ווייטער גערעדט, — האָב איך געזאָגט „ניין"; איך האַלט זיך נישט פאַר בערעכטיגט צו טויטען אַ מענשען, איך רעכען אָבער פאַר אַ פפליכט אויסצוראָטען שלעכטס. איך האָב געשטימט פאַר די פערניכטונג פון טיראַני, דאָס הייסט, פאַר די פערניכטונג פון פראָסטיטוציע פאַר פרויען, שקלאַפעריי פאַר מענער און אומוויסענהייט פאַר קינדער. שטימענדיג פאַר אַ רעפובליק, האָב איך נעמליך געשטימט פאַר די פערניכטונג פון די דערמאָהנטע געזעלשאַפטליכע קראַנקהייטען. מיר האָבען צושטערט די אַלטע אָרדנונג. פאָלגענדיג, האָט זי זיך צובראָכען און האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ קוועלע פון גליק און פרייד.

— אַ געמישטע שמחה.

— איהר קאָנט זאָגען, אַ אומרוהיגע שמחה, און איצט, נאָכ׳ן שפּאַן צוריק, וואָס מען האָט געמאַכט אין יאָהר 1814 — אַ געשטערטע שמחה. יאָ, מיר האָבען פאַקטיש צושטערט די אַלטע אָרדנונג, אָבער נישט די אַלטע געדאַנקען, און דאָס איז חשובֿ. די ווינד-מיהל איז צובראָכען, דער ווינד איז געבליבען.

— איהר האָט צושטערט, מעגליכט, אויך דאָס, וואָס איז געווען נוצליך?

— די גערעכטיגקייט האָט זיך איהר בייזקייט, אָבער דאָס איז אַן עלעמענט פון פאָרשריט. וואָס מ׳זאָל ניט זאָגען — די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז געווען אַ העכסט-הומאַניטאַרע, מענשענליעבענדע בעוועגונג. מעגליך — אַ נישט פאָלקאָמענע, אָבער אַן ערהאַבענע בעוועגונג: זי האָט אונז אויף פיעל וואונדען געעפענט די אויגען.

דער בישאָף האָט זיך ניט געקאָנט מעהר איינהאַלטען:

— יאָ! און וואָס איז מכה דעם שרעקליכען 1793-טען יאָהר?

זש. האָט זיך אויפגעזעצט און האָט אויסגעהויכען מיט׳ן געהויבענעם טאָן פון אַ גוסס:

— אַהאַ! דאָס 93-טע יאָהר! כ׳האָב געוואַרט, אַז איהר וועט עס דערמאָהנען. פופצעהן הונדערט יאָהר האָט זיך געזאַמעלט דער שטורם — איהר הערט — פופצעהן הונדערט יאָהר! און צום סוף פון פאַרייען יאָהרהונדערטע האָט ער אויסגע-

בּראָכען. איהר שטעלט אַ דונער צום משפּט!

דער בּישאָף איז אַריין אין פערלעגענהייט, אָבּער ער האָט עס נישט אַרויסגעוויזען.

— און לודוויג דער זיבּעצעהנטער?

— אַ ריכטער רעדט אין נאָמען פון גערעכטיגקייט, אַ גלח — אין נאָמען פון רחמנות, ווייל דאָס איז די העכסטע גערעכטיגקייט. דער דונער טאָר קיין טעות נישט מאַכען.

ער האָט שאַרף אָנגעקוקט דעם קראַנקען און שפּעגעבּען:

— לודוויג דער זיבּעצעהנטער? בּעוויינט איהר אין איהם — דאָס אומשולדיגע קינד? בּין איך גרייט צו וויינען צוזאַמען מיט אייך. אויבּ אָבּער לודוויג דעם זעכצעהנטען'ס זיהן און יורשים, לוינט נאָך וועגען דעם אַ קלערען צו טהון.

ער האָט געשוויגען אַ מינוט, דערנאָך ווידער אָנגעהויבּען:

— מיר דאַרפען אָנהויבּען פון אַ היבּש בּיסעל פריהער, ווי דאָס 93־טע יאָהר. איך בּין גרייט מיט אייך צו וויינען אויפ'ן שיקזאַל פון די קינדער פון די שטאַרקע אויף דער דאָזיגער וועלט, אויבּ איהר בּעוויינט מיט מיר צוזאַמען אַלע קינדער פון פאָלק, וואָס ליידען און קומען־אום זינט די וועלט שטעהט.

— איך בּעוויין אַלעמען, — האָט דער בּישאָף געענטפערט.

זש. איז געוואָרען איבּערגערעגט.

— איהר בּעהויערט אַלעמען? איך קען אייך ניט. אמת, די קלאַגען, וואָס האָבּען דערגרייכט צו מיר אַהער אין מיין איינזאַמקייט, האָבּען דערציהלט וועגען אייך פיעל גוטעס. אָבּער וואָס בּעווייזט עס? געשיקטע מענשען, פיינע בּריות ווייסען, ווי אַזוי צו געווינען דאָס צוטרוי'ען פון פאָלק מיט פערשיעדענע קונצען. אַגבּ אורחא, עפּיס האָבּ איך ניט געהערט אייער קאַרעטע צו־פאָהרען. איהר האָט זי מסתמא געלאָזען אין וואַלד?.. יאָ, איהר זאָגט, איהר זענט דער בּישאָף, אָבּער דאָס זאָגט נאָך גאָרנישט וועגען דעם, וואָס פאַר אַ מענש איהר זענט. איהר זענט אַ בּישאָף, דאָס הייסט — אַ פירשט פון דער קירך, וואָס האָט הנאה פון עולם הזה, האָט פּאַלאַצען, געלד, דינער, פאָהרט אַרום אין קאַרעטען, און דאָס אַלץ — אין נאָמען פון דעם, וואָס איז אַליין געגאַנגען בּאָרוועס... איהר זענט

אַדאי געקומען מיר זאָגען אַ בּיסעל מוסר, ווען איך זאָל תשובה טהון פאַר'ן טויט, — איך פרעג אָבּער: מיט וועמען האָבּ איך די עהרע צו רעדען? ווער זענט איהר?

אַראָבּלאָזענדיג דעם קאָפּ, האָט דער בּישאָף געענטפערט אויף לאַטיין:

— אַ וואָרם, וואָס פאָהרט אַרום אין קאַרעטען! — האָט דער גוסס אַרויסגעמורמעלט.

איצט האָט דער אַלטער גערעדט שטאָלץ, און דער בּישאָף האָט געזאָגט דעמוטיג און וויך:

— רעכט, מיין העררר? אָבּער זאָגט מיר, איך בּעט אייך — איז דען מיין קאַרעטע דאָרט אין וואַלד, מיינע דינער, מיינע פּאַלאַצען, מיט איין וואָרט — מיין גאַנצע עולם הזה, איז דען דאָס אַלץ אַ בּעווייז, אַז רחמנות איז נישט קיין טוגענד, אַז גרויסמוטה איז נישט קיין פליכט, אַז דאָס 93־טע יאָהר איז נישט שרעקליך?

דער אַלטער האָט איבּערגעפיהרט זיין האַנד איבּער'ן פּנים.

— איידער איך וועל ענטפערן, בּעט איך בּיי אייך ענטשולדיגונג. איך האָבּ געהאַנדעלט שלעכט. איהר זענט מיין גאַסט. ריידענדיג וועגען אידען, האָבּ איך נישט געטאָרט בּעריהרען אייער פערזענליך לעבּען, האָטש איך געפין דאָרט גוטע בּעווייזע געגען אייך. מעהר וועל איך עס נישט טהון.

— איך דאַנק, — האָט דער בּישאָף געזאָגט.

— אַלזאָ, ווי האַלטען מיר? איהר האָט, דוכט זיך, געזאָגט, אַז דאָס 93־טע יאָהר איז שרעקליך?

— יאָ, שרעקליך. וואָס פאַר אַ מיינונג האָט איהר איבּער מאַראַט'ן, וואָס האָט אַפּלאָדירט דער גיליאָטינע?

— און ווי געפעלט אייך בּאָסוּיעט מיט זיין זינגען תפלות צוליעב די שפּעריינען פון די דראַגאָנער?

— אַ חוצפה בּין איך.

דער שטאָס האָט געטראָפען. דער בּישאָף האָט נישט געפונען, וואָס צו ענטפערן.

דער גוסס האָט שווער געעטעמט, אָבּער זיינע אויגען זענען געווען לויטער, ווי פריהער.

— מיר ווילט זיך נאך רייסען א ביסעל, — האט ער ווידער געזאגט. — דאס 93־טע יאהר איז שרעקליך,—נו, און די פראנצויזישע מאנארכיע? קאריער איז געווען א באנדיט— און וואס איז געווען מאנטרעוועל? ווער איז גרינער— זשורדאן דער קעפ־שניידער אדער דער מארקיז לינוא? איך בעדויער, מיין הערר, מאריע־אנטואנעטען, די אינגליקליכע ערצהערצאגין און קעניגין, מיר טהוט אבער זעהר באנג יענע הוגענאטין, וועלכע מען האט אין לודוויג דעם גרויסענ'ס צייטען, אין יאהר 1685, צוגעבינדען האלב נאקעט צו א סלופ, געהאלטען איהר פיצעלע קינד, וואס איז געווען טויט הונגעריג, נישט וויט פון איהר ברוסט, און דער הענקער האט גערעדט איבער איהר: „ענטזאג זיך פון דיין גלויבען! נעהם אן קאטאליציזם"! איהר פערשטעהט? א פרוי, א מאמע, א זויגערין האט מען געגעבען די ברירה: א הונגער־טויט פאר איהר קינד אדער דעם טויט פאר איהר געוויסען. מיין ליעבער הערר, געהמט איך אריין אין זינען, אז די פראנצויזישע רעוואלוציע האט געהאט איהרע אורזאכען. איהרע פאלגען זענען— דער פראגרעס פון דער מענשהייט. יא, א גראבען אויסטריט פונ'ם פראגרעס חוץ מען איבערקערעניש. ווען דאס געהט פאריבער, זעהט מען, אז די מענשהייט האט געקראגען א הארטע לעקציע, זי האט זיך אבער א רוק געטהון פארווערטס — איך שטעל זיך אב. אויסערדעם, שטארב איך.

דער בישאף איז געווען שטארק אויפגעטרייסעלט.

— דער פראגרעס מוז גלויבען אין גאט, — האט ער געזאגט. — א מענש אהן א גלויבען איז א שלעכטער פאלקס־פיהרער.

דער שטארבענדער האט אנגעשטעלט זיין בליק אין די וויטקייט.

— די ענדלאזיגקייט עקזיסטירט. דארט איז זי. ווען זי וואלט ניט געהאט איהר אייגענעם „איך", וואלט זי זיך געענדיגט צוזאמען מיט מיר. זי ענדיגט זיך אבער ניט. הייסט עס, זי עקזיסטירט און האט איהר „איך". אט דער „איך" פון דער ענדלאזיגקייט איז גאט.

ער האט ארויסגערעדט די ווערטער מיט התלהבות, און דאס האט אויסגעשעפט זיינע לעצטע קרעפטען. דער סוף איז אנטערגעקומען. דער בישאף האט עס פערשטאנען. זעהר גערירט, האט ער גענומען דעם שטארבענדענ'ס האנד, האט א קוק געטהון אויף זיינע פערמאכטע אויגען און האט געזאגט:

— עס איז געקומען די שטונדע, וואס געהערט צו גאט. עס וואלט זיין א שאד, אויב אונזער בעגעגעניש וואלט צו גארנישט געפיהרט.

דער שטארבענדער האט נאכאמאל געעפענט די אויגען. זיין געזיכט איז געווען ערנסט און שוין פערצויגען מיט א שאטען.

— הערר בישאף, — האט ער לאנגזאם געזאגט:— איך האב פערבראכט מיין לעבען אין מחשבות און אין שטודירען וויסענשאפטען. איך בין אלט געווען זעכציג יאהר, ווען דאס פאטערלאנד האט מיך אויפגערופען און געהייסען זיך בעטייליגען אין זיינע געשעפטען. איך האב געפאלגט. האב איך ביין בעגעגענט, האב איך געקעמפפט געגען דעם, האב איך געזעהן טיראניי, האב איך געהאלפען זי צו צושטערען. עס זענען געווען רעכט און פרינציפען, ביי וועלכע איך האב זיך געהאלטען און זיי געפרעדיגט. דער שונא האט דאס לאנד בעזעצט— איך האב עס בעשיידיגט; פראנקרייך איז געווען אין געפאהר— איך האב אונטערגעשטעלט מיין ברוסט. איך בין געווען רייך, איצט בין איך אן־אביון. איך בין געווען איינער פון די הערשער פון לאנד, מיינע קעלערס האבען זיך געבראכען פון די אוצרות פון גאלד און זילבער, און איך האב געגעסען א מיטאג פאר 20 ס. אין א גארקיך אויף דער גאס ארבר־סעך. איך האב געשיצט אינטערדריקטע און ערמונטערט ליידענדע. איך האב שטענדיג געהאלטען דער מענשהייט אין נאמען פון פראגרעס, בין איך אפשר אנ'אכזר געהן אויס'ן וועג צו ליכטיגקייט; איינינע מאל, געוועזן, נאר ביי א געלעגענהייט האב איך געשטיצט מיינע הענגער— אייערע פריינד. און פלאנדריען עקזיסטירט א קלויסטער, וועלכען איך האב געראטעוועט אין 93־טען יאהר. איך האב ערפילט מיין פפליכט לויט מיינע קרעפטען און האט געטהון גוטס, וויפיעל איך האב געקאנט. נאך דעם אלעם האט מען מיך פערטריבען, געיאגט, פער־

שפּיגען, פֿערשאָלטען און אַרויסגעשיקט. יאָהרען־לאַנג, שוין גרוי, ווי אַ טויב, בין איך אַרומגעגאַנגען מיט׳ן בעוואוסטזיין, אַז עס זענען פֿאַראַן מענשען, וואָס דענקען, אַז זיי האָבען אַ רעכט מיך צו פֿעראַכטען, אַז פֿאַר די אָרימע, אומוויסענדע מאַסע בין איך אַ פֿערשאָלטענער, פֿערהאַסטער מענש. איך טראָג אויף קיינעם קיין האַס נישט. איצט בין איך אַלט זעקס און אַכציג יאָהר, איך שטאַרב. וואָס ווילט איהר פֿון מיר?

— איהר זאָלט מיך בענשען, — האָט דער בישאָף געזאָגט, פֿאַלענדיג פֿאַר׳ן טויט אויף די קניה.

ווען ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, איז דער אַלטער געווען טויט.

אין דעם אָווענד, פֿון וועלכען אונזער ערצעהלונג הויבט זיך אָן, איז מאַדאַם מאַגלואַר, די ווירטשאַפֿטערין ביים בישאָף פֿון דין, געקומען צולויפען פֿון שטאָדט אַ דערשראָקענע: אין שטאָדט האָט זיך בעוויזען אַ געפֿעהרליכער מענש, אַ קאַטאָרושניק, און עס איז אַ סכנה נישט נור אַרויסצוגעהן אויף די גאַס, נאָר אַפֿילו צו בלייבען אין די הייזער, וואָס זענען נישט גוט בעוואַכט. דער בישאָף האָט געשמייכעלט און געשוויגען. מאַדאַם מאַגלואַר האָט ווייטער גערעדט:

— איך בעט, אייער הייליגקייט זאָל מיר ערלויבען צו רופֿען אַ שלאָסער, ער זאָל צומאַכען שלעסער צו די טהירען. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שכל צו זיצען מיט אָפֿענע טהירען, בעת אין שטאָדט געפֿינט זיך אַזאַ מענש?.. דערצו האָט נאָך אייער הייליגקייט אַ רגילות צו זאָגען „אַריין!“ יעדען איינעם, וואָס קלאַפּט אָן. ווען עס קומט אויף מיר, וואָלט איך...

אַ שטאַרקער קלאַפּ אָן טהיר האָט איבערגעריסען איהרע רייד.

— אַריין! — האָט דער בישאָף געזאָגט.

די טהיר האָט זיך האַסטיג געעפֿענט מיט איין שטאַרקען שטויס, און אויף דער טהיר האָט זיך בעוויזען אַ בחור, וואָס האָט ווירקליך געקאָנט אָנוואַרפֿען אַ שרעק. מאַדאַם מאַגלואַר איז געבליבען שטעהן מיט אַן אָפֿענעם מויל, נישט קאָנענדיג אויסריידען אַ וואָרט. דעם בישאָפֿס שוועסטער, באַטיסטינע, איז בלאַס געוואָרען, נאָר אַ קוק טהוענדיג אויף איהר ברודער, האָט זי זיך גלייך בערוהיגט. דער בישאָף איז זיך געזעסען רוהיג אויף זיין אָרט און האָט געלאַסען געקוקט אויפ׳ן גאַסט. דער לעזער ווייסט שוין, ווער דער גאַסט איז געווען: דאָס איז געווען דער וואַנדערער, וועלכער האָט זיך דעם גאַנצען טאָג אַרומגעבלאָנקעט איבער דער שטאָדט, זוכענדיג פֿאַר זיך אַ מקום מנוחה, אָבער אָהן ערפֿאָלג.

נישט וואַרטענדיג אויף קיינע פֿראַגען, האָט דער וואַנדערער אָנגעהויבען:

— נו, אָט בין איך, מען רופֿט מיך זשאַן וואַלזשאַן. איך בין אַ קאַטאָרזשניק. ניינצעהן יאָהר בין איך געווען אויף קאַטאָרגע, און מיט פֿיער טעג צוריק האָט מען מיך אַרויסגעלאָזען. איך געה קיין פּאָנטאַרליע. דאָ אין שטאָדט טרייבט מען מיך פֿון אומעטום, ווייל איך האָב אַ געלען פּאַספּאָרט. פֿון איין טראַקטיר האָט מען מען מיך פֿערטריבען, פֿון צווייטען — פֿעריאָגט, אין טורמע האָט מען מיך ניט אַריינגעלאָזען. איך בין פֿערקראָכען צו אַ הונד אין שטעלכיל, האָט ער מיך אַ ביס געטהון און פֿעריאָגט, פּונקט ווי אַ מענש. כ׳האָב געוואָלט שלאָפֿען אין פֿעלד, רעגענט עס. מ׳האָט מיר אָנגעוויזען אַהער, האָב איך אָנגעקלאַפּט. וואָס איז דאָ אַזוינס — אַ טראַקטיר? איך האָב געלד. פֿערהאָרעוועט געלד. 109 פֿראַנק מיט 51 סו *), וואָס איך האָב אָבגעשפּאָרט פֿאַר ניינצעהן יאָהר קאַטאָרגע. איכ׳ל בעצאָהלען. אָ, איך קאָן בעצאָהלען. כ׳בין מיעד און הונגעריג. ווילט איהר מיך אַריינלאָזען?...

— מאַדאַם מאַגלואַר, — האָט דער בישאָף געזאָגט, — גרייט צום טיש פֿאַר דרייען.

דער וואַנדערער האָט געמאַכט אַ טראָט נעהנטער.

— הערט נור, — האָט ער געזאָגט, — דאָ איז עפּיס נישט גלאַטיג. איהר האָט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט? — כ׳בין אַ קאַטאָרזשניק, ערשט פֿון דער קאַטאָרגע.

ער האָט אַרויסגענומען אַ גרויס, געל פּאַפּיר.

— דאָ האָט איהר מיין פּאַספּאָרט. לייי-

ענען איך? איך קאן לייענען, זיך אויסגעלערנט אויף קאטארגע... יא. דא שטעהט געשריבען: „זשאן וואלזשאן, 46 יאהר אלט, געווען 19 יאהר אויף קאטארגע: פאר א גנבה מיט איינברעכען א שלאס און פאר פיער מאל אנטלויפען. זעהר א געפעהרליכער מענש". — איהר הערט? „זעהר געפעהרליך!". וואס איז דא ביי איך — א טראקטיר? ווילט איהר מיר געבען עסען און א פלאץ אין שטאהל איבער נאכט?

— מאדאם מאגלואר, — האט דער בישאף געזאגט, — ציהט אן ווייסע ליילעכער אויפ'ן בעט אין אלקער.

נישט רייענדיג קיין ווארט, איז מאדאם מאגלואר אוועק צו ערפילען דעם בעפעהל.

דער בישאף האט זיך געווענדט צום וואנדערער:

— זעצט זיך, מיין הערר, און ווארימט זיך אן, ביז מ'וועט דערלאנגען עסען.

דער פרעמדער האט געקוקט, ווי א צומישטער. אין דערזעלבער צייט האט זיין געזיכט אויסגעדריקט איסערגעוועהנליכע פרייד.

— ווי? איהר מיינט עס טאקע מיט אנ'אמת? איהר טרייבט מיך ניט ארויס, ווי מען טרייבט א הונד? איהר זאגט מיר נישט „דו", איהר רופט מיך „מיין הערר", — מיך, א קאטארזשניק?! „מיין הערר" — הא־הא!.. וועל איך, הייסט עס, שלאפען אויף א בעט, אויף אנ'אמת'דיג בעט, מיט א מאטראץ, מיט ליילעכער, נאך ניינצעהן יאהר שלאפען אויף ברעטער! א, וואס פאר א גוטע מענשען איהר זענט! איבעריגענס, איך האב געלד, איך קאן בעצאהלען. ענטשולדיגט, הערר טראקטיר־מאן, ווי רופט מען איך? איהר זענט דאך א טראקטיר־מאן, א?

— איך בין דער הייגער גלח, — האט דער בישאף געענטפערט.

— דער גלח! — א, ס'אר א גולם איך בין! ווי האב איך עס גלייך ניט בעמערקט און אייער יארמאלקע?! אחי, זענט איהר א גלח? וועט איהר ביי מיר, הייסט עס, קיין געלד נישט נעהמען?

— ניין, איהר קאנט לאזען אייער געלד ביי זיך. מאדאם מאגלואר, די לאמפ בעלייכט נישט גוט דאס צימער.

מאדאם מאגלואר האט ווידער שווייגענדיג געפאלגט און האט אריינגעבראכט די צוויי זילבערנע לייכטער, די איינציגע צירונג פון בישאפ'ס הויז, און האט אנגעצונדען אין זיי צוויי ליכט.

די גאנצע צייט, וואס מ'האט געגעסען וועטשערע, האט דער בישאף מילד גערעדט מיט'ן וואנדערער וועגען פערשיעדענע ענינים און האט זיך בעמיהט אויסצומיידען אזעלכע זאכען, וואס האבען דעם גאסט געקאנט בעליידיגען. נאכ'ן עסען זענען די פרויען אוועק צו זיך אין די צימערן, דער בישאף האט גענומען איינעם פון די לייכטער, דעם צווייטען האט ער געגעבען דעם גאסט און געזאגט:

— איהר מוזט זיין זעהר מיעד. קומט, איך וועל איך ווייזען אייער צימער.

ווייזען אזא ווילדער אויסדרוק, אז באטיסטינע און הינטען. פליצים האט זיך אויף זיין געזיכט בעוויזען אזא ווילדער אויסדרוק, אז באטיסטינע און מאדאם מאגלואר וואלטען געשטארבען פאר שרעק, ווען זיי וואלטען איהם דערזעהן אין דער מינוט.

ער האט זיך א שטעל געטהון שארף און אומגעריכט געגען בישאף:

— הערר פריסטער! — האט ער געזאגט מיט א הייזעריגער שטים, — איהר דענקט טאקע מיט אנ'אמת מיך לאזען אויף בייַ־נאכט ביי זיך אין הויז?..

ער האט געשוויגען א ווייַלע און צוגעגעבען מיט א מאדנעם, פערשטיקטען געלעכטער:

— פון וואגען ווייסט איהר, אז איך בין נישט קיין... מערדער?..

— דאס ווייסט גאט. א גוטע נאכט.

---

## 8. אין קייטען.

אין מיטען דער נאכט האט זשאן וואלזשאן ערוואכט פון שלאף.

איידער מיר געהען דערצעהלען, וואס ווייטער איז געשעהן, מוזען מיר זאגען א פאר ווער־

מעהר וועגען דעם דאָזיגען מענשענ'ס פערגאַנגענהייט.

ניינצעהן יאָהר האָט ער פערבראַכט אויף קאַטאָרגע, פערצעהן פון זיי — אין קייטען. פאַר וואָס?

פאַר אַ שטיקעל ברויט, וואָס ער האָט געגנב'עט — נישט פאַר זיך, און וועלכעס קיינער האָט נישט געגעסען.

ער איז געבליבען אַ יתום, אָהן טאַטע־מאַמע, נאָך אַלס קינד. אַן עלטערע שוועסטער זיינע האָט איהם געהאַלטען ביי זיך. דערפאַר, ווען ער איז אויסגעוואַקסען, האָט ער געאַרבייט אויף די שוועסטער מיט איהרע פינף קינדער: צו יענער צייט איז זי געוועזען אַן אַלמנה און האָט ניט געהאַט מיט וואָס איהרע יתומים צו ערנעהרען.

זשאַן וואַלזשאַן האָט געטהון יעדע אַרבייט, וועלכע איז איהם געקומען צו דער האַנד. אָבער נישט אַלע מאָל קריגט אַרבייט דער, וואָס נויטיגט זיך אין איהר ווירקליך. דער ווינטער פון יאָהר 1795 איז אין דעם פרט געוועזען פאַר זשאַן וואַלזשאַן זעהר שלעכט: עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז דער שוועסטער'ס קינדער האָבען געהונגערט גאַנצע טעג. זשאַן האָט עס ניט געקאָנט מעהר אַריבערטראָגען, און אין אַ געוויסער נאַכט האָט דער בעקער פון יענעם שטעדטיל געהערט אַ קלאַפּ אין זיין פענסטער: אַ האַנד האָט איבערגעריסען דאָס פענסטער, געהאַפּט אַ לאַבען ברויט און איז פערשוואונדען. דער בעקער האָט דעם אומבעקאַנטען נאָכגעיאָגט און איהם געהאַפּט. יענער איז אָבער געוועזען זעהר שטאַרק, און דער בעקער האָט געמוזט רופען פּאָליציי צו הילף. מיט שווערער מיה האָבען עטליכע פּאָליציאַנטען דעם גנב געבונדען און אָבגעפיהרט אין די פּאָליציי. דאָס איז געוועזען זשאַן וואַלזשאַן. דעם ברויט האָט ער אַוועקגעוואָרפען, אָבער זיין האַנד, וועלכע ער האָט צובלוטיגט ביים ברעכען דאָס פענסטער, האָט איהם אויסגעגעבען. פאַר די גנבה און פאַר'ן „שטעלען זיך געגען דער מאַכט" האָט מען איהם פערמשפט צו פינף יאָהר קאַטאָרגע. אַזוי שטרענג פלעגט מען עס דעמאָלט בעשטראָפען פאַר דאָס מינדעסטע פערברעכען, בעזונדערס, ווען דער פערברעכער איז ניט געוועזען פון די מיוחסים.

פאַר זשאַן וואַלזשאַן, וועלכער האָט ביז איצט אויף קיין האָניג נישט געלעקט, האָבען זיך ערשט דאַן אָנגעפאַנגען ביטערע יאָהרען. הונגער, קעלט, היץ, קלעפּ און גראָבע בעהאַנדלונג — דאָס אַלץ האָט זיך ווי אַ האָגעל געשאָטען אויף זיין קאָפּ. ער האָט געפּרובט אַנטלויפען — האָט מען איהם געהאַפּט און צוגעגעבען נאָך זעקס יאָהר צו זיין שטראָף. זיין לאַגע איז נאָך ערגער געוואָרען: מען האָט איהם געשמידט אין קייטען, וועלכע מ'האָט פון איהם נישט אַראָבגענומען אַפילו ווען ער איז קראַנק געוואָרען און געלעגען אין שפּיטאָל פון געפענגעניש. נאָך דעם האָט ער דריי מאָל פּרובירט אַנטלויפען, און יעדעס מאָל האָט מען איהם געפּאַקט און פערגרעסערט זיין שטראָף, וועלכע איז אויף אַזאַ אַרט געוואַקסען און געוואַקסען, ווי אַ שניי־באַל, וואָס קייקעלט זיך באַרג אַראָב.

זיין האַרץ, וועלכעס איז פון דער נאַטור געוועזען ווייך און האָט געבענקט נאָך ליעבע, איז געוואָרען פערביטערט און פערשטיינערט. ער האָט זיך געפרעגט: פאַרוואָס קומט מיר דאָס אַלץ? זיין קאָפּ האָט גענומען אַרבייטען און האָט ענטדעקט, אַז די וועלט איז געבויט אויף אונגערעכטיגקייט. ער איז געקומען צו פאָלגענדען בעשלוס: זשאַן וואַלזשאַן און די געזעלשאַפט זענען שונאים; די געזעלשאַפט בעהאַנדעלט וואַלזשאַנ'ען שלעכט — זשאַן וואַלזשאַן וועט וויסען, ווי אַזוי, ביי אַ געלעגענהייט, צו בעהאַנדלען די געזעלשאַפט.

מיט אַ פערביטערט האַרץ איז ער אַרויסגעגאַנגען פון קאַטאָרגע נאָך 19 שרעקליכע יאָהרען, — דיזעלבע יאָהרען, וואָס זענען ביי יעדען אַנדערן מענשען די בליהענדסטע אין זיין לעבען. פונדעסטוועגען, די ערשטע מינוט ווען ער האָט דערהערט, אַז ער איז פריי, איז איהם זיין האַרץ אָבגעגאַנגען אַ ביסעל. די זון האָט געשיינט אין יענעם טאָג, געשיינט העל און פריידליך, — ווייניגסטענס, דעם בעפרייטען זשאַנ'ען האָט זיך אַזוי געדאַכט. די שטרעקע ביז דער נאָהנטסטער שטאָדט איז ער איבערגעגאַנגען אַזוי שנעל, אַז

ער האָט זיך אַליין פערוואונדערט: די פיס זענען געגאַנגען אַליין. ער איז אַריין אין ראָטה-הויז צו מעלדען זיינע פאַפּירען — און אַרויס איז ער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ: דאָרט האָט מען איהם בעהאַנדעלט גראָב. מ'האָט איהם געראַטהען, ער זאָל זיך בעסער אָפּטראָגען פון האַנען, ווייל זיין געלער פּאַספּאָרט האָט איהם רעקאָמענדירט אַלס אַ „זעהר געפעהרליכען מענשען, בעזאָנדערס צוליעב זיין אויסערגעוועהנליכער פיזישער קראַפט".

די זון האָט געשיינט, ווי פריהער, אָבער זשאַן וואַלזשאַן האָט עס מעהר ניט געמערקט.

ווי מ'האָט איהם בעגעגענט אין דין, ווייסען מיר שוין.

דאָס אַלץ איז דורכגעגאַנגען ביי זשאַן וואַלזשאַנ'ען אין קאָפּ, ווען ער האָט ערוואַכט ביי נאַכט ביים בישאָף אין הויז.

# 9. זילבערנע לייכטער.

ווי געזאָגט, האָט זיך זשאַן וואַלזשאַן אויפגעכאַפּט פון שלאָף אין מיטען דער נאַכט. ער איז געלעגען און האָט געטראַכט וועגען זיין לעבען ביז איצט, וועגען זיין שווערען מזל און וועגען זיין צוקונפט, אין וועלכער ער האָט קיין ליכטיגען פונקט ניט געזעהן. נאָר אויסער דעם אַלעם, האָט איהם נאָך די גאַנצע צייט געמאַטערט אַן אַנדערע געדאַנק, וועלכער האָט זיך יעדעס מאָל צו-געפּלאָנטען צו די אַנדערע מחשבות, — אַ געדאַנק וועגען די זילבערנע לייכטער און לעפעל, וואָס ער האָט געזעהן ביים בישאָפ'ס טהיר.

אַ האַלבע צייט איז ער שווייגענדיג געלעגען אויפ'ן בעט. דערנאָך האָט ער שטיל אַראָפּגעלאָזען די פיס אויף די פּאָדלאָגע. ער האָט זיך אָנגעקליידט און איז צוגעגאַנגען צו דער טהיר פון בישאָפּ'ס שלאָפצימער. די טהיר איז אפילו פערמאַכט ניט געווען ווי געהעריג. זשאַן וואַלזשאַן האָט זי אויפגעעפענט ברייטער און איז אַריין אין צימער. אין דער האַנד האָט ער געהאַלטען אַ שטיק אייזען, וועלכעס ער האָט אַרויסגעצויגען פון דער קעשענע.

שטיל און פאָרזיכטיג איז ער געגאַנגען, טאַפּענדיג און זוכענדיג דעם בישאָפּ'ס בעט. פּלוצים האָט די לבנה דורכגעריסען די וואָלקען און האָט בעליכטעט אין דאָס צימער. אַ בלאַסער זילבערנער שיין איז געפאַלען אויף דאָס בעט, נעבען וועלכען זשאַן וואַלזשאַן איז געבליבען שטעהן, ווי אַ צוגעשמידטער.

דעם בישאָפּ'ס געזיכט מיט די פערמאַכטע אויגען איז געווען רוהיג און שטראַהלענד, ווי דאָס געזיכט פון אַ קינד. אויף זיינע ליפּען האָט געלויכטען אַ שמייכעל, — דער שמייכעל פון אַ צדיק תמים, — און האָט זיך ווי געמישט מיט דעם שיין פון דער לבנה.

אַ לאַנגע צייט איז זשאַן וואַלזשאַן געשטאַנען נעבען בעט מיט דעם שטיק אייזען אין האַנד, און זיין שווערער בליק האָט גערוהט אויף דער פיגור, וואָס איז געלעגען פאַר זיינע אויגען.

וואָס האָט ער געטראַכט? וואָס פאַר געדאַנקען האָט געוועקט אין איהם די פערקערפּערונג פון דער אונשולד אַליין, — אין איהם, דעם פערברעכער מיט אַ שווערען נשמה און פערביטערטען האַרצען?

פּלוצים האָט ער שאַרף אָבגעווענדט אַ זייט, איז צוגעגאַנגען גלייך צום שיינקעלע, וואָס ער האָט געכטען געזעהן אַ וועקלעגען דאָס זילבער, און האָט אויפגעהויבען זיין האַנד, כדי עס אויפצוברעכען: אָבער דאָס איז געווען איבעריג: אין טהירעל האָט געשטעקט דער שליסעל. ער האָט עס אויפגעעפענט, האָט גלייך אָנגעטאַפּט דאָס געפּלאָכטענע קערביל מיט די זילבערנע לעפעל און האָט עס אַרויסגענומען; און די לייכטער האָט ער אינגאַנצען פערגעסען; דערנאָך איז ער אַוועק צו זיך אין צימער, ניט היטענדיג זיך און ניט שטילענדיג זיינע טריט: דאָרט האָט ער גענומען זיין שטעקען און זיין ראַנעץ, האָט אויפגעעפענט אַ פענסטער, איז אַרויסגעשפּרונגען דרויסען און איז אַוועק.

אין דער-פריה, בעת דער בישאָף האָט זיך רוהיג שפּאַצירט איבער זיין גערטיל, איז מאַדאַם מאַגלואַר געקומען צולויפען אַ צוטומעלטע.

— ווייסט אפשר איער הייליגקייט, וואָ

דאָס קערבל מיט די זילבערנע לעפֿעל איז אַהינגעקומען?

— איך ווייס, — האָט דער בישאָף געענטפֿערט.

— אָ, אַ דאַנק גאָט! — האָט מאַדאַם מאַגלואַר אויסגערופֿען. — און איך האָב שוין מורא געהאַט, אַז עס איז פֿערפֿאַלען געוואָרען.

דער בישאָף האָט גאָר־וואָס געהאַט געפֿינען דאָס ליידיגע קערבל, וועלכעס האָט זיך געוואַלגערט אין גאָרטען אויפֿ'ן גראָז.

— אָט איז עס, — האָט ער געזאָגט, איבערגעבענדיג עס צו מאַדאַם מאַגלואַר.

— ווי הייסט? עס איז דאָך ליידיג! וואוזשע איז דאָס זילבער?

— אַ, איהר זוכט דאָס זילבער? — האָט דער בישאָף גלייכגילטיג געזאָגט. — כ'ווייס ניש, כ'לעבן, וואו עס געפֿינט זיך.

די אַלטע איז געבליבען שטעהן, ווי פֿון הימעל געטראָפֿען. דערנאָך איז זי אַרויסגעלאָפֿען פֿון גאָרטען, האָט איבערגעקוקט דאָס גאַנצע הויז, זוכענדיג, און האָט זיך שנעל, ווי אַ ווינד, אומגעקעהרט צוריק מיט אַ געשריי:

— אייער הייליגקייט! דער מאַן איז פֿערשוואונדען, דאָס זילבער האָט מען צוגעגנב'עט! אַך, וואָס פֿאַר אַ געמיינהייט דאָס איז — דאָס לעצטע ביסעל אָרימקייט פֿון הויז צוגענומען!..

דער בישאָף האָט געשוויגען אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער אויפֿגעהויבען אויף די אַלטע זיין ערנסטען קוק און האָט געפֿרעגט:

— קודם כל, איז דען דאָס זילבער דווקא אונזערס?

מאַדאַם מאַגלואַר איז געבליבען שטעהן ווי אַ דאַלין.

— איך בין שולדיג, — האָט דער בישאָף ווייטער גערעדט, — וואָס איך האָב גאָר ביז אַהער געהאַלטען דאָס זילבער ביי זיך, וועהרענד אין דער אמת'ן געהערט עס די אָרימע־לייט. און וואָס איז דער דאָזיגער מענש, אויב ניש אַן אָרימאַן?

— אָבער מיט וואָס וועט אייער הייליגקייט עסען?.. איך זאָג ניש פֿאַר זיך, איך בין דאָ אויסען אייער הייליגקייט'ס טובה!

דער בישאָף האָט זי אָנגעקוקט פֿערוואונדערט.

— וואָס הייסט? מ'קריגט דען ניש קיין צינערנע לעפֿעל.

— צין האָט אַן'אוּנאַנגענעהמען גערוך.

— נעהמט מען אייזערנע.

— אייזען האָט אויך אַ מאָדנעם געשמאַק.

— נו, און הילצערנע?

מאַדאַם מאַגלואַר האָט מעהר ניש געהאַט וואָס צו זאָגען.

ביים עסען האָט דער בישאָף מיט אַ שמייכעל איינגעטענה'ט מיט זיין שוועסטער און מיט דער ווירטשאַפֿטערין, אַז מ'קאָן אויסקומען אפֿילו גאָר אָהן לעפֿעל און גאָפּעל. פּלוצים האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טהיר.

— אַריין! — האָט דער בישאָף געזאָגט.

די טהיר האָט זיך געעפֿענט, און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזען אַ מאָדנע גרופּע: דריי זשאַנדאַרמען האָבען פֿעסט געהאַלטען אַ מענשען פֿאַר'ן קאָלנער. דער מענש איז געווען זשאַן וואַלזשאַן.

— אייער הייליגקייט... — האָט איינער פֿון די זשאַנדאַרמען אָנגעהויבען.

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט זשאַן וואַלזשאַן, וועלכער איז געשטאַנען המורנע און דערשלאָגען, מיט ערשטוינען אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ.

— זיין הייליגקייט! — האָט ער אַרויסגעמורמעלט. — הייסט עס, ער איז ניש קיין גלח...

— שווייג, — האָט דער זשאַנדאַרם געזאָגט, — דאָס איז זיין הייליגקייט דער בישאָף.

דערווייל איז דער בישאָף אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט און איז צוגעלאָפֿען נעהנטער צו זיי.

— אַ, דאָס זענט איהר! — האָט ער אויסגעשריען, קוקענדיג אויף זשאַן וואַלזשאַן. — עס פֿרעהט מיך זעהר אייך צו זעהן. אָבער, זאָגט נור, איך בעט אייך, איך האָב דאָך אייך געגעבען די לייכטער אויך, פֿאַרוואָס האָט איהר זיי ניש

געקומען? זיי זענען אויך זילבערנע, אַזוי ווי די לעפעל, און איהר וואָלט געקאָנט מאַכען פון זיי אַ פּאָר הונדערט פראַנק.

זשאַן וואַלזשאַן האָט ברייט געעפענט די אויגען און האָט געקוקט אויפ'ן בישאָף.

— אייער הייליגקייט, — האָט דער זשאַנדאַרם געזאָגט, — הייסט עס, דער דאָזיגער מענש האָט טאַקע געזאָגט דעם אמת? מיר האָבען איהם באַגעגענט. עפּיס האָט ער געהאַט אַ פּנים, ווי ער אַנטלויפט פון ערגיץ. מיר האָבען איהם פערהאַלטען, בעזוכט און געפונען ביי איהם די זילבערנע לעפעל.

— און וואָס האָט ער אייך געזאָגט? — האָט דער בישאָף שמייכלענדיג געפרעגט. — אַז דאָס האָט איהם געשענקט אַן אַלטיטשקער גלח, ביי וועמען אין הויז ער איז די נאַכט געשלאָפען? אָבער צו וואָס האָט איהר איהם געשלעפּט צוריק? דאָ איז אַרויסגעקומען אַ טעות...

— הייסט עס, — האָט דער זשאַנדאַרם געזאָגט, — אַז מיר קאָנען איהם אָבלאָזען?

— אָהן צווייפעל.

די זשאַנדאַרמען האָבען דעם פערהאַלטענעם אָבגעלאָזען. זשאַן וואַלזשאַן האָט געמאַכט אַ טראָט אַהינטער.

זיי? מ'לאָזט מיך פריי? — האָט ער געפרעגט מיט אַ נישט־דייטליכער שטים, ווי פון שלאָף.

— יאָ, — האָט דער זשאַנדאַרם געזאָגט, — הערסט דען נישט? ביזט טויב געוואָרען?

— פריינד, — האָט דער בישאָף זיך געווענדט צו זשאַנ'ען, — איידער איהר געהט אַוועק, פערגעסט נישט צו געהמען אייערע לייכטער. אָט זענען זיי.

ער האָט אַראָבגענומען פון קאַמין די צוויי זילבערנע לייכטער און האָט זיי איהם דערלאַנגט. די צוויי פרויען האָבען אָהן לשון געקוקט אויף איהם, נישט ריהרענדיג זיך פון אָרט.

זשאַן וואַלזשאַן האָט געציטערט מיט אַלע גליעדער. נישט וויסענדיג, וואָס ער טהוט, האָט ער אויסגעשטרעקט די הענד און גענומען די לייכטער.

— און איצט, מיין פריינד, — האָט דער בישאָף בעמערקט, — וועל איך אייך זאָגען, אַז איהר פערשפּאָרט געהן דורכ'ן גאָרטען. איהר קאָנט געהן גלייך דורך די טהיר: די איז נישט געשלאָסען ווי ביי־טאָג, אַזוי ביי־נאַכט.

די זשאַנדאַרמען זענען אַרויס פון הויז.

זשאַן וואַלזשאַן האָט געהאַלטען ביים פאַלען און אָהנמאַכט. דער בישאָף איז צוגעגאַנגען צו איהם און האָט שטיל געזאָגט:

— מיין פריינד, איהר זאָלט קיינמאָל, קיינמאָל נישט פערגעסען, אַז איהר האָט מיר צוגעזאָגט צו ווערען אַן ערהרליכער מאַן, מיט דער הילף פון דעם געלד, וואָס איהר וועט קריגען פאַר די עטליכע זילבערנע כלים.

זשאַן וואַלזשאַן האָט איהם אָנגעקוקט ערשטוינט: ער האָט נישט געדענקט, ער זאָל האָבען צוגעזאָגט וואָס ניט איז.

דער בישאָף האָט צוגעגעבען:

— איך האָב אָבגעקויפט אייער נשמה ביים טייוועל און גיב זי איבער צו גאָט אין די הענד.

## 10. דער קליינער קאַטערינשטשיק.

וואַקלענדיג זיך ווי אַ שכּור, איז זשאַן וואַלזשאַן אַרויסגעגאַנגען פון דער שטאָדט.

זיינע געדאַנקען זענען געווען זעהר צומישט. זיין האַרץ, וואָס איז פערשטיינערט געוואָרען פאַר די נייצעהן יאָהר קאַטאָרגע, האָט אָנגעהויבען ווי אָבצוגעהן, אָבער אינווייניג אין איהם איז נאָך פאַרגעקומען אַ שווערער קאַמפּף. «פון'ם טייוועל צו גאָט», האָט דער בישאָף געזאָגט. יאָ, וואָס וועט זיעגען אין דער דאָזיגער פערגרעבטער נשמה, — דאָס גוטע אָדער דאָס בייזע?

פּלוצים האָט ער דערהערט אַ געזאַנג: אַ יונגעל — אַ וואַנדערער איז געגאַנגען איבער'ן וועג. אויף זיין רוקען איז געהאַנגען אַ קאַטערינקע, פון וועלכער ער האָט, קענטיג, געצויגען זיין חיונה. דאָס יונגעל האָט זיך געשפּיעלט מיט אַ הויפען מטבעות, וועלכע ער האָט צונויפגעזאַמעלט און אַ

דאָרף דערנעבען: ער האָט זיי יעדעס מאָל געוואָרפען אין די לופט און זיי ווידער נע-האַפּט מיט געשיקטע הענד. פּלוצים איז איינע פון די מטבעות אַראָבגעפאַלען אויף דער ערד און האָט זיך צוגעקײַקעלט צו זשאַן וואַלזשאַנ׳ען. ער האָט אַרויפגעשטעלט אויף איהר זיין פוס. דאָס יונגעל איז צוגע-גאַנגען נעהנטער און האָט מיט צוטרויען געזאָגט:

— מיין הער, גיט מיר אָב מיינע פֿער צינג סו.

— ווי רופט מען דיך? — האָט זשאַן וואַלזשאַן געפרעגט.

— דער קליינער זשערווע.

— טראָג זיך אָב.

— מיין הערר, גיט מיר אָב מיין מאָנעטע, — איז דאָס יונגעל נישט אָבגעטראָטען. דערנאָך האָט ער זיך פונאַנדער געוויינט. פּלוצים האָט זשאַן וואַלזשאַן גע-וואָרפען אויף איהם אַזאַ ווילדען בליק, אַז דאָס יונגעל האָט זיך דערשראָקען און איז אַנטלאָפען. זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך אַראָב-געלאָזען אויף אַ שטיין, פֿערזונקען אין גע-דאַנקען.

שטונדען לאַנג איז ער אַזוי געזעסען. ווען די זון האָט אָנגעהויבען אונטערגעהן, האָט ער ערוואַכט, ווי פון אַ טיעפען שלאָף. דערביי איז זיין בליק געפאַלען אויף אַ קליין, ווייס רעדיל, וואָס איז געלעגען אויף דער ערד און האָט גע-פונקעלט אונטער די לעצטע שטראַהלען פון דער אונטערגעהענדער זון. ער האָט דאָס רעדיל אויפ-געהויבען: דאָס איז געווען אַ מאָנעטע פון פֿער-צינג סו. זשאַן וואַלזשאַן האָט שטומפּיג געקוקט אויף די מאָנעטע. וואָס איז דאָס פאַר אַ געלד? פון וואַנען האָט זיך עס גענומען אַהער? עפּיס איז דאָ געשעהן מיט דער דאָזיגער מאָנעטע, אָבער — וואָס?.. און פּלוצים האָט ער זיך דערמאָהנט. ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און זיך געלאָ-זען לויפען אין דער זייט, וואוהין דאָס יונגעל איז פערשוואונדען.

זשערווע!... — האָט ער געשריען. קיין ענטפער. נאָר דאָס ווידער-קול פון די נאָהנ-טע בערג האָט זיך אָבגערופען און ווייט אין שוואַך: זשע—ע!...

— אָ, סאַר אַ געמיינער מענש איך בין!— האָט זשאַן וואַלזשאַן אויסגעריפען. — זשערווע, קליינער זשערווע! קום אַהער, נאַ דיר דיין געלד!..

ער איז געלאָפען און האָט געריפען, און דער ווינד האָט ווי געיאָגט איהם אַנטקעגען, האָט איהם געשמיסען אין פּנים אַריין און געפלאָנטערט זיין ווילד-פערוואַקסענע באָרד.

מיט אַ פּאָר מייל ווייטער האָט ער בעגעגענט אַ דאָרפישען גלח, וואָס איז געריטען אויף אַ מאָגערער פערדיל.

– הערר גייסטליכער!— האָט זשאַן וואַל-זשאַן געפרעגט. — האָט איהר נישט בעגעגענט אַ יונגעל מיט אַ קאַטערינקע?

— ניין, — האָט דער גלח געענטפערט.

— מיהסט איהם זשערווע, דער קליינער זשערווע. האָט איהר נישט געזעהן אַזעלכען?

— איך האָב קיינעם נישט געזעהן

זשאַן וואַלזשאַן האָט אַרויסגענומען צוויי מאָנעטען צו פינף פראַנק און האָט זיי איבערגעגע-בען דעם גלח.

— איהר וועט עס צוטיילען צווישען אָרימע-לייט, — האָט ער געזאָגט. — קאָנט איהר מיר נישט זאָגען, וואו וואוינט אַזאַ ... דער נעגענט אַזאַ יונגעל, מיטן נאָמען זשערווע?

— ווי איהר זאָגט איהם, — האָט דער גלח געזאָגט, — פערשטעה איך, אַז ער איז אַ פרעמדער, אַ הין-און-הער גייער.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אַרויסגענומען נאָך צוויי פינף-פראַנק-שטיק און האָט די איבערגע-געבען דעם גלח מיט די ווערטער:

אויף אָרימע-לייט.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען, דערנאָך האָט ער פּלוצים געזאָגט:

— הערר גייסטליכער! אַרעסטירט מיך: איך בין אַ גנב...

דער גלח האָט זיך דערשראָקען, האָט אַ שמייץ געטהון דאָס פערד און איז אַוועקגעפאָה-רען ווייטער.

זשאַן וואַלזשאַן האָט פּלוצים דערפיהלט,

אַז זײַן פֿערפֿרױרען האַרץ צוגעהט, און אַ שטראָם טרערען האָט זיך אַ גאָס געטהון פֿון זײַנע אױגען. דאָס איז געװען צום ערשטען מאָל פֿאַר די לעצטע נײַנצעהן יאָהר.

ער האָט געװײנט שטיל און ביטער, װי אַ קינד. די טרערען האָבען געפֿלאָסען און געפֿלאָסען, װי זײ װאָלטען געדענקט גאָר קײנמאָל נישט אױפֿצוהערען. און — אַ מערקװירדיגע זאַך! — צוזאַמען מיט די טרערען האָבען װי שטײנער זיך געקײַקעלט אַראָפּ פֿון זײַן האַרצען, און איהם איז געװאָרען אַלץ לײַכטער און לײַכטער. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז נאָך אַ קינד, אַז ער ליעגט בײַ זײַן שװעסטער אױפֿ'ן שױס און װײנט זיך אױס פֿאַר איהר: זעה, װאָס מ'האָט פֿון מיר געמאַכט!...

די געפֿיהלען פֿון האַס צו מענשען און ערביטערונג, װאָס האָבען אַזױ שװער געדריקט זײַן האַרץ יאָהרען־לאַנג, זענען פּלוצים צושװוּמען, װי אַ רױך. די טרערען האָבען נאָך געריננען איבער זײַן באָרד, אָבער שטילער און רוהיגער. ער איז געגאַנגען איבער'ן װעג און האָט זיך געפֿיהלט װי אַ מענש, װאָס הױבט אָן געניזען צו װערען נאָך אַ שװערע און לאַנגע קראַנקהײט.

װאוהין איז ער געגאַנגען? װאָס איז פֿון איהם געװאָרען? דאָס האָט קײנער אין דער שטאָדט נישט געװאוסט. אָבער מיר װעלען זיך נאָך פֿיעל מאָל בעגעגענען מיט איהם. פֿיליײַכט װעלען מיר איהם טרעפֿען אונטער אַן אַנדער נאָמען, אונטער אַנדערע אומשטענדען.

אײן זאַך װעלען מיר דאָ איבערגעבען: אין דערזעלבער נאַכט האָט אַ פּאַר־בײַגעהער געזעהן אַ מענשליכע פֿיגור, װעלכע איז געשטאַנען אױף די קניה נעבען בישאָפּ'ס הױז און האָט, קענטיג, גאָט געבעטען.

דערנאָך האָט זיך די פֿיגור אױפֿגעהױבען פֿון דער ערד, איז לאַנגזאַם דורכגעגאַנגען די טױערן פֿון דער שטאָדט און איז פֿערשװאונדען צװישען די בערג.

## 11. שװאַרצע קרעלען.

די שטאָדט מאָנטרעיל האָט זיך פֿון שטענדיג אָן בעשעפֿטיגט הױפּטזעכליך מיט פֿאַבריצירען שװאַרצע גלאָז־קרעלען, אָבער אַזױ װי דײַטשלאַנד האָט קאָנקורירט מיט װאָהלפֿײלער סחורה, האָט זיך דיזע זאַך שװאַך ענטװיקעלט, און די שטאָדט איז געװען אָרים. פּלוצים איז געקומען אײן מענש און האָט דאָס אַלץ אומגעענדערט אין אַ גאַנץ קורצע צײַט: די קרעלען־פֿאַבריקאַציע האָט אױפֿגעבליהט און צוזאַמען מיט איהר — די גאַנצע שטאָדט.

װער דער מענש איז געװען און פֿון װאַנען ער קומט, האָט מען אין שטאָדט נישט געװאוסט. װען ער האָט זיך בעװיזען אײן מאָל בײַ־נאַכט אין מאָנטרעיל, איז גראָד געװען אַ גרױסע שׂרפֿה, און צװײ קינדער זענען שיער נישט אומגעקומען אין פֿײַער. אַ גרױסער עולם מענשען איז געשטאַנען אַרום דעם ברענענדען הױז, האָט געהערט פֿון אינװײניג די קולות פֿון די אונגליקליכע קינדער, קײנער האָט אָבער נישט געװאַגט אַרײַנצודרינגען אין די געבײַדע, װאָס איז געװען װי געקלײדעט אין פֿלאַמען. דער פֿאָטער פֿון די קינדער איז געלעגען דרױסען אָהנמאַכט. פּלוצלינג האָט זיך אַ אונבעקאַנטער מענש דורכגעשטופּט פֿאָראױס, איז צוגעלאָפֿען צו אַ פֿענסטער, און איז מיט אײן שפּרונג פֿערשװאונדען צװישען די פֿלאַמען. די אַרומיגע האָבען אױסגעלאָזען אַ פֿערשטיקטען „אַך"! און זענען געבליבען װי פֿערשטײנערט.

אַהן אָטעם איז דער עולם געשטאַנען און געװאַרט אױפֿ'ן סוף פֿון דער שרעקליכער סצענע. עס איז פֿאַרבײַ אַ מינוט — מ'הערט נישט, מ'זעהט נישט. אַלעמען האָט בעשלאָגען אַ שװײס פֿון אַנגסט. עס האָט אױסגעזעהן, אַז דאָס דאַרשטיגע פֿײַער, אַנשטאָט אַרױסצולאָזען די צװײ קרבנות האָט געקראָגען נאָך אַ דריטען, און די פֿרעהליכע קנאַקערײַ פֿון פֿײַער־צונגען האָט געקלונגען בײַ די מענשען אין די אױערן, װי אַ שפּאָטישער געלעכטער. און װען אַלע האָבען שױן פֿערלױרען די האָפֿנונג, האָט זיך פּלוצים

בעוויזען עפיס אַ מאַסע ביי איינעם פון די פענסטער, און אַ פייערדיגער קויל איז מיט אויסערגעוועהנליכער קראַפט, ווי אַנאַרויסגעשאָסענער, אַרויסגעפלויגען פון דאָרט גלייך אויף די גאַס. דאָס איז געווען דער אומבעקאַנטער. זיינע קליידער האָבען שוין געברענט, אָבער די צווי קינדער האָט ער געהאַלטען פעסט צוגעדריקט צו זיין ברוסט.

דער פאָטער פון די געראַטעוועטע קינדער איז געווען דער שטאָטישער שעף פון די זשאַנדאַרמען, דעריבער האָט מען ביים אומבעקאַנטען קיין פאַספאָרט ניט געפרעגט. מ'האָט זיך בלויז דערוואוסט, אַז זיין נאָמען איז מאַדלען. שפּעטער־צו האָט מען אים אָנגעהויבען רופען „פאָטער מאַדלען".

ער האָט זיך געשטעלט אַרבייטען אין אַ פאַבריק פון קרעלען און, צוקוקענדיג זיך צו דער אַרבייט, האָט ער אויסגעפונען אַ מיטעל, ווי אַזוי צו מאַכען די קרעלען בעסער און ביליגער. ער האָט זיך געגרינדעט אַ קליין פאַבריקיל און האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען. די פערבעסערונג איז געווען אויף אַזוי פיעל גרויס, אַז ער איז אין גיכען רייך געוואָרען. די איבעריגע פאַבריקאַנטען האָבען אים נאָכגעטהון, און גאַר אין גיכען האָט מאָנטרעיל מיט ערפאָלג קאָנקורירט מיט דייטשלאַנד אין דער פאַבריקאַציע פון שוואַרצע קרעלען. די שטאָדט האָט אויפגעלעבט. אַרבייט איז געווען פיעל, דער אַרבייטס־לוין — הויך, און דער וואוילשטאַנד פון מאָנטרעילער בעפעלקערונג איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. דער גרעסטער טייל פון דער פאַבריקאַציע איז געלעגען ביי הערר מאַדלען אין די הענד. מיר זאָגען: „הערר מאַדלען", ווייל צו יענער צייט האָט מען שוין אַזוי גערופען אין שטאָדט דעם אומבעקאַנטען, וואָס איז אין ענדע פון יאָהר 1815 אַריינגעקומען קיין מאָנטרעיל מיט אַ וועלנערשען ראַניעץ אויף די פלייצעס און מיט אַ שטעקען אין האַנד.

אַלע האָבען אים שטאַרק רעספּעקטירט. און ניט אומזיסט: אויסערדעם, וואָס די שטאָדט האָט אויפגעבליהט אַדאַנק זיין אויפטהו מיט די קרעלען, איז ניט געווען אַ מענש אין שטאָדט וואָס האָט פון הערר מאַדלען קיין טובה ניט געהאַט. אַרבייטער האָבען זיך גערעכענט פאַר גליקליך, ווען זיי זענען אָנגעקומען צו אַרבייטען אין זיינע פאַבריקען. אמת, פילען זיך האָט ער ניט דערלאָזען, אָבער ניט מיט שטרענגע מיטלען, נאָר מיט קלוגע, בעדאַרפטע רייד. ער האָט געצאָהלט דעם בעסטען לוין, האָט איינגעאָרדענט פאַר זיינע אַרבייטער ביליגע און גוטע וואוינונגען, אומזיסטע שפּיטעלער און שולען פאַר זייערע קינדער. און פערלאַנגט האָט ער פון אַלעמען בלויז איין זאַך: „זייט ערליך"! — פלעגט ער זאָגען: — „אונטער אַלע אומשטענדען פון לעבען זייט ערליך".

אויף פערשיעדענע אַנשטאַלטען אין דער שטאָדט און דער אומגעגענד האָט ער געשענקט אונגעהויערע סומען געלד. אמת, אין שטאָדט האָט מען גערעדט, אַז דער מענש פערמאָגט מיליאָנען, וועלכע ליגען אין דער אָרטיגער באַנק אונטער'ן בעדינג, דאָס ווען ער פאָדערט זיי אַרויס, מוז מען זיי אים די מינוט צו־שטעלען. דאָס איז אָבער געווען ניט גאָר ריכטיג: אין באַנק זענען געלעגען, אויף די דערמאָהנטע בעדינגונגען, בלויז זעקס הונדערט מיט פערציג טויזענד פראַנק. מיליאָנען האָט ער ווירקליך פערדיענט, אָבער זיי זענען אַלע אַוועק אויף צדקה־זאַכען.

דערצו דאַרף מען צוגעבען, אַז הערר מאַדלען האָט געוויכט פון כבוד. ניט איין מאָל האָט אים די רעגירונג, ווייסענדיג זיינע פערדיענסטען פאַר'ן לאַנד, געוואָלט געבען פערשיעדענע טיטלען, אָבער ער האָט זיך פון זיי אַלע ענטזאָגט.

סוף כל סוף האָט ער אָנגענומען אַ בעשטימטע פאָר מער (גאָלאָווע) פון שטאָדט, אָבער די געשיכטע איז פאָרגעקומען אַזוי: ווען הערר מאַדלען האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט אים בעשטימט פאַר מער, האָט ער זיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, ענטזאָגט. דאָסמאָל איז אָבער די שטאָדט בעשטאַנען אויף איהרען און געשיקט צו אים דעפּוטאַציעס מיט'ן צוועק אים איינצורעדען, ער זאָל די שטעל אָננעהמען. דערווייל געהענדיג איינמאָל אין גאַס, האָט ער דערהערט, ווי אַ פרוי פון פאָלק זאָגט:

— ניט רעכט פון אייך, הערר מאַדלען,

אָבצוזאָגען זיך פון אַזאַ אַמט: אַ גוטער מער קאָן נוצען ברענגען דער שטאָדט בכלל, און מיר, קליינע מענשעלעך, נוטיגען זיך אַודאי אין אַ מענשען, וואָס זאָל וועלען און קאָנען זיך פאַר אונז אָננעהמען...

הערר מאַדלען איז געבליבען שטעהן איבערראַשט. ער האָט געקוקט אַ ווײַלע אויף די ראָזיגע פרוי, דערנאָך איז ער אַוועק אַהיים. דעמזעלבען טאָג האָט ער אַרײַנגעשיקט אין די פּרעפעקטור אַ מעלדונג, אַז ער נעהמט אָן דעם אַמט.

אַזוי אַרום איז פון „מאַדלען" געוואָרען „פעטער מאַדלען", פון „פעטער מאַדלען" — „הערר מאַדלען" און, שליסליך, פון „הערר מאַדלען" — „הערר מער".

## 12. ווער איז ער?

אין מאָנטרעיל האָט מען זיך שטאַרק אינטערעסירט צו וויסען, פון וואַנען שטאַמט דער הערר מאַדלען, אָבער קיינעם האָט זיך ניט איינגעגעבען צו קריגען וועלכע עס איז ידיעות וועגען דעם. אין אָנפאַנג פון יאָהר 1821 האָט זיך אין די צײַטונגען בעוויזען די נאַכריכט, אַז שאַרל ביענוועניו מיריעל, דער בישאָף פון דין, איז געשטאָרבען אויפ'ן 82-טען יאָהר פון זײַן לעבען. אויף מאָרגען נאָך דער דאָזיגער ידיעה האָט זיך דער הערר מאַדלען בעוויזען אויף דער גאַס אין טרויער-קליידער. דער עולם איז געוואָרען נײַגעריג.

— הערר מאַדלען! — האָט איהם עמיצער געפרעגט. — האָט איהר עפּיס געקענט דעם בישאָף פון דין?

— ניין, — האָט מאַדלען געענטפערט.

— פאַרוואָס-זשע טראָגט איהר נאָך איהם טרויער?

— דאָס איז דערפאַר, וואָס איך בין אַמאָל געווען אַ לאַקיי בײַ איהם אין הויז...

קיינער האָט ניט געגלויבט, אָבער פרעגען האָט מען מעהר גישט געוואַגט. בײַ די מאָנטרעילער איינוואוינער איז געבליבען, אַז מאַדלען איז געווען דעם בישאָפ'ס אַ קרוב, און זיי האָבען נאָך מעהר דרך ארץ געקראָגען פאַר זייער מער.

עמיצער האָט אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, אַז מאַדלען'ס שלאָף-צימער איז בעפוצט און צוגעקליבען מיט אַזאַ לוקסוס, וואָס פּאַסט פאַר אַ מאַגנאַט. צוויי פון די אָנגעזעהענע שטאָדטישע דאַמען האָבען זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָבען איהם איינמאָל געבעטען, ער זאָל זיי ווײַזען זײַן צימער. מאַדלען האָט אַ שמייכעל געטהון און האָט זיי אַרײַנגעפיהרט צו זיך אין צימער. די דאַמען האָבען געמאַכט אַ זויערע מינע: דאָס צימער איז געווען מעבלירט זעהר איינפאַך, זאָגאַר אָרים. די איינציגע לוקסוס-זאַך, וואָס זיי האָבען דאָרט געזעהן, איז געווען אַ פּאָר לײַכטער. „ווײַזט אויס, זילבערנע, — האָבען זיי געזאָגט און צוגעגעבען דעם סימן פון אַלע פּראָווינציאַלען, — אויף זיי איז פאַרהאַן די פּראָבע".

נאָך אַ קליינינקייט האָט זיך אַלעמען געוואָרפען אין די אויגען: דער הערר מאַדלען האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו קאַטערינשטשיקעס. ניט צו זייער שפּילען, נאָר טאַקע צו זיי אַליין, און יעדעס מאָל ווען אין שטאָדט האָט זיך בעוויזען אַ קאַטערינשטשיק, האָט איהם דער מער גערופען צו זיך, האָט געפרעגט זײַן נאָמען און איהם געגעבען געלד.

מיט דער צײַט אָבער האָט מען אָן די אַלע קליינינקייטען פערגעסען, און דער רעספּעקט, וואָס אַלע האָבען געהאַט פאַר'ן מער, האָט זיך ביסלעכווײַז פערוואַנדעלט אין אַ געפיהל פון הייסער ליעבע צו איהם. אַלץ מעהר און מעהר מענשען האָבען זיך געווענדעט צום הערר מאַדלען נאָך אַ ראַטה און הילף, און עס איז קיין איינציגער מאָל ניט געווען בעוואוסט, אַז ער זאָל עמיצען גישט אַרויסהעלפען. זײַן שם איז געגאַנגען איבער'ן גאַנצען לאַנד, און בײַ אַלעמען איז דער מאָנטרעילער מער געווען פערעכענט פאַר אַזאַ גוטען און פרומען אַזאַ הייליגען, ווי דער פערשטאָרבענער בישאָף פון דין.

בײַ אַלעמען, אויסער בײַ איין און איינציגען מענשען.

פיעל מאָל האָט געטראָפען, אַז ווען הערר

מאַרדלען איז געגאַנגען איבער דער שטאָדט, האָט איהם שאַרף נאָכגעקוקט אַ הויכער, טריקענער, ברייט-ביינערדיגער מענש אין אַ גרויען ראָק, מיט אַ חנוקעל געזיכט און מיט אַ דיקען שטעקען אין האַנד. ער האָט געקוקט און געקוקט, און גערעדט צו זיך אַליין:

— ווער איז דער האָזיגער מענש? ער קומט מיר פאָר מאָדנע בעקאַנט... וואו האָב איך איהם געזעהן?

און דער מענש אין גרויען ראָק איז גע-בליבען שטעהן אין מיטען גאַס, האָט געשמעקט די לופט, ווי אַ הונד אויף דער יאַגד, געקנייטשט דעם שטערן און זיך בעמיהט עפּיס אַזוינס זיך צו דערמאָהנען. עס איז צוגעגאַנגען שווער, אָבער דער מענש איז ביי זיך ניט אָראָבגעפאַלען.

— עס מאַכט נישט אויס, — האָט ער צו זיך גערעדט. — מיך וועט ער נישט אָבנאַרען. איך וועל מיך שוין דערוויסען, ווער ער איז...

דער האָזיגער מענש איז געוועזען דער מאָנ-טרעילער פּאָליציי-אינספעקטאָר זשאַווער.

זשאַווער איז געבוירען געוואָרען אין טורמע פון אַ מוטער אַ וואָהרזאָגערין און אַ פאָטער אַ קאַטאָרושניק. זיין קינדהייט האָט איבערגעלאָזען אויף איהם אַ שרעקליכען איינדרוק, אָבער אַ פער-קעהרטען פון דעם, וואָס אַזאַ קינדהייט לאָזט געוועהנליך איבער: ער האָט געקראָגען אַ תאוה צו ערהליכקייט, בעסער געזאָגט — צו געזעצליכ-קייט. ער האָט גוט געזעהן, אַז די געזעלשאַפט שטויסט פון זיך אָב אָהן רחמנות צוויי קלאַסען מענשען: די, וואָס פאַלען אָן אויף איהר, און די, וואָס פערטיידיגען זי. זיין לאַגע איז געוועזען אַזעלכע, אַז ער האָט געמוזט אויסקלייבען צו ווערען איינס פון די ביידע: אַ פערברעכער אָדער אַ פּאָליציאַנט. ער האָט אויסגעקליבען דאָס לעצטע.

איהם האָט אָבגעגליקט, און ער איז גע-וואַקסען. אין דער יוגענד איז ער געוועזען אַנ'אויפ-זעהער אויף איינעם פון די שיפען, וואו די קאַ-טאָרושניקעס פלעגען אַרבייטען. ביסלעכווייז האָט ער זיך דערדינט דערצו, אַז מ'האָט איהם בעשטימט פאַר פּאָליציי-אינספעקטאָר קיין מאָנ-טרעיל.

זשאַווער האָט קיין תאוות ניט געהאַט: ער האָט ניט געטרונקען, ניט גערויכערט, איז געווען גלייכגילטיג צו פרויען. איין תאוה, ווי געזאָגט, האָט ער יאָ געהאַט: אַ תאוה צו געזעצליכקייט.

פון צייט צו צייט האָט ער געהאַלטען פאַר אַ חוב צו לעזען ביכער, האָטש ער האָט זיי פיינט געהאַט תכלית שנאה. פון עולם-הזה-זאַכען האָט ער זיך פערגינט בלויז איינס: אַז ער איז געווען צופרידען פון זיך, האָט ער זיך מכבד געווען מיט אַ שמעק טאַבאַק.

דאָס איז געווען אַ וואָלף פון אָרדנונג און געזעצליכקייט. אינטער געוויסע אומשטענדען איז אַזאַ מענש שרעקליכער און האַרצלאָזער פון אַ מערדער.

און אָט דער מענש האָט דאָס געהאַט אַ השד אויף דעם מאָנטרעילער מער, דעם פון אַלע-מען געליבטען און געשעצטען הערר מאַדלען.

---

## 13. דער גבור.

ווען זשאַווער איז אָנגעקומען קיין מאָנט-רעיל, איז שוין מאַדלען געווען רייך און אָנגעזעהן, און אַלע האָבען איהם גערופען „הערר מאַדלען".

אָבער זשאַווער'ן איז ער פון דער ערשטער מינוט פאָרגעקומען בעקאַנט. ער האָט שטענדיג נאָכגעקוקט און נאָכגעפאָרשט דעם הערר מאַדלען, כמעט נישט ווילענדיג, נאָר אינסטינק-טיוו: אַזעלכע מענשען ווערען געבוירען מיט אַ חוש הריח פון אַ הונד. מאַדלען האָט עס בעמערקט, ער האָט אָבער גלייכגילטיג אַריבערגעטראָגען זשאַ-ווער'ס שווערען, אויסגעזעסענעם בליק און איז זיך מיט איהם בעגאַנגען, ווי מיט אַלעמען — פריינדליך און רוהיג.

זשאַווער האָט אויסגעפאָרשט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו מאַדלען'ס פערגאַנגענ-הייט, צייטענווייז האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער איז אויף אַ וועג, דערנאָך האָט זיך דער פאָדעם ווידער איבערגעריסען.

בעזונדערס האָט זשאַווער'ן אָראָבגעשלאָ-גען פון וועג די פאָלשטענדיגע רוהיגקייט פון הערר מאַדלען. און בלויז איין מאָל האָט זיין אויפמערקזאַמקייט יאָ געמאַכט אַ שטיקעל איינדרוק אויף

מאַדלענ'ען: דאָס איז געווען אַזאַ געשיכטע.

געהענדיג איין מאָל אין דער-פריה אין גאַס, האָט מאַדלען דערהערט געשרייען און האָט דער-זעהן אַ רעדיל מענשען, וואָס זענען געשטאַנען אַרום אַן איבערגעקעהרטען וואָגען, און אונטער'ן וואָגען איז געלעגען אַ מענש. צולויפענדיג נעהנ-טער, האָט מאַדלען דערזעהן, אַז אונטער'ן וואָגען ליעגט דער אַלטער פאָשלעוואַן.

פאָשלעוואַן איז געווען איינער פון די ווינ-ציגע שונאים, וואָס מאַדלען האָט נאָך געהאַט אין מאָנטרעיל. ער איז געווען אַ הענדלער, אָבער זיינע געשעפטען זענען געגאַנגען זעהר שלעכט, און פאַר די צייט, וואָס מאַדלען איז געוואָרען רייך, איז פאָשלעוואַן ביסלעכווייז בדלות געוואָרען, און אַזוי ווי פון זיין גאַנצען פריהעריגען פערמעגען איז איהם פערבליבען בלויז אַ פערד און וועגעלע, איז ער געוואָרען אַ פוהרמאַן. אויס קנאה צו מאַד-לענ'ען איז איהם פאָשלעוואַן געווען אַ שונא און האָט נישט דורכגעלאָזען קיין געלעגענהייט איהם שאַדען צו ברייגען.

דעם פריה-מאָרגען איז געגאַנגען אַ רע-גען, עס איז געוואָרען אַ בלאָטע, און פאָשלעוואַנ'ס פערד איז געפאַלען, האָט זיך צובראָכען אַ פוס און איז געבליבען ליעגען. ווען פאָשלעוואַן האָט זיך בעמיהט אויפצוהייבען דאָס פערד, האָט זיך דער שווער-געלאָדענער וואָגען אויך איבערגע-קעהרט אויף אַ זייט, פאָשלעוואַן איז אַריינגעפאַלען צווישען די רעדער און איז צוגעדריקט געוואָרען צו דער ערד. איין ראָד איז איהם אַרויף אויף די ברוסט און האָט געדריקט אויף זיינע ריפען.

ווען מאַדלען איז צוגעגאַנגען, האָבען אַלע געמאַכט פלאַץ פאַר איהם.

— ראַטעוועט! — האָט פאָשלעוואַן זיך גע-בעטען. — וועט קיינער פון אייך ניט ראַטעווען אַן אומגליקליכען אַלטען פון טויט?

מאַדלען האָט זיך געווענדט צו די אַרו-מיגע:

— פאַראַן אַ הויב-מאַשין?

— מ'האָט געשיקט נאָך איהר, — האָט עמיצער געענטפערט.

— ווי גיך וועט מען זי ברייגען?

— מ'איז אוועקגעלאָפען צום ט..יעה, און דאַרף פלאַשאַ. סיי-ווי-סיי, פאַר אַ פערטיל שעה וועט זי דאָ נישט זיין!

— אַ פערטיל שעה!! — האָט מאַדלען אויסגעשריען. — מען קאָן נישט וואַרטען אַזוי לאַנג! איהר זעהט דען נישט, אַז דער וואָגען זינקט אַלץ מעהר אין בלאָטע און ברעכט איהם דעם ברוסט-קאַסטען?!

— וואָס קאָן מען העלפען!

טער, האָט מאַדלען דערזעהן, אַז אונטער'ן וואָגען ליעגט דער אַלטער פאָשלעוואַן.

פאָשלעוואַן איז געווען איינער פון די ווינ-ציגע שונאים, וואָס מאַדלען האָט נאָך געהאַט אין מאָנטרעיל. ער איז געווען אַ הענדלער, אָבער זיינע געשעפטען זענען געגאַנגען זעהר שלעכט, און פאַר די צייט, וואָס מאַדלען איז געוואָרען רייך, איז פאָשלעוואַן ביסלעכווייז בדלות געוואָרען, און אַזוי ווי פון זיין גאַנצען פריהעריגען פערמעגען איז איהם פערבליבען בלויז אַ פערד און וועגעלע, איז ער געוואָרען אַ פוהרמאַן. אויס קנאה צו מאַד-לענ'ען איז איהם פאָשלעוואַן געווען אַ שונא און האָט נישט דורכגעלאָזען קיין געלעגענהייט איהם שאַדען צו ברייגען.

דעם פריה-מאָרגען איז געגאַנגען אַ רע-גען, עס איז געוואָרען אַ בלאָטע, און פאָשלעוואַנ'ס פערד איז געפאַלען, האָט זיך צובראָכען אַ פוס און איז געבליבען ליעגען. ווען פאָשלעוואַן האָט זיך בעמיהט אויפצוהייבען דאָס פערד, האָט זיך דער שווער-געלאָדענער וואָגען אויך איבערגע-קעהרט אויף אַ זייט, פאָשלעוואַן איז אַריינגעפאַלען צווישען די רעדער און איז צוגעדריקט געוואָרען צו דער ערד. איין ראָד איז איהם אַרויף אויף די ברוסט און האָט געדריקט אויף זיינע ריפען.

ווען מאַדלען איז צוגעגאַנגען, האָבען אַלע געמאַכט פלאַץ פאַר איהם.

— ראַטעוועט! — האָט פאָשלעוואַן זיך גע-בעטען. — וועט קיינער פון אייך ניט ראַטעווען אַן אומגליקליכען אַלטען פון טויט?

מאַדלען האָט זיך געווענדט צו די אַרו-מיגע:

— פאַראַן אַ הויב-מאַשין?

— מ'האָט געשיקט נאָך איהר, — האָט עמיצער געענטפערט.

— ווי גיך וועט מען זי ברענגען?

— מ'איז אוועקגעלאָפען צום שמיד, אין דאָרף פלאַשע. סײַ־ווי־סײַ, פאַר אַ פערטיל שעה וועט זי דאָ נישט זײַן.

— אַ פערטיל שעה!... — האָט מאַדלען אויסגעשריען. — מען קען נישט וואַרטען אַזוי לאַנג! איהר זעהט דען נישט, אַז דער וואָגען זינקט אַלץ מעהר אין בלאָטע און ברעכט איהם דעם ברוסט־קאַסטען?!

— וואָס קען מען העלפען!...

— העֶרט נור, — האָט מאַדלען געזאָגט. — אונטער'ן וואָגען איז נאָך דערווײַל פאַראַן אַ פּלאַץ, וואוהין מ'קען אַרײַנקריכען און פרובירען איהם אויפהויבען פון אונטען אַרויף. פאַראַן צווישען אייך אַ גבר מיט אַ מוטהיג האַרץ? ער קען דאָ ראַטעווען אַ מענשען און נאָך קריגען פינף גאָלד־שטיקער פאַר זײַן מיה.

קיינער האָט זיך נישט אָבגערופען.

— צעהן גאָלד־שטיקער! — האָט מאַדלען געזאָגט.

— ווער האָט עס כח דערצו! — האָט איינער אַרויסגעמורמעלט. — מ'קען נאָך דאָ אַליין געהרג'עט ווערען.

— צוואַנציג גאָלד־שטיקער! — האָט מאַדלען ווייטער געזאָגט.

— אַז דאָ געהט נישט וועגען וועלען אָדער נישט וועלען! — האָט עפּיס אַ שטים פּלוצים אַרויסגערעדט.

מאַדלען האָט אומגעקעהרט דעם קאָפּ און האָט דערזעהן זשאַווער'ן, וועלכען ער האָט פריהער נישט בעמערקט.

זשאַווער האָט ווייטער גערעדט:

— דאָ פעהלט בלויז כח. נור אַ שרעקליכער גבור, אַ ריעז, וואָלט געקאָנט אויפהויבען אויף זײַן רוקען אַזאַ שווער־געלאָדענעם וואָגען.

דערנאָך האָט ער אָנגעשטעלט אויף מאַדלען'ען אַ שאַרפען דורכדרינגענדען בליק און, צעהלענדיג די ווערטער, האָט ער געזאָגט:

— העֶרר מאַדלען, איך האָב געקענט בלויז איין מענשען אַזעלכען, וואָס וואָלט געווען אימשטאַנד צו בעווייזען אַזאַ גבורה, ווי איהר פערלאַנגט.

מאַדלען האָט אַ ציטער געטהון.

נישט אַראָבנעהמענדיג פון איהם קיין אויג, האָט זשאַווער גלייכגילטיג צוגעגעבען:

— דער מענש איז געווען אַ קאַטאָרזשניק.

— אַ! — האָט מאַדלען געזאָגט.

— יאָ, אַ קאַטאָרזשניק פון טולאָנער טורמע.

מאַדלען איז בלאַס געוואָרען.

דערווײַל איז דער וואָגען געזונקען אַלץ טיעפער אין בלאָטע. פאָשלעוואַן האָט אָנגעהויבען צו הריפען:

— ראַטעוועט, אום גאָטעס ווילען! איך ווער דערשטיקט... אַך!...

מאַדלען האָט זיך געווענדט צו די אַרומיגע:

— אַלזאָ, וויל קײַנער נישט פערדיענען קיין צוואַנציג גאָלד־שטיקער און ראַטעווען אַ מענשענ'ס לעבען?

קײַנער האָט זיך ניט אָבגערופען.

נאָר זשאַווער האָט זיך ווייטער גערעדט:

— איך קען נור איין מענשען, וואָס קען פערבייטען אַ הויב־מאַשין, דאָס איז אַ געוועזענער קאַטאָרזשניק.

— איך שטאַרב!... — האָט דער אַלטער אַרויסגעקרעכצט.

מאַדלען האָט אויפגעהויבען די אויגען, האָט בעגעגענט זשאַווער'ס שאַרפען בליק, און אויף זיינע ליפען האָט זיך בעוויזען אַ טרויעריגער שמייכעל. דערנאָך האָט ער זיך מיט אַמאָל אַראָבגעלאָזען אויף די קניה, און איידער עמיצער האָט זיך אומגעקוקט, איז ער שוין געווען אונטער'ן וואָגען.

ער האָט אָנגעשטרענגט זיינע קרעפטען צו רידערן דעם וואָגען, אָבער אומזיסט. די אַרומיגע האָבען געשריען:

— העֶרר מאַדלען, קריכט אַרויס, אום גאָטעס ווילען!

פאָשלעוואַן אַליין האָט אַרויסגעקרעכצט:

— העֶרר מאַדלען, לאָזט מיך אָב, מיר איז בעשערט, ווייזט אויס, צו שטאַרבען!...

לאָזט אָב, איהר'ט דאָ אויך אומקומען!

מאַדלען האָט נישט געענטפערט.

עס איז שוין באַלד געווען אונמעגליך אַרויסצוקריכען פון אונטער'ן וואָגען. פּלוצים האָט די גאַנצע מאַסע זיך אַ טרייסעל געטהון, די רעדער זענען אַרויס פון דער בלאָטע און דער וואָגען האָט זיך אויפגעהויבען אין דער לופט. „העלפט!" האָט זיך געלאָזט הערען אַ הייזעריג געשריי. דאָס האָט מאַדלען אָנגעשטרענגט זיינע לעצטע קרעפטען.

ערשט דעמאָלט האָט דער עולם זיך אַ לאָז געטהון צו־הילף, און אין אַ פּאָר סעקונדען אַרום איז פאָשלעוואַן געווען אויסער געפאַהר.

מאַדלען האָט זיך אויפגעהויבען. זיין פּנים איז געווען שרעקליך, בלאַס און פערשוויצט, די קליידער צוריסען און פערשמירט אין בלאָטע. אַלע האָבען געוויינט. פאָשלעוואַן האָט אַרומגענומען זיינע קניה און איז צו זיי צוגעפאַלען מיט שטומער דאַנקבאַרקייט. מאַדלען'ס פּנים האָט אויסגעדריקט גרויסען תענוג און צו גלייכער צייט איבערמענשליכע ליידען. ער האָט אָנגעשטעלט אַ רוהיגען בליק אויף זשאַווער'ן, וועלכער האָט נאָך אַלץ פון איהם קיין אויג ניט אַראָבגענומען.

אויף מאָרגען האָט מאַדלען „אָבגעקויפט" ביי פאָשלעוואַנ'ען זיין הינקעדיג פערד און דעם צובראָכענעם וואָגען פאַר טויזענד פראַנק. נאָר אַזוי ווי פאָשלעוואַן האָט אָנגעהויבען פון האַן אָן צו קרענקען און האָט מעהר נישט געקאָנט זיין קיין פוהרמאַן, האָט איהם מאַדלען אָבגעזוכט אַ שטעל פאַר אַ גערטנער אין אַ פרויען־קלויסטער, וואָס האָט זיך געפונען אין פּאַריז, אין דער פאָרשטאָדט סענט־אַנטואַן.

באַלד דערנאָך איז מאַדלען בעשטימט געוואָרען פאַר מער פון דער שטאָדט מאָנטרעיל.

---

## 14. דער שפּיי אין פּנים.

אין אַ ווינטערדיגען פאַר־נאַכט איז נעבען דעם דיפּט־קאַפע אין מאָנטרעיל געשטאַנען אַ פראַנט אין אַ הוט מיט שמאָלע ראַנדען; דאָס איז געווען אַ חברה־מאַן פון דעם סאָרט לייט, וואָס האָבען אַ פערמעגען, האָבען נישט קיין בעשעפטיגונג און ווייסען נישט, ווי אַזוי צו פערטרייבען די לאַנגווייליגקייט פונ'ם לעבען אין דער פּראָווינץ. אין דער מינוט האָט ער גראָדע געפונען אַ מיטעל געגען דער לאַנגווייליגקייט: ער האָט זיך געטשעפּעט צו אַן אומגליקליכער גאַסען־פרוי, וואָס האָט זיך אַרומגעדרעהט. פאַר'ן קאַפע אין אַ באַל־קלייד, מיט אַן אָפענעם האַלז און מיט בלומען אויפ'ן קאָפּ.

יעדעס מאָל, ווען די דאָזיגע פרוי איז נעגאַנגען פאַרביי, האָט ער געבלאָזען איהר אין פּנים דעם רויך פון זיין ציגאַר און דערביי האָט ער געמאַכט בעמערקונגען, וואָס האָבען איהם אַליין געשיינט צו זיין זעהר וויציג און פרעהליך, צום ביישפּיעל: „אָ, סאַר אַ מיאוסקייט דו ביזט!" „לאָז בעסער דיין פּנים אין דער־היים", אָדער: „וואו האָסטו גענומען אַזעלכע גרויסאַרטיגע ציינער?..." — ביי דער פרוי האָבען געפעהלט פון פאָרענט די צוויי אויבערשטע ציינער. זי האָט ווי אַ שאָטען געבלאָנקעט הין און צוריק און האָט אויף זיין חוזק־מאַכען ניט געענטפערט. דאָס האָט דעם פראַנט פערדראָסען, און כדי זי פאָרט צו דער'רגזענען, איז ער געפאַלען אויף אַ המצאה: ער האָט אויפגעהויבען אַ ביסעל שניי און דאָס אַריינגעשאָטען צו איהר הינטער'ן קלייד אויפ'ן רוקען.

דאָס מיידעל האָט אַ געשריי געטהון, האָט זיך אויסגעקערעוועט און זיך אַרויפגעוואָרפען מיט די נעגעל אויף איהר בעליידיגער. דערביי האָט זי געזידעלט מיט די העסליכסטע ווערטער. עס איז געוואָרען אַ סקאַנדאַל, עס זענען זיך צונויפגעלאָפען מענשען, איינציגע אָפיצירען זענען געשטאַנען און האָבען אָנגעקוקט, וואָס די לאַנגווייליגקייט פון דער פּראָווינץ איז געשטערט געוואָרען האָטש אויף אַ מינוט. זעהר מעגליך, אַז אונזער פראַנט וואָלט אויך אָנגעקוקט פון אַזאַ סצענע, ווען ער אַליין וואָלט נישט געווען אין דער מיט. איצט אָבער האָט זיך איהם אַ האָדר נישט געגליסט צו לאַכען: ער האָט זיך געוואַלגערט אין שניי, אַ צובלאָטעטער, אַ פערשמירטער, אָהן אַ הוט, און די פרוי האָט געריע־

גענט אויף אידם מיט די פויסטען.

פּלוצים האָט זיך אַ הויכער מאַן דורכגעשפּאַרט פאָראויס, האָט אָנגענומען די פרוי ביי איהר פערבלאָטיגט אַטלאַס-קלייד און האָט געזאָגט:

— קום מיט מיר.

די פרוי האָט אויפגעהויבען די אויגען; זי איז פּלוצים שטיל געבליבען. די אויגען האָבען זיך אויסגעלאָשען און דאָס געזיכט, פון טונקעל-ברוין, איז געוואָרען ווייס, ווי קרייד. זי האָט דערקענט זשאַוועך'ן.

דער פראַנט האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און איז פערשוואונדען.

זשאַוועך האָט זיך געלאָזען געהן צום פּאָליציי-ביוראָ, שלעפּענדיג נאָך זיך די אומגליקליכע פרוי. ניט ער, ניט זי האָבען קיין וואָרט ניט גערעדט. גאָר דער אַרומיגער עולם האָט זיך לוסטיג געמאַכט איבער דער סצענע: מענשען האָבען אַמאָל אַ משונה הנאה צו זעהן, ווי עמיצער אַנדערש ווערט ערנידריגט.

אין ביוראָ האָט זיך דאָס מיידעל אָהן קרעפטען אַראָפּגעלאָזען אין אַ ווינקעל. זי האָט אויסגעזעהן נידערגעשלאָגען און הילפלאָז, ווי אַ קינד.

לויט די פראַנצויזישע געזעצען, זענען די פרויען פון אַ געוויסען סאָרט אינגאַנצען אונטער דער מאַכט פון דער פּאָליציי: זי קאָן טהון מיט זיי, וואָס זי וויל, זיי בעשטראָפען, ווי זי געפינט פאַר נויטיג, און לויט איהר פערשטאַנד אַוועקרויבען ביי זיי די פרייהייט און זיי שטערען אין זייער אונגליקליכער פרנסה.

זשאַוועך איז געזעסען און האָט געשריבען. אויף זיין פּנים איז געלעגען אַ שטיינערנע רוהיגקייט. אין דער אמת'ן אָבער איז ער געווען טיעף און ערנסט בעזאָרגט. ער האָט זיך געפיהלט ווי אַ כהן גדול ביי דער עבודה. אין דעם מאָמענט האָט ער זיך פון אַ פּאָליציי-אַגענט פערוואַנדעלט אין אַ ריכטער. ער האָט געהאַט אַ אונבעגרענצטע מאַכט און האָט זיך פאָרבערייטעט זי אָנצווענדען, אָבער מיט זיין גאַנצען געוויסען, אַלץ זאָל זיין על פּי דין. וואָס מעהר ער האָט געקלערט, אַלץ שרעקליכער איז אידם פאָרגעקומען דעם מיידעל'ס אויפפיהרונג. פאַר אידם אין די אויגען, אין דער פערזאָן פון אַ געעהרטען בורזשואַ, איז שווער בעליידיגט געוואָרען די גאַנצע אָרענטליכע געזעלשאַפט. און ווער האָט עס זי בעליידיגט?.. אַ בעשעפעניש, וואָס שטעהט אויסער'ן געזעץ, אַ געפאַלענע פּה'י. דאָס איז אַ שווער פערברעכען!

ער האָט זיך אונטערגעשריבען, האָט צונויפגעלעגט דאָס פּאַפּיר און האָט געזאָגט צו אַ פּאָליציאַנט:

— נעהמט דריי מענשען און פיהרט זי אָב אין געפענגניש.

ער האָט זיך געווענדעט צום מיידעל:

— דו ביזט אַרעסטירט אויף זעקס חדשים.

זי איז אויפגעשפּרונגען, ווי אַן אָבגעבריהטע.

— זעקס מאָנאַטען! — האָט זי אויסגעשריען. — זעקס מאָנאַטען געפענגניש! זעקס מאָנאַטען פערדיענען נישט מעהר ווי זיעבען סו אַ טאָג, — און וואָס וועט זיין מיט מיין קאָזעטען, מיט מיין קליין טעכטערל?.. ווייסט דער העדר אינספּעקטאָר, אַז איך בין שוין שולדיג טענאַרדיע'ן הונדערט פראַנק?..

זי איז געקראָכען אויף די קניה איבער דער שמוציגער, פערבלאָטיגטער ערד און האָט געבעטען:

— העדר זשאַוועך, העדר זשאַוועך! האָט רחמנות אויף מיר. אויף מיינע נאמנות — איך בין נישט שולדיג. אַז איהר וואָלט געזעהן די געשיכטע פון אָנפאַנג, וואָלט איהר געוואוסט. אָט דער העדר בורזשואַ, וועלכען איך קען גאָר אפילו נישט, האָט מיר אַריינגעשאָטען שניי אויפ'ן רוקען. מעגען זיי דען אונז בעשיטען מיט שניי, ווען מיר געהען רוהיג אויף דער גאַס און שטעפען קיינעם נישט? ער האָט מיך געזידעלט, געלאַכט פון מיר, קלער איך מיר — מילא, זאָל ער הנאה האָבען. אָבער — שניי אויפ'ן רוקען! פאַר וואָס קומט עס מיר? בין איך אין כעס געוואָרען. דערצו בין איך אַ ביסעל נישט געזונד, איך בין...

זי האָט זיך פּלוצים פערהוסט, און אויף איהרע ליפּען האָט זיך בעוויזען בלוט. ווען זי האָט זיך אויסגעהוסט, האָט זי ווייטער אָנגעהויבען:

— אָ, איך בין אודאי שולדיג! איך װעל אידם בעטען, ער זאָל מיר מוחל זיין: איך האָב טאַקע נישט בעדאַרפט אין כעס װערען. אָבער שענקט מיר נאָך דאָסמאָל. איהר װייסט דאָך: אין טורמע קאָן מען מעהר פון זיעבען סו אַ טאָג נישט פערדינען. — אָ, געװיס איז די רעגירונג דערין נישט שולדיג, — אָבער מעהר קאָן מען פאָרט נישט פערדינען. און איך בין שולדיג פאַר מיין מיידעלע העכער הונדערט פראַנק. אַז איך װעל נישט בעצאָהלען, װעט מען זי אָבשיקען צו מיר. װי קאָן איך מיין טעכטערל האַלטען ביי זיך, ביי מיין שענדליכער פרנסה?..

אָ, מיין קאָזעטע!.. יאָ, פערשטעהט איהר מיך: אַט דער טענאַרדיע, ביי װעמען מיין קינד געפינט זיך, איז אַ גראָבער מענש, אַ פּויער: ער װעט נישט װעלען װיסען פון קיין זאַך און װעט זי אַרויס־טרייבען פון הויז אין מיטען װינטער: געה, װאוהין די אויגען װעלען דיך טראָגען. עס איז דאָך אַ רחמנות אויף איהר, הערר זשאַװער, װאָס, ניין? אַזאַ ברעקעלע, אַזאַ פויגעלע, אַ?.. האָט רחמנות, הערר אינספּעקטאָר!..

זי האָט גערעדט, װי אין היץ, װי אין אַ פיבער, דער הוסט האָט אַלע מאָל איבערגעריסען איהרע רייד, זי האָט זיך געשטיקט און װידער גערעדט מיט אַ הייזעריגער שטים. גרויסע ליי־דען װאַרפען אַמאָל אַ שיין אויף אַ מענשליך פנים. אַזאַ שטראַהל האָט זיך איצט אַרויסגעשלאָגען פון איהרע אויגען און האָט בעשיינט איהר גע־זיכט. זי האָט געקושט די זוימען פונ'ם אינ־ספּעקטאָר'ס ראָק, און אַלץ געבעטען און געבע־טען. אַ שטיינערן האַרץ װאָלט זי זיכער גע־דיהרט; דאָס הילצערנע — איז געבליבען האַלץ.

— נו, גענוג, — האָט זשאַװער געזאָגט. — איך האָב דיך אויסגעהערט. האָסט אַלץ געזאָגט? איצט געה! די ביזט פערמשפּט צו זעקס חדשים אַרעסט. אפילו גאָט אַליין קאָן דעם פסק־דין נישט אָבשאַפען.

ביי די פייערליכע װערטער: „גאָט אַליין איז נישט אימשטאַנד דעם פסק־דין אָבצושאַפען", האָט דאָס מיידעל פערשטאַנען, אַז עס איז פערפאַלען. זי איז געפאַלען מיט'ן פנים צו דער ערד.

מיט אַ פּאָר מינוט פריהער איז אונבע־מערקט פון אַלעמען אַריינגעגאַנגען אין ביורא עפּיס אַ מענש. ער האָט אויסגעהערט דעם מיי־דעל'ס טענות. װען די פּאָליציאַנטען האָבען זי גענומען אונטער די הענד, איז ער צוגעגאַנגען נעהנטער און האָט געזאָגט:

— זענט אַזוי גוט, װאַרט אַ װיילע.

זשאַװער האָט אויפגעהויבען די אויגען: פאַר איהם איז געשטאַנען מאַדלען. דער אינ־ספּעקטאָר האָט זיך בערויגט מיט איינגעהאַל־טענעם פערדרוס און האָט געזאָגט:

— ענטשולדיגט, הערר מער...

דאָס מיידעל האָט זיך פּלוצים אויסגעריסען ביי די פּאָליציאַנטען פון די הענד און איז צוגעלאָ־פען צו מאַדלען'ען. זי האָט געװאָרפען אויף איהם אַ שאַרפען בליק און האָט אויסגעשריען:

— אַהאַ, ביזט דאָס דער מער!

זי האָט זיך הויך פונאַנדערגעלאַכט און האָט אָנגעשפּיגען מאַדלען'ען אין פנים.

הערר מאַדלען האָט זיך אָבגעװישט דאָס געזיכט און האָט געזאָגט:

— הערר אינספּעקטאָר, לאָזט דאָס דאָ־זיגע מיידעל פריי.

## 15. דער ערשטער נצחון.

זשאַװער האָט געפיהלט, אַז ער געהט אַראָב פון זינען.

נישט אַנדערש, אַז די װעלט קעהרט זיך איבער. אַ גאַסען־פרוי זאָל זיך ערלויבען אָנ־שפּייען דעם מער פון שטאָדט אין פנים! אמת, אויף אַ סעקונדע האָט ער זיך דערמאָהנט אָן זיין חשד, װער דער מער איז, און דאַן איז איהם די זאַך פאָרגעקומען נאַטירליך. אַז ער האָט אָבער דערהערט דעם מער'ס ענטפער אויפ'ן שפּיי, האָט זיך איהם פערדרעהט דער קאָפּ און עס האָט איהם אָבגענומען דאָס לשון.

אויך דאָס מיידעל האָבען דעם מער'ס װערטער געמאַכט אַ נישט װעניגער שטאַרקען איינ־דרוק. זי האָט זיך אַ טרייסעל געטהון און זיך

אָנגעכאַפּט פֿאַר אַ שטיקל, ווי זי וואָלט מורא האָבן, אַז זי וועט פֿאַלן.

— ווי? — האָט זי שטיל געזאָגט. — מען זאָל מיך פֿרײַ לאָזן?... ווער האָט עס געזאָגט? האָט מען עס ווירקליך געזאָגט? מיר האָט זיך מסתמא אויסגעדאַכט. קאָן עס זײַן, אַז דאָס האָט געזאָגט דער גולן דער מער? דאָס האָט אַוודאי, הערר זשאַווער, געהייסן מיך באַפֿרײַען? אָ, הערט מיך נאָר אויס: אָט דער גולן, דער אַלטער מער, איז שולדיק אין אַלעם. שטעלט זיך פֿאָר, — ער האָט מיך אַרויסגעטריבן פֿון זײַן פֿאַבריק! איך האָב געטאָן מײַן אַרבייט, ווי געהעריק איז, און דאָך האָט ער מיך אַרויסגעטריבן. וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַן קליינער קאָזעטען, אַ? אַזוי אַרום בין איך עס געקומען צו מײַן איצטיגער לאַגע: איך בין געוואָרן אַ געמיינע פֿרוי, און אַלץ איבער דעם דאָזיגען מער. געוויס בין איך שולדיק, וואָס איך האָב צעטראָטען דעם בורזשואַ'ס הוט, אָבער ער האָט מיר פֿריִער פֿערדאָרבען דאָס קלייד מיטן שניי. און אונזערע שוועסטער האָבען נישט מער ווי איין קלייד. איהר האָט דאָך געהייסן מיך באַפֿרײַען, הערר אינספּעקטאָר? איך בין אַן ערלעכע פֿרוי, פֿרעגט בײַ מײַן הויז־ווירטה: איך צאָהל רעגולער מײַן דירה־געלד.

מאַדלען האָט אויפֿמערקזאַם אויסגעהערט איהרע רייד. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען זײַן טײַסטער און געפֿרעגט:

— וויפֿיעל זענט איהר שולדיק?

דאָס מיידעל, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געקוקט בלויז אויף זשאַווער'ן, האָט זיך אויסגעקערט צום מער.

— איך רייד דען צו דיר?

דערנאָך האָט זי זיך געווענדט צו די פּאָליציאַנטען:

— איהר האָט געזעהן? און צו וואָס האָט איך איהם אָנגעשפּיגען! אַך, די אַלטער הונד, ביזט געקומען אַהער מיך אָנשרעקען, אָבער איך האָב פֿאַר דיר קיין מורא נישט! איך האָב מורא נור פֿאַר'ן הערר זשאַווער, פֿאַר'ן גוטען הערר זשאַווער!.. אָבער מעהר וועל איך שוין נישט שרײַען, אַז מ'וועט מיר אָנשטאָטען שניי אויפֿ'ן לײַב, דען טאָמער וועט מען מיך אַוועק אויף זעקס מאָנאַטען אין טורמע, וועט מײַן קאָזעטע שטאַרבען פֿון הונגער... אַלזאָ: איך געה... מ'האָט געהייסן מיך אָבלאָזען...

זי איז צוגעגאַנגען צו דער טהיר. ערשט איצט איז זשאַווער געקומען צו זיך:

— וואָס געהסטו איהר זי נישט! — האָט ער אויסגעשריען צו די פּאָליציאַנטען. — איהר זעהט דען נישט, אַז זי געהט אַוועק? ווער האָט אײַך ערלויבט זי אָבצולאָזען?

— איך, — האָט מאַדלען געזאָגט.

דאָס מיידעל איז געבליבען שטעהן אָהן אָטעם, קוקענדיג אַמאָל אויף זשאַווער'ן, אַמאָל אויפֿ'ן מער. דער קאָפּ האָט איהר געשווינדעלט. איצט האָט זי שוין להלוטין נישט פֿערשטאַנען, וואָס דאָ קומט פֿאָר.

נישט ווענינער צומישעלט איז זשאַווער געוועזן. בײַ איהם איז געוועזן אַ פֿערברעכען צו שטעלען זיך געגען אַ העכערן פֿון איהם, אָבער דאָ האָט מען, לויט זײַן מיינונג, באַלייריגט דאָס געזעץ, פֿערבוטערט, בלאָס און מיט פֿערבלייעטע ליפּען, האָט ער זיך געווענדט צום מער מיט אַנערקענטשלאָסענעם טאָן:

— הערר מער, באַפֿרײַען זי איז אוממעגליך.

— פֿאַרוואָס? — האָט מאַדלען געפֿרעגט.

— די דאָזיגע שלעפּערין האָט באַלייריגט אַ בורזשואַ.

— הערט נור, מײַן ליעבער הערר זשאַווער, — האָט מאַדלען פֿריינדליך און רוהיג געזאָגט, — איהר זענט אַן אָרענטליכער מאַן, וועט מיר נישט שווער זײַן מיט אײַך זיך צונויפֿצורעדען. די מעשה דערפֿון איז אַזוי: איך בין פֿאַרבײַגעגאַנגען אויף דער גאַס באַלד דערנאָך, ווי איהר האָט די אומגליקליכע אַרעסטירט, און האָב זיך דערפֿרעגט גענוי וועגען דעם, וואָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען. שולדיג איז גאָר דער בורזשואַ, און איהם האָט מען עס על פּי יושר באַדאַרפֿט אַרעסטירען.

— זי האָט אָבער באַליידיגט דעם הערן

מער אויך! — האט זשאַווער אויסגערופען.

— דאס איז שוין מײַן זאך, — האט מאד־לען געענטפערט, — דער בעליידיגטער בין איך — קאן איך אליין בעשליסען, ווי איך זאל דא האנדלען.

— איך בעט ענטשולדיגונג: די בעליידיגונג איז דא נישט אייער פּערזענליכע אנגעלעגענהייט, זי איז נוגע די גערעכטיגקייט אים אלגעמיין.

— הערה אינספּעקטאָר, — האט מאדלען אבגעענטפערט, — דאס געוויסען איז דאס העכ־סטע געריכט. איך האב געהערט, וואס די פרוי האט דא דערצעהלט. איך ווייס, וואס איך טוה.

— און איך, הערה מער, בעגרײַף נישט, וואס פאר מײַנע אויגען קומט דא פאר.

א ווײַלע האבען די צוויי מענשען אנגעקוקט איינער דעם צווייטען. די אנשטרענגונג איז געוואַ־קסען שאַרפער. צווישען די צוויי האט זיך אנגע־באַנגען א סאַרט היעל.

— אויב אזוי, — האט מאדלען געזאגט נאך א קורצע ווײַלע, — מאַכט וואס מ'הייסט אייך.

דאס איז געווען דער ערשטער קלאַפּ מיט'ן שווערד. זשאַווער האט אבגעשלאָגען צוריק:

— איך מאַך נור מײַן פּפליכט. מײַן פּפליכט איז אײַנצוזעצען די דאזיגע פרוי אויף זעקס מאָ־נאַטען אין געפענגניש.

מאדלען האט געלאַסען געזאגט:

— הערט בעסער, וואס איך זאג אייך: זי וועט דאָרטען קיין איינציגען טאג אויך נישט פערברענגען.

ביי די דאזיגע קלאָרע ווערטער האט זשאַ־ווער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט א קוק געטהון דעם מער גלײַך אין די אויגען. דערנאך האט ער געזאגט מיט א רעספּעקטפוללען טאָן, אָבער דײַטליך און פעסט:

— איך בין אויסער זיך, וואס איך בין געצוואונגען נישט צו פאָלגען דעם הערן מער. דאס איז דאס ערשטע מאל אין מײַן לעבען, אָבער איך געה דא נישט ארויס פון די גרעניצען פון מײַן מאכט. לויט דעם וואונש פון הערן מער,

ווען איך דא אנגעהויבן בלויז דעם מאל מיט'ן בורושא. איך בין אליין געווען דערביי. דאס דאזיגע מיידעל האט זיך די ערשטע ארויפגע־וואַרפען אויף יענעם הערר, וואס איז אזא בכבודי־גער וועהלער און דער איינגענטימער פון א שענעם הויז מיט א באַלקאָן, א דריי־שטאָקיג שטיינערן הויז, און שטעהן שטעהט עס אין מיטען שטאָדט, אויפ'ן שענסטען פּלאַץ. פאַראַן מעשים, וועלכע מ'קאן נישט מוחל זײַן! אזא רעדען שאַרפער. צווישען די צוויי האט זיך אנגע־באַנגען א סאַרט היעל.

— אויב אזוי, — האט מאדלען געזאגט נאך א קורצע ווײַלע, — מאַכט וואס מ'הייסט אייך.

דאס איז געווען דער ערשטער קלאַפּ מיט'ן שווערד. זשאַווער האט אבגעשלאָגען צוריק:

— איך מאַך נור מײַן פּפליכט. מײַן פּפליכט איז אײַנצוזעצען די דאזיגע פרוי אויף זעקס מאָ־נאַטען אין געפענגניש.

מאדלען האט געלאַסען געזאגט:

— הערט בעסער, וואס איך זאג אייך: זי וועט דאָרטען קיין איינציגען טאג אויך נישט פערברענגען.

ביי די דאזיגע קלאָרע ווערטער האט זשאַ־ווער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט א קוק געטהון דעם מער גלײַך אין די אויגען. דערנאך האט ער געזאגט מיט א רעספּעקטפוללען טאָן, אָבער דײַטליך און פעסט:

— איך בין אויסער זיך, וואס איך בין געצוואונגען נישט צו פאָלגען דעם הערן מער. דאס איז דאס ערשטע מאל אין מײַן לעבען, אָבער איך געה דא נישט ארויס פון די גרעניצען פון מײַן מאכט. לויט דעם וואונש פון הערן מער, ווען איך דא אנגעהויבן בלויז דעם מאל מיט'ן בורושא. איך בין אליין געווען דערביי. דאס דאזיגע מיידעל האט זיך די ערשטע ארויפגע־וואַרפען אויף יענעם הערר, וואס איז אזא בכבודי־גער וועהלער און דער איינגענטימער פון א שענעם הויז מיט א באַלקאָן, א דריי־שטאָקיג שטיינערן הויז, און שטעהן שטעהט עס אין מיטען

שטאָדט, אויפ'ן שענסטען פּלאַץ. פּאַרהאַן מעשים, וועלכע מ'קאָן נישט מוחל זיין! אַזאַ מאָל איז די זאַך פון דער פּאָליציי, דאָס איז אַן אומאָרדנונג אויף דער גאַס, און פאַר אַזעלכע זאַכען בין איך פעראַנטוואָרטליך. די דאָזיגע פרוי, מיט'ן נאָמען פאַנטינע, בלייבט אונטער אַרעסט.

דאָ האָט מאַדלען צונויפגעלעגט די הענד און האָט געזאָגט אַזוי שטרענג, ווי קיינער אין שטאָדט האָט איהם נאָך נישט געהערט רעדען:

— דער סקאַנדאַל, וועגען וועלכען איהר רעדט דאָ, האָט אַ שייכות צו דער טהעטיגקייט פון דער מוניציפּאַל-פּאָליציי און איז דעריבער אונטערוואָרפען דעם מער פון דער שטאָדט. איך בעפעהל אייך צו לאָזען זי פריי!

זשאַווער האָט זיך נאָך געראַנגעלט:

— אָבער, העהר מער...

— איך קאָן אייך נאָך דערמאָהנען, — האָט מאַדלען איהם איבערגעריסען, — דאָס געזעץ פון 1799 וועגען אייגענוויליכע אַרעסטען.

— ערלויבט, העהר מער...

— קיין וואָרט נישט מעהר!

— דאָך...

— אַרויס פון דאַנען!...

דאָס איז געווען דער לעצטער קלאַפּ. זשאַווער איז געווען געשלאָגען, אָבער ער האָט עס אויסגעהאַלטען רוהיג. ער האָט זיך טיעף פערנייגט פאַר'ן מער און איז אַרויס פון צימער.

ביים ערשטען צוזאַמענשטויס אַלזאָ האָט מנצח געווען מאַדלען.

## 16. פאַנטינא.

פאַנטינע איז געשטאַנען אַ צוטומעלטע, נישט וויסענדיג, אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי געפינט זיך. צוויי מענשען האָבען זיך געקריגט איבער איהר. איהר פרייהייט, איהר לעבען, דאָס לעבען פון איהר קינד, — דאָס אַלץ איז געלעגען אין די הענד ביי די דאָזיגע צוויי מענשען, וואָס איינער פון זיי האָט איהר אויסגעוויזען ווי דער שטן, דער צווייטער — ווי אַ מלאך הגואל, איהר בעשיצער און בעשירמער. דער מלאך האָט דעם שטן גובר געווען, און ביים געדאַנק, אַז דער מלאך איז גראָד דער פון די ביידע, וועמען זי האָט אַזוי שרעקליך, אַזוי גראָב בעליידיגט, האָט זי געציטערט פון קאָפּ ביז די פיס.

ווען זשאַווער איז אַרויס פון בוירא, האָט מאַדלען זיך געווענדט צו פאַנטינ'ען:

— איך האָב געהערט, וואָס איהר האָט דאָ דערצעהלט. איך האָב פון דעם אַלעם נישט געוואוסט. איך גלויב, איך פיהל דאָס, אַז אַלץ, וואָס איהר האָט דערצעהלט, איז אמת. פאַר וואָס זשע האָט איהר זיך נישט געווענדט צו מיר פריהער? נאָר — וואָס געווען איז געווען. איצט איז אַזוי: איך וועל בעצאָהלען אייערע חובות און וועל הייסען ברענגען אַהער אייער קינד. איהר וועט וואוינען דאָ אָדער אין פּאַריז, — ווי אייך געפעלט. אויב איהר ווילט, האָט איהר גאָר אַפילו נישט צו אַרבייטען: איך וועל שוין זאָרגען פאַר אייך און פאַר אייער קינד. אַז איהר וועט זיין גליקליך, וועט איהר ווידער ווערען ערהרליך, — ניין, נאָך בעסער: איהר זענט גאָר קיינמאָל אומערהרליך נישט געוועזען; פאַר גאָט זענט איהר געבליבען ריין.

דאָס איז שוין געווען איבער פאַנטינ'עס כחות: זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזען פאַר מאַדלענ'ען אויף די קניה, און איידער ער האָט צייט געהאַט איהר צו שטערען, האָט זי אָנגעכאַפּט זיין האַנד און זי אַ קוש געטהון.

און איז געפאַלען אין אָהנמאַכט.

מאַדלען האָט געהייסען איבערטראָגען פאַנטינ'ען אין שפּיטאָל, וואָס איז געווען אין זיין אייגענעם הויז, און האָט געהייסען די „בּאַרמהערציגע שוועסטער", זיי זאָלען אויף איהר אַכטונג געבען. דערנאָך האָט ער זיך גענומען אויסצופאָרשען פאַנטינ'ס געשיכטע; דאָס, וואָס ער האָט אויסגעפונען, איז געווען שוידערהאַפט.

ווער זענען געווען פאַנטינ'ס עלטערן, — דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט, אַפילו נישט זי אַליין. אין דעם גרויסען פּאַריז איז אַזאַ זאַך נישט קיין זעלטענהייט: אַ טראָפּען פון ים האָט

נישט קיין אַנדער פּאָטער, אויסער דעם ים אַליין; און עס איז אויך קיין אונטערשיעד נישט. דער פאַקט איז, אַז צו 16—17 יאָהר איז פאַנטינע געווען אַ נייהטאָרין, אַ פּאַריזער נייהטאָרין, מיט גאָלדענע לאָקען, מיט בלויע אויגען, מיט אַ זילבערנעם געלעכטער. און פערגלייך מיט אַנדערע קינדער פון פּאַריזער גאַסען איז זי געווען אונשולדיג: זי האָט געהאַט בלויז איין געליעבטען, דעם ערשטען. זי האָט געאַרבייט, כדי צו לעבען און ליעב געקראָגען האָט זי אויך כדי צו לעבען, דען דאָס האַרץ האָט זיך זיין הונגער.

איהר געליעבטער איז געווען אַ סטודענט פון דער פּראָווינץ, אַ געוויסער טאָלאָמיעס. דאָס איז געווען אַ פרעהליכער יונג, וואָס מ׳רופט „אַ גוטער ברודער", דאָס הייסט, אַ געוועהנליכער בחור, וואָס צו 30 יאָהר האָט ער שוין כמעט אַלץ איבערגעלעבט. מענשען האָט ער נישט פיינד און זיך האָט ער ליעב, קאָן טהון אַ חבר אַ טובה, אויב עס וועט ניט צו־טייער קאָסטען. און קוקט אויף דאָס לעבען לייכט. ביי איהם איז פאַנטינע געווען אַ שפּיעלכעל, פאַר איהר איז דייער ליעבע געווען — דאָס לעבען גאַליין. און אַ שענעם פריה־מאָרגען האָט ער געקראָגען אַ בריעף פון זיינע עלטערן, ער זאָל קומען אַהיים: צייט צו קלערען וועגען עפּיס אַ תכלית. טאָלאָמיעס האָט זיך פרעהליך געזעגענט מיט זיינע חברים, די סטודענטען, און מיט פאַנטינע׳ן און איז אַוועקגעפאָהרען — אויף אייביג. פאַנטינע האָט הויך געלאַכט ביי דער צושיידונג, דערנאָך, קומענדיג אַהיים, האָט זי געוויינט אין קישען אַ גאַנצע נאַכט. זי האָט איהם טאַקע אמת ליעב געהאַט, דערצו האָט זי שוין געהאַט פון איהם אַ קינד.

זי האָט בעשלאָסען אַוועקצופאָהרען פון פּאַריז, וואו אַלץ האָט איהר דערמאָהנט אָן איהר פריה־צייטיגע געשטאָרבענער ליעבע, און זיך בעזעצען ערגיץ אויף דער פּראָווינץ. קיין געלד אויף אַרומצופאָהרען האָט זי, פערשטעהט זיך, ניט געהאַט, האָט זי גענומען איהר קאָזעטע׳ן אויף די הענד, אַ פּעקעל מיט די נויטווענדיגסטע זאַכען אויף די פּלייצעס און האָט זיך געלאָזען צו־פוס אין וועג אַריין.

זי איז געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט, אָבער זי האָט אין ערגיץ קיין אַרבייט נישט געקאָנט געפינען, און בעזונדערס האָט איהר געשטערט דערין איהר קינד: מ׳האָט זי אין ערגיץ ניט געוואָלט צונעהמען מיט אַ קינד אויף די הענד, וואָס זי האָט נאָך דערצו ניט געקאָנט בעווייזען, צי עס איז כשר. מיט וועהטאָג אין האַרצען האָט זי זיך בעשלאָסען אַוועקצוגעבען דאָס קינד אויף אַ צייט צו פרעמדע מענשען, ביז זי וועט זיך ערגיץ איינאָרדנען און וועט אימשטאַנד זיין צו נעהמען עס צו זיך.

אין דעם שטעדטיל מאָנפערמעיל, ניט ווייט פון פּאַריז, האָט זי געפינען אַ פאַמיליע, וואָס האָט איינגעשטימט צו נעהמען קאָזעטע׳ן צו זיך פאַר 7 פראַנק אַ מאָנאַט. די פאַמיליע איז בעשטאַנען פון אַ מאַן מיט׳ן נאָמען טענאַרדיע, אַ פרוי און דריי קליינע מיידעלעך. וואָס פאַר אַ מענשען דאָס זענען געווען, וועלען מיר זיך דערוויסען שפּעטער. דערווייל איז גענוג צו זאָגען, אַז זיי האָבען פאַנטינע׳ן מיט איהר קינד געמאַכט אַ פריינדליכע מינע, און די יונגע מוטער איז געווען גליקליך, וואָס זי האָט געפינען מענשען, וועמען זי מעג פערטרויען איהר קינד. זי האָט בעצאָהלט פאַר עטליכע מאָנאַטען פאָראויס — כמעט איהר גאַנץ קאַפּיטאַל — און איז אַוועק זוכען אַרבייט. אין מאָנטרעיל האָט זיך איהר איינגעגעבען ענדליך צו געפינען אַ בעשעפטיגונג: זי האָט זיך געשטעלט אַרבייטען ביי קרעלען אין איינער פון מאַדלענ׳ס פאַבריקען.

פאַנטינע איז געווען גליקליך: זי האָט געהאַט מיט וואָס צו צאָהלען פאַר איהר טעכטערל. אמת, אַזוי ווי זי האָט די אַרבייט ניט געקאָנט, האָט זי אין אָנפאַנג פערדיענט וועניג, אָבער די האָט געהאַט גוטע האָפנונגען צו פערדיענען מיט דער צייט מעהר. דערווייל האָט זי זיך געדונגען אַ צימערל, האָט גענומען מעבעל אויף אויסצוצאָהלען, בלויז דאָס סאַמע נויטיגסטע, און פון „לוקסוס" — בלויז איין זאַך: אַ שפּיגעל. צו יענער צייט זענען נאָך געבליבען סמנים פון איהר אַמאָליגער שענקייט, האָט זי זיך פערגינט דאָס

אונשולדיגע פערגעניגען צו האָפען אַמאָל אַ קוק אין שפּיגעל.

---

## 17. די גאָלדענע לאָקען.

אין אַ שענעם פריה-מאָרגען האָט די אויפזעהערין פון דער פאַבריק געגעבען פאַנטינע'ן 50 פראַנק און האָט איהר געזאָגט, אַז קיין אַרבייט פאַר איהר איז מעהר נישטאָ.

אונטער פאַנטינע'ן האָבען זיך די פיס אונטערגעהאַקט, און זי איז שיער ניט געפאַלען. אויף איהר פראַגע, פאַרוואָס זי בלייבט אָהן ברויט, האָט די אויפזעהערין געענטפערט, אַז מ'ווייסט שוין, ווער זי איז, אַז דער הערר מער וויל ניט האָבען אין זיין פאַבריק קיין אויסגעלאַסענע פרויען, ער גיט איהר די 50 פראַנק, זי זאָל האָבען אויף די ערשטע צייט, ביז זי וועט זיך געפינען אַ בעשעפטיגונג ערגיץ אַנדערש-וואו. פאַנטינע האָט זיך געפּרובט עפּיס זאָגען, נאָר די אויפזעהערין האָט זי נישט געלאָזען רייִדען און האָט איהר אָנגעוויזען אויף די טהיר. פאַנטינע איז אַרויס מיט אַנ'אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ.

אין דער אמת'ן האָט מאַדלען פון דער גאַנצער געשיכטע נישט געוואוסט. עס האָבען זיך געפונען גוטע שכנות, וואָס האָבען געוואָלט וויסען, וואָס פאַר אַ מיידעל איז די דאָזיגע פאַנטינע, פון וואַנען האָט זי זיך גענומען און צי האָט זי ניט אויף איהר געוויסען עפּיס אַזוינס, וואָס עס לוינט זיך אויסצוגעפינען. פאַנטינע האָט רעגולער געשריבען בריעף צו טענאַרדיע און געשיקט געלד פאַר איהר קאָזעטע'ן, אָבער אַזוי ווי שרייבען האָט זי נישט געקאָנט, האָט זי געמוזט אָנקומען צו אַיינעם אַ שכנ'ה, וועלכער פלעגט איהר פאַר עטליכע סו שרייבען די בריעף. ביי דעם האָזיגען שכנ'ה האָט מען זיך דערוואוסט, אַז פאַנטינע האָט אַ קינד. אַ שענע געשיכטע — אַ מיידעל מיט אַ קינד! די געשיכטע האָט מען באַלד איבערגעגעבען צו דער אויפזעהערין פון דער פאַבריק, — צו מאַדלען'ען אַליין האָט מען זיך ניט דערוועגט צו געהן, ווייל אַלעמען איז געווען בעקאַנט, אַז דער מער האָט זעהר נישט ליעב, אַז מ'קומט צו איהם מיט אַ מסירה אויף עמיצען. די אויפזעהערין איז געווען אַ גוט-הערציגע פרוי, ליידער אָבער האָט זי נישט פערשטאַנען מוחל צו זיין די שוואַכהייטען פון אַנדערע מענשען. נישט זאָגענדיג מאַדלען'ען קיין וואָרט פון דער גאַנצער געשיכטע, האָט זי פאַנטינע'ן ענטזאָגט אויף איהרע אייגענע אחריות. די 50 פראַנק האָט זי אַראָבגענומען פון דער סומע, וואָס מאַדלען האָט אַסיגנירט אויף מתנות אונטער אַ יום-טוב פאַר די אַרבייטאָרינס און פון וועלכער ער האָט קיינמאָל ביי איהר קיין רעכנונג נישט געפרעגט.

פאַנטינע האָט זיך מיט אַמאָל איינגעפונען אין אַ שלעכטער לאַגע. זי האָט זיך זעהר פערשולדיגט פאַר דאָס מעבעל און פאַר לעבענס-מיטעל, ווייל איהר פערדיענסט האָט נאָך דערווייל נישט געקלעקט אויף איהר און איהר טאָכטער. זי איז אָבער ביי זיך ניט פאַראַבגעפאַלען: זי האָט בעשלאָסען צו לעבען נאָך אַרימער, אַבי צו בעצאָהלען איהרע חובות און קאָזעטע'ן זאָל גאָרנישט פעהלען. זי האָט אָנגעהויבען נייהען העמדער פאַר סאָלדאַטען, און אַזוי ווי די דאָזיגע אַרבייט בעצאָהלט זיך זעהר שלעכט, האָט זי געאַרבייט ביי-טאָג און ביי-נאַכט, כמעט 24 שעה אין מעת-לעת, און דאָך זענען איהרע חובות אַלץ געוואַקסען און געוואַקסען. אויסערדעם, האָט זי ביסלעכווייז אָנגעהויבען אויסצורעכטען, איהרע העמד זענען שטענדיג געווען הייס, און אויף איהרע באַקען האָט זיך בעוויזען אַ רויטקייט, אָבער נישט יענע רויטקייט, וואָס קומט פון בליהענדען געזונד...

פונקט צו יענער צייט האָט זי בעקראָגען אַ בריעף פון טענאַרדיע. ביים ערשטען קוק אויפ'ן בריעף איז פאַנטינע'ס געזיכט ליכטיג געוואָרען: געוויס ברענגט ער איהר גוטע נאַכריכטען פון איהר קאָזעטע'ן. אָנגעפאַנגען האָט זיך דער בריעף טאַקע זעהר גוט: קאָזעטע איז געזונד און שען, זי וואַקסט, אָהן אַנ'עין-הרע, ווי אויף הייוועז, און אַזוי ווייטער. נאָר צום סוף האָט טענאַרדיע געשריבען, אַז פאַנטינע איז איהם שוין

שולדיג פאר עטליכע וואכען און דערצו איז איהם אונמעגליך צו האלטען דאס קינד פאר 7 פראנק א וואך: אונטער 12 וועט עס ניט געהן. אויב פאנטינע איז נישט מרוצה, זאל זי אבשיקען וואס פון איהר קומט און זיך צונעהמען דאס קינד.

געוויס וואלט זיך פאנטינע געשעצט גליקליך, ווען זי וואלט אימשטאנד זיין צו נעהמען דאס קינד צו זיך, אבער ווי אזוי? ניט זי קאן בעצאהלען טענארדיע די גאנצע סומע, וואס זי איז איהם שולדיג, ניט זי האט אויף הוצאות צו פאהרען קיין מאנפערמעיל נאך איהר קינד. זי האט זיך נאך שטארקער גענומען צו דער ארבייט, האט ניט געשלאפען גאנצע נעכט, ארבייטענדיג ביי א קליינעם חלב-ליכטעל, נישט קוקענדיג דערויף, וואס אין דער ברוסט האט אזוי געשטאכען און פאר די אויגען האבען ארומגעטאנצט עפיס אזעלכע פינטעלעך פון אלערליי קאלירען. דערצו האט זי אויסגערויפט פון הויז אלץ, פארוואס מ'האט נור געקאנט קריגען עטליכע סו און אהן וואס עס איז געוועזען האטש א וועלכע-עס-איז מעגליכקייט זיך צו בעגעהן. דאס געלד האט זי אוועקגעשיקט טענארדיע'ן און געבעטען אבווארטען א ביסעל, ביז זי וועט פערדינען עטוואס מעהר, וועט זי איהם אבשיקען דאס איבעריגע.

עס איז איבעריג צו דערצעהלען, וואס פאר א לעבען זי האט געפיהרט. דאס איינציגע פערגעניגען, וואס זי האט געהאט, איז געווען, צו ווארפען פון צייט צו צייט א בליק אין שפיגעל: פון איהר אמאליגער שענקייט זענען איהר נאך פערבליבען די גאלדענע האהר, און בעת זי איז געשטאנען פאר'ן שפיגעל און האט זיי געקעמט, האט זי, אליין נישט בעמערקענדיג, געשמייכעלט, און ביי איהר אין קאפ האבען ארומגעבלאנדזעט זכרונות פון יענער צייט, ווען טאלאמיעס האט נאך פון קיין „תכלית" נישט געקלערט...

אבער אין א קורצער צייט ארום האט זי געקראגען א בריעף פון טענארדיע, אז קאזעטע מוז האבען א ווארים העמדעלע: דאס וועטער איז פייכט און קאלט, דאס קינד קאן נאך קראנק ווערען. די מוטער האט זיך דערשראקען: וואו נעהמט מען געלד אויף א העמדעלע?... זי האט ארומגעקוקט דאס צימער, — נישטא מעהר וואס צו פערקויפען. איהר בליק איז געפאלען אויף דאס שפיגעלע. זי האט עס גענומען אין האנד ארויין, — ניין, דערפאר וועט קיינער גאר נישט געבען. פלוצים האט זי א ציטער געטהון: אין שפיגעל האט זי דערזעהן איהרע האהר. זי האט א ווילע געטראכט, הערנאך איז זי ארויס פון הויז און איז אוועק צו א פאריקמאכער.

צוריק איז זי געקומען אהן האהר. זי האט א קוק געטהון אין שפיגעלע און א שאקעל געטהון מיט'ן קאפ. דעמזעלבען טאג האט זי געקויפט א ווארים העמדעל און דאס אופגעלעגט אויף פאסט.

— מיין טעכטער'ל וועט זיין ווארים, — האט זי געזאגט, — זי וועט זיך וויקלען אין רעה מאמעס האהר.

וואס די אונגליקליכע האט ניט געוואוסט, ווייסען מיר יא: טענארדיע איז געוועזען בייז, ווי א טייוועל: ער האט געמיינט געלד, נישט קיין העמדעלע. נאר מילא, אז עס איז שוין דא, האט ער עס אוועקגעגעבען — זיין אייגענע טאכטער...

## 1[illegible] צ[illegible] אויף א רפואה

ביי פאנטינע'ן אין דער נשמה איז געווארען אלץ פינסטערער און פינסטערער. אז זי האט אנגעוואוירען איהר לעצט פערגעניגען — צו קעמען איהרע גאלדענע האהר פאר'ן שפיגעל, איז איהר מאיס געווארען דאס לעבען. מאדלעניען האט זי א לאנגע צייט שטארק רעספעקטירט, ווי אליע ארום איהר; אהיםטראגענדיג זיך אבער מיט'ן געדאנק, אז ער האט זי ארויסגעטריבען פון דער פאבריק, און אז איהם האט זי צו פערדאנקען איהר איצטיגע לאגע, האט זי איהם ביסלעכווייז אנגעהויבען צו האסען, און סוף כל סוף האט איהר שנאה צו איהם דערגרייכט די העכסטע שטופע, האטש זי האט איהם קיינמאל אין די אויגען ניט געזעהן.

צו יענער צייט האט זי געקראגען א געליעבטען. צוזאמענגעקומען איז זי זיך מיט איהם גישט אוים ליעבע, נאר פון פערדרוס און פערצווייפלונג. ער איז געווען א וואנדערנדער מוזיקאנט, עפיס א שלעפער, א פוילענצער און א גארנישט. ער פלעגט זי שלאגען. דערנאך האט ער זי אפגעווארפען פונקט מיט אזא עקעל, ווי זי האט איהם גענומען.

אין דערוועלבער צייט האט זי איהר קינד פערגעטערט.

וואס נידריגער זי איז געפאלען, וואס געדיכטער דער חושך ארום איהר איז געוואקסען, אלץ העלער און ליכטיגער האט זיך צובּרענט אין איהר הארצען די ליעבשאפט צום קליינעם מלאכ'ל, וואס זי האט געהייסען קאזעטע.

„אז איך וועל רייך ווערען, — האט זי געזאגט, — וועט קאזעטע וואוינען מיט מיר צוזאמען". דערביי האט זי געוויינט און געלאכט צוזאמען, און דער הוסט האט זי געשטיקט, און איהר רוקען האט זיך גענעצט מיט א קאלטען שווייס.

איינמאל האט זי ערהאלטען פון טענארדיע'ן אזא מין בריעף:

„קאזעטע איז קראנק, די קראנקהייט הייסט מען אויסשלאג-פיעבער. מ'מוז האבען רפואות, וואס קאסטען זעהר טייער. מיר ווערען בדלות. אויב איהר וועט אין א וואך צייט נישט צושיקען קיין פערציג פראנק, וועט אייער מיידעלע שטארבען". קאזעטע וועט שטארבען...

זי איז ארויס אויף די גאס און דערביי האט זי ניט אויפגעהערט צו לאכען און אונטערצושפרינגען. עפיס א פארבייגעהער האט זי געפרעגט:

— וואס איז אייך היינט געשעהן? האס זענט איהר אזוי פרעהליך?

— א, איך האב ערהאלטען זעהר א נארישען בריעף פון דארף, — האט זי געענטפערט, — מ'בעט מיך, כ'זאל צושיקען פערציג פראנק. ס'איז א פערד דאס זענען!

אויפ'ן שטאדט-פלאץ האט זי דערזעהן עפיס א מאדנעם וואגען, ארום וועלכען עס איז געשטאנען א גאנץ עולם מענשען. אויפ'ן וואגען, אין דער הויך, איז געשטאנען א מענש אין רויטע קליידער.

דאס איז געווען א וואנדערנדער דאנטיסט, א שווינדלער; ער האט פערהאנדעלט דעם עולם פאלשע צייהן, פראשקעלעך, שמירעכצען און „טראפענס".

פאנטינע איז געשטאנען צווישען די איבעריגע און האט געלאכט. דער דאנטיסט האט געווארפען אויף איהר א בליק און האט אויסגעשריען:

— אהא! אט יענע שטיפערין האט דאך עפיס וואונדערבארע צייהן!... הערט נור: גיט מיר אוועק אייערע צוויי אויבערשטע פאדערשטע צייהן, קריגט איהר פאר זיי צוויי נאפאלעאנדארען.

פאנטינע איז אבגעשפרונגען אהינטער פון שרעק.

— צוויי נאפאלעאנדארען! — האט אנאלטע פרוי אהן צייהן ארויסגעמורמעלט. — לייט האבען עס מזל!

פאנטינע איז אנטלאפען. דער דאנטיסט האט איהר נאכגעשריען:

— דאס איז אין זינען, קליינע! צוויי נאפאלעאנדארען וואלגערן זיך ניט אין די גאסען. אויב איהר וועט איינשטימען, געפינט איהר מיך אין אווענד אין טראקטיר.

פאנטינע האט זיך פונאנדערגעלאכט און האט געזאגט צו איהר אלטער שכנה, מיט וועלכער זי האט געוואוינט צוזאמען:

— ווי געפעלט עס אייך? פערציג פראנק! גאר א קלייניגקייט! סך הכל צוויי נאפאלעאנדארען *). ווי וועל איך זיי נעהמען? וואס א פייער קאן!... פונדעסטוועגען איז זי ארויס אויף די טרעפ און האט נאכאמאל דורכגעלעזען דעם בריעף. דאס איז קלארע ווערטער: „אויב איהר וועט ניט צושיקען קיין פערציג פראנק, וועט

---

*) גאלדשטיקער צו 20 פראנק, מיט'ן בילד פון נאפאלעאן.

פּאַנטינע איז געקומען אַהיים ווילד פון כעס און האָט דערצעהלט דער שכנה, וואָס מיט איהר האָט פּאַסירט.

— האָט איהר געהערט אַזאַ חוצפּה? ווי ערלויבט מען עס גאָר אַזעלכע מענשען אַרומצופאָהרען איבער די שטעדט! צוויי ציינער זאָל איך איהם אַוועקגעבען! עס ווערט דאָך זיין אַ שרעק אויף מיר אַ קוק צו טהון! מילא, די האָהר וועלען נאָך צוריק אָנוואַקסען, אָבער די ציינער, — ניין, גיכער וועל איך זיך אַראָבוואַרפען פון פינפטען שטאָק אויפ'ן בחוק... אין טראַקטיר, האָט ער געזאָגט, קאָן מען איהם טרעפען...

— וויפיעל גיט ער פאַר די? — האָט די שכנה געפרעגט.

— צוויי נאַפּאָלעאָנדאָרען.

— הייסט עס, פערציג פראַנק.

— יאָ, — האָט פאַנטינע געזאָגט, — דאָס איז פונקט פערציג פראַנק.

זי האָט זיך פערטראַכט און האָט זיך גענומען נייהען. אין אַ פערטיל שטונדע אַרום האָט זי אַוועקגעוואָרפען די אַרבייט, איז אַרויס אויף די טרעפּ און האָט ווידער גענומען לעזען טענאַרדיע'ס בריעף. אַריינקומענדיג צוריק, האָט זי געפרעגט ביי דער שכנה:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קראַנקהייט — „אויסשלאָגס-פיעבער"?

— אַ שווערע קראַנקהייט.

— אַ סך רפואות דאַרף מען צו איהר?

— אָ, זעהר פיעל.

— קינדער האָבען עס אויך?

— געוויס, מייסטענס ליידען טאַקע דערפון קינדער.

— און מ'שטאַרבט דערפון?

— זעהר אָפט.

פאַנטינע האָט ווידער איבערגעלעזען דעם בריעף. אין אָוונד איז זי ערגיץ אַוועקגעגאַנגען. אַז די שכנה איז אויף מאָרגען אין דער-פריה אַריינגעגאַנגען צו איהר אין צימער, האָט זי געטראָפען פאַנטינע'ן זיצען אויפ'ן בעט בלאַס און פערגליווערט. זי האָט אויסגעזעהן מיט צעהן יאָהר עלטער ווי נעכטען.

— וואָס איז געשעהן? — האָט די שכנה דערשראָקען געפרעגט. זי האָט דערקענט אָן פאַנטינע'ן, אַז יענע האָט זיך ניט געלעגט שלאָפען די נאַכט.

פאַנטינע האָט לאַנגזאַם אומגעקעהרט צו איהר דעם אָבגעשוירענעם קאָפּ.

— גאָרנישט. פערקעהרט, איך בין זעהר צופריעדען: מיין קינד וועט שוין נישט שטאַרבען פון יענער שרעקליכער קראַנקהייט, איך האָב שוין געלד אויף רפואות.

זי האָט אָנגעוויזען אויף צוויי גאָלדשטיקער, וואָס האָבען געגלאַנצט אויפ'ן טיש.

— אַך, נאָטעניו, ס'איז דאָך עפּיס אַ גאַנץ פערמעגען! וואו האָט איהר עס גענומען?

— איך האָב שוין געקראָגען, — האָט פאַנטינע געזאָגט און האָט אַ שמייכעל געטהון.

דער שמייכעל איז געווען אַ בלוטיגער. אַ רויטער שוים האָט זיך באַוויזען אויף איהרע ליפען, און דאָס מויל האָט געטונקעלט ווי אַ שוואַרצער תהום. די איבערשטע פאָדערשטע צוויי ציינער זענען געווען אַרויסגעריסען.

דעמזעלבען טאָג האָט זי אַוועקגעשיקט דאָס געלד און האָט אַרויסגעוואָרפען דאָס שפּיגעלע דורך דאָס פענסטער.

## 19. אין אָבגרונד.

איצט האָט זיך שוין פאַנטינע'ס לעבען געקייקעלט באַרג אַראָב מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז יעדער האָט געקאָנט פאָראויסזעהן, דאָס דער אָבגרונד איז נאָהענט.

דאָס שענע איז אינגאַנצען פערשוואונדען פון איהר לעבען, — דאָס שענע, וועגען וועלכען דער פערשטאָרבענער בישאָף פון דין האָט מיט רעכט געזאָגט, אַז עס איז נאָך אפשר נויטיגער, ווי דאָס נוצליכע. זי האָט אויפגעהערט צו קוקען אויף זיך, האָט אָנגעוואָרען די לוסט צו קאָקעטירען, און דאָס איז אַ שלעכטער סימן פאַר אַ פרוי. זי האָט זיך שוין לאַנג אַריבערגעצויגען אין אַ דאַך-שטיבעל, וואו דער באַלקען האָט זיך אין איין זייט אַראָבגעלאָזען ביז צו דער פאָדלאָגע. ניטאָ קיין בעט, נישט קיין בעטגעוואַנד

האָט זי שוין נישט געהאַט: בלויז אַן אַלטען מאַטראַץ אויף דער פּאָדלאָגע, אַ צוריסענע קאָלדרע און אַ בינקעל מיט אַ דורכגעריסענעם שטרויענעם זיק.

די קרעדיטאָרען האָבען זי פונדעסטוועגען נישט געלאָזען צו-רוה: דער מעבעל-הענדלער, וועלכער האָט שוין לאַנג ביי איהר צוגענומען צוריק אַלץ, וואָס ער האָט איהר אויסגעבאָרגט, האָט ביי איהר נאָך אַלץ געמאָהנט געלד; אַנדערע בעלי-חובות האָבען איהר געמאַכט סקאַנדאַלען און ניט געלאָזען דורכגעהן די גאַס.

פונדעסטוועגען האָט זי נאָך אַלץ געאַרבייט. ביי-נאַכט האָט זי געוויינט און ביי-טאָג — גענייהט העמדער פאַר סאָלדאַטען. איהר גאַנצען פערדינסט האָט זי אַוועקגעשיקט טענאַרדיע'ן, און דאָך איז זי מיט יעדער וואָך געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר ביי איהם פערשולדיגט. מיט וואָס זי האָט דעמאָלט געלעבט, איז אונז לחלוטין אוממעגליך צו זאָגען; דערפאַר אָבער, ווי אַזוי זי האָט געלעבט — דאָס קאָן יעדערער זיך פאָרשטעלען זעהר לייכט.

צו יענער צייט האָט זיך איהר שנאה צו מאַדלענ'ען צוברענט ווי אַ העלישע פייער, אָבער זי האָט זיך פאַר קיינעם נישט בעקלאָגט און האָט אַלץ געאַרבייט. אין דער ברוסט האָט געשטאָכען שאַרפער און שאַרפער, דער הוסט האָט איהר געריסען די לונגען שטיקערווייז, — און זי האָט נאָך אַלץ געאַרבייט.

איין ליכטיג שטערנדיל האָט נאָך געברענט אויף איהר שוואַרצען הימעל: קאָזעטע. אמת, זי האָט פאָרלויפיג אַבסאָלוט קיין מעגליכקייט נישט געהאַט צו נעהמען איהר קינד צו זיך, אָבער זי האָט געקאָנט האָפען, אַז עס וועט דאָך אַמאָל געשעהן. און דאַן איז געקומען דער לעצטער קלאַפּ.

די פרויען, וואָס זענען געזעסען אין געפענגעניש, האָבען זיך אָנגענומען נייהען העמדער פאַר סאָלדאַטען פאַר זעהר אַ נידריגען פּרייז. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז פאַנטינע האָט אָנגעהויבען צו פערדינען בלויז ניין סו אַ טאָג. זיעבצעהן שטונדען אַרבייט — און ניין סו פערדינסט! פאַנטינע האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו קומען צו זיך פון'ם נייעם קלאַפּ, ווען זי האָט ווידער געקראָגען אַ בריעף פון מאָנפערמעיל. טענאַרדיע האָט דאָרט געשריבען, אַז באשר ער איז זעהר אַ גוטער, האָט ער געוואַרט אַזוי לאַנג אויפ'ן חוב, אָבער איצט זאָל זי דורכאויסשיקען גלייך הונדערט פראַנק, אויב ניט, יאָגט ער קאָזעטע'ן, וועלכע איז נאָר-וואָס פון אַ קרענק, אַרויס אויף דער גאַס, „און זאָל זי אַפילו פגר'ן פון קעלט, אַרט עס מיך אויך נישט".

— הונדערט פראַנק! — האָט פאַנטינע געזאָגט. וואו איז דאָ פאַראַן אַזאַ לאַנד, אין וועלכען מ'קאָן פערדינען האָטש הונדערט סו אַ טאָג?

זי האָט געקלערט אַ ביסעל.

— נו-נאַ! — האָט זי בעשלאָסען. נישטאָ קיין אַנדער ברירה. מיר'ן פערקויפען דאָס לעצטע.

און די אומגליקליכע איז געוואָרען אַ גאַסען-פרוי.

דאָס לעצטע שטערנדיל האָט זיך אויסגעלאָשען: ביי איהר שענדליכען אַרט לעבען וואָלט זי קיינמאָל ביי זיך נישט גע'פועל'ט צו נעהמען קאָזעטע'ן צו זיך.

אָט דאָס איז געוועזען פאַנטינע'ס געשיכטע, — אַ געשיכטע, ווי אַזוי די געזעלשאַפט האָט זיך געקויפט אַ שקלאַפין. געקויפט האָט די געזעלשאַפט איהר שקלאַפין ביים הונגער, עלענד און מוטער-געפיהל, און האָט זי געקויפט בים-לעבעוויז, אויפ'ן לויט: פריהער איהר געזונד, דערנאָך איהרע גאָלדענע האָאר, דאַן די צייהן און צום סוף איהר קערפער מיט איהר נשמה צוזאַמען. ווען דער שמוציגער האַנדעל איז געווען אָבגעמאַכט, איז געקומען די געזעלשאַפט, אין דער פערזאָן פון אַ בורזשואַ, וואָס האָט אַ הויז מיט אַ באַלקאָן אין מיטען שטאָדט, און האָט זיך גענומען חוזק מאַכען פון דער שקלאַפין, דערפאַר וואָס זי האָט קיין צייהן נישט, קיין האָאר נישט, קיין עהרע נישט.

מיר האָבען געזאָגט: „דאָס איז געוועזען דער לעצטער קלאַפּ". אָבער עס טרעפט „ערגער פון ערגער". נאָכ'ן קלאַפּ, וואָס פאַנטינע האָט גערעכענט פאַר'ן לעצטען, איז געקו-

מען אַ „נאַכלעצטיער": פאַנטינען האָט מען אַרעסטירט, און איהר קינד וואָלט געמוזט שטאַרבען פון הונגער און קעלט. און אין יענעם מאָמענט האָט זי זיך בעגעגענט מיט מאַדלענ'ען פערזענליך. זי האָט איהם שענדליך בעליידיגט, און ער — ער האָט אויסגעשטרעקט זיין מעכטיגע האַנד זי צו בעשיצען. דאָס איז געווען צו-פיעל פאַר איהרע קרעפטען. און אַ שווערען צושטאַנד איז זי געבראַכט געוואָרען אין מאַדלענס שפּיטאָל.

## 20. די מְסִירָה.

פאַנטינע איז שולדיג געבליבען טענאַרדיע'ן הונדערט מיט צוואַנציג פראַנק. מאַדלען האָט איהם אַוועקגעשיקט דריי הונדערט פראַנק מיט אַ בריעף, אַז ער זאָל אָבשיקען קאָזעטע'ן קיין מאָנטרעיל. טענאַרדיע האָט דערזעהן געלד, האָט ער געמאַכט אַ רעכנונג אויף פינף הונדערט פראַנק. מאַדלען האָט צוגעשיקט זעקס הונדערט פראַנק מיט אַ צעטיל: „ברינגט תיכף קאָזעטע'ן אַהער".

— טאַטעלעך! — האָט טענאַרדיע אויסגעשריען, דערזעהענדיג ווידער געלד. — איך וועל זי פאַר קיין פאַל פון מיינע הענד נישט אַרויסלאָזען: דאָס איז דאָך גאָר עפּיס אַ מעלקעדיגע קוה. און דער מאַמען האָט זיך אַוודאי פערליעבט עפּיס אַ רייכער יאָלד.

פאַנטינע איז דערווייל געוואָרען אַלץ שוואַכער און שוואַכער. זי איז געלעגען אין שפּיטאָל, וואו די „בּאַרימהערציגע שוועסטער" האָבען זי בעהאַנדעלט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. אויף מאַדלענ'ען האָט זי געקוקט ווי אויף אַ מלאך:

— ווען זעה איך שוין מיין קאָזעטע'ן? — האָט זי איהם געפרעגט יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען אין שפּיטאָל.

— גאָר אין גיכען, — האָט זי מאַדלען בערוהיגט, — איך ערוואַרט זי יעדע מינוט.

די „שוועסטער" האָט איהם אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, אַז די קראַנקע ווערט שוואַכער און שוואַכער. ער האָט געהייסען אַריינרופען תיכף דאָקטאָר, יענער זאָל זי נאָכאַמאָל בעטראַכטען.

— האָט זי עפּיס אַ קינד אָדער אַ פריינד, וועמען זי וואָלט וועלען זעהן? — האָט דער דאָקטאָר, נאָכדעם ווי ער האָט די פּאַציענטין בעטראַכט, געפרעגט ביי מאַדלענ'ען, אָבפיהרענדיג איהם אין אַ זייט.

— יאָ.

— אויב אַזוי, איילט זיך צו דערמיט... — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט מיט אַ בעזונדערן טאָן.

הער מאַדלען האָט אַ ציטער געטהון.

— איך פאָהר אַליין נאָך איער קינד, — האָט דער מעה געזאָגט, צוגעהענדיג צו דער קראַנקער'ס בעט.

פאַנטינע'ס אויגען האָבען אויפגעלויכטען פאַר פרייד.

מאַדלען איז אַוועק צו זיך אין די צימערן און האָט זיך גענומען איינצואָרדנען איינינע אָנגעלעגענהייטען פון דער שטאָדט-פערוואַלטונג, וואָס איהם איז נויטיג געווען צו ענדיגען פאַר זיין אַוועקפאָהרן קיין מאָנפערמעיל.

ער איז געזעסען ביים טיש און האָט געשריבען, ווען אַ דינער האָט איהם געמעלדעט, אַז זשאַווער וויל מיט איהם רעדען. זינט דער כצענע אין פּאָליציי-ביוראָ האָבען זיי זיך ניט בעגעגענט, און מאַדלענ'ען איז געווען אונאַנגענעהם צו זעהן דעם אינספּעקטאָר. פונדעסטוועגען האָט ער געזאָגט:

— בעט איהם אַריין.

זשאַווער איז אַריינגעקומען.

מאַדלען האָט דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבען. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן די אומגליקליכע פאַנטינע און ווי זשאַווער האָט זי בעהאַנדעלט — און האָט זיך בעשלאָסען צו בעגעהן זיך מיט איהם קאַלט.

זשאַווער, פון זיין זייט, האָט אויסגעזעהן נישט ווי געוועהנליך. עס איז קענטיג געווען, אַז ער לעבט איבער אַ שווערע דראַמע. ער האָט זיך טיעף פערנייגט פאַר מאַדלענ'ען, און האָטש יענער האָט ניט געענטפערט, איז ער געשטאַנען שטיל און אונבעוועגליך, אין אַ רעספּעקטפולער פּאָזע, און האָט געוואַרט, ביז דער מעהר וועט בעוויליגען זיך צו איהם צו ווענדען.

ענדליך האָט דער מער אויפגעלייגט די פֿעדער, האָט האַלב אומגעקערט דעם קאָפּ און געפֿרעגט:

— וואָס איז געשעהן, זשאַווער?

זשאַווער האָט געשוויגען אַ ווײַלע, ווי קלערענדיג וואָס צו ענטפֿערן, דערנאָך האָט ער געזאָגט שטיל און אײנפֿאַך:

— עס איז בעגאַנגען געוואָרען אַ שרעקליך פֿערברעכען.

— וואָס פֿאַר אַ פֿערברעכען?

— אַ קלענערער אַגענט פֿון דער מאַכט האָט גראָב אָנגערירט דעם כּבוד פֿון אַ העכערן בעאַמטען. איך בין געקומען אײַך וועגען דעם צו מעלדען.

— ווער איז עס דער דאָזיגער אַגענט, — האָט דער מאַדלען געפֿרעגט.

— איך, — האָט זשאַווער געענטפֿערט.

— איהר?

— יאָ, איך.

— און ווער איז דער העכערער בעאַמטער, וואָס איז פֿון אײַך בעליידיגט געוואָרען?

— איהר, הער מער.

דער מער איז אויפגעשטאַנען פֿון זײַן שטוהל. זשאַווער האָט ווײַטער גערעדט מיט אַ שטרענגען טאָן, נישט אויפהויבענדיג די אויגען:

— הער מער, איך בין געקומען אײַך בעטען, איהר זאָלט פֿערלאַנגען פֿון דער מאַכט, מ'זאָל מיר ענטזאַגען פֿון מײַן שטעל.

דער ערשטוינטער מאַדלען האָט געוואָלט עפּיס ענטפֿערן, אָבער זשאַווער האָט איהם נישט געלאָזען רײדען:

— איהר'ט זאָגען, איך קאָן זיך אַליין אונטערגעבען אין דעמיסיע, — דאָס איז אָבער ווענִיג. [illegible] געבען זיך אין דעמיסיע איז אַ כּבוד. איך אָבער האָב זיך פֿערזינדיגט און דאַרף בעשטראָפֿט ווערען. זאָל מען מיך אַרויסטרײַבען...

— אָבער — פֿאַרוואָס? צו וואָס? האָט מאַדלען אויסגערופֿען. — וואָס פּלוידערט איהר דאָ? וואָס פֿאַר אַ פֿערברעכען זענט איהר געגען מיר בעגאַנגען? איך הויב נישט אָן צו פֿערשטעהן, וואָס פֿאַר אַ געשיכטע דאָ איז!

— באַלד וועט איהר פֿערשטעהן, הער מער.

זשאַווער האָט אָבגעזיפֿצט און אָנגעהויבען:

— מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק, נאָך דער געשיכטע מיט יענער מיד, בין איך געווען שרעקליך בייז אויף אײַך און האָב אײַך געמסר'ט...

— געמסר'ט?

— יאָ, צום פּאָליציי-פּרעפֿעקט אין פּאַריז.

מאַדלען האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט.

— אַז וואָס? אַז איך האָב מיר גענומען צופֿיעל מאַכט איבער דער פּאָליציי?

— ניין, אַז איהר זענט אַ קאַטאָרזשניק.

דער מער איז שרעקליך בלאַס געוואָרען. זשאַווער האָט ווײַטער גערעדט, נישט קוקענדיג אויף'ן מער:

— איך האָב שוין לאַנג געדאַכט אַ פֿערדאַכט אויף אײַך. אײַער ענהליכקייט צו יענעם קאַטאָרזשניק, אײַער קראַפֿט, אײַער צו-הינקען אויף איין פֿוס און נאָך אַזעלכע קליינינקייטען האָבען מיך אַהיבגעפֿיהרט אויפֿ'ן געדאַנק, אַז איהר זענט אַ געוויסער זשאַן וואַלזשאַן.

— ווי? ווי האָט איהר איהם אָנגערופֿען?

— זשאַן וואַלזשאַן. דאָס איז אַ קאַטאָרזשניק, וועלכען איך האָב געקענט מיט 20 יאָהר צוריק, ווען איך בין געווען אויפֿזעהער אויף איינעם פֿון די קאַטאָרגע-שיפֿען אין טולאָן. נאָך זײַן בעפֿרײַאונג פֿון דער קאַטאָרגע האָט ער בעגנב'עט אַ בישאָף און בעראַבט אַ קאָמערינשטשיק מיט געוועהר אין האַנד. שוין אַכט יאָהר, אַז מען ווייסט נישט, וואו ער געפֿינט זיך. הקיצור, איך האָב אָנגעגעבען אַ מסירה אויף אײַך.

דער מאַדלען האָט שוין רוהיג געבלעטערט אַ בוך.

— און וואָס האָט מען אײַך געענטפֿערט?

— אַז איך בין פֿון זינען אַראָב.

— נו?

— נו, זיי זענען פֿאָלשטענדיג גערעכט.

— גאָך אַ גליק, וואָס איהר זענט עס אַליין מודה.

— יאָ, איך מוז מודה זײַן, וואָרים מען האָט געפֿונען דעם אמת'ן זשאַן וואַלזשאַן...

---

## 21. בעשטראָפט זיך אַליין.

דאָס בוך איז אַרויסגעפאַלן פון מאַדלענ'ס האַנט; ער האָט געוואָרפן אויף זשאַווער'ן אַ שאַרפן בליק און האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ מאָדנעם טאָן:

— אַ!...

— די מעשה איז אַזוי געווען, — האָט זשאַווער גענומען דערצעהלען. ערגיץ דאָ אין דער געגענד האָט געוואוינט אַן אַלטער שלעפער מיט'ן נאָמען שאַנמאַטיע. קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, מיט וואָס, אַ שטייגער, דערנעהרען זיך אַזעלכע מענשען? דאָס איז אַ סוד פאַר אַלעמען. היינטיגען הערבסט האָט מען דעם דאָזיגען שאַנמאַטיע אַרעסטירט פאַר גנב'ענען עפּעל. ער האָט אָנגעהויבען דערצעהלען אַ מעשה, אַז... אָבער דאָס געהערט ניט צו דער זאַך: געכאַפּט ביי דער האַנד — געה אין צימבעל אַריין! אין טורמע האָט אים אַ געוועזענער אַרעסטאַנט ברעווע דערקענט, אַז דאָס איז זשאַן וואַלזשאַן: די צוויי תכשיטים זענען צוזאַמען געווען אויף קאַטאָרגע. שאַנמאַטיע מאַכט זיך תמ'עוואַטע: „וואָסער זשאַן וואַלזשאַן? וועלכער זשאַן וואַלזשאַן?"... ער ווייסט כלומר'שט נישט פון וואָס צו זאָגען. מ'האָט זיך גענומען די זאַך אויספאָרשען. לאָזט זיך אויס, אַז שאַנמאַטיע האָט זיך אין דער יוגענד בעשעפטיגט מיט אונטערשניידען בוימער — פונקט ווי זשאַן וואַלזשאַן. דערנאָך איז ער פערשוואונדען אויף אַ סך יאָהרען. ער טענה'ט אַפילו, אַז ער האָט געוואוינט אין פּאַריז, אָבער בעווייזען דאָס קאָן ער נישט, — געוויס האָט ער די צייט פערבראַכט אויף קאַטאָרגע. ווייטער: זשאַן וואַלזשאַנ'ס מוטער האָט זיך מיידעלווייז גערופען מאַטיע. עס קאָן זעהר לייכט זיין, אַז קומענדיג צוריק פון קאַטאָרגע, האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבען זשאַן מאַטיע, און דאָ אַרום אין דער פּראָווינץ קאָנען זיי נישט אויסריידען „זשאַן", נאָר „שאַן". אַזוי אַרום איז פון זשאַן וואַלזשאַן געוואָרען שאַנמאַטיע. פון טולאָן האָט מען עקסטראַ געבראַכט נאָך צוויי קאַטאָרזשניקעס, קאָשפּאַל און שענילדיע, וואָס האָבען געקענט דעם זשאַן וואַלזשאַן, האָבען זיי אים אויך דערקענט. פונקט צו דער דאָזיגער צייט קום איך אונטער מיט מיין מסירה. איהר ווייסט שוין, וואָס מ'האָט מיר געענטפערט. דערנאָך האָט מען מיך אַרויסגערופען קיין אַרראַס, וואו דער אַרעסטירטער זיצט, און אים מיר געוויזען;

— נו? — האָט דער מער געפרעגט;

— וואָס אמת איז אמת, העהר מער: דער מענש איז זשאַן וואַלזשאַן; מיך האָט די זאַך אַפילו זעהר פערדראָסען, אָבער איך האָב אים גלייך דערקענט,

— איהר זענט זיכער דערין? — האָט דער מער געפרעגט מיט אַ שוואַכער שטים;

— אָ, גאַנץ זיכער! און איצט בעט איך ביי אייך ענטשולדיגונג;

— און וואָס זאָגט יענער מענש? — האָט מאַדלען געפרעגט.

— וואָס זאָל ער זאָגען? פערשטעהט זיך, אַז ער לייקענט שטיין און ביין. אָבער עס וועט אים העלפען, ווי אַ טויטען באַנקעס: פיער מענשען האָבען אים דערקענט. אַריבערקלעטערן איבער אַ פּליוט, צובּרעכען אַ צווייג, גנב'ענען אַן עפּעל — פאַר אַ קינד איז עס אַ שטיפעריי, פאַר אַ דערוואַקסענעם — אַן עולה, פאַר אַ קאַטאָרזשניק — אַ פערברעכען. דערצו, ווי געזאָגט, האָט ער אָבגעטהון נאָך מעשים, זינט ער איז פון קאַטאָרגע. מ'וועט אים זיכער פערמשפּט'ן. מיך רופט מען אַרויס אַלס עדות.

— ווען איז דער פּראָצעס?

— מאָרגען. ביז ביי־נאַכט וועט עס זיכער נעהמען אַנ'ענדע.

העהר מאַדלען האָט אַ ציטער געטהון, ביידע האָבען אַ ווײַלע געשוויגען.

— העהר מער, — האָט זשאַווער געזאָגט:

— וואָס נאָך ווילט איהר?

— איך וויל אייך עפּיס דערמאָהנען

— אַז וואָס?

— אַז מ'דאַרף מיר ענטזאָגען פון דיזער שטעל.

הערר מאַדלען איז אויפגעשטאַנען:

— זשאַווער, — האָט ער געזאָגט, — איהר זענט אַן אָרענטליכער מאַן. איהר טרייבט איבער אייער שולד. אויסערדעם, די בעליידיגונג איז נוגע מיך פערזענליך, און איך דענק גאָר, אַז מ'דאַרף אייך געבען אַ העכערע שטעל, נישט ענטזאַגען.

זשאַווער האָט רוהיג געענטפערט:

— הערר מער, איך בין מיט אייך ניט איינשטימיג. איך טרייב נישט איבער. איך האָב אייך חושד געווען. אמת, אונזער פליכט איז חושד צו זיין, אָבער פון דער אַנדערער זייט איז אַ פערברעכען צו פערדעכטיגען אַ העכערן פון זיך. דערצו, אָהן בעווייזע, פון בלויזען כעס און נקמה לויפען מסר'ן אַן אַדמיניסטראַטיווע פּערזאָן! דאָס איז זעהר אַן ערנסטע זאַך. איך בין שטענדיג געווען זעהר שטרענג צו מענשען. דאָס איז גוט אַזוי, דאָס דאַרף אַזוי זיין. טאָר איך אָבער ניט זיין צו זיך ווייכער ווי צו אַנדערע. איך וויל ניט, איהר זאָלט זיין גוט צו מיר. גענוג געזונה האָט מיך געקאָסט אייער גוטס־קייט צו אַנדערע. אַ גוטסקייט, וואָס שטעלט אַ גאַסען־פרוי העכער פון אַ בכבוד'יגען בירגער, אַ פּאָליציי־אַגענט העכער פון אַ מער, איז, נאָך מיין פערשטאַנד, אַ שלעכטע גוטסקייט. פון אַזאַ גוטסקייט ווערט די געזעלשאַפט פערדאָרבען. עס איז לייכט צו בעווייזען גוטסקייט, עס איז אָבער שווער צו בעווייזען גערעכטיגקייט. גלויבט מיר, ווען איהר וואָלט ווירקליך זיין דער מענש, וואָס איך האָב געמיינט, וואָלט איך צו אייך גוט ניט געווען! ווען איך פלעג זיך מיט אַנדערע בעגעהן שטרענג, האָב איך זיך געטראַכט: „זשאַווער, אויב דו אַליין וועסט זיך אַמאָל אויסגליטשען און איך וועל דיך פאַקען — היט דיך די ביינער!" איצט האָב איך זיך געפּאַקט — אַ מצוה אויף מיר! איך פאָדער, מ'זאָל אַרויסטרייבען דעם אינספּעקטאָר זשאַווער.

דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרען בעשיידען און אין דערזעלבער צייט שטאָלץ. מאַדלען האָט געקוקט אויף איהם מיט רעספּעקט און פערשטוינען.

— נו, מיר'ן נאָך זעהן, — האָט דער מער געזאָגט, געגעבענדיג זשאַווער'ן זיין האַנד.

זשאַווער האָט אָבגעטראָטען אַהינטער, נישט נעהמענדיג די האַנד.

— ענטשולדיגט, הערר מער: אַ מער גיט ניט קיין שפּיאָן די האַנד. יאָ, ווי באַלד איך האָב שלעכט אויסגענוצט די פּאָליציאַנטשע מאַכט, בין איך נישט מעהר ווי אַ שפּיאָן... איך בלייב אויף מיין שטעל, ביז מ'וועט געפינען אַ פערטרעטער אויף מיין פּלאַץ.

ער איז אַרויס פון צימער מיט פעסטע, זיכערע טריט.

---

## 22. אַ שטורם אין האַרצען.

הערר מאַדלען איז געשטאַנען און האָט זיך צוגעהערט, ווי זשאַווער'ס טריט האָבען זיך דערווייטערט איבער'ן קאָרידאָר. דערנאָך האָט ער צונויפגעלעגט די הענד אויף דער ברוסט און האָט אָנגעהויבען אַרומצוגעהן הין און צוריק איבער'ן צימער.

אַלזאָ, מיט דער הילף פון צופאַל האָט ער צום צווייטען מאָל בעזיגט זשאַווער'ן. דאָס איז אָבער געווען אַזאַ זיג, פון וועלכען דער זיגער אַליין איז אָבגעגאַנגען מיט בלוט.

דער לעזער האָט עס שוין מסתמא לאַנג פערשטאַנען: הערר מאַדלען איז טאַקע געווען דער אמת'ער זשאַן וואַלזשאַן. און אַראַס האָט מען על פּי טעות אָנגענומען פאַר'ן געוועזענעם קאַטאָרזשניק אַן אַנדער מענשען, וועלכער איז געווען ענליך צו איהם.

אונטער'ן איינפלוס פון'ם פערשטאָרבענעם בישאָף פון דין איז זשאַן וואַלזשאַן געוואָרען אַן אַנדער מענש. דער פאַל מיט'ן קליינעם קאַטערינשטשיק איז געווען זיין לעצט פערברעכען, אויף וועלכען ער האָט גלייך חרטה געקראָגען. פון דאַן אָן האָט ער אָנגענומען צוויי בעשלוסען: צו פערבאָרגען פון דער וועלט זיין נאָמען און פערגאַנגענהייט און צו פערברענגען זיין לעבען אין מעשים טובים, אין שטיצען און שיצען שוואַכע און פערלאָזענע.

ער האָט פערקויפט דעם בישאָפ'ס זילבערנע לעפעל, נאָר די לייכטער האָט ער זיך

איבערגעלאָזען פאַר אַנאָנדענק. דערנאָך האָט ער גענומען וואַנדערן איבער פראַנקרייך און זוכען אַנאָרט, וואו ער זאָל קאָנען אָנפאַנגען אַ נייע לעבען. ענדליך, האָט ער זיך דערשלאָגען קיין מאָנטרעיל, וואו דאָס גליק האָט איהם געשפּיעלט, און האָט דערגרייכט ביידע ציעלען, צו וועלכע ער האָט געשטרעבט: קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער ער איז, זיין נאָמען איז געווען געאַכט און געשעצט פון אַלע, וואָס האָבען פון איהם געהערט, און געטהון האָט ער פאַר די שוואַכע און אונטערדריקטע אַזוי פיעל, וויפיעל עס איז נאָר מעגליך פאַר איין מענשען.

און פּלוצים האָט איהם די געשיכטע מיט דעם שאַנמאַטיע געטראָפען ווי אַ דונער אין מיטען העלען טאָג. וואָס זאָל ער איצט טהון? זאָל ער לאָזען אומקומען פאַר זיינע אַמאָליגע זינד אַ פרעמדען מענשען? אָדער זאָל ער אַליין אויפדעקען, און די מיה פון אַזוי פיעל יאָהרען, דאָס אַלץ וואָס ער האָט אויפגעבויט און אַנטוויקעלט צו אַזאַ גלענצענדער שטופע — זאָל זיך צושיטען, ווי טרוקענער שטויב?

אין יענעם אָוונד האָבען אַלע אין הויז בעמערקט, אַז דער הערר מעיר איז עפּיס ווי צוטראָגען. ער איז אַריינגעגאַנגען אין שפּיטאָל, וואו פאַנטינע איז געלעגען, האָט פערבראַכט נעבען איהר מעהר, ווי געוועהנליך, און האָט זי געטרייסט און פערזיכערט, אַז אין גיכען וועט זי האָבען איהר קינד נעבען זיך. פאַר'ן אַוועקגאַנג האָט ער עפּיס מיט אַ מאָרנעם טאָן געבעטען די באַרמהערציגע שוועסטער, זי זאָל אַכטונג געבען אויף פאַנטינע'ן. בעמערקענדיג, ווי די „שוועסטער" קוקט אויף איהם, האָט ער צוגעגעבען:

— איך וועל אפשר מאָרגען אַוועקפאָהרען נאָך איהר קינד.

דערנאָך איז ער עהניג אַוועק אויף אַ שטונדע און, קומענדיג צוריק, האָט ער זיך פערשלאָסען ביי זיך אין צימער. דער קאַסיר, וועלכער האָט געוואוינט אין דעמזעלבען הויז מיט אַ שטאָק נידריגער, האָט געהערט אַ גאַנצע נאַכט איבער זיין קאָפּ, ווי דער הערר מער געהט אַרום איבער זיין צימער, — אַ זאַך, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געטראָפען.

ביי מאַדלענ'ען אין האַרצען האָט געווילדעוועט אַ שטורם.

זיין ערשטער געדאַנק איז געווען צו געהן און זיך אויסגעבען אין ראַטהויז דעם אונשולדיגען שאַנמאַטיע פון אומגליק און שאַנד. דערנאָך האָט ער זיך געזאָגט: „וואַרט אַ ווייל. לאָמיר זיך נאָר גוט בעקלערען".

„צו וואָס זאָל איך עס טהון? — האָט ער ווייטער געטראַכט. בעגעה איך דען חאָ עפּיס אַ נייע פערברעכען? איך בין איצט געהאַטעוועט. זשאַווער האָט געוואָלט האָבען אַ זשאַן וואַלזשאַן — האָט ער איהם געקראָגען. מיך וועט ער שוין לאָזען צו-רוה. וואָס געהער זיך דאָס אָן מיט מיר? און וואו איז דאָ די עולה? גאָט אַליין האָט, קענטיג, אַזוי געוואָלט, — וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך זיך אַריינצומישען? איינמאָל פאַר אַלע מאָל — איך מוז אינגאַנצען אָבשניידען מיט דער פערגאַנגענהייט"...

איהם האָט זיך פּלוצים אויסגעדוכט, אַז ער זעהט פאַר זיך דעם בישאָף מיריעל. יענער האָט געקוקט אויף איהם מיט זיינע גוטע אויגען און גערעדט:

„אָבשניידען מיט דער פערגאַנגענהייט?... ניין, זשאַן וואַלזשאַן, דאָס הייסט נישט אָבגעשניטען, — פערקעהרט, דאָס הייסט אָנגעהויבען אויף סניי, דאָס הייסט בענייט דיזעלבע פערגאַנגענהייט, פון וועלכער דו ביזט אַנטלאָפען די אַלע יאָהרען. אַלע דיינע מעשים טובים זיינען גאָרנישט ווערטה איצט, ווען דו ווילסט אַנאַנדערן בריינגען פאַר אַ קרבן פאַר דיך. וואָס הייסט? אַוועקגנב'ענען ביי אַ מענשען זיין לעבען!... לאָזען איהם געהן אויף קאַטאָרגע נור דערפאַר, וואָס ער איז עהנליך צו דיר! זשאַן וואַלזשאַן, זשאַן וואַלזשאַן! בעטראַכט זיך, וואָס דו טהוסט!"...

— פערפאַלען! — האָט ער הויך אַרויסגערעדט. איך מוז טהון מיין שליחות. איך מוז דעם האָזיגען מענשען ראַטעווען.

ער האָט אַלץ געשפּרייזט און געשפּרייזט

איבער'ן צימער הין און צוריק. דערנאך האט ער ווידער אנגעהויבען רעדען צו זיך:

— גוט. לאמיר זאגען, כ'וועל איהם ראטעווען. וואס וועט אבער זיין מיט פאנטינע'ן און מיט איהר קינד? ניין, זאל ער געהן אויף קאטארגע, חאפט איהם דער טייוועל! כ'מיין אין דער אמת'ן: געגנב'עט האט ער דאך מאקע. אומזיסט וויל איך מיר איינשמועסען, אז ער האט נישט געגנב'עט, — ער האט פארט געגנב'עט. היינט פארוואס זאל ער בלייבען אונבעשטראפט, און איך זאל אוועקגעהן אויף קאטארגע? אז איך וועל בלייבען דא, וועל איך ווייטער פארטזעצען מיין ארבייט. איך וועל פערדינען מיליאנען און וועל זיי פערברויכען אויף זאכען, וואס זענען נויטיג פאר דאס לאנד. איך דארף זיי דען פאר זיך? עס וועלען אויסוואקסען א סך פאבריקען, דער האנדעל און די אינדוסטריע וועלען אויפבליהען, פאר אלעמען וועט זיין גענוג ארבייט, און טויזענדער פאמיליעס וועלען בעגליקט ווערען. צוליעב דעם וועט קלענער ווערען די צאהל פון פערברעכענס, מענשען וועלען ווערען ערליכער, בעסער. צום טייוועל! איך בין משוגע, נישט אנדערש, — ווי קאן מיר גאר איינפאלען דער געדאנק אויסצוגעבען זיך אליין?... און צוליעב וואס? אום צו ראטעווען פון שטראף א גנב, א גארנישט, זאל איך לאזען פעראָרימט ווערען א גאנצע געגענד, א יונגע מוטער זאל שטארבען, נישט זעהענדיג איהר קינד, אן'אונשולדיג מיידעלע זאל אומקומען פון הונגער און קעלט, נישט קענענדיג איהר מוטער!... די קליינע, אומגליקליכע קאזעטע האט קיינעם ניט אחוץ מיר און מאטערט זיך דארט נעבעך ביי דעם שווינדלער טענארדיע. ניין, איך בין געוועזען מאדלען און וועל בלייבען מאדלען, און זאל יענער זיין זשאן וואלזשאן. זאל זיין, אז איך טהו אן עולה, — גוט, וועט עס מיך פייניגען און איך וועל ליידען, דערפאר אבער וועלען פיעל אונגליקליכע געהאלפען ווערען. דאס הייסט, אז איך בריינג נאך א גרעסערן קרבן. יא, אזוי בלייבט עס: זאל עס געהן, ווי עס געהט. איך וועל זיך ניט אריינמישען.

— הא-הא-הא-הא!...

זשאן וואלזשאן האט אויסגעציטערט פונ'ם קאפ ביז די פיס. ווער לאכט עס אזוי? וואס איז דאס פאר א טייוועלש געלעכטער?

א, קיינער נישט! דאס האט עס געלאכט אינווייניג אין איהם. עפיס א שטים איז געגאנגען ביי איהם פון הארצען, האט געלאכט און גערעדט:

„אויסגעצייכענט! אט דאס הייסט א ממזר'יש הרעדהיל! געווים, געווים: פערגעס און דיין געוויסען, פערגעס דעם בישאף פון דיין, פערגעס אלץ! דו בלייב זיך דער „הערר מער", לעב אין עושר און אין כבוד, טהו טובות דער וועלט, זיי א בעל-צדקה — און דער אלטער שלים-מזל, וואס ווייסט אפילו נישט רעכט, וואס מ'וויל פון איהם, זאל אנטהון דאס רויטע רעקעל, ארויפציהען אויף זיך די קייטען פון א קאטארזשניק און שטארבען א שענדליכען און שווערען טויט אונטער דיין בעשמוצטען נאמען! א, דאס איז א גלאטיג שטיקעל ארבייט!..."

שווערע טראפענס שווייס זענען גערונען פון זיין שטערן איבער'ן געזיכט. אין דער מינוט האט מען אנגעקלאפט אין טהיר.

— ווער איז דארט? — האט ער געפרעגט מיט א שרעקליכער שטים.

— איך, הערר מער, — האט די דינסט געענטפערט. ס'איז שוין פינף א זייגער.

— איז וואס איז דאס מיין געשעפט?

— הערר מער, די דראזשקע איז געקומען.

— וואס פאר א דראזשקע?

— וואס הייסט, וואס פאר א דראזשקע? דער הערר מער האט דען נישט בעשטעלט קיין דראזשקע?

— ניין.

— ווי הייסט? געקומען א קוטשער מיט א דראזשקע און זאגט, אז איהר האט איהם בעשטעלט אויף פינף א זייגער פאר-טאג.

ער האט זיך א קלאפ געטהון אין שטערן. אז די דינסט וואלט איהם איצט געזעהן, וואלט זי זיך דערשראקען פאר איהם.

— אלזא, הערר מער, וואס זאל איך איהם זאגען?

— זאגט, אז איך קום גלייך ארויס.

## 23. דאָס צובראָכענע ראָד.

עטליכע מינוט נאָך פינף פאַר־טאָג איז קיין מאָנטרעיל אַריינגעפאָרען אַ פאָסט־וואָגען אין. לויפענדיג שנעל, האָט ער אויף אַ ווינקעל פון אַ גאַס אַ שטויס געטהון אַ דראָזשקע, וואָס איז געלאָפען אַנטקעגען. אין דער דראָזשקע איז געזעסען נור איין מענש. איין ראָד פון דער דראָזשקע האָט געקראָגען אַ שטאַרקען קלאַפּ, און דער קוטשער פונ׳ם פאָסט־וואָגען האָט אַ געשריי געטהון, די דראָזשקע זאָל זיך אָבשטעלען, אָבער דער, וואָס איז אין איהר געפאָרען, האָט זיך נישט אומגעקוקט און איז שנעל געפאָהרען ווייטער.

— אָט דאָס הייסט זיך געאיילט — האָט דער פאָסט־קוטשער געזאָגט, נאָכקוקענדיג דער דראָזשקע.

דער מענש, וואָס האָט זיך אַזוי געאיילט, איז געווען דערזעלבער, וואָס האָט ערשט איבערגעלעבט אַזאַ שווערע נאַכט. וואוהין איז ער געפאָהרען? קיין אַראַס. נאָך וואָס? דאָס האָט ער אַליין נישט רעכט געוואוסט. ער האָט ניט געוואוסט, ווי ער וועט האַנדלען: מ׳דאַרף זעהן דעם פּראָצעס, מ׳דאַרף זעהן, וואָס פאַר אַ מענש דער שאַנמאַטיע איז: אפשר איז דאָס טאַקע אַ לומפּ, וואָס האָט סיי־ווי אַ וועלכען עס איז פערברעכען אויף זיין געוויסען? אפשר איז טאַקע מעגליך צו לאָזען עס געהן, ווי עס געהט?

אמת, האָרטען וועלען זיין די אַנדערע דריי קאַטאָרזשניקעס און זשאַווער. אָבער די קאַטאָרזשניקעס וועלען איהם געוויס נישט דערקענען, און זשאַווער שעמט זיך שוין גאָר דערמאָהנען אפילו, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט אַ חשד אויף דעם מער. ניין, קיין געפאַהר שטעקט אין דער רייזע נישט.

און דאָך וואָלט ער בעסער נישט געפאָהרען קיין אַראַס, — אָ, מיט פערגניגען וואָלט ער זיך ענטזאָגט פון דער דאָזיגער רייזע, און דאָך איז ער געפאָהרען אַהין און דערצו זיך געאיילט צו קומען וואָס גיכער, וואָס גיכער,

ער זאָל חלילה נישט פערשפּעטיגען. עס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ געהיימע קראַפט וואָלט אויף איהם געווירקט און געצוואונגען איהם צו פאָהרען, און שנעל צו פאָהרען, נעגען זיין אייגענעם ווילען.

עס איז שוין געווען גרויסער טאָג, ווען ער איז געקומען צו דער ערשטער סטאַנציע, צום דערפיל געהען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי אַ טראַקטיר אָנצופיטערן דאָס פערד און לאָזען עס אָברוהען אַ ווײַלע. אַליין איז ער געבליבען זיצען אויף דער דראָזשקע.

דער דינער פון טראַקטיר, וועלכער האָט געגעבען דעם פערד האָבער, האָט זיך פּלוצים אָנגעבויגען און גענומען בעטראַכטען איינס פון די רעדער.

— ווייט פאָהרט איהר? — האָט ער געפרעגט.

— וואָס איז דען? — האָט מאַדלען איבערגעפרעגט פערטראַכטערהייד.

— פון ווייט פאָהרט איהר? — האָט דער דינער ווייטער געפרעגט.

— איך האָב געמאַכט העכער פינף מייל.

— אַ... — האָט דער דינער געזאָגט.

— וואָס מיינט איהר דערמיט?

— איך מיין, — האָט דער דינער געזאָגט, — אַז עס איז אַ בריה׳שאַפט צו מאַכען פינף מייל מיט אַ ראָד, וואָס וועט שוין איצט קיין פערטיל מייל אויך נישט קאָנען מאַכען.

מאַדלען איז פלינק אַראָב פון דער דראָזשקע.

— וואָס רעדט איהר עס, מיין פריינד?

— איך זאָג, אַז אַ נס איז אייך געשעהן, וואָס איהר האָט זיך נישט אַראָבגעקייקעלט ערגיץ אין אַ גרוב מיט אייער פערד צוזאַמען. האַפט נור אַ קוק אויף דאָס ראָד.

דאָס ראָד איז ווירקליך געווען שטאַרק צושעדיגט. דער שטויס פון פאָסט־וואָגען האָט עס איינגאַנצען צודרעהט.

— האָט איהר דאָ אַ וואָגען־מאַכער? — האָט מאַדלען געפרעגט.

— אָט שטעהט ער דאָ נישט ווייט, — האָט דער דינער געענטפערט. — העי, פּעטעה בורגאַיאַר!

דער „פּעטער בּוּהוּאַיאַר" איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען, האָט בּעטראַכט דאָס ראָד מיט דער מינע פון אַ דאָקטאָר, וואָס בּעקוקט אַ צוּבּראָכענעם פוּס, און האָט זיך פערקרימט.

— קאָנט איהר דאָס גלייך פערריכטען?

— יאָ, מיין העהר.

— און ווען וועל איך קאָנען פאָהרען ווייטער?

— מאָרגען.

— מאָרגען!

— יאָ. דאָ איז פאַרהאַן אַרבּייט אויף אַ גאַנצען טאָג. איהר אַיילט זיך דען?

— איך אַייל זיך זעהר. איך מוז פאָהרען נישט שפּעטער, ווי אין אַ שטוּנדע אַרוּם.

— אוּנמעגליך, מיין העהר.

— זאָל זיין אין צוויי שטוּנדען אַרוּם. איך וועל בּעצאָהלען, וויפיעל איהר ווילט.

— ניין, היינט קאָן עס נישט זיין. איהר קאָנט זיך נישט ריהרען פון אָרט פריהער פון מאָרגען.

— האָט איהר אפשר אַנאַנדער ראָד?

— ווי הייסט, אַנאַנדער ראָד? עס מוז דאָך זיין צו דער פּאָר!

— רעכט, פערקויפט מיר צוויי רעדער.

דער וואָגען־מאַכער האָט אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ.

— נישטאָ בּיי אוּנז אַזעלכע רעדער. מיר וואוינען דאָ אין אַ העק, איך האָבּ בּלויז געוועהנליכע וואָגען־רעדער, וואָס וועלען פאַר די דראָזשקע נישט טויגען.

— האָט איהר אפשר צו פערדינגען אַן אַנדער דראָזשקע?

— איך זאָל אפילו האָבּען, וואָלט איך אייך אויך ניט פערדינגען: אַ שענעם תכלית האָט איהר געמאַכט פון אייער אייגענער דראָזשקע!

— נוּ, פערקויפט מיר.

— איך זאָג דאָך אייך, אַז בּיי אוּנז זענען אַזעלכע לייכטע עקיפּאַזשען אינגאַנצען ניטאָ.

דער רייזענדער האָט געטראַכט אַ בּיסעל, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— אויבּ אַזוי, וועל איך פאָהרען רייטענדיג. שפּאַנט־אויס דאָס פערד.

דער וואָגען־מאַכער האָט בּעטראַכט דאָס פערד און האָט געזאָגט:

— אייער פערד וועט אוּנטער'ן זאָטעל נישט געהן. איך פערשטעה מיך שוין אויף די זאַכען.

— אמת, דער אייגענטימער פוּנ'ם פערד האָט מיר עס אויך געזאָגט. וואָס־זשע טהוט מען? איך מוז דורכאויס זיין היינט אין אַרחאַם. אָבּער בּיי אייך אין דאָרף וועט זיך דאָך געפינען אַ פערד צוּם דינגען אָדער קויפען?

— אַ פערד, וואָס זאָל נאָך היינט אייך בּריינגען קיין אַרחאַם? ניין, אַזעלכע פערד זענען בּיי אוּנז נישטאָ. מיר האָבּען זיך נישט וואָהין צו אַיילען אַזוי שטאַרק.

— געהט דאָ אַ פּאָסט־וואָגען?

— יאָ, מאָרגען פאַר־נאַכט.

מאַדלען איז געבּליבּען שטעהן, נישט וויסענדיג, וואָס צו טהון.

— הייסט עס, איז קיין שום עצה ניטאָ? איהר קאָנט נישט אויסטראַכטען עפּיס אַ מיטעל, ווי אַזוי איך זאָל זיין אימשטאַנדע צו זיין היינט אין אַרחאַם?

— קיין שום עצה.

אַ הייסע פרייד האָט אַ בּריה געטהון מאַדלענ'ס האַרץ. קלאָר, ווי דער טאָג, אַז גאָט אַליין האָט זיך דאָ אַריינגעמישט אין די זאַך. „ער וויל נישט, איך זאָל אומקומען און צוזאַמען מיט מיר פיעל אַנדערע. איך פון מיין זייט האָבּ געטהון אַלע מעגליכקייטען צו קומען צוּם פּראָצעס אין דער צייט, האָבּ נישט געשפּאָרט קיין מיה און געלד, נישט געקוקט אויף די קעלט און דעם שלעכטען וועג — גאָט וויל עס נישט!..." איהם איז מאָדנע גרינג געוואָרען אויפ'ן האַרצען, פּונקט ווי די אייזערנע האַנד, וואָס האָט שוין צוואַנציג שטוּנדען נאָכאַנאַנד געדריקט זיין האַרץ, האָט עס פּלוּצים אָבּגעלאָזען.

ער האָט אָבּער נישט בּעמערקט, אַז אַ יוּנגעל, וואָס איז געשטאַנען און האָט זיך צוגעהערט צוּם געשפּרעך, איז פּלוּצים עהרגיץ אַוועקגעלאָפען. און ווען מאַדלען האָט שוין געווען בּעשלאָסען נישט צו פאָהרען ווייטער, איז דאָס יוּנגעל געקומען צוּריק אין דער בּעגלי־

מיטג פון אַן אַלטער פרוי.

— מיין העלד — האָט זי געפרעגט, — מיין זהן האָט, אַז איהר ווילט דינגען אַ דראָשקע?..

---

## 24. דער וועג צום אומגליק.

פון די דאָזיגע איינפאַכע ווערטער, וואָס די פרוי האָט אַרויסגערעדט, האָט איהם בעשלאָגען אַ קאַלטער שווייס.

ער האָט דערשפירט, אַז די קאַלטע האַנד, וואָס האָט איהם נאָר-וואָס לויז געלאָזען, האָט ווידער אויסגעשטרעקט צו איהם איהרע לאַנגע פינגער.

— יאָ, גוטע פרוי, — האָט ער געענטפערט, — איך זוך אַ דראָשקע צו דינגען. אָבער, — האָט ער צוגעגעבען מיט האָפנונג, — קיינער האָט דאָ נישט אַזאַ פוהר'ל.

— פאַרוואָס קיינער נישט! — האָט די אַלטע געזאָגט.

— ווער האָט דען יאָ? — האָט זיך דער וואָגען-מייסטער אַריינגעמישט.

— איך האָב, — האָט די אַלטע געענטפערט.

מאַדלען האָט אויפגעציטערט. אַלזאָ, די שרעקליכע האַנד האָט איהם ווידער אָנגעהאַפּט.

ביי דער אַלטער פרוי אין שטאַהל איז ווירקליך געשטאַנען עפּיס אַ פוהר'ל, נישט פון בעסטען סאָרט, אָבער פאָהרען האָט מען געקאָנט. נישט קוקענדיג, וואָס דער וואָגען-מייסטער האָט איהם אָבגערעדט, ווייל עס איז אַן אַלט פוהר'ל, וועט זיך צוברעכען אין מיטען וועג און אַזוי ווייטער, האָט ער אין עטליכע מינוט אַרום שוין געלאָזען הינטער זיך די לעצטע הייזער פון געדין.

פלוצים האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ געשריי: „שטעלט זיך אָב! וואַרט אַ ווײַלע!"

ער האָט האַסטיג אָבגעשטעלט דאָס פערד. אַ נייע האָפנונג האָט ערוואַכט אין זיין האַרצען.

דאָס האָט געשריען דער אַלטער'ס זהן.

— מיין העלד! דאָס האָב איך אייך געבראַכט די דראָשקע.

— נו, איז וואָס?

— און איהר האָט מיר דערפאַר גאָרנישט געגעבען.

מאַדלען, וואָס האָט געוועהנליך יעדען געגעבען געלד זעהר גערן, איז דאָסמאָל בייז געוואָרען.

— אַך, דאָס ביזט דו, קליינע שעלמע? — האָט ער געזאָגט. — דו וועסט אַ סך אויך נישט קריגען.

ער האָט אַ שמיץ געטהון דאָס פערד און איז שנעל אַוועקגעפאָהרען. אין געדין האָט ער פערלאָרען אַ סך צייט, איצט האָט מען זיך געמוזט צו-אײַלען. דאָס קליינע פערדיל איז געגאַנגען גוט, אָבער די טעג האָט אָפט גערעגענט, איז דער וועג געוועזען שלעכט, אַזוי אַז קיין סאַן-פּאָל, וואָס איז געלעגען מיט פינף מייל ווייטער, איז ער געפאָהרען גאַנצע פיער שטונדען. דאָרט איז ער פערפאָהרען אין אַ טראַקטיר, האָט געגעבען דעם פערד האָבער און אַליין איז ער געשטאַנען און געקוקט, ווי דאָס פערד עסט. אין דער אמת'ן אָבער האָט ער איבערהויפּט גאָר נישט געזעהן.

די ווירטהין האָט זיך געווענדט צו איהם:

— איהר'ט אפשר עפּיס עסען?

— עסען?... אַך, יאָ, כ'האָב זיך טאַקע אויסגעהונגערט.

ער האָט זיך געזעצט צום טיש. „אָט דאָס איז עס, — האָט ער אַ טראַכט געטהון, — דערפאַר האָב איך זיך געפיהלט אַזוי שלעכט, ווייל איך בין נאָך אויפ'ן ניכטערן האַרצען".

ער האָט אָבגעבראָכען אַ שטיקעל ברויט, האָט עס אַריינגעלעגט אין מויל אַריין — און שוין, מעהר האָט ער זיך צו די מאכלים נישט צוגערירט.

דערנעבען איז געזעסען ביי אַ טיש אַ פוהרמאַן און האָט געגעסען. מאַדלען האָט זיך געווענדט צו איהם:

— פאַרוואָס איז ביי זיי דאָ דאָס ברויט אַזוי ביטער?

דער פוהרמאַן האָט אויף איהם געוואָרפען אַ פערוואונדערטען קוק און האָט אַ דריק געטהון מיט די אַקסלען: איהם האָט דאָס עסען זעהר גוט געשמעקט.

אין אַ שטענדיגע וואָרום איז ער וואַרויסגעפּאָדערען פון סען-פּאָל. פערשידענע צופעלען האָבען זיך אידם געטראָפען אין וועג: אַמאָל האָט זיך עפּיס צובראָכען בײַם וואָגען, אַמאָל איז דער וועג געווען פערשטעלט. בײַ אידם אין האַרצען האָט נאָך אַלץ געטליעט אַ האָפנונג, אַז ער וועט פערשפּעטיגען צום פּראָצעס, און דאָך האָט ער זיך געאײַלט מיט אַלע קרעפטען צו קומען וואָס פריהער. ענדליך, אַרום אַכט אַ דײַגער אין אָווענד, איז ער געקומען קיין אַראַס.

זײַן פערד איז געווען שרעקליך מיעד און האָט געמוזט האָבען ניט ווייניגער פון צוויי טאָג אָברוהע. ער האָט עס איבערגעלאָזען אין אַ טראַקטיר און אַלײן איז ער אַוועק אויף דער סטאַנציע פון דער פערד-פּאָסט און האָט פאַר זיך געדונגען אַ פּלאַץ אינים פּאָסט-וואָגען, וואָס האָט בעדאַרפט אַוועקגעהן קיין מאָנטרעיל איינס אַ זייגער בײַ-נאַכט. דערנאָך איז ער אַוועק אין געריכט.

אין פּאָדער-צימער פון געריכטס-הויז האָט ער זיך געווענדט צו אַן אַדוואָקאַט:

— ענטשולדיגט מײַן פראַגע: ווי האַלט עס מיט'ן פּראָצעס?

— דער פּראָצעס איז געענדיגט,—האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט.

— געענדיגט?

דאָס וואָרט איז געזאָגט געוואָרען מיט אַזאַ טאָן, אַז דער אַדוואָקאַט האָט שנעל אומגעקעהרט דעם קאָפּ צו אידם.

— אידר זענט פיליכט אַ קרוב?

— ניין. די ענטשיידונג איז שוין אַרויסגעגעבען?

— געוויס.

— קאַטאָרגע?

— איביגע.

מאַדלען האָט געשוויגען אַ ווײַלע. דערנאָך האָט ער ווײַטער געפרעגט מיט אַ שוואַכער שטים:

— הייסט עס, די פּערזענליכקײַט איז פעסטגעשטעלט געוואָרען?

— וואָס פאַר אַ פּערזענליכקײַט? די זאַך איז קלאָר: די פרוי האָט געטויט אידר קינד, און דערפאַר האָט מען זי פער'משפט אויף אייביגע קאַטאָרגע.

— איז דאָס געווען אַ פרוי?

— פערשטעהט זיך! וועגען וואָס דען פרעגט אידר?

— יאָ, גלאַט אַזוי. נו, און וועגען וואָס געדט איצט?

— אָ, עפּיס אַ מעשה מיט אַ קאַטאָרזשניק, וואָס איז צום צווייטען מאָל בעגאַנגען אַ פערברעכען. איצט האָט ער נאָך דערצו געגנבעט עפּעל. מילא, די גנבה איז אפילו נישט בעווייזען, דערפאַר אָבער האָט מען אידם דערקענט, און דער פּראָקוראָר וועט אידם שוין פון זײַנע הענד נישט אַרויסלאָזען: אַ מענש מיט אַ קאָפּ, דער דאָזיגער פּראָקוראָר!...

מאַדלען איז צוגעגאַנגען צום קאָמיסאַר, וואָס איז געשטאַנען בײַ אַ טהיר.

— מ'קאָן אַרײַנגעהן?

— ניין. נישטאָ שוין קיין לײדיגע פּלעצער.

— קיין איינציגער פּלאַץ?

— קיין איינציגער. אמת, פאַרהאַן אַ פּאָר פּלעצער הינטער'ן פּאָרזיצענדען, אָבער די דאָזיגע פּלעצער ערלויבט דער פּאָרזיצענדער נור פאַר בעאַמטע.

מאַדלען האָט ווידער געהאַט אַ געלעגענהייט זיך אַרויסצודרעהען. ער האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזען געהן צוריק. דערנאָך האָט ער זיך אָבגעשטעלט, האָט אָנגעשריבען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר: „מאַדלען, דער מער פון מאָנטרעיל" און געזאָגט צום קאָמיסאַר ער זאָל בעפעהלענדען טאָן:

— דערלאַנגט עס דעם פּאָרזיצענדען.

אין אַ מינוט אַרום איז דער קאָמיסאַר געקומען צוריק.

— ביטע, —האָט ער געזאָגט מיט רעספּעקט. ער האָט מאַדלען'ען אַרײַנגעפיהרט אין אַ קאָרידאָר און אָנגעוויזען אויף אַ טהיר:

— דאָרט איז דער אײַנגאַנג אין געריכטסזאַל, געבען די ריכטער.

ווען מאַדלען איז געבליבען אַלײן אין קאָרידאָר, האָט ער אָבגעווישט דעם שווייס פונ'ם שטערן. וואָס טוט ער דאָ? וועה צווינגט עס

אידם צו קריכען מיט אַ געזונדטען קאָפּ אין אַ קראַנק בעט? אַליין זיך איבערגעבען צום אומגליק אין די הענד אַריין! אונטערשטעלען ווילד זיין גראָדען קאָפּ אונטער די קלעפּ און בעליידיגונגען פון די קאַטאָרגע-אויפזעהער!.. פאַר וואָס?... צו וואָס?... ניין! וואָס בעהיט זין — וועט זיין!...

ער האָט זיך געלאָזען לויפען צוריק, גלייך ווי עמיצער וואָלט אידם יאָגען. צוגעלאָפען צו דער אויסען-טהיר, איז ער געבליבען שטעהן. אַ ווײַלע האָט ער געטראַכט מיט אַנאַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעגלייכט, איז צו צוריק צום געריכטס-זאַל, האָט אָנגענומען דעם גלאַנציגען מעשענעם האַלטער מיט אַ פעסטער האַנד און האָט ברייט געעפענט די טהיר.

## 25. שאַנמאַטיע.

דער מאַן, וואָס איז געזעסען אויף דער באַנק פון די אָנגעקלאָגטע, איז ווירקליך געווען זעהר ענליך צו מאַדלענען, נאָר מעהר געעלטערט. ער האָט אויסגעזעהן שטומפּיג, פערטרעבט און דערשלאָגען.

דער פערטיידיגער האָט געהאַלטען אַ שענע רעדע, אין וועלכער ער האָט געטענה'ט, אַז דער פאַקט פון גנב'ענען די עפּעל איז נישט בעוויזען געוואָרען, נאָר ער האָט נישט געלייקענט, אַז דער אָנגעקלאָגטער איז ווירקליך ניט שאַנמאַטיע, נאָר זשאַן וואַלזשאַן, דער געוועזענער קאַטאָרזשניק.

נאָך אידם האָט גערעדט דער פּראָקוראָר. זיין רעדע איז שוין געווען גאָר אַ גלענצענדע. ער האָט בעוויזען ווי צוויי מאָל צוויי, אַז שאַנמאַטיע איז זשאַן וואַלזשאַן, וואָס „דער געעהרטער קאָלעגע", דער פערטיידיגער, האָט דאָך אויך נישט געלייקענט, און ווי באַלד מיר האָבען דאָ צו טהון מיט אַ בעוואוסטען, געפעהרליכען קאַטאָרזשניק, איז שוין קלאָר, אַז די גנבה איז אַ גנבה, — און אַזוי ווייטער.

דער אָנגעקלאָגטער איז געזעסען בײַ גאַנצע צייט מיט אַנאָפּען מויל, אויף וואָס דער פּראָקוראָר האָט געזאָגט, אַז ער „מאַכט זיך" ניט פערשטעהענדיג. ווען דער פאָרזיצענדער האָט אידם געפרעגט, וואָס ער האָט צו זאָגען געגען דער אָנקלאַגע, איז ער אויפגעשטאַנען פון אָרט און האָט געזאָגט אַ ביסעל בייז, אַ ביסעל צוטומעלט:

— אידר זענט שלעכטע מענשען, אָט וואָס איך האָב צו זאָגען! איך האָב קיין זאַך נישט געגנב'עט. איך האָב געפונען אויפ'ן וועג אַ צווייגעל מיט צוויי עפּעל, האָב איך זיי אויפגעהויבען און אויפגעגעסען, ווייל איך בין נישט פון די מענשען, וואָס עסען יעדען טאָג. ס'וואָלט מיר קיינמאָל נישט איינפאַלען, אַז אייבער אַזאַ קלייניגקייט וועל איך האָבען אַזוי פיעל אונאַנגענעהמליכקייטען. שוין דריי חדשים האַלט מען מיך אין טורמע און מען מאַטערט מיך, פרעגט וואָס?.. אַלע רייִדען געגען מיר און אַלע שרייען: „ענטפער!" וואָס זאָל איך ענטפערן? איך בין נישט קיין געלערנטער מענש, איך ווייס נישט, וואָס צו ענטפערן. איך האָב נישט געגנב'עט, איך האָב אויפגעהויבען פון דער ערד. אידר זאָגט: „זשאַן וואַלזשאַן, זשאַן מאַטיע". איך קען זיי נישט. פון וואַנען זאָל איך זיי קענען? דאָס מוזען זיין פּויערים, צי וואָס. אָט אידר זענט אַזעלכע קלוגע, אידר זאָגט מיר, וואו איך בין געבוירען געוואָרען, — און איך ווייס עס דוקא נישט. נישט יעדער מענש האָט אַ הויז, וואו געבוירען צו ווערען. איך זאָג דאָך אייך: איך האָב נישט געגנב'עט און איך הייס שאַנמאַטיע. אידר האָט זיך מיר שוין צוגעגעסען מיט אייערע נאַרישקייטען, ווי אַ ביטערע ציבעלע. און צו וועלכען שוואַרץ-יאָהר יאָגט אידר זיך נאָך מיר, אַזוי ווי די משוגעים?...

פון דער דאָזיגער „רעדע" זענען אַלע געבליבען זיצען פערבליפט. דער פּראָקוראָר אָבער איז בײַ זיך נישט פאַראָנטוואָרטליך אָבער איז בײַ זיך נישט צורעכט געקומען. ער האָט געבעטען, מען זאָל אַרייַנפיהרען די עדות: דרייַ קאַטאָרזשניקעס, וואָס האָבען דעם אָנגעקלאָגטען דערקענט.

— דער פּאָליציי-אינספּעקטאָר זשאַווער, —

האָט דער פאָרזיצענדער געזאָגט, — איז אַוועקגעפאָהרען, ווייל דינע פפליכטען האָבען איהם גערופען צוריק קיין מאָנטרעיל, אָבער פאַר'ן אַוועקפאָהרען האָט ער נאָכאַמאָל בעשטעטיגט, אַז דער אָנגעקלאָגטער איז זשאַן וואַלזשאַן, וועלכען דער עדות האָט געקענט, ווען ער איז געווען אויפזעהער אויף קאַטאָרגע אין טולאָן. די קאַטאָרזשניקעס ברעווע, קאָשפּאַל און שענילדיע וועלען גלייך אַריינגעפיהרט ווערען.

אין אַ מינוט אַרום האָבען זשאַנדאַרמען אַריינגעפיהרט אין זאַל די דריי דערמאָהנטע פּאַרשוינען.

אויף די פראַגע, צי קען ער דעם אָנגעקלאָגטען, האָט ברעווע געענטפערט:

— געוויס. דאָס איז זשאַן וואַלזשאַן, וואָס איז געקומען אויף די קאַטאָרגע אין טולאָן אין יאָהר 1796 און איז אַרויס אין 1815. איצט זעהט ער אויס טפּשוואַטע, מסתמא פון אַלטקייט, אָבער אויף קאַטאָרגע איז ער געווען אַ שאַרפער שעלמע. איך דערקען איהם גאַנץ גוט.

ווען מ'האָט געפרעגט ביי שענילדיען, האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט:

— אויב איך דערקען איהם? אַ שיינע פראַגע! מיר זיינען דאָך פינף יאָהר געווען געשמידט צו איין קייט! ביזט בייז אויף מיר, אַלטער?

דאָסזעלבע האָט בעשטעטיגט קאָשפּאַל.

צווישען עולם האָט זיך געלאָזט הערען אַ בייז געמורמעל געגען דעם אָנגעקלאָגטען. ער, ווידער, האָט געגלאָצט די אויגען אויף יעדען פון די עדות, און ווען זיי האָבען געענדיגט, האָט ער געזאָגט: „אויסגעצייכענט!"

— אָנגעקלאָגטער, — האָט דער פאָרזיצענדער געפרעגט, — וואָס זאָגט איהר איצט?

— איך האָב שוין געזאָגט: אויסגעצייכענט — האָט יענער געענטפערט.

פאַר אַלעמען איז קלאָר געוואָרען, אַז דער מענש איז אַ פערפאַלענער. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ שטים:

— ברעווע, שענילדיע, קאָשפּאַל, גיט נאָר אַ קוק אַהער!

די שטים איז געווען אַזוי שרעקליך, אַז ביי אַלעמען איז איבערגעלאָפען אַ קעלט איבער'ן לייב. פון הינטער דעם שטוהל פון פאָרזיצענדען האָט זיך אויסגעהויבען אַ מעכטיגע פיגור. אַלע האָבען אויסגעשריען:

— הערר מאַדלען!

---

## 26. זשאַן־וואַלזשאַן.

יאָ, דאָס איז געווען מאַדלען. זיינע גרויליכע האָר זיינען פאַר די קורצע צייט, וואָס ער איז געזעסען אין געריכט, געוואָרען ווייס. מענשען האָבען זייערע אויגען נישט געגלויבט: די שטים איז געווען אַזוי שרעקליך, און דער מענש אַזוי רוהיג, אַז אַ ווייל האָט מען געצווייפעלט, אויב די שטים איז ווירקליך זיינע געווען. ער איז צוגעגאַנגען צו די קאַטאָרזשניקעס און האָט געפרעגט:

— איהר דערקענט מיך נישט?

אַלע האָבען צוטומעלט געשאָקעלט מיט די קעפּ: ניין. קאָשפּאַל, אַ געוועזענער סאָלדאַט, האָט זאָגאַר אַ הויב געטהון די האַנד צום קאָפּ, האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז אָהן אַ היטעל און האָט צוטראָגען אַראָבגעלאָזען זיין האַנד צוריק.

מאַדלען האָט זיך געווענדעט צו די געשוואָרענע:

— הערען געשוואָרענע, הייסט בעפרייען דעם אָנגעקלאָגטען. זשאַן וואַלזשאַן בין איך.

אין זאַל איז געווען שטיל, ווי אין אַ קבר. עס האָט זיך געשפּירט דער רעליגיעזער שוידער, וואָס נעהמט אַרום אַן עולם מענשען יעדעס מאָל, ווען פאַר זיי אין די אויגען קומט פאָר עטוואָס גרויסעס.

דעם פאָרזיצענדער'ס פּנים האָט אויסגעדריקט טרויער און רחמנות. ער האָט אַ וואַנק געטהון צום פּראָקוראָר, דערנאָך האָט ער געזאָגט מיט אַ בעזונדערן טאָן:

— איז דאָ אין זאַל אפשר פאַראַן אַ דאָקטאָר?...

מאַדלען האָט אומגעקעהרט דעם קאָפּ און האָט רוהיג געזאָגט:

— איך דאַנק אייך, הער פאָרזיצענדער, אָבער גלויבט מיר, איך בין ניט משוגע. בצלה וועט איהר זיך הערין איבערציַיגען. איך בין זשאַן וואַלזשאַן. איך בין ביי אייך אין די הענד, איהר קאָנט מיך נעהמען. פונדעסטוועגען מוז איך זאָגען, אַז איך האָב זיך בעמיהט דאָס אויסצומיידען. איך האָב געוואָלט פערנעהמען אַ פּלאַץ צווישען אָרענטליכע מענשען. אָבער עס איז, אפנים, אונמעגליך. אַלץ איז ריכטיג: איך האָב בערויבט דעם קליינעם קאַטערינשטשיק, איך האָב בעגנבעט דעם בישאָף פון דין. ס'איז אמת, אַז זשאַן וואַלזשאַן איז געווען אַ שלעכטער, געפעהרליכער מענש. אָבער זעהר מעגליך, אַז נישט ער אַליין איז שולדיג געווען דערין. די קאַטאָרגע איז אַ שעדליכע זאַך. זי בעשאַפט קאַטאָרזשניקעס. יאָ. איך בין געווען אַן איינפאַכער פויער, זי האָט מיך געמאַכט פאַר אַ געפעהרליכען מענשען. שפּעטער האָט מיך גוטהערציגקייט געראַטעוועט, פּונקט ווי די שטרענגהייט האָט מיך אומגליקליך געמאַכט. מעהר האָב איך ניט וואָס צו זאָגען. אַ, איהר גלויבט מיר נישט?...

ער האָט זיך געווענדט צו די קאַטאָרזשניקעס:

— ברעוועט, איהר געדענקט...

ער האָט זיך אָבגעשטעלט אַ ווײַלע און דערנאָך געזאָגט:

— ברעוועט, דו געדענקסט די געשטריקטע, געקעסטעלטע הויזען-האַלטערס, וואָס דו האָסט געטראָגען אויף קאַטאָרגע?

ברעוועט האָט אַ ציטער געטהון און האָט איהם אָנגעקוקט מיט שרעק און איבעראַשונג.

— און דו, שעניילדיע, האַרפּסט האָבען ברען-צייכענס אויפ'ן רעכטען אַקסעל, ווייל דו האָסט אַמאָל געוואָלט אויסברענגען די דריי בוכשטאַבען, מיט וועלכע דו ביזט געשטעמפּעלט. איז דאָס אמת?

— אמת, — האָט שעניילדיע געזאָגט.

— און ביי דיר, קאָשפּאַל, זענען פאַראַן אויפ'ן לינקען אָרעם בלויע ציפער, אויסגעברענט מיט פּולווער. די ציפערן בעטייטען: 1-טער מערץ 1815. הויב-אויף דעם אַרבעל.

קאָשפּאַל האָט פערקאַשערט דעם אַרבעל. און אַלע האָבען דערזעהן די שוואַרצלעך-בלויע ציפער.

— גלויבט איהר שוין איצט, אַז איך בין זשאַן וואַלזשאַן, — האָט דער אומגליקליכער געזאָגט מיט אַ שמייכעל פון נצחון און האָפנונגסלאָזער פערצווייפלונג.

אַלע האָבען געשוויגען. יאָ, דאָס איז געווען זשאַן וואַלזשאַן, אָבער דעם עולם האָט זיך געדוכט, אַז אַ קרוין פון שטראַהלען רינגעלט אַרום דעם קאַטאָרזשניק'ס קאָפּ. שפּעטער האָבען אַלע אין דעם פערגעסען, אָבער אין דער מינוט איז דער מענש געווען ביי זיי אין די אויגען אַ הייליגער.

— איך וויל אייך מעהר נישט שטערען, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט, — און אַזוי ווי קיינער פערהאַלט מיך נישט, געה איך אַוועק. איהר ווייסט, ווער איך בין און וואו מען קאָן מיך געפינען.

ער האָט זיך געלאָזען געהן צו דער טהיר. קיינער האָט איהם נישט אָבגעשטעלט, קיין איינציגע האַנד האָט זיך נישט אויפגעהויבען איהם צו פערהאַלטען. מען האָט איהם געמאַכט אַ וועג, און עמיצער האָט געעפענט פאַר איהם די טהיר: מענשען, וואָס בעווייזען גרויסע מעשים, קאָנען שטענדיג ערוואַרטען ביידע זאַכען — אַ שטויס מיט אַ פוס און אַ האַנד זיי צו דינען.

אין אַ האַלבער שטונדע אַרום איז דער בעפרייטער שאַנמאַטיע אַרויסגעגאַנגען פון געריכטס-הויז. ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז אַט די אַלע מענשען זענען פון זינען אַראָב.

## 27. אין שפּיטאָל.

אומזיסט האָט פאַנטינע געוואַרט יענעם טאָג אויף מאַדלענ'ען אין דער געוועהנליכער צייט פון

זײַן בעזוך, דרײַ אַ זײגער בײַ־טאָג: ער איז נישט געקומען. די קראַנקע איז געוואָרען ווידער אונרוהיג און האָט יעדע מינוט געפרעגט בײַ דער באַרעמהערציגער שוועסטער, וואָס מאַדלען איז אַהינגעקומען, אָבער יענע האָט ניט געוואוסט, וואָס איהר צו ענטפערן. אַרום פינף דעם זײגער איז אַרײַנגעקומען די דינסט און האָט שטיל דערצעהלט דער „שוועסטער״, אַז הערר מאַדלען איז אַוועקגעפאָהרען אַלײן אויף אַ דראָשקע, און קײנער ווײסט נישט וואוהין. פאַנטינע האָט זיך פלוצים אויפגעזעצט אויפ׳ן בעט.

— איהר רעדט דאָרט וועגען הערר מער!— וואָס רעדט איהר אַזוי שטיל? וואָס איז מיט איהם? פאַרוואָס קומט ער נישט?

— בערוהיגט אײַך,— האָט די „שוועסטער״ געזאָגט.— פאַר אײַך איז שעדליך זיך אַזוי אויפצורעגען.

— אָבער פאַרוואָס קומט ער נישט?— האָט פאַנטינע זיך נישט געקאָנט בערוהיגען.— איהר מוזט מיר זאָגען, פאַרוואָס ער איז נישטאָ.

— דער הערר מער קאָן נישט קומען,— האָט די שוועסטער געזאָגט.

— פאַרוואָס?

די דינסט האָט אַ מורמעל געטהון דער „שוועסטער״ אין אויער: „זאָגט, אַז ער איז פערנומען מיט שטאָדט־זאַכען אין מוניציפאַל־ראַטה״.

די „שוועסטער״ איז רויט געוואָרען: די האָט אין איהר לעבען קײן ליגען נישט געזאָגט, אונטער קײנע אומשטענדען, און האָט עס איצט אויך ניט געקאָנט און ניט געוואָלט. פון דער צווייטער זײַט, וואָלט איצט געווען געפעהרליך צו זאָגען דער קראַנקער דעם אמת. פונדעסטוועגען האָט די אַ ווײַלע געשוויגען און דערנאָך אַרויסגעזאָגט מיט אַ פעסטער שטים:

— דער הערר מער איז אַוועקגעפאָהרען.

— אַוועקגעפאָהרען!— האָט פאַנטינע אויסגעשריען מיט פרייד.— דאָס איז ער געפאָהרען נאָך מײַן מײדעלע!...

און איהרע אויגען האָבען אָנגעהויבען שײַנען, ווי צווײ שטערען. די „שוועסטער״ האָט מיט רעספּעקט און צערטליכקייט געקוקט אויף די אומגליקליכע מוטער. „ווער ווייסט,— האָט די געטראַכט,— אפשר איז ער טאַקע געפאָהרען ברינגען איהר קינד״.

פאַנטינען איז פיעל בעסער געוואָרען. די האָפנונג צו זעהן אין גיכען איהר קינד האָט איהר צוגעגעבען קרעפטען.

די נאַכט איז פאַריבער און עס האָט אָנגעהויבען צו טאָגען. די „שוועסטער״ איז געשטאַנען אין אַפטײק פון שפּיטאָל און האָט פאַרבערײטעט אַ געטראַנק פאַר פאַנטינען. פלוצים האָט די דערפיהלט, אַז נאָך עמיצער איז פאַרהאַן דערנעבען. זי האָט אויפגעקעהרט דעם קאָפּ און האָט אויפגעשריען.

— הערר מער.

אין טהיר איז געשטאַנען מאַדלען.

— וואָס מאַכט פאַנטינע?— האָט ער שטיל געפרעגט.

— פריהער איז איהר געווען זעהר שלעכט, נאָר איצט האָט זי זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ, אַז איהר זענט געפאָהרען נאָך איהר קינד, איז איהר בעסער געוואָרען.

אויף זײַן געזיכט האָט די געזעהן, אַז ער איז געווען נישט אין מאָנטרעיל, אָבער פרעגען איהם האָט זי נישט געוואַגט.

— איהר האָט גוט געטהון,— וואָס איהר האָט עס נישט אָבגעלייקענט.

— יאָ,— האָט די „שוועסטער״ געענטפערט,— וואָס אָבער וועלען מיר איצט זאָגען, ווען איהר זענט שוין דאָ צוריק אָהן דעם קינד?

— מיר׳ן שוין עפּיס צו־קלערען.

— מיטאָר אָבער קײן ליגען נישט זאָגען,— האָט די שוועסטער אַרויסגעמורמעלט.

פלוצים האָט די אויסגעשריען:

— אײַך, מײַן גאָט! הערר מער, וואָס איז מיט אײַך? אײַערע האָהר זענען דאָך אינגאַנצען ווײַס געוואָרען!

— ווײַס געוואָרען?— האָט ער איבערגעפרעגט.

ער האָט געוואָרפען אַ קוק אין דאָס שפּיגעלע, וואָס איז געשטאַנען דערנעבען.

— טאַקע אמת,— האָט ער גלײַכגילטיג געזאָגט.

די „שוועסטער״ האָט געשוויגען, אָבער

דאָס האַרץ אין איהר איז פערקיהלט געוואָרען פון שרעק: זי האָט פערשטאַנען, אַז עפּעס אַן אומגליק איז געשעהן.

— איך געה צו פאַנטינען, — האָט מאַדלען געזאָגט. — נישט גוט אפילו צו בעוויזען זיך פאַר איהר אָהן דעם קינד, אָבער איך מוז זי איצט זעהן, דען וועה ווייסט, וואָס עס קאָן געשעהן.

שוין עטליכע מינוט איז ער געשטאַנען נעבען פאַנטינעס בעט און האָט געקוקט אויף איהר. זי איז געשלאָפען רוהיג, מיט אַ גליקליכען שמייכעל אויף די ליפּען. פּלוצים האָט זי געעפענט די אויגען, האָט איהם דערזעהן און האָט געפרעגט:

— און וואו איז קאָזעטע?

זי האָט עס געפרעגט מיט אַ טאָן, וואָס האָט געצייגט, אַז זי איז זיכער, אַז דאָס קינד איז דאָ. מאַדלען האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. זי האָט ווייטער גערעדט:

— אין שלאָף האָב איך געפיהלט, אַז איהר זענט דאָ. איך האָב אייך געזעהן. איך האָב אייך געזעהן אַ גאַנצע נאַכט, און שטראַהלען האָבען געפונקעלט אַרום אייער קאָפּ... אָבער פאַרוואָס ברענגט איהר ניט אַריין קאָזעטע אַהער?

אין דער מינוט איז אַריינגעקומען דער דאָקטאָר.

— בערוהיגט אייך, — האָט ער געזאָגט, — אייער קינד איז דאָ, אָבער איהר האָט היינט אין טאָרט זיך איצט נישט אויפרעגען. אַ ביסעל שפּעטער וועט מען זי אייך אַריינברינגען.

פאַנטינע האָט אָנגעהויבען פערזיכערן, אַז זי איז רוהיג, גאָר רוהיג, אָבער דער דאָקטאָר האָט זיך געהאַלטען ביי דאָס זייניגע, אַז פריהער מוז זי זיך בערוהיגען. דערנאָך איז ער אַוועקגעגאַנגען, און אין צימער איז געבליבען בלויז מאַדלען און די „שוועסטער".

מיט אַמאָל האָט פאַנטינע אויסגערופען:

— אוי, איך הער איהר שטים!..

אין הויף האָט זיך געשפּיעלט עפּעס אַ קינד, האָט געלאַכט און הויך געקווישעט. פאַנטינע איז געווען זיכער, אַז דאָס איז איהר קאָזעטע.

— אַך, וואָס פאַר אַ שלעכטער דער דאָקטאָר איז! מיט איין אויג האָטש וואָלט איך וועלען אויף איהר אַ קוק טהון.

איהר פּנים האָט זיך פערוואָלקענט. דערנאָך איז עס ווידער היטער געוואָרען, און מאַדלען האָט געהערט, ווי זי האָט גערעדט צו זיך:

— ווי גליקליך מיר וועלען זיין! די ערשטע זאַך, וועלען מיר האָבען אַ קליין גערטיל! דער הערר מאַדלען האָט עס מיר פערשפּראָכען. מיין טעכטערל וועט זיך שפּיעלען אין גערטיל. איצט מוז זי שוין וויסען אַלע בוכשטאַבען, וועט זי אין גיכען אָנהויבען צו לעזען. לאָמיר נור זעהן, ווי אַלט איז זי שוין איצט? איינס, צוויי, דריי... פינף... זיעבען, — יאָ, זיעבען יאָהר איז די שוין אַלט...

מאַדלען איז געזעסען און האָט זיך צוגעהערט צו איהרע ווערטער, מיט פערזונקען אין געדאַנקען. פּלוצים האָט זי אויפגעהערט צו רייד־דען, און ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ קוק געטהון אויף איהר.

פאַנטינע האָט אויסגעזעהן שרעקליך. זי האָט געשוויגען און קוים געאָטהעמט. זי האָט זיך האַלב אויפגעזעצט אויפ'ן בעט. איהר פּנים, וואָס האָט מיט אַ מינוט צוריק געשיינט פון גליק, איז איצט געווען בלאַס און אויסגעצויגען, ווי ביי אַ טויטען. זי האָט אָנגעשטעלט איהר בליק, קענטיג, אויף עפּעס זעהר אַ שרעקליכעס זאַך אויפ'ן צווייטען עק פון צימער. פון פּחד זענען איהרע אויגען געוואָרען ברייטער און גרעסער.

— פאַנטינע, פאַנטינע! וואָס איז אייך געשעהן? — האָט מאַדלען אויסגעשריען.

זי האָט נישט געענטפערט און האָט אַלץ איהר אויג נישט אַראָפּגענומען פון דער שרעקליכער זאַך, וואָס האָט צוגעשמידט צו זיך איהר בליק. מיט דער האַנד בלויז האָט זי איהם אָנגעוויזען, ער זאָל זיך אויסקערעווען.

ער האָט אומגעקערט דעם קאָפּ און האָט דערזעהן — זשאַוערן.

## 28. בײם טױטען בעט.

פּאַנטינע האָט נימי געזעהן זשאַהגרין, דינט מאַדלען האָט זי אַרויסגעראַטעוועט פון זײַנע הענד. ווען זי האָט איהם פּלוצים דערזעהן אויף דער שוועל פון צימער, איז זי אַ מינוט געלעגען שטום און פערהליווערט פון שרעק. דערנאָך האָט זי אויסגעשריען מיט אַ שטים פון פערצווייפלונג:

— הערר מאַדלען, ראַטעוועט מיך!

זשאַן וואַלזשאַן איז אויפגעשטאַנען פון פּלאַץ און האָט מיט אַ מילדער שטים געזאָגט צו פּאַנטינען:

— זייט רוהיג. ער איז געקומען נישט נאָך אייך.

זשאַווער האָט געענטפערט:

— קום גיכער!

די דאָזיגע צוויי ווערטער האָבען אָבגעקלונגען ווילד און אכזריות'דיג. ער האָט געזאָגט נישט „קום גיכער", נאָר עפּיס ווי צוזאַמענגעגאָבען די פראַגע אין איין אומגעלומפּערט וואָרט: „קומגיכער", און אַרויסגעקומען איז עס בײַ איהם ווי אַ בריל פון אַ הונגעריגער חיה.

זשאַווער האָט נישט געהאַנדעלט ווי געוועהנליך: ער האָט קיין ערקלערונג נישט געגעבען, נישט געוויזען אפילו קיין בעפעהל וועגען אַרעסט. ער האָט זיך נישט גערירט פונ'ם פּלאַץ, וואו ער איז געשטאַנען, ער האָט נור געוואָרפען אויף זשאַן וואַלזשאַנען אַ בליק, און פונ'ם דאָזיגען בליק איז פּאַנטינען קאַלט געוואָרען. זי האָט פערמאַכט די אויגען.

דערנאָך האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט בײַ איהר אין מח: דער הערר מער איז דאָ דערנעבען,—וואָס האָט זי דאָ וואָס מורא צו האָבען?

זשאַווער איז אַריינגעגאַנגען אויף די מיט פון צימער און האָט אויסגערופען:

— הכלל, דו געהסט שוין אַמאָל, צי ניין?

פּאַנטינע האָט געעפענט די אויגען. אין צימער, אויסער איהר, האָבען זיך געפונען בלויז דער הערר מער און די באַרעמהערציגע שוועסטער. צו וועמען זשע איז געווענדעט דער „דו"? נאַטירליך, צו איהר. פּלוצים האָט זי דערזעהן עפּיס אַזוינס, וואָס איז וואַרשיינליך געווען אַ חלום, אַ שרעקליכער חלום: זשאַווער האָט געחאַפּט דעם הערר מער פאַר'ן קאָלנער; זי האָט געזעהן, אַז דער הערר מער האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ. נישט אַנדערש — די וועלט געהט אונטער.

— הערר מער! — האָט זי אויסגעשריען.

זשאַווער האָט אַרויסגעלאָזען אַ שרעקליך געלעכטער.

— וואָסער מער! נישטאָ דאָ קיין מער!

זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך נישט געוועהרט. ער האָט נאָר געזאָגט:

— זשאַווער...

זשאַווער האָט איהם איבערגעשלאָגען די רייד:

— רוף מיך „הערר אינספּעקטאָר".

— מיין הערר,—האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט,—איך דאַרף אייך זאָגען אַ פּאָר ווערטער אונטער פיער אויגען.

— העכער! רייד העכער!—האָט זשאַווער געענטפערט.— מיט מיר רעדען אַלע הויך.

זשאַן וואַלזשאַן האָט ווייטער שטיל גערעדט:

— איך האָב צו אייך אַ ביטע...

— העכער, זאָג איך דיר!

— קיינער דאַרף גאָר אָבער נישט הערען, אויסער אייך...

— וואָס גערעדט עס מיך אָן! איך הער נישט!

זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך איינגעבויגען און אַרויסגערעדט שטיל און געשווינד:

— גיט מיר דריי טאָג צייט! דריי טאָג צייט צו ברײנגען דאָס קינד פון דער דאָזיגער פרוי. אויב איהר ווילט, קאָנט איהר מיטפאָהרען מיט מיר.

— דו מאַכסט פון מיר חוזק, צום שוואַרצען יאָהר, צי וואָס?!—האָט זשאַווער אויסגעשריען. — בעטסט בײַ מיר דריי טאָג צייט, כלומר'שט צו ברײנגען דער מיידס ממזר, וואָלסט קאָנען דערווייל אַנטלויפען! פאַר אַזאַ נאַר האַלטסטו מיך דאָס?

פאנטינע האט אויפגעציטערט פון קאפ ביז די פיס.

— מיין קינד! פארגעסן נאך מיין קינד! הערסט עס—מיין מיידעלע איז דאָ נישטאָ! וואו איז קאזעטע? איך וויל זי זעהן! איך וויל זי גלייך זעהן! הערה מער!..

זשאווער איז ארויס פון די כלים.

— ווער אנשטויסט די מויל... דו... דו...? דו...—האט זשאווער אויסגעשריען.

— טי אלאנה, וואו קאטארזשניקעס פערנעהמען היינטע שטעלעס און גאסען-מיידלעך היט מען אָב ווי גראַפינעס! אבער א סוף זאל עס נעהמען, גענוג!..

ער האט נאך פעסטער אנגענומען זשאן וואלזשאנ'ען ביים קאלנער, האט א שארפען קוק געטהון אויף פאנטינען און האט געזאגט:

— נישטאָ דאָ, זאג איך דיר, קיין הערר מארלען און קיין הערר מער. דאס איז א גנב, א רויבער, א קאטארזשניק מיט'ן נאמען זשאן וואלזשאן. פערשטעהסט?

פאנטינע איז אויפגעשפרונגען פון בעט. זי האט א קוק געטהון אויף זשאן וואלזשאנ'ען, אויף די בארמהערציגע שוועסטער, האט געוואלט עפיס זאגען, אבער פון האלז ביי איהר האט זיך ארויסגעריסען א הוסט מיט א חריפ. דערנאך איז זי געפאלען צוריק אויף די קישענס, דאס מויל האט זיך געעפענט, די אויגען האבען זיך אויסגעלאשען.

פאנטינע איז געשטארבען.

זשאן וואלזשאן האט לייכט געעפענט זשאווערס האנד, ווי די האנד פון א קינד, האט זי אראפגעווארפען פון זיין אקסעל און האט געזאגט:

— איהר האט זי געטויט!

— א סוף זאל עס נעהמען!—האט זשאווער מיט כעס אויסגעשריען.—איך בין נים געקומען אהער צו הערען מוסר. קום שוין, די זשאנדארמען ווארטען אויף דער גאס.

אין צימער איז געשטאנען אן אייזערן בעטיל, אויף וועלכען די „שוועסטער" פלעגט שלאפען, אום צו זיין ביי-נאכט נאהנט נעבען פאנטינען. זשאן וואלזשאן איז צוגעגאנגען צום בעטיל, האט אין איין אויגענבליק אויסגעריסען פון דעם אנאייזערנע פרענטע און האט א קוק געטהון אויף זשאווער'ן. זשאווער איז אבגעשפרונגען צו דער טהיר. זשאן וואלזשאן איז צוגעגאנגען צו פאנטינעס בעטיל מיט'ן שטיק אייזען אין די הענד. דארט האט ער זיך אומגעדרעהט צו זשאווער און האט שטיל געזאגט:

— מיין עצה איז, איהר זאלט מיר אין דער מינוט נים שטערען.

ווי שטיל דאס איז געזאגט געווארען, האט עס דאך זשאווער'ן א שרעקער געטהון. ער האט געוואלט א קלער געטהון צו געהן רופען די זשאנדארמען, אבער זשאן וואלזשאן וואלט דערווייל קאנען אנטלויפען.. זשאווער איז דעריבער געבליבען שטעהן אין טהיר, מיט זיין שטעקען אין האנד, און האט געקוקט אויף זיין ארעסטאנט.

זשאן וואלזשאן האט א לאנגע צייט געקוקט אויף פאנטינעס געזיכט. דערנאך האט ער זיך איינגעבויגען און — האט אנגעהויבען עפיס ריידען צו איהר אין דער שטיל. וואס האט ער איהר געזאגט? האט ער זי געטרייסט פאר איהר צוברעכען לעבען? האט ער איהר עפיס א פערשפרעכען געגעבען?—דאס וועלען מיר זיך דערוויסען שפעטער.

דערנאך האט ער זיך אויסגעגלייכט און געזאגט צו זשאווער'ן:

— איצט בין איך ביי אייך אין די הענד.

---

## 29. דער ערשטער ליגען.

זשאווער האט אבגעפיהרט זשאן וואלזשאנ'ען אין די שטאדט-טורמע.

אין שטאדט האט דער ארעסט אנגעמאכט א גרויסען רויש, א גאנצען שטורם. די ווערטער „געוועזענער קאטארזשניק" האבען געווירקט ווי א כשוף, און אין צוויי שטונדען האט מען פערגעסען אלץ, וואס ער האט געטהון פאר די שטאדט. נאטירליך, האבען זיך געפונען חכמים, וואס האבען „פריהער געוואוסט", אז מיט דעם מענשען איז עפיס נים גלאטיג: „עפיס צו-א גוטינקער איז ער מיר געוועזען"...

טריי זענען איהם געבליבען נור די מאדמ-

הערציגע שוועסטער און די אַלטע, וואָס האָט ביי איהם געדיענט. די דיענסט איז אַרומגעגאַנגען דעם גאַנצען טאָג ווי אָהן אַ קאָפּ, און אין אָווענד, צו דער צייט, ווען מאַהל׳ען פלעגט געוועהנליך קומען אַהיים, האָט זי אויפגעהאַנגען אויף אַ טשוועקעל דעם שליסעל פון דער טהיר אין איהר שטיבעלע ביים פענסטער און אַוועקגעשטעלט דאָס לייכטערל מיט אַ ליכטעל. דאָס אַלץ האָט זי געטהון מאַשינאַל, אויס געוואוהנהייט, און דערנאָך ערשט האָט זי זיך געהאַפּט:

— אַך, מיין גאָט! און איך האָב דאָס אָנגעגרייט דעם שליסעל פאַר איהם...

אין דער מינוט האָט זיך דאָס פענסטערל געעפענט און אַ האַנד האָט זיך אַריינגעשטעקט און גענומען דעם שליסעל מיט׳ן לייכטערל. די דיענסט איז געבליבען ווי פערשטיינערט: זי האָט גוט געקענט די האָריגע האַנד. די טהיר האָט זיך געעפענט, און זשאַן וואַלזשאַן איז אַריינגעקומען.

— הער מער,—האָט זי אויסגעשריען,— דאָס זענט איהר! און איך האָב געמיינט, אַז איהר זענט...

זי האָט פּלוצים אָבגעהאַקט.

— אין טורמע,—האָט ער פערענדיגט פאַר איהר.—יאָ, איך בין טאַקע געווען דאָרטען, איך האָב אָבער אויסגעבראָכען די גראַטעס פון פענסטער און בין אַרויס. איך געה צו זיך אין צימער. זייט אַזוי גוט, שיקט מיר אַריין די באַרמהערציגע שוועסטער.

ער האָט איהר קיין זאַך ניט אָנגעזאָגט, ער האָט געוואוסט, אַז זי וועט איהם היטען, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

ביי זיך אין צימער האָט ער אויסגעזוכט עפּיס אַנ׳אַלטען מטבע און האָט זי אַוועקגעלעגט אויפ׳ן טיש מיט אַ קוויטעלע: „דאָס איז די 40 סו, וואָס איך האָב אַוועקגערויבט ביי דעם קאָמערשטשיק זשערוועי". דערנאָך האָט ער פערוויקעלט אין אַ העמד דעם בישאָפ׳ס צוויי לייכטער און דערביי האָט ער צוגעביסען פון אַ שוואַרצען שטיק ברויט, וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך פון טורמע.

מ׳האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר.

— אַריין!—האָט ער געזאָגט.

די „שוועסטער" איז אַריינגעקומען.

זי איז געווען בלאַס, די אויגען ה׳ט און די הענד האָבען געציטערט.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אָנגעשריבען אויף אַ פּאַפּירל עטליכע ווערטער און האָט עס דערלאַנגט צו דער „שוועסטער" מיט די ווערטער:

— איהר וועט זיין אַזוי גוט דאָס איבערגעבען דעם גלח פון דער שטאָדט.

זי האָט געוואָרפען אַ בליק אויף דאָס צעטעלע.

— איהר קאָנט עס לעזען,—האָט ער געזאָגט.

אין צעטעלע איז געשטאַנען: „איך בעט דעם העררן פּריסטער, מ׳זאָל אויף מיין חשבון מקבר זיין די פּרוי, וואָס איז דאָ היינט געשטאָרבען, און מיין גאַנץ פערמעגען אַוועקגעבען אויף אָרימע-לייט".

די „שוועסטער" האָט געוואָלט עפּיס זאָגען, אָבער זי האָט נישט געקאָנט. ענדליך האָט זי זיך געשטאַרקט און אַרויסגערעדט:

— דער העררר מער וועט אפשר וואַרפען נאָך אַ בליק אויף די פערשטאָרבענע?

— ניין,—האָט ער געענטפערט,—מען יאָגט מיך נאָך, מ׳קאָן מיך נאָך אַרעסטירען אין איהר צימער און שטערען איהר רוה.

קוים האָט ער אַרויסגערעדט די עטליכע ווערטער, האָט מען דערהערט אַ גערויש אויף די טרעפּ. עס האָבען געהילכט שווערע טריט, און די דיענסט האָט געשריען הויך און שניידענד:

— מיין גוטער האַר, איך שווער אייך ביי גאָט, אַז קיינער איז אַהער ניט אַריינגעגאַנגען דעם גאַנצען טאָג און דעם גאַנצען אָווענד, איך האָב דאָ געוואַכט פון פריה-מאָרגען אָן...

— אָבער וואָס איז עפּיס ליכטיג דאָרט אין צימער?—האָט אַ מענער-שטים געפרעגט

דאָס איז געווען זשאַוועריס שטים.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אויסגעלאָשען איינס פון די ליכט און האָט זיך אַוועקגעשטעלט הינטער דער טהיר. די „שוועסטער" האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניה.

די טהיר האָט זיך געעפענט. אין צימער

איז געווען האַלב-טונקעל, און דערזעהענדיג די שוועסטער, וואָס איז געשטאַנען אויף די קניה אין האָט גאָט געבעטען, איז זשאַווער געבליבען שטעהן, נישט וויסענדיג וואָס צו טוהן.

זשאַווער איז געווען שטרענג רעליגיעז. דער אויטאָריטעט פון דער קירך איז ביי איהם געווען העכער פון אַלעם און איהרע דיענער—הייליגע מענשען. דעריבער, דערזעהענדיג די „שוועסטער" ביי דער תפלה, האָט ער גלייך געוואָלט אַוועקגעהן. ער האָט אָבער געדאַכט נאָך אַנאַנדער פּפליכט און האָט זיך דעריבער דערוועגט צו שטעלען אַ פראַגע. ער האָט געוואוסט, אַז די שוועסטער האָט קיינמאָל אין איהר לעבען קיין ליגען ניט געזאָגט.

— שוועסטער,—האָט ער געפרעגט,—איהר זענט איינע אַליין דאָ אין צימער?

עס איז געווען אַ שרעקליכע מינוט. די דיענסט איז שיער ניט געפאַלען אין חלשות.

די שוועסטער האָט אויפגעהויבען די אויגען און האָט געזאָגט:

— יאָ.

— ווי באַלד אַזוי, ענטשולדיגט מיר, וואָס איך האָב אייך געשטערט, אָבער איהר ווייסט דאָך—דאָס איז מיין פפליכט. מיר זוכען דאָ אַ געוויסען זשאַן וואַלזשאַן, ער איז אַנטלאָפען פון טורמע,—האָט איהר איהם נישט געזעהן?

— ניין,—האָט די שוועסטער געענטפערט.

די האָט געליגט, צוויי מאָל געליגט, איינס נאָכ'ן אַנדערן, לייכט און שנעל—און דאָס איז געווען צום ערשטען און צום לעצטען מאָל אין איהר לעבען.

— ענטשולדיגט,—האָט זשאַווער געזאָגט.

ער האָט זיך טיעף פערנייגט און איז אַרויס פון צימער.

אין אַ שטונדע אַרום איז אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט אַ מענש אַרויסגעגאַנגען פון מאָנטרעיל. ער האָט געטראָגען אַן אַלטע אַרבייטער-בלוזע און אונטערן אָרעם — אַ קליין פּעקעלע. ער איז געגאַנגען איבער'ן וועג קיין פּאַריז,—געגאַנגען לאַנגזאַם, פערטראַכט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. דערנאָך האָט ער אויסגעגלייכט דעם רוקען, אויפגעהויבען דעם קאָפּ און הויך געזאָגט צו זיך אַליין:

— איצט דאַרף מען זעהן מקיים צו זיין די שבועה...

און מיט פעסטע טריט האָט ער גענומען שפּאַנען ווייטער איבער'ן שאָסיי.

ענדע פון ערשטען טייל.

## צווייטער טייל.

I

### 1-דער אַרעסטאַנט נומער 9430.

מיט פינף מאָנאַטען שפּעטער איז אין אַ פּאַריזער צייטונג אָבגעדרוקט געוואָרען פאָלגענדער אַרטיקעל:

„דאָס לעבען און דער טויט פון אַ בעריהמטען פערברעכער.

אַן אויסערגעוועהנליכע געשיכטע איז פאָרגעקומען אין איינער פון אונזערע פּראָווינצען, — אַ געשיכטע, וואָס האָט זיך די טעג געענדיגט מיט'ן טויט פון דעם הויפּט-העלד.

אַ געוויסער מאַדלען האָט מיט איינינע יאָהר צוריק שטאַרק אויפגעהויבען די פאַבריקאַציע פון שוואַרצע גלאָז-קרעלען אין דער שטאָדט מאָנטרעיל, און אַדאַנק איהם, האָט די שטאָדט, די אויף די גאַנצע אומגעגענד, אויפגעבליהט. אויס דאַנקבאַרקייט האָט מען איהם אויסגעקליבען פאַר מער פון דער הערמאָהנטער שטאָדט. מיט אַמאָל האָט די פּאָליציי אויסגעפינען, אַז דער הויטווידיגער מער איז גאָר אַ געוועזענער קאַטאָרזשניק, מיט'ן נאָמען זשאַן וואַלזשאַן, וואָס איז נאָך דער בעפרייאונג פון קאַטאָרגע ווידער בעגאַנגען אַ גאַנצע רייה פערברעכענס. ווען מען האָט דעם האָוזיגען בהור אַרעסטירט, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט געהאַט אַ געליעבטע, איינע פון די מאָנטרעילער גאַסען-פרויען. אויף וועלכע דער אַרעסט פון איהר געליעבטען האָט געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז זי איז גלייך געשטאָרבען. דעם אַרעסטירטען האָט מען אָבגעפיהרט אין די אָרטיגע טורמע, אָבער דער וועהגער קאַטאָרזשניק איז געוועזען אַן אמת'ער גבור, האָט ער דערזעלבען טאָג אויסגעבראָכען די פענסטער-גראַטעס פון דער טורמע און איז אַנטלאָפען.

באַלד דערנאָך האָט מען זיך דערוואוסט, אַז זשאַן וואַלזשאַן האָט אַרויסגענומען פון לאַפיט'ס באַנק אין פּאַריז אַ סומע פון זעקס ביז זיעבען הונדערט טויזענד פראַנק, וואָס איז דאָרטען געלעגען אויף זיין פאַלשען נאָמען מאַדלען. מען האָט אַרויסגעשיקט געהיים-אַגענטען, און זיי איז געלונגען איהם ווידער צו פאַקען נעבען דעם דאָרף מאָנפערמעל, אָבער קיין געלד האָט מען שוין ביי איהם נישט געפונען, און ביז היינטיגען טאָג ווייסט מען נישט, וואו די גרויסע סומע איז אַהינגעקומען.

אויפ'ן פּראָצעס האָט זשאַן וואַלזשאַן נישט געוואָלט זיך פערטיידיגען, און דעם פּראָקוראָר איז געלונגען פעסטצושטעלען, אַז דער פערברעכער האָט אָנגעהערט צו אַ גאַנצער באַנדע רויבער, וואָס האָט „געאַרבייט" אין דרום-פראַנקרייך. דאָס געריכט האָט איהם פערמשפּט צום טויט, אָבער האָטש זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך ענטזאַגט צו אַפּעלירען, האָט איהם דער קעניג פונדעסטוועגען בעגנעדיגט און פערביטען זיין שטראָף אויף לעבענס-לענגליכע קאַטאָרגע. זשאַן וואַלזשאַן איז אַריבערגעפיהרט געוואָרען אין טולאָנער טורמע און האָט געקראָגען די נומער 9430.

אָבער הערמיט האָט זיך נאָך די געשיכטע נישט געענדיגט.

אַנ'ערך פיער מאָנאַטען האָט זשאַן וואַלזשאַן אָבגעאַרבייט אין טולאָנער טורמע פאַר קאַטאָרזשניקעס, האָט זיך אויפגעפיהרט זעהר שטיל און אַנשטענדיג, און די טורמע-אויפזעהער זיינען געוועזען פון איהם צופריעדען. און פּלוצים האָט געטראָפען אַ סבה, וואָס איהר סוף האָבען נישט ערוואַרטעט נישט די בעאַמטע, נישט וואַהרשיינליך דער פערברעכער אַליין.

מיט עטליכע טעג צוריק איז אין טולאָנער האַפען אַריינגעקומען אונזער מיליטער-שיף „אָריאָן", נאָך אַ שרעקליכען שטורם, וואָס איהם איז אויסגעקומען אויסצוהאַלטען אויפ'ן ים. דאָס שיף איז געוועזען שטאַרק צושעדיגט, און די אַדמיניסטראַציע האָט גלייך קאָמאַנדירט אַהין אַ גרופּע קאַטאָרזשניקעס צו-הילף ביים ריינינגען און פעררעכטען דאָס שיף. צווישען די קאַטאָרזשני-

קעם האָט זיך געפונען אויף דער אַרעסטאַנט נומער 9430, וואָס האָט אַמאָל געטראָגען דעם נאָמען זשאַן וואַלזשאַן.

פּלוצים האָט אַ שרעקליך געשריי דורכגעשניטען די לופט: אַ מאַטראָס, וואָס האָט געאַרבייט אויפן סאַמע שפּיץ פון איינעם פון די מאַסט־בוימער, האָט פאַרלאָרען דאָס גלייכגעוויכט, האָט זיך אַ שאָקעל געטאָן און אין אַ סעקונדע אַרום איז ער שוין געפלויגען אַראָב. צום גליק, האָט ער זיך נישט פאַרלאָרען און פאַלענדיג האָט ער זיך אָנגעכאַפּט מיט איין האַנד פאַר אַ שטריק, וואָס איז געווען צוגעבונדען צו איינער פון די זייטיגע פּלאַנקעס. דער מאַטראָס האָט זיך געוויעגט אין דער הויך, און ווייט אונטער איהם האָט געשוימט דער ים און געוואַרט אויף זיין קרבן...

קומען צו־הילף דעם אומגליקליכען מאַטראָס האָט קיינער זיך נישט דערוועגט: דאָס וואָלט געהייסען זיך אַליין שטעלען אין אַ גרויסע סכנה. פונים ברעג האָט מען געזעהן, ווי דער אומגליקליכער, וואָס איז מיעד געוואָרען צו הענגען אויף די הענד, האָט זיך געדרעהט און געקנייטשט מיטן גאַנצען קערפּער, אָנגעשטרענגענדיג זיינע לעצטע קרעפטען. פיעל מענשען האָבען זיך אָבגעקעהרט אָדער פאַרמאַכט די אויגען, נישט קאָנענדיג צו־זעהן דעם שרעקליכען טויט, וואָס האָט געמוזט אָנקומען יעדע סעקונדע. נאָר ווען אַלע האָבען שוין פאַרלאָרען די לעצטע האָפנונג, האָט מען פּלוצים דערזעהן אַ מענשען, קלעטערנדיג שנעל און געשיקט, ווי אַ קאַץ, אַרויף איבער אַ שטריק, וואָס איז געהאַנגען דערנעבען. דער ווינד האָט אַראָבגעריסען דעם מענשענ'ס היטעל, און אַלע האָבען דערזעהן דעם גרויען קאָפּ פון אַן אַלטען מאַן.

דאָס איז געווען דער קאַטאָרזשניק נומער 9430. ער האָט זיך געווענדעט צום אָפיציר מיט אַ ביטע, יענער זאָל איהם ערלויבען צו פּרובירען ראַטעווען דעם מאַטראָס, און גלייך ווי ער האָט אַזאַ ערלויבניש געקראָגען, האָט ער אַ זעץ געטאָן מיט אַ האַמער איבער דער קייט, צו

וועלכער זיינער אַ פוס איז געווען צוגעשמידעט, און די קייט האָט זיך צובראָכען, ווי אַ שטיקעל גלאָז. דערנאָך האָט ער געכאַפּט אַ שטריק מיט זיך און האָט גענומען קלעטערן אַרויף.

ער האָט אַרויפגעקלעטערט אויפן מאַסט־בוים העכער פון דעם פּלאַץ, וואו דער מאַטראָס איז געהאַנגען, האָט צוגעבונדען די שטריק צו אַ פעסטער אויבערשטער פּלאַנקע און האָט זיך איבער דער דאָזיגער שטריק לאַנגזאַם אַראָבגעלאָזען צום הענגענדיגען מאַטראָס. און עס איז געווען די ריכטיגע צייט: ביים אומגליקליכען זענען שוין אויסגעגאַנגען די כחות, און אַ מינוט שפּעטער וואָלט שוין נישט געווען וועמען צו ראַטעווען. דער קאַטאָרזשניק האָט איהם פעסט צוגעבונדען צו זיין שטריק און דערנאָך האָט ער זיך צוזאַמען מיט איהם גענומען הויבען אַרויף צו דער אויבערשטער פּלאַנקע. דאָרט האָט ער איהם גענומען אויף די הענד, ווי אַ קינד, און האָט איהם צוגעטראָגען צום מאַסט־בוים.

איצט זענען שוין די איבעריגע מאַטראָסען צוגעלאָפען צום מאַסט־בוים, און דער קאַטאָרזשניק האָט אַראָבגעלאָזען דעם געראַטעוועטען און פאַרחלשטען מאַטראָס צו זיי אויף די הענד.

דער גאַנצער עולם אַרום אויפן שיף און אויפן ברעג האָט געוויינט פאַר שמחה, און פיעל שטימען האָבען געשריען מיט עפּיס אַ כאָרט רירענדען צאָרן: „באַגנאַדיגען! זאָל מען דעם קאַטאָרזשניק באַגנאַדיגען!"

דערווייל האָט דער קאַטאָרזשניק גענומען זיך אַראָבלאָזען אויפן שיפס־דעק, אָבער ער האָט אויסגעקליבען אַ קירצערן וועג, אויף דער אַנדערער זייט, נעהנטער צום ברעג פון שיף. און פּלוצים האָט ער זיך אַ שאָקעל געטאָן... ביי אַלעמען האָט פערהאַפּט דער אָטעם. אין אַ סעקונדע אַרום איז ער שווער אַראָבגעפאַלען אין וואַסער צווישען צוויי שיפען און איז אונטערגעגאַנגען, ווי אַ שטיין. מען האָט אפילו זיין קערפּער נישט געפונען...

ערשט שפּעטער האָט מען זיך געכאַפּט, אַז די קייט, וועלכע ער האָט אַזוי לייכט צו־

בראָכען, איז געוועזען שטאַרק אונטערגעפּילט,— אַ סימן, אַז זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך געקליבען ווידער צו אַנטלויפען, אָבער דער אונערוואַרטעטער טויט האָט איהם דערין געשטערט. אַזוי אַרום איז פערשוואונדען פון טולאָנער קאַטאָרגע דער אַרעסטאַנט נומער 9430".

ווי דער לעזער ווייסט שוין פון די ערשטע טייל פון אונזער ערצעהלונג, איז די געשיכטע פון זשאַן וואַלזשאַן אין דעם אָנהויב פון דעם דאָזיגען אַרטיקעל איבערגעגעבען נישט גאָר ריכטיג, און די ווירקליכע פאַקטען זענען פערפלאָנטערט און צוזאַמענגעפלאָכטען מיט שקרים און בבא-מעשות. איז אָבער ריכטיג דער סוף פון דער געשיכטע, ווי די איז געבראַכט אין דער צייטונג? האָט זשאַן וואַלזשאַן ווירקליך געענדיגט זיין לעבען אין די וועלען פון ים טולאָן?...

## 2. אַוויזיט אין וואַלד.

אין אַ שעהנעם נאָכמיטאָג אין מאָנאַט דעצעמבער פון יאָהר 1823 האָט עפּיס אַ מענש אַ לאַנגע צייט זיך אַרומגעדרעהט איבערין בולוואַר האָפּיטאַל אין פּאַריז. אויסגעזעהן האָט עס, ווי דער מענש וואָלט זוכען אַ וואוינונג אין יענער געגענד, און אָבגעשטעלט האָט ער זיך דוקא נעבען די אָרימסטע הייזער.

שפּעטער וועלען מיר זעהן, אַז דער דאָזיגער מענש האָט טאַקע געדונגען אַ צימער אין דער הערמאָהנטער נאַכטבאַרשאַפט.

ער איז געוועזען אָרים, אָבער זעהר ריין געקליידט און האָט אויסגעזעהן ווי אַ געוועזענער גובערנער פון אַן אַריסטאָקראַטיש הויז.

קוקענדיג אויף זיינע גאַנץ גרויע האָהר, געקנייטשטע שטערן, בלאַסע ליפּען און מיעדען געזיכט, האָט מען געקאָנט רעכנען, אַז ער איז שוין אַודאי אַ זעכציגער, אָבער דער פעסטער טריט און די קרעפטיגקייט פון זיין פיגור האָבען געוויזען, אַז ער איז נאָך קיין פופציג יאָהר נישט אַלט. די קנייטשען אויף זיין שטערן און די צוזאַמענגעדריקטע ליפּען האָבען אויף אַ מאָד-נעם אופן אויסגעדריקט שטרענגהייט און מילדקייט אין איין און דערזעלבער צייט. אין דער רעכטער האַנד האָט ער געהאַלטען אַן איינפאַכען, אָבער געזונדטען שטעקען, און אונטער'ן ליינקען אָרעם — אַ קליין פּעקעלע.

ווען עס איז שוין געוואָרען פינסטער, איז דער אונבעקאַנטער פאַרביינעגאַנגען ביים טעאַטער סען-מאַרטען, וואו מ'האָט יענעם אָוונד אויפגעפיהרט אַ שטיק מיטן נאָמען: „צוויי קאַטאָרזשניקעס". די אַפישע האָט איהם, קענטיג, זעהר אינטערעסירט, דען ער איז געבליבען שטעהן און האָט זי געלעזען, לענגער ווי מען האָט געדאַרפט. אַ פּאָליציי-אַגענט האָט געוואָרפען אויף איהם אַ חשד און האָט איהם אָנגעהויבען נאָכצושפּיאָנירען, אָבער דער אונבעקאַנטער האָט עס בעמערקט און האָט זיך באַלד פערדרעהט אין אַ זייטיג געסיל, אַזוי אַז דער אַגענט האָט איהם פערלוירען פון אויג. פון דאָרט איז ער אַוועק צו דער סטאַנציע פון אָמניבוסען. אַן אָמניבוס האָט געהאַלטען ביים אָבגעהן נאָך לאַני. דער אונבעקאַנטער האָט געפרעגט:

— פאַרהאַן נאָך אַ פּלאַץ פאַר מיר?

— נור אויף דער קעלניע, געבען מיר,— האָט דער קוטשער געענטפערט.

— גוט, איך נעהם איהם.

— זעצט זיך אויף, מיר פאָהרען גלייך.

דערנאָך האָט דער קוטשער געוואָרפען אַ בליק אויף זיין קליין פּעקעלע און האָט זיך געהייסען בעצאָהלען פאַראויס.

— איהר פאָהרט קיין לאַני?— האָט דער קוטשער געפרעגט.

— יאָ,— האָט דער פּאַסאַזשיר געענטפערט און האָט בעצאָהלט ביז לאַני.

אויפ'ן וועג האָט דער קוטשער פּרובירט פערפיהרען מיט איהם אַ שמועס, אָבער דער מענש האָט געענטפערט מיט אַ האַלבען מויל. זעקס אַ זייגער איז מען געקומען קיין שעל. דער רייזענדער איז אַראָבגעקראָכען, האָט גענומען זיין פּעקעל און איז אַוועקגעגאַנגען.

— אויסגעזעהן זעהט ער אויס ווי אַ בעטלער,— האָט דער קוטשער געזאָגט, נאָכקוקענדיג דעם אונבעקאַנטען, — און שלייַדערט זיך מיט

געלד, ווי אַ גראַף: האָט בעצאָהלט ביז לאַני און פֿאָהרט בלויז ביז שעל.

דער רײַזענדער האָט געשפּאַנט אַ שטיקעל צײַט אויפֿן וועג צו שעל, דערנאָך האָט ער זיך פֿערקערעוועט אין אַ זײַט און האָט זיך גענומען צו מאָנפֿערמעיל, און געגאַנגען איז ער פֿרײַ, ווי אַ מענש וואָס איז גוט בעקאַנט מיט דער געגענד.

אָבער נישט דערגעהענדיג צו מאָנפֿערמעיל, האָט ער ווידער פֿערקערעוועט אין אַ זײַט, האָט דורכגעשפּרײַזט דאָס פֿעלד און איז אַרײַן אין וואַלד. דאָ האָט ער אָנגעהויבען צו געהן לאַנגזאַם און פֿאָרזיכטיג, בעקוקענדיג די בוימער און האַלטענדיג זיך בײַ אַזאַ וועג, וואָס נור ער אַליין, ווײַזט אויס, האָט געוואוסט פֿון איהם. איין מינוט האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז ער בלאָנדזשעט, און ער איז געבליבען שטעהן, נישט ווי־סענדיג וואוהין זיך צו ווענדען. דערנאָך האָט ער ווידער גענומען געהן און האָט דערגרייכט אַ לאָנקע, וואו עס איז געלעגען אַ הויפֿען ווײַסליכע שטיינער. ער האָט זיך שנעל דערנעהנטערט צו די שטיינער און האָט זיי גענומען בעקוקען. דערנאָך האָט ער אָבגעמאָסטען צוואַנציג טריט לינקס פֿון די שטיינער און האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען אַן אַלטען בוים. ער האָט דעם בוים בעטאַפּט און איז איבערגעגאַנגען צו אַ צווייטען, וועלכען ער האָט אויך גענומען אונטערזוכען. ענדליך האָט ער אָנגעטאַפּט אַ שטיק בלעך: דאָס איז געווען אַ לאַטע אויף אַ פּלאַץ, וואו וואו די קאָרע האָט זיך אָבגעשיילט. דער רײַזענדער האָט אַ שאָקעל געטהון מיטן קאָפּ: ער האָט, קענטיג, געפֿונען, וואָס ער האָט געזוכט.

דאָ האָט ער אין פֿערלויף פֿון אַ פּאָר מינוט געטראַמפּען מיט די פֿיס די ערד אַרום בוים, ווי איינער, וואָס וויל זיך איבערצײַגען, אַז קיינער האָט דאָ נישט אויפֿגעגראָבען די ערד שוין אַ היבשע צײַט. דערנאָך האָט ער זיך גוט אַרומגעקוקט און זיך געלאָזען געהן דורכן וואַלד צו מאָנפֿערמעיל.

דורכן וואַלד האָט געפֿלאָכטען אַ טײַכעל, איבער וועלכען אַ קליין בריקעל האָט געפֿיהרט צום דאָרף. ווען דער אונבעקאַנטער איז אַריבערגעגאַנגען דאָס בריקעל, האָט ער אין דער פֿינסטערניש פֿון דער נאַכט בעמערקט עפּיס אַ קליינינקען שאָטען, וואָס האָט זיך געשלעפּט מיט שטילע טריט אין פֿאָראויס איבערן וועג. עפּיס אַ קליין בעשעפֿעניש איז דאָרט געגאַנגען, אָבער געגאַנגען מאָדנע: אָנגעבויגען אַמאָל צו דער רעכטער זײַט, אַמאָל צו דער לינקער זײַט, עטליכע מאָל האָט זיך דאָס בעשעפֿעניש גאָר אָבגעשטעלט און שטיל אונטערגעקרעכצט.

דער מענש איז צוגעגאַנגען נעהנטער און האָט דערזעהן, אַז דער שאָטען איז געווען אַ קינד, אַ קליין מיידעלע, וואָס האָט מיט שרעקליכער מאַטערניש געשלעפּט אַ גרויסען עמער וואַסער

נישט רעדענדיג קיין וואָרט, האָט ער אָנגענומען דעם עמער מיט זײַן האַנט.

## 3. קאָזעטע.

דאָס מיידעלע האָט זיך נישט דערשראָקען.

דער נאַטירליכער אינסטינקט דינט דעם קינד בעסער, ווי דער שכל דעם דערוואַקסענעם מענשען. קינדער פֿיהלען אינסטינקטיוו, ווען עס ערוואַרטעט זיי געפֿאַהר און ווען, פֿערקערט, שוין אין הילף.

דער אונבעקאַנטער האָט געזאָגט צום מיידעלע מיט אַ שטילער און ערנסטער שטים:

— קינד, פֿאַר דיך איז דער עמער וואַסער צו שווער.

דאָס מיידעלע האָט אויפֿגעהויבען דאָס קעפּעל און געענטפֿערט:

— יאָ, מײַן הער.

— לאָזט עס פֿאַר מיר,— האָט דער מענש ווייטער געזאָגט,— איך וועל עס טראָגען פֿאַר דיך.

דאָס מיידעלע האָט אָבגעלאָזען דעם עמער. דער אונבעקאַנטער איז געגאַנגען נעבען איהר.

— דער עמער איז ווירקליך זעהר שווער,— האָט ער אַרויסגעמורמעלט דורך די צייהן. דערנאָך האָט ער הויך געפֿרעגט:— ווי אַלט ביזטו, מיידעלע?

— אַכט יאָהר, מיין הער.

— פון ווייט געהסטו?

— פונ'ם טייכעל, וואָס אין וואַלד.

— און ווייט האָסטו נאָך צו געהן?

— נאָך אַ גוט פערטיל שטונדען גאַנג.

דער רייטענדער האָט געשוויגען אַ ביסעל, דערנאָך האָט ער פּלוצים געזאָגט:

— הייסט עס, קיין מוטער האָסטו ניש ט?

— איך ווייס נישט,— האָט דאָס מיידעלע געענטפערט:

איידער ער האָט נאָך בעוויזען עפּיס צו זאָגען, האָט זי צוגעגעבען:

— מסתמא, נישט. אַנדערע האָבען מאַמעס. און איך, זעהט איהר, האָב נישט.

זי האָט געשוויגען אַ ביסעל, דערנאָך געזאָגט:

— מיר דאַכט, כ'האָב גאָר קיינמאָל נישט געהאַט.

דער אונבעקאַנטער איז געבליבען שטעהן. ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם זעמער, האָט זיך אָנגעבויגען, אַוועקגעלעגט די הענד אויף דעם קינדס אַקסלען און זיך צוגעקוקט צום קליינעם פּנימ'ל. עס איז אָבער געווען זעהר פינסטער.

— ווי רופט מען דיך?— האָט ער געפרעגט.

— קאָזעטע.

דער אונבעקאַנטער האָט אויפגעציטערט פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטהון אויף דאָס מיידעלע, האָט געחאַפּט דעם עמער און זיך געלאָזען געהן ווייטער.

אין אַ מינוט אַרום האָט ער ווידער געפרעגט:

— וואו וואוינסטו, קליינע?

— אין מאָנפערמעיל.

— אַהין געהען מיר דאָס?

— יאָ.

— ווער האָט דיך געשיקט אין וואַלד אין אַזאַ פינסטערער נאַכט?

— מאַדאַם טענאַרדיע.

ער האָט ווייטער געפרעגט, כלומרשט רוהיג, אָבער מיט אַ ציטערנדער שטימ:

— מיט וואָס בעשעפטיגט זי זיך, די מאַדאַם טענאַרדיע?

— דאָס איז מיין ווירטהין,— האָט דאָס קינד געענטפערט,— זי האָט אַ נאַכטלאַגער-הויז.

— אַ נאַכטלאַגער-הויז? גאַנץ גוט, וועל איך היינט דאָרט נעכטיגען.

דער אונבעקאַנטער איז געגאַנגען גאַנץ שנעל, אַזוי אַז קאָזעטע האָט איהם קוים געקאָנט נאָכלויפען. פון צייט צו צייט האָט זי געהויבען דאָס קעפּעל און געוואָרפען אויף איהם אַ ציטערדיגען בליק. קענטיג, דאָס קינד האָט זיך געפיהלט גוט און רוהיג נעבען דעם פרעמדען מענשען.

עטליכע מינוט זענען פאַרביי. ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— מאַדאַם טענאַרדיע האָט גאָר קיין דינסט נישט?

— ניין, מיין הער.

— האָט זי טאַקע דיך אַליין?

— יאָ, מיין הער. דאָס הייסט,— האָט זי באַלד צוגעגעבען,— זי האָט נאָך צוויי מיידעלעך.

— וואָס פאַר מיידעלעך?

— פּאָפּינאַ און זעלמאַ.

— דאָס זענען די פריילינס, מאַדאַם טע-

— ווער זענען דאָס פּאָפּינאַ און זעלמאַ?

נאַרדיעס טעכטער.

— און וואָס טהוען זיי, די דאָזיגע פריילינס?

— אָ,— האָט קאָזעטע אויסגעשריען,— זיי האָבען שוין וואָס צו טהון! זיי האָבען אויסגעצייכענטע פּופּען, גאָלדענע מענטשעלעך און אַלערליי שפּיעלעכלעך. זיי שפּיעלען זיך.

— דעם גאַנצען טאָג?

— יאָ, מיין הער.

— און דו?

— איך? איך אַרבייט.

— דעם גאַנצען טאָג?

דאָס קינד האָט געענטפערט מיט אַ טרויעריגער שטימ:

— יאָ, מיין הער. אַמאָל, נאָך דער אַרבייט, לאָזט מען מיך אויך זיך שפּיעלען.

— מיט וואָס־זשע שפּיעלסטו זיך?

— מיט וואָס עס מאַכט זיך. איך האָב וועניג שפּיעלעכלעך. מאַמענאַ און זעלמאַ לאָזען מיך ניט שפּיעלען זיך מיט זייערע פּופּען. איך האָב נור אַ קליין, בלייערן שווערדיל, אָט אַזוי די גרויס.

זי האָט געוויזען איהר קליינעם פינגער.

— נו, און דאָס שווערדיל שניידט ניט?

— אָ, נאָך אַ מין שניידען! — האָט דאָס קינד געענטפערט. — עס שניידט זעהר גוט גרינס און די קעפּלעך פון פליעגען.

זיי זענען צוגעקומען צום הויף. קאָזעטע האָט דעם אומבעקאַנטען געפיהרט איבער די גאַסען, און ער איז איהר נאָכגעגאַנגען, שווייגענדיג, פערטראַכט און פערוואָלקענט.

ווען זיי זענען געגאַנגען פאַרביי דער קירך, האָט ער דערזעהן פּאַלאַטקעס, וואָס זענען געווען אויפגעשטעלט איבערן גאַנצען פּלאַץ.

— וואָס איז דאָ — אַ יריד? — האָט דער פרעמדער געפרעגט ביי קאָזעטען.

— ניט קיין שטענדיגער. דאָס איז נור איבער די פייער־טעג, ביז נאָך ניי־יאָהר.

איינע פון די פּאַלאַטקעס איז געווען העל בעלויכטען און געפּאַקט מיט קינדערשע שפּיעלעכלעך. ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ פּופּע, כמעט אַזוי גרויס ווי קאָזעטע. די פּופּע איז געווען געקליידעט העל און פיעלפאַרביג, און קאָזעטע האָט אויף איהר געקוקט מיט ענטציקען און קנאה, ווי זי וואָלט וועלען זאָגען: „ווי גליקליך זי לעבט!" דער אומבעקאַנטער האָט בעמערקט דעם קינדס בליק און האָט זיך געוויזען אָבגעשטעלט אויף אַ סעקונדע. דערנאָך האָט ער זיך איבערלעגט און איז אַוועק ווייטער.

קאָזעטע האָט בעריהרט זיין אַרבעל.

— מיין הערר! — האָט זי שטיל געזאָגט.

— וואָס איז, מיין קינד?

— מיר זענען שוין באַלד נעבען הויז.

— נו, איז וואָס?

— גיט מיר דעם עמער מיט וואַסער.

— נאָך וואָס?

— דערפאַר, ווייל די מאַדאַם וועט מיך שלאָגען, אַז זי וועט דערזעהן, אַז איהר האָט מיר געטראָגען דעם עמער.

ער האָט אַ קוק געטהון אויף דאָס קינד. זי האָט גערעדט מיט אַ געוועהנליכען טאָן. קענטיג, זי איז געוועהנט געוואָרען צו קלעפּ.

ער האָט איהר איבערגעגעבען דעם עמער, און אין אַ מינוט אַרום זענען זיי שוין געשטאַנען נעבען טראַקטיר.

## 4. נאָך דער שלאַכט.

עס איז צייט צו בעקענען דעם לעזער מיט דעם, וואָס פאַר אַ בריאה טענאַרדיע איז געווען. אָבער צו דעם צוועק מוזען מיר זיך אומקעהרען אויף עטליכע יאָהר צוריק.

דאָס איז געווען אין אָוונט פון דעם 18־טען יוני 1815.

דער טאָג איז אויף אייביג פערשריבען אין דער וועלט־געשיכטע: אין דעם טאָג האָט נאַפּאָלעאָן דער ערשטער פערלוירען די בעריהמטע שלאַכט ביי וואַטערלאָאָ געגען די פעראייניגטע קרעפטען פון די ענגלענדער, דייטשען און האָלענדער. אַ גאַנץ אַנדער אויסזעהן וואָלט די וועלט געהאַט, ווען נאַפּאָלעאָן וואָלט די דאָזיגע שלאַכט ניט געווען פערלוירען. אָבער ער האָט זי יאָ פערלוירען און איז אַראָב פון דער וועלט־סצענע, און הגם גלייך דערנאָך האָט זיך די רעאַקציע געשטאַרקט אין גאַנץ אייראָפּאַ, האָט דאָס אָבער קיין אמתע ממשות ניט געהאַט, ווייל די געשיכטע האָט געוואָלט, אַז דאָס אַכטצעהנטע יאָהרהונדערט זאָל זאָגען זיין וואָרט: אָנשטאָט איינצעלנע גרויסע פערזאָנען האָבען אויף די אַרענע געהאַרשט און אַרויסגעטרעטען די פעלקער אַליין. נאָר ווי מ'זאָל ניט קוקען אויף די רעזולטאַטען פון דער דאָזיגער שלאַכט, יעדענפאַלס איז די דאַטע: „18 יוני 1815" — אויסגעקריצט מיט פייערדיגע בוכשטאַבען אויף די טאָוולען פון דער היסטאָריע.

שפּעט אין אָוונט נאָך יענעם שרעקליכען טאָג איז די לבנה אויפגעגאַנגען איבערן שלאַכטפעלד ביי וואַטערלאָאָ און האָט בעגאָסען מיט

נינער אומהיטיגער שײַן די גאַנצע אומגעגענד מיט די זעכציג טויזענד געהרגעטע קינדער פון פערשידענע פעלקער, מיט די צושאָסענע, צושמעטערטע קאַנאָנען, מיט די טײַכען פערגליווערט מענשליך בלוט.

אַ שלאַכט, ווי יעדעס אומגליק, קומט קיינמאָל נישט אַליין: זי ברענגט מיט זיך שרעק און פּורעניות, צום בײַשפּיעל, עפּידעמישע קראַנקהייטען, וואָס זענען איהרע נאַטירליכע קינדער און יורשים. נאָר וועהרענד די עפּידעמיעס האָבען נאָך גערוהט אין די צעהנדליגער טויזענדער קערפּערס, וואָס זענען נאָך אַפילו רעכט אָבגעקיהלט נישט געוואָרען, האָט שוין די „מאַראָדערײַ" געווילדעוועט איבערן פעלד.

מאַראָדערען — דאָס זענען רויב־פויגעל אָדער חזות־רעות אין מענשליכער געשטאַלט. נאָך יעדער אַרמעע שלעפּט זיך נאָך אַן ערב־רב פון שלעפּערס, לומפּען, האַלב לאַקייען, האַלב רויבער, לא־יוצלחים, וואָס בעת דער שלאַכט זענען זיי שטענדיג פון הינטען און נאָך דער שלאַכט— שטענדיג פון פאָרענט. זיי בעפאַלען די טויטע און פערוואונדעטע און בערויבען זיי, נעהמען אַראָב פון די אומגליקליכע קרבנות פון דער מלחמה אַלץ, וואָס קען זיי צו־ניץ קומען, אַפילו די העמדער פון לײַב. אַליין זענען זיי פויגלינגען, אָבער דער טויט פון אַנדערע מענשען וועקט אין אין זיי נישט קיין שרעק, נישט קיין רחמנות, נישט דאָס מינדעסטע געפיהל פון אַ געוויסען אָבשײַ, וואָס יעדער אָנשטענדיגער מענש פיהלט פאַר אַ טויטען. מאַראָדערען זענען עקעלהאַפטע בעשעפענישען פון יענע מינים, וואָס לעבען פון נבלה.

די קאָמאַנדירען פון די אַרמעען בעפעהלען די פּאַטרולען צו שיסען די דאָזיגע בעשעפענישען אויף דער שטעל און אָהן שום רחמנות, ווי חזות־רעות. עס העלפט אָבער נישט: דער דאָרשט נאָך רויב איז אַזוי גרויס, אַז די דאָזיגע פויגלינגען ריזיקירען זאָגאַר צוליעב איהם מיט זייער לעבען. אַזוי איז אויך געווען בײַ וואַטערלאָאָ אין דער נאַכט, וואָס מיר בעשרײַבען דאָ: אין איין ווינקעל פון פעלד האָט מען געשאָסען און אין צווייטען— גערויבט.

אַרום האַלבער נאַכט האָט עפּיס אַ מענש זיך אַרומגעבלאָנקעט, ריכטיגער— געפּויזעט איבערן פעלד. דאָס איז געווען איינער פון די לײַט, וואָס מיר האָבען נאָר־וואָס בעשריבען. געקליידט איז ער געווען אין אַ לאַנגער בלוזע. ער איז געווען שרעקעדיג און עזות־דיג אין איין און דערזעלבער צײַט, האָט זיך אַלץ גערוקט פאָרווערטס און זיך יעדעס מאָל אומגעקוקט אַהינטער. וואָס פאַר אַ מענש איז דאָס געווען? די נאַכט האָט איהם וואָהרשײַנליך געקענט בעסער, איידער דער טאָג. קיין זאַק האָט ער מיט זיך נישט געטראָגען, אָבער אונטער דער בלוזע האָט ער, קענטיג, געהאַט גרויסע קעשענעס. פון צײַט צו צײַט האָט ער זיך אומגעקוקט, צי זעהט איהם נישט ווער, דערנאָך זיך אָנגעבויגען, געגנישטערט, געזוכט, אַרומגעטאַפּט די טויטע, עפּעס געלעגט אין די קעשענעס און געפּויזעט ווײַטער. זײַן גאַנג איז געווען אַ גלאַטער, אַ שווימענדער, און די בעוועגונגען פון זײַנע הענד פון אונטער דער ברייטער בלוזע האָבען איהם געמאַכט ענליך צו אַ פלעדער־מויז.

אַ ביסעל אין אַ זײַט נעבען די חורבות פון אַן אַלטען הײַזעל, וואָס איז צושטערט געוואָרען פון אַ גראַנאַטע, איז געשטאַנען אין שאָטען אַ קליין וועגעלע. דאָס וועגעלע האָט מסתמא געהאַט אַ שייכות צו דעם דאָזיגען פּאַרשוין.

די נאַכט איז געווען לויטער, די לבנה, וואָס איז דערווײַל אַרויפגעשוואומען העכער איבער'ן הימעל, איז געוואָרען ווײַס, ווי זילבער, וועהרענד אונטען די ערד איז געווען טונקעל־רויט פון פערגליווערטען בלוט.

איבער'ן פעלד זענען זעלטען און שטילע געווען צעוואָרפען בוימער, זיי האָבען אויסגעשטרעקט דערשראָקען און צושויבערט: דאָס האָבען קוילען פון ביקסען, נו מיט אַ מעסער, אַרויסגעשניטען פיעל פון זייערע צווײַגען און האָבען דוקא נישט איבערגעקליבען, צי די צווײַגען זענען פערטרוקענטע אָדער געזונדטע און זאַפטיגע. אייניגע פון די דאָזיגע צווײַגען זענען אונטערגעשניטען געוואָרען בלויז אויף די העלפט, זיי זענען געהאַנגען אַראָב און האָבען זיך געשאָקעלט פון לײַכטען ווינטעל, וואָס האָט שפּאַצירט איבערן פעלד. צווישען די בראָכען איז געגאַנגען אַ שטילער שאָרך,

און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס פליהען אַוועק מיט אַ שטילען געמורמעל די נשמות, וואָס האָבען זיך געראַשט געשיידט פון די קערפערס.

ביי ביידע ברעגען פון פעלד, צו מזרח און צו מערב, האָבען געברענט צוויי דערפער, די צוויי אומגעהייערע פאַקעלען, און אַרום און אַרום האָבען געפינקעלט די פייערן פונ'ם ענגלישען לאַגער. אַזוי אַרום האָט דאָס שלאַכט-פעלד אויסגעזעהן ווי איינגעפאַסט אין אַ פייעריגען בראַסלעט מיט צוויי גרויסע, העל-ברענענדע בריליאַנטען ביי ביידע זייטען.

---

## 5. די רויבער

דער רויב-פויגעל, וועגען וועלכען מיר האָבען גערעדט, איז צוגעקומען צו אַ פלאַץ, וואָס איז געווען אַ ביסעל הינטער אויסגעפלאַסטערט מיט טויטע קערפערס. ער האָט אַלץ בעטראַכט די לייכען, און זיין פנים האָט געטראָמען אין בלוט.

פלוצים איז ער געבליבען שטעהן.

מיט אַ פאָר טריט ווייטער, אין אַ קליינעם טהאָל, וואו דער הויפען לייכען האָט זיך געענדיגט, האָט אַרויסגעשטעקט אַ האַנד פון אונטער די טויטע מענשען און פערד. די האַנד איז געווען אָפען און בעלויכטען פון דער לבנה.

אויף איינעם פון די פינגער פון דער האָריגער האַנד האָט געפינקעלט עפּיס אַ זאַך.

דער מענש האָט זיך אָנגעבויגען און האָט דערזעהן, אַז דאָס איז אַ גאָלדענער רינג. ווען ער האָט זיך ווידער אויסגעגלייכט, איז שוין דער רינג אויפ'ן פינגער נישט געווען.

דערנאָך האָט ער זיך אונרוהיג געגומען איינקוקען אין די ווייטקייט: אַ פאַטרול סאָלדאַטען איז געגאַנגען איבער'ן פעלד, זוכענדיג מאַראָדערען. ער האָט אַ ווייַלע געטראַכט און ענדליך בעשטימט אַרויסקריכען פון טהאָל, אום צו געהן צו זיין וועגעלע. אין דער מינוט האָט ער אַ ציטער געטהון מיט אַלע אברים: ער האָט דערפיהלט, אַז עמיצער האַלט איהם פון הינטען.

ער האָט אומגעדרעהט דעם קאָפּ. דיזע האָט די האַנד זיך ווידער פערמאַכט און האָט פערהאַפט דעם ברעג פון זיין בלוזע.

אַן ערהרליכער מענש וואָלט זיך דערשראָקען. דער אָבער האָט זיך צולאַכט.

— אַ, דאָס איז נישט מעהר ווי דער טויטער! — האָט ער געזאָגט. — איך וויל בעסער האָבען צו טהון מיט אַ בר-מינן, איידער מיט אַ זשאַנדאַרם.

דערווייל איז די האַנד ווידער שוואַך געוואָרען און האָט איהם אָבגעלאָזען.

— פונדעסטוועגען דאַרף מען אַ קוק טהון, — האָט דער שלעפּער געזאָגט, — אפשר איז גאָר דער מת לעבעדיג?

ער האָט זיך ווידער אָנגעבויגען, האָט פונאַנדערגעשאַרט דעם הויפען און אַרויסגעשלעפּט די האַנד. ביסלעכווייז האָט ער בעפרייט דעם קאָפּ, דערנאָך דעם גאַנצען גוף. אין אַ מינוט אַרום האָט ער שוין געשלעפּט איבער'ן טהאָל אַ פער'חלשט'ן מענשליכען קערפער.

דאָס איז געווען אַ קאַפּיטאַן פון די קיראַסירען, און אַ קאַפּיטאַן נישט פון קליינעם ראַנג: פון אונטער דער קיראַסע האָט אַרויסגעקוקט אַ געדיכטע גאָלדענע עפּאָלעטע. קיין היטעל אויפ'ן קאָפּ האָט ער נישט געהאַט.

אַ שרעקליכער קלאַפּ מיט אַ שווערד האָט איהם צוהאַקט אויף די גאַנצע לענג דאָס געזיכט, וואָס איז געווען פערגאָסען מיט בלוט. אָבער קיין צובראָכענע גלידער האָט ער נישט געהאַט, און גליקליכערווייזע האָבען זיך די לייכען אויסגעלעגט איבער איהם אַזוי, אַז זיי האָבען איהם נישט אינגאַנצען צודריקט. זיינע אויגען זענען געווען געשלאָסען.

אויף דער ברוסט ביי איהם איז געהאַנגען אַ זילבערנער קרייץ פון דעם עהרען-לעגיאָן. דער שלעפּער האָט אַראָבגעריסען דעם קרייץ און איהם פערהוקט אין איינעם פון די אָבגרונדען אונטער זיין בלוזע.

דערנאָך האָט ער אונטערזוכט די וועסט-קעשענע, האָט געפונען אַ זייגער און האָט איהם צוגענומען, דערנאָך אין ווייטער קעשענע, וואָס ער האָט ענטדעקט אין אַ צווייטער קעשענע.

ווען ער האָט שוין אויף אַזוי פיעל „פּער-

בּרינגערט״ די קעשענעס פונ'ם פערוואונדעטען אָפיציר, האָט יענער געעפענט די אויגען.

— אַ חאַניק, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שוואַכער שטים.

די שאַרפע באַוועגונגען פונ'ם מענשען, וואָס האָט איהם געהאַלטען אין זיינע הענד, די פרישקייט פון דער נאַכט, דער בעפרייטער אָטעם — דאָס אַלץ האָט איהם געבראַכט צו זיינע געדאַנקען.

דער רויבער האָט נישט געענטפערט. ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זיך צוגעהערט. נישט ווייט האָבען זיך געלאָזען הערען שווערע טריט. וואַהרשיינליך איז דער פּאַטרול געווען נאָהענט.

— ווער האָט געוואונען די שלאַכט? — האָט דער פערוואונדעטער שטיל געפרעגט. זיין שטים איז נאָך געווען אַזוי שוואַך, אַז מען האָט קוים געהערט, וואָס ער רעדט.

— די ענגלענדער, — האָט דער רויבער געענטפערט.

דער אָפיציר האָט ווייטער געזאָגט:

— טהוט נור אַ חסד און מיינע קעשענעס. דאָרט דאַרף זיין אַ זייגער און אַ בייטעלע. נעהמט זיי זיך.

עס איז שוין נישט געווען וואָס צו נעהמען. דער שלעפער האָט געמאַכט אַ גאַנשטעל, ווי ער זוכט, און האָט געזאָגט:

— נישטאָ גאָרנישט.

— מען האָט מיך בעגנב'עט, — האָט דער אָפיציר געזאָגט. — אַ שאָד. איך וואָלט עס צו־נוץ געקומען.

די טריט פון דעם פּאַטרול זענען געקומען אַלץ נעהנטער און נעהנטער.

— עמיצער קומט, — האָט דער שלעפער געזאָגט און האָט געמאַכט אַ בעוועגונג אַוועקצוגעהן.

דער אָפיציר האָט מיט גרויסער מיה אויפגעהויבען די האַנד און האָט איהם אָבגעהאַלטען.

— איהר האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבען. ווער זענט איהר?

— איך האָב אויך געדיענט, אַזוי ווי איהר, צו דער פראַנצויזישער אַרמעע, — האָט דער שלעפער שטיל און שנעל געזאָגט. — איך מוז אייך פערלאָזען. אויב מען וועט מיך כאַפּען, וועט מען מיך דערשיסען. איך האָב אייך געראַטעוועט דאָס לעבען. איצט העלפט זיך אַרויס, ווי איהר פערשטעהט אַליין.

— וואָס פאַר אַ ראַנג האָט איהר?

— איך בין אַ סערזשאַנט.

— ווי הייסט מען אייך?

— טענאַרדיע.

— גוט. איך וועל דעם נאָמען נישט פערגעסען, — האָט דער אָפיציר געזאָגט. — און איהר געדענקט מיין נאָמען אויך: ער וועט אייך אַמאָל צו־נוץ קומען. מיך רופט מען פּאָנמערסי.

---

## 6. דאָס פּאָר־פאָלק טענאַרדיע.

די סצענע אויפ'ן שלאַכט־פעלד ביי וואַטערלאָאָ, וועלכע מיר האָבען ערשט בעשריבען, גיט שוין אַ שטיקעל בעגריף וועגען דעם, וואָס פאַר אַ בריאה טענאַרדיע איז געווען.

אין דאָך איז עס איהם נישט געגאַנגען. צווישען יעמיינע מענשען קענען אויך פאַרהאַן שלים־מזל'ניקעס, נישט קוקענדיג דעריויף, וואָס קיינע מיטלען זענען פאַר זיי נישט פערבאָטען אָהער אינפּאַסיג. נאָך דער מלחמה האָט ער זיך בעזעצט אין מאָנפערמעיל און פאַר דאָס ביסעל געלד, וואָס ער האָט אָנגערויבט אויפ'ן שלאַכט־פעלד, האָט ער געעפענט אַ טראַקטיר. אָבער די געשעפטען זענען געגאַנגען שלעכט, און די פאַמיליע טענאַרדיע איז פערקראָכען אין חובות איבער די אויערן.

ווען פאַנטינע האָט זיך בעוויזען מיט איהר קינד, האָבען זיך די טענאַרדיע'ס דערפרעהט: דער ביסען, אמת, איז נישט געווען אַזוי פעט, אָבער פאָרט אַ ביסען. זיי האָבען דערשמעקט, אַז דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען אומגעזעצליך, אַז די מוטער קאָן גאָר צו זיך נישט נעהמען, און האָבען בעשטאַנען, ווי אויסצונוצען די לאַגע. זיי האָבען גענומען ציהען פון פאַנטינע'ן געלד מיט אַלע מיטלען.

טענאַרדיע אַליין האָט אויסגעזעהן קליין, מאָגער, בלאַס און קרענקליך, אָבער שוין מיט זיין

אויסזעהן האט דער דאָזיגער מענש געשווינדעלט: אין דער ווירקליכקייט איז ער געווען מערקווירדיג געזונד. גערעדט האט ער שטענדיג שטיל, אויף זיינע ליפּען האט געשוועבט אַ פּיקסען־שמייכעלע, נאָר אַז ער האט עס געפינען פאַר נויטיג, האָט ער געוואַקסט, ווי זיין שטים צו הויכערן און צו פער־בייטען דאָס חניפה־דיגע שמייכעלע אויף אַ גאַנץ אַנדערן אויסדרוק.

מאַדאַם טענאַרדיע ווידער איז געווען הויך, ברייט־ביינערדיג, פלייצעדיג, שווער, ווי אויסגעהאַקט פון דעמב. אַ שטים האט זי געהאַט אַ זעלכע, פון וועלכער אַלץ אַרום האט געציטערט— די פענ־סטער, דאָס מעבעל, די מענשען אין הויז. האָט מען זי געהערט ריידען, האָט מען געזאָגט: „דאָס איז אַ זשאַנדאַרם". צוקוקענדיג ווי זי טרינקט, האָט יעדער געטראַכט: „דאָס איז אַ פוהרמאַן". זעהענ־דיג, ווי זי בעגעהט זיך מיט קאָזעטען, האָבען אַלע בעשלאָסען: „דאָס איז אַ תליין".

צו דעם אַלעם האָט זי געהאַט אַ היבשע בערדיל.

ווען אַ נייער מענש האָט בעזוכט דעם טראַק־טיר, האָט ער זיך געטראַכט, קוקענדיג אויף איהר: „אָט ווער עס איז בעל־הבית אין הויז". און דאָס איז געווען אַ טעות: זי איז נישט געווען אַפילו די בעל־הביתטע, זי איז געווען נישט מעהר ווי אַנ־אַרבייטערין, וואָס האָט געפאָלגט אַלץ, וואָס טע־נאַרדיע האָט בעפוילען. טענאַרדיע איז געווען ווירטה אין ווירטהין. אָט מיט זיין שטילינקער, בנעימות־דיגער שטים האָט ער געקעניגט איבער'ן הויז, איבער דער גאַנצער פאַמיליע. ביי זיין כּח'י אין די אויגען איז ער געווען אַ בעשעפעניש פון אַ העכערן מין. זי האָט אָנערקענט, אַז אַלץ, וואָס ער טהוט, איז גוט און וואויל. אַליין נישט ווייסענ־דיג דערפון, האָט זי אין האַרצען פאַר איהם מורא געהאַט.

און דאָך איז די דאָזיגע חיה געווען אַ מוטער און האָט ליעב געהאַט איהרע קינדער, ווי אַ חיה האָט ליעב איהרע. איבעריגענס, ליעב האָט זי געהאַט בלויז די צוויי מיידעלעך; צו איהר יונגעלע איז זי געווען גלייכגילטיג.

אָבער ליעבען איהרע קינדער האָט פאַר מאַדאַם טענאַרדיע געהייסען— האַסען אַלע אַנדערע קינ־דער. קאָזעטען האָט זי געהאַלטען ווי אַ הינ־טעל, געשפּייזט ווי אַ פליעג, געקליידט אין שמאַ־טעס און טראַנטעס,— און דאָך האָט זיך איהר אַליין אויסגעדאַכט, אַז קאָזעטע בעריבט איהרע אייגענע קינדער. מאַדאַם טענאַרדיע האָט פער־מאָגט אַ געוויסע צאָהל גוטע מינעס און אַ געוויסע צאָהל זידעל־ווערטער, וועלכע זי האָט געמוזט אַרויסלאָזען יעדען טאָג. זי האָט זיי עהרליך צו־טיילט צווישען איהרע מיידעלעך און קאָזעטען: פּאַפּינאַ און זעלמאַ האָבען געקראָגען די לאַסקעס און קאָזעטע— די זידעל־ווערטער.

אָבער מיט בלויזע ריידען האָט זיך מאַדאַם טענאַרדיע דאָס האַרץ נישט געקאָנט קיהלען, האָט זי קאָזעטען געשלאָגען. קוקענדיג אויף די מוטער, האָבען די מיידעלעך זיך אויך בעגאַנגען שלעכט מיט דער קליינער קאָזעטען.

צו פינף יאָהר איז קאָזעטע געוואָרען די דינסט אין הויז און פון אַלעמען אין הויז. מען האָט זי געשיקט אַ גאַנג, זי האָט געקעהרט די צימערן און דעם הויף, געוואַשען די פּאָדלאָגעס און דאָס געשיר, געטראָגען קוילען און וואַסער.

אַז די מוטער וואָלט זי דערזעהן, וואָלט זי איהר טעכטערל פאַר קיין פאַל נישט דער־קענט: מאָגער, בלאַס, שטענדיג פערשמירט, פער־צאַרט און דערשלאָגען. זי האָט אויסגעזעהן נישט שעהן, און נור איהרע צוויי גרויסע אויגען מיט אַ ים פון ליידען אין זיי האָבען צוגעצויגען צו זיך.

אַזוי זענען די יאָהרען געגאַנגען.

אין אַ געוויסען אָוענד האָט זיך מאַדאַם טע־נאַרדיע געכאַפּט, אַז דעם פערד פון איינעם פון די געסט, וואָס זענען געזעסען געבען אייוועך אין האָבען געטרונקען, געראַיכערט און געשמועסט, האָט מען נאָך קיין וואַסער נישט געגעבען.

— קאָזעטע,— האָט מאַדאַם טענאַרדיע גע־זאָגט,— גיב דעם פערד צו טרינקען.

קאָזעטע האָט זיך בעהאַלטען אונטער'ן טיש.

— וואָס פאַר אַ שוואַרץ־יאָהר! וואו איז די אַהינגעקומען, די מויד?..

מאַדאַם טענאַרדיע האָט זיך אָנגעבויגען און האָט דערזעהן קאָזעטען אונטער'ן טיש.

— קריך נאָר אַרויס! — האָט די אויסגעשריגן.

קאַזעטקע איז אַרויסגעקראָכן, ציטערנדיג מיט אַלע גליעדער.

— גיב דעם פערד צו טרינקען.

— נישטאָ קיין וואַסער, — האָט קאַזעטקע מיט שרעק געזאָגט.

— נישטאָ קיין וואַסער? — האָט די מאַדאַם איבערגעפרעגט. — נו, האָסט קיין עצה נישט?..

זי האָט גענומען אַ גרויסן עמער, האָט אים געגעבן קאַזעטקען און האָט געשיקט פאַר איהר די טהיר.

— גיי אין ברינג.

קאַזעטקע איז בלאַס געוואָרן. הינטער די טהיר האָט געקוקט אין צימער אַריין אַ שטאָק-פינסטערע נאַכט. וואַסער האָט מען געשעפּט פון׳ם טייכעל, וואָס איז געלעגן אין דעם הינטערשטן וואַלד.

— צוריקגעהענדיג וועסטו קויפען אַ ברויט, — האָט מאַדאַם טענאַרדיע געזאָגט. און האָט איהר געגעבן פופצעהן סו. קאַזעטקע האָט אַריינגעלעגט דאָס געלד אין קעשענע פון איהר פאַרטוך און האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— הי! געהסט שוין אַמאָל, צי ניין! — האָט מאַדאַם טענאַרדיע אויסגעשריען.

קאַזעטקע האָט גענומען דעם עמער און מיט איין מיט אַ נאַכאַנאַנדיגעלאָזענעם קאָפּ איז זי אַרויס פון הויז.

די נאַכט איז געווען קאַלט און פינסטער. צוגעהענדיג צום וואַלד, האָט דאָס מיידעלע געציטערט מיט אַלע גליעדער פון שרעק. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז עמיצער געהט איהר נאָך, אַז עמיצער קוקט איהר אַנטקעגען, אַז מען רינגעלט זי אַרום פון אַלע זייטען. ענדליך האָט זי דערגרייכט דעם ברעג פון׳ם טייכעל און האָט אָנגעשעפּט אַ פולען עמער וואַסער. זי האָט נישט באַמערקט, אַז בעת זי האָט זיך אָנגעבויגען, זענען פון איהר קעשענע אַרויסגעפאַלען די פופצעהן סו אין פערשוואונדען אין דאָס וואַסער.

האָט גענומען געהן צוריק, אָבער דער עמער איז געווען זעהר שווער, און דערצו האָבען זיך איהרע פיס אונטערגעהאַקט פון שרעק. נאָך יעדע פינף טריט האָט זי מיט אַ קרעכץ געמוזט זיך אָפּשטעלען. מיט שרעק האָט זי זיך איבערציינט, אַז אַזוי אַרום וועט דויערן אַ גאַנצע שטונדע ביז זי וועט קומען אַהיים, און די טענאַרדיע וועט זי שלאָגען, פאַרוואָס זי האָט זיך געזוימט. קאַזעטקע האָט זיך צעוויינט. און אַזוי קרעכצענדיג און וויינענדיג האָט זי ווייטער געשלעפּט דעם שווערען עמער.

פּלוצים האָט עפּיס אַ גרויסע האַנד אָנגענומען דאָס הענדטיל פון׳ם עמער. קאַזעטקע האָט זיך נישט דערשראָקען, פערקעהרט, איהר איז געוואָרען עפּיס לייכטער אויפ׳ן האַרצען, האָטש זי האָט אַליין נישט געוואוסט פאַרוואָס.

מיר האָבען שוין געזעהן, צו וועמען די האַנד האָט געהערט.

ווען דער אומבעקאַנטער מיט׳ן מיידעלע זענען אָנגעקומען צום טראַקטיר, האָט קאַזעטקע אָנגעקלאַפּט אין טהיר.

## 7. אין טראַקטיר.

די טהיר האָט זיך געעפנט און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזען מאַדאַם טענאַרדיע מיט אַ ליכט אין דער האַנד.

— אַ, ס׳איז, מיין בלייענער פויגעל? וואו האָסטו זיך אַרומגעשלעפּט די גאַנצע צייט? אודאי זיך געשפּיעלט ערגיץ?

— מאַדאַם, — האָט קאַזעטקע ציטערענדיג געזאָגט, — אַ הער וויל ביי אונז איבערנעכטיגען.

די טענאַרדיע האָט מאָמענטאַל געענדערט איהר בייזע מינע אויף אַ פריינדליכע.

— איז דער הער? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, מאַדאַם, — האָט דער אומבעקאַנטער געענטפערט, באַריהרענדיג זיין היטעל.

רייכע רייזענדע זענען קיינמאָל נישט אַזוי העפליך, — דאָס האָט די טענאַרדיע גוט געוואוסט. דערצו האָבען זיין באַטאַלישע און זיינע קליידער אויסגעזעהן צו מאָגער. מאַדאַם טענאַרדיע האָט ווידער אָנגענומען איהר טרוקענעם מאָן.

— געהט אַריין, אַלטינקער, — האָט זי געזאָגט.

דער „אַלטינקער" איז אַריין. די טענאַר-

דיע האָט איהם נאָכאַמאָל בעקוקט און האָט געוואָרפען אַ בליק אויף איהר מאַן. יענער האָט איהר געענטפערט אויך מיט אַ בליק, וואָס האָט בעדייט: „אַניאַבין“. גלייך דערנאָך האָט מאַדאַם טענאַרדיע אויסגעשריען:

— האָט קיין פאַריבעל נישט, פעטער, אָבער — איך האָב קיין פלאַץ נישט פאַר אייך.

— לעגט מיך שלאָפען, וואו איהר ווילט, — האָט דער גאַסט געענטפערט, — אויפ'ן בוידעם, אין שטאַהל, — אַלץ איינס. בעצאָהלען וועל איך אייך ווי פאַר אַ צימער.

— דאָס קאָסט אָבער פערציג סו.

— פערציג סו? אויך רעכט.

— פערציג סו? — האָט איינער פון די פוהרלייט אַרויסגערעדט. — מיר צאָהלען דאָך נישט מעהר ווי צוואַנציג?..

— און איהם דאַרף קאָסטען פערציג, — האָט די טענאַרדיע געזאָגט אויך אין דער שטיל, — אָרימע־לייט קאָן איך נישט אַריינלאָזען פאַר ווייניגער.

— געוויס, — האָט איהר מאַן מילד געזאָגט, — אַריינלאָזען אַזאַ חברה הייסט שאַדען דער רעפּוטאַציע פון מיין אַנשטאַלט.

דער אונבעקאַנטער האָט זיך דערווייל אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש. קאָזעטע האָט איהם דערלאַנגט אַ פלאַש ווין מיט אַ גלאָז און אַליין איז זי אַרונטערגעקראָכען אונטער'ן טיש און האָט גענומען שטריקען אַ זאָק. דער גאַסט האָט זיך קוים צוגערירט צום ווין. ער איז געזעסען און האָט געקוקט אויף דאָס מיידעלע.

זי איז געווען נישט שיין. וואָלט זי געווען גליקליכער, וואָלט זי אויסגעזעהן גאַנץ ליעבליך. איצט אָבער האָבען איהרע ביינער שאַרף אַרויסגעשטאַרצט פון געזיכט, אַרום די אויגען האָבען געטונקעלט בלויע רעדער און די ווינקלען פון די ליפען האָבען זיך אַראָבגעלאָזען, ווי ביי האָפנונגסלאָזע קראַנקע אָדער ביי פאַרמשפט'ע צום טויט. דאָס קליינע קערפּער'ל איז קוים פערדעקט געווען מיט צעריסענע שמאַטעס, און דורך די לעכער האָבען ערטערווייז דורכגעקוקט בלויע צייכענס און פערטריקענטע וואונדען, — די סימנים, וואָס מאַדאַם טענאַרדיע'ס מוטערליכע הענד האָבען געלאָזען נאָך זיך. די באָרפיסע פיסלעך — מאָגער און רויט. איהר גאַנצע פיגור האָט אויסגעדריקט שרעק, — שטענדיגען טיעפען שרעק.

דער גאַסט אין חגם געלען דאָך האָט פון איהר קיין אויג נישט אַראָבגענומען. פלוצים האָט מאַדאַם טענאַרדיע אויסגעשריען:

— שאַ, און וואו איז דאָס ברויט?..

קאָזעטע איז אַרויסגעקראָכען פון אונטער'ן טיש. זי האָט גאָר פערגעסען, אַז מען האָט איהר געהייסען קויפען אַ ברויט. ווי אַלע אָנגעשראָקענע קינדער, האָט די גענומען זיך אויסצודרעהען מיט אַ ליגען.

— די בעקעריי איז געווען געשלאָסען, — האָט זי געזאָגט.

— האָסטו נישט געקאָנט אָנקלאַפּען?

— כ'האָב געקלאַפּט. מ'האָט נישט געעפענט.

— מאָרגען וועל איך זיך שוין דערוויסען, צי עס איז אמת, — און אויב דו ליגסט, וועסטו זיך פון מיר אַ שוואַרץ יאָהר אויסריכטען. גיב נאָר אַהער דערווייל די פופצעהן סו.

קאָזעטע האָט אַריינגעלעגט די האַנד אין די קעשענע פון איהר פאַרטוך — און איז שרעקליך בלאַס געוואָרען: דאָס געלד איז אין קעשענע נישט געווען.

— ביזט טויב געוואָרען, צי וואָס! וואו איז דאָס געלד?

דאָס מיידעלע האָט נישט געענטפערט. די האָט איבערגעקעהרט די קעשענע און געקוקט אויף איהר ווי פערשטיינערט.

— האָסט געמוזט פערליערען די פופצעהן סו, — האָט די טענאַרדיע געזאָגט, — אָדער מאַכסט זיך, אַז דו האָסט זיי פערלוירען.

זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנד צום בייטשעל, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנד. קאָזעטע האָט אויסגעשריען:

— אָ, מאַדאַם, שלאָגט מיך נישט, איך וועל עס מעהר קיינמאָל נישט טהון!

די טענאַרדיע האָט גענומען דאָס בייטשעל אין האַנד. דער גאַסט האָט דערווייל אַריינגע-

לעגט זײַן האַנד צו זיך אין וועסט־קעשענע און האָט עפּיס אַרויסגענומען פון דאָרט.

— ענטשולדיגט, מאַדאַם,— האָט ער גע־זאָגט,— איך האָב ערשט געזעהן, ווי פון דער קלײנערס קעשענע איז עפּיס אַרויסגעפאַלען. אָט דאָס איז עס אפשר?

ער האָט זיך אָנגעבויגען און כלומרשט גע־זוכט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער זיך אויסגעגלײַכט און אַרײַנגעלעגט אַ מטבע צו מאַדאַם טענאַרדיע אין די האַנד.

— יאָ, אָט דאָס איז עס,— האָט מאַדאַם טענאַרדיע רוהיג געזאָגט. דאָס איז געווען אַ מטבע ניט פון פופצעהן, נאָר פון צוואַנציג סו, אָבער די מאַדאַם האָט דערפון קיין יסורים ניט געהאַט. זי האָט נור געוואָרפען אויף קאָזעטען אַ שטרענגען קוק און געזאָגט:

— ווײַטער זאָלען זיך מיט דיר אַזעלכע נסים ניט טרעפען.

קאָזעטע איז ווידער פערקראָכען אונטערין טיש און פון דאָרט האָט זי אַרויסגעקוקט אויפן אומבעקאַנטען מיט עמוואָס נאַאיווער פערוואונ־דערונג און צוטרוי.

— איהר ווילט עפּיס עסען?— האָט די מאַדאַם געפרעגט בײַם גאַסט.

ער האָט ניט געענטפערט, פערזונקען אין זײַנע געדאַנקען.

„וואָס איז דאָס פאַר אַ מענש?— האָט די ווירטהין זיך געוואונדערט.— האָט ניט קיין געלט אויף וועטשערע—און האָט אָפּגעגעבען די צוואַנ־ציג סו, וואָס ער האָט געפינען".

די טהיר האָט זיך געעפענט, און אין שטוב זענען אַרײַן פּאָפּינאַ און זעלמאַ. דאָס זענען גע־ווען צוויי שײנע, פרישע קינדער, אויסגעפוצטע און פערקעמטע, לאַכענדיגע און פרעהליכע. די מוטער האָט זיי אויפגענומען מיט אַ גרעבליכער צערטליכקייט. זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט בײַם פײַער און גענומען זיך שפּיעלען מיט זייער פּופּע. קאָזעטע האָט געקוקט אויף זיי מיט קנאה, און זיי אויף איהר— האָבען זיך גאָרנישט אומגע־קוקט. די דרײַ קלײנע מײדעלעך, וואָס זענען אַלע צוזאַמען קיין פיער און צוואַנציג יאָהר ניט אַלט געווען, האָבען שוין פערקערפּערט אין זיך די גאַנצע געזעלשאַפט: קנאה פון איין זײַט, פער־אַכטונג— פון דער צווייטער.

פּלוצים האָט די ווירטהין בעמערקט, אַז קאָזעטע האָט זיך פערקוקט אויף די קינדערס פּופּע.

— אַהאַ!— האָט זי אויסגעשריען.— אָט דאָס אַרבײַטסטו אַזוי? איך וועל דיך, ניקשה, אויסלערנען ניט צו פערקוקען זיך אויף פּרײַ־געלעך.

זי האָט געכאַפּט דאָס בײַטשעל.

דער אומבעקאַנטער האָט זיך צו איהר גע־ווענדעט מיט אַ בעטענדען טאָן:

— מאַדאַם, לאָזט זי זיך שפּיעלען אַ ביסעל.

וואָלט עס חאָטש געבעטען אַ גאַסט, וואָס האָט בעשטעלט אַ גוטע וועטשערע! אָבער אַ נפש אין אַזאַ ראָק זאָל זיך ערלויבען אַרויסצו־זאָגען זײַן רצון,— דאָס האָט די טענאַרדיע ניט געקאָנט פערטראָגען.

— די מוידה דאַרף אַרבײַטען,— האָט זי בייז געענטפערט,—איך האַלט ניט קיין אומזיס־טע פרעסער.

— וואָס פאַר אַ אַרבײַט טהוט זי עס איצט?— האָט דער גאַסט געפרעגט.

— זי שטריקט זאָקען פאַר מײַנע קינדער. די קינדער זענען באָרוועס און דאַרפען האָבען זאָקען.

דער גאַסט האָט בעטראַכט קאָזעטעס רויטע פיסלעך און האָט ווייטער געפרעגט:

— ווען וועט זי ענדיגען די אַרבײַט?

— אָ, אָט די לײַדיג־געהערין וועט מיט די האָבען צו טהון נאָך אַ דרײַ־פיער טעג.

— און וויפיעל קאָסט אַזאַ פּאָר זאָקען?

— גוטע דרײַסיג סו.

— אפשר וועט איהר זיי מיר פערקויפען פאַר פינף פראַנק?..

## 8. די פּופּע.

איינער פון די מיהרלייט האט זיך צולאכט.

— אהא! פינף פראנק פאר א פּאר זאקען! דא האט זיך אריינגעמישט טענאַרדיע אליין:

— יא, מיין הער, איב איהר ווילט זעם, מעלען מיר זיי איך אוועקגעבען פאר פינף פראנק. מיר ענטזאגען אונזערע געסט קיין זאך נישט.

— אבער דאס געלד אויפ'ן טיש!— האט די מאדאם גראב און פעסט נעקלערט.

— גוט, איך קויף די זאקען,— האט דער פרעמדער געזאגט און אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש א פינף-פראנק-שטיק. דערנאך האט ער זיך געווענדט צו קאזעטע'ן:

— איצט געהערט דיין ארבייט צו מיר. קאנסט זיך שפּיעלען, מיין קינד.

טענאַרדיע האט צוגענומען דאס געלד און שווייגענדיג אראבגעלאזען עס צו זיך אין קעשענע. זיין פרוי האט זיך געביסען די ליפען פון כעס.

קאזעטע האט געציטערט. ענדליך האט זי זיך אונטערגעשטעלט צו פרעגען:

— מאדאם, קען איך זיך א ביסעל שפּיעלען?

— שפּיעל זיך!— האט זי געקראכען א ביי־זען ענטפער.

— איך דאנק,— האט די קליינע געענט־פערט. גערעדט האט זי צו דער ווירטהין און גע־קוקט האט זי צום אונבעקאנטען.

— וואס איז דאס פאר א סארט מענש?— האט מאדאם טענאַרדיע געזאגט צו איהר מאן אויפ'ן אויער.

— איך האב געזעהן מיליאָנערען, וואס האבען געטראגען אזעלכע רעק,— האט ער גאנץ געענטפערט מיט א בעדייטענדער מינע.

פּאפּינא און זעלמא האבען זיך געשפּיעלט מיט דער קאץ: זי האבען בעשלאסען, אז די קאץ איז זייער קינד און אז מ'דארף זי „וויקלען". קאזעטע פון איהר זייט האט געמאכט א פּופּע פון בלייערן שווערדיל און האט עס אויך געוויקלט „וויקלען" אין שמאטעס.

די טענאַרדיע האט זיך צוגערוקט צום גאסט.

— מיין הער,— האט זי געזאגט מיט א זיסען טאן. ביז איצט האט זי איהם גערופען „אלטיטשקער". ער האט אומגעדרעהט צו איהר דעם קאפּ.

— גלויבט מיר, מיין הער, איך וואלט אויך וועלען, דאס קינד זאל זיך שפּיעלען. אבער ווי קאן זי דאס בעווייזען? גוט, וואס האסמאל האט איהר בעצאהלט פאר איהר,— אבער אזוי מוז זי דאך פערדינען איהר ברויט.

— הייסט עס, דאס איז נישט איינער מיי־דעל?— האט דער גאסט געפרעגט.

— אך, מיין גאט! געוויס נישט. דאס איז א פרעמד קינד, מיר האלטען עס פון רחמנות. מיר זענען אבער אליין ארימע מענשען. שוין זעקס חדשים, אז מיר האבען פון איהר מוטער קיין ידיעה נישט. זי האט געמוזט שטארבען.

— א!— האט דער פרעמדער געזאגט.

— דאס האט געמוזט זיין א פיינע סחורה,— האט די טענאַרדיע צוגעגעבען,— אז זי האט גע־האט אזא הארץ צוועקצוווארפען איהר קינד.

קאזעטע האט אינסטינקטיוו דערפיהלט, אז מ'רעדט פון איהר. עטליכע ווערטער האבען דער־גרייכט צו איהר. זי האט זיך פערטראכט, האט געוויינט איהר פּופּע און אונטערגעזונגען: „מיין מאמע געשטארבען... מיין מאמע געשטארבען"...

פּלוצים האט זי בעמערקט, אז פּאפּינא און זעלמא, שפּיעלענדיג זיך מיט דער קאץ, האבען איינגעלאזען בערגעסען און זייער פּופּע; זעלכע האט זיך געוואלגערט אויף דער ערד. קא־זעטע האט זיך א ווייליגע ארומגעקוקט אין אלע זייטען. דאס הארץ האט זי געשראקען, אבער איינגעהאלטען זיך האט זי נישט געקאנט: זי האט

א האפ געטהון די פופע, האט די פערשמועלט פון דער שיין מיט זיך און זיך גענומען מיט איהר שפיעלען. קיינער האט עם נישט געזעהן, אויסער דעם אונבעקאנטען.

איהר גליק האט געדויערט ביי א פינף-צעהן מינוט. פאפינא האט פלוצים חערזעהן די פופע ביי קאזעטע'ן אין די הענד. ביידע מיידעלעך זענען איבערראשט געווארען. דערנאך האבען זיי עם דערציילט דער מוטער. מאדאם טענארדיע האט א געשריי געטהון מיט א הייזעריגער שטים:

— קאזעטע!

קאזעטע האט א ציטער געטהון. און פלוצים האט זי זיך צעוויינט אזוי, אז איהר קליין קער-פערל האט זיך אינגאנצען געטרייסעלט.

דער פרעמדער האט זיך אויפגע-שטעלט.

— וואס איז דא געשעהן? האט ער געפרעגט.

— איהר זעהט דען נישט? — האט די ווירטהין געזאגט. — אט די מיאוס-קייט האט זיך דערוועגט צו נעהמען מיי-נע קינדערס פופע!

— איז וואס פאר א געוואלט? איז וואס, אז זי האט זיך געשפיעלט א ביסעל מיט דער פופע?

— א העזה דאס איז פון א מויד אנ-צוריהרען מיט איהרע שמוציגע הענד מיינע קינדערס פופע! — האט זיך טענארדיע נישט געקאנט בערוהיגען.

דער אונבעקאנטער איז אויפגעשטא-נען און איז ארויס פון הויז. די מאדאם האט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און דערלאנגט קאזעטע'ן א זעץ מיט'ן פוס. אין דער מינוט האט זיך די טהיר געעפענט, און דער אונבעקאנטער האט זיך ווידער בעוויזען. אויף די הענד האט ער געטרא-גען די גרויסע פופע, אויף וועלכע קאזעטע האט זיך אזוי פערקוקט, געהענדיג פארביי דער פאלאטקע מיט די שפיעלכעלעך. ער האט אוועקגעשטעלט די פופע נעבען קא-זעטע'ן און געזאגט:

— נא, דאס איז פאר דיר.

קאזעטע האט אויפגעהויבען דעם קאפ, האט א קוק געטהון אויפ'ן פרעמדען, דער-נאך אויף די פופע, דערנאך ווידער אויפ'ן פרעמדען — און האט זיך בעהאלטען אין א ווינקעל. זי האט נישט געגלויבט.

מאדאם טענארדיע איז גרין געווארען, פאפינא און זעלמא זענען געשטאנען ווי די פלעקער, אלע אין טראקטיר זענען געבלי-בען ווי שטום

— די צאצקע קאסט דרייסיג פראנק. טהו נאר נישט קיין נארשקייטען!. אויף די קניה פאר דעם דאזיגען מענשען!.

— נו, קאזעטע, — האט די מאדאם געזאגט מיט א שטים, וועלכע זי האט זיך בעמיהט צו מאכען וויך, — פארוואס נעהמסטו נישט דיין פופע? ...

קאזעטע האט זיך קוים דערוועגט ארויסצוגעהן פון איהר ווינקעל. זי איז גע-שטאנען נעבען דער פופע און האט מורא געהאט זיך צוריהרען צו איהר.

— ווי, מיין הערר, דאס איז טאקע אנ' אמת? די דאזיגע דאמע איז מיינע? ... — האט זי געפרעגט ביים פרעמדען.

— יא, מיין קינד, — האט זיך טע-נארדיע מילד אבגערופען, — דער הערר שענקט דיר די פופע.

— איך וועל איהר א נאמען געבען קאטערינא, — האט קאזעטע געזאגט און האט גענומען זיך שפיעלען מיט דער פו-פע, אבער דעם גאנצען אווענד האט זי גע-קוקט מיט דרך-ארץ אויף די „דאמע". איהר איז שווער געווען צו גלויבען, אז זי איז פלוצים אריינגעפאלען אין אזא הויכע גע-זעלשאפט.

מאדאם טענארדיע איז געווען אויסער זיך פאר פערדרוס און קנאה פאר איהרע קינדער. זי האט אלץ געטענה'ט אין דעם שטיל צו איהר מאן:

— וואס פאר א שד האט אהער אנגע-טראגען דעם דאזיגען מענשען! וואס איז דאס פאר א שטאט צו שענקען שפיעלכע-

לעך פון דרײַסיג פראַנק אַט דעם הינדטעל, וועלכעם איך וואָלט איננאַנצען אַוועקגעגעבען פאַר דרײַסיג סו? ... וואָס איז ער — משוגע צו וועלכען שוואַרץ-יאָהר! ...

— שוטה, וואָס אַרט עס דיך? ... — האָט טענאַרדיע געלאַסען געענטפערט. — איהם געפעלט עס. דיר געפעלט, זי זאָל אַרבײַטען, און איהם, פערקעהרט, שמעקט בעסער, די קלײנע זאָל אַרומגעהן פוסט און פאַס. ווער עס קאָן בעצאָהלען, מעג זיך האָבען זײַנע קאַפּריזען. אַז ער איז אַ נאַר, וואָס געהט דיך אָן?

אויסגעבעט האָט מען דעם גאַסט אין דעם בעסטען צימער, הגם ער האָט געטענה׳ט, אַז ער וויל שלאָפען אין שטאַהל, אָבער טענאַרדיע האָט בעשלאָסען, אַז „פון דעם יאָלד קאָן מען אָבשינדען אַ הײַטעל".

דעם קלײנעם הונד מוז איך, מאָרגען אַרויסיאָגען אַרויסיאָגען פון הויז! — האָט מאַדאַם טענאַרדיע געזאָגט, ווען דאָס פּאָרפאָלק איז געוועזען בײַ זיך אין שלאָף-צימער.

— נישט געחאַפּט! — האָט טענאַרדיע געענטפערט. — דאָס וועלען מיר מאָרגען זעהן.

## 9. טערנאַרדיע בעווײַזט בריה׳שאַפט.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה האָט טענאַרדיע צוזאַמענגעשטעלט אַ רעכנונג פאַר׳ן אונבעקאַנטען. די רעכנונג האָט בעטראָפען דרײַ און צוואַנציג פראַנק.

— דרײַ און צוואַנציג פראַנק! — האָט מאַדאַם טענאַרדיע אויסגעשריען מיט ענטציקען געמישט מיט צווײפעל.

— יאָ, — האָט טענאַרדיע קאַלט געענטפערט.

— ער וועט נישט צאָהלען אַזוי פיעל, — האָט די פרוי געצווײפעלט.

— נישקשה, ער וועט בעצאָהלען, דער מאַן איז רײַך. דו וועסט איהם דערלאַנגען די רעכנונג.

מיט די ווערטער איז טענאַרדיע אַרויס פון הויז.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דער אונבעקאַנטער אַרײַנגעקומען אין צימער. ער האָט געטראָגען זײַן פּעקיל און דעם שטעקען און איז, קענטיג, געווען גרייט אין וועג אַרײַן.

— אַזוי פריה? — האָט מאַדאַם טענאַרדיע געפרעגט. — דער הערר געהט שוין דען אַוועק?

זי האָט געהאַלטען די רעכנונג אין דער האַנד און האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טהון מיט איהר: אַזאַ אָרים-געקלײדעטען מענשען האָט זי נישט געקאָנט דערלאַנגען אַזאַ רעכנונג.

דער פרעמדער האָט געענטפערט:

— יאָ, איך געה אַוועק.

— איהר האָט, הייסט עס, אין מאָנפערמײַל קײן געשעפטען נישט?

— נײן, איך בין אַ דורכגעהער, נישט מעהר. וואָס קומט אײַך פון מיר?

אין טהיר האָט זיך בעוויזען טענאַרדיע. די שײנקערין איז געוואָרען בײַ זיך שטאַרקער און האָט דערלאַנגט דעם גאַסט די רעכנונג. ער האָט אויף דאָס פּאַפּיר׳ל נישט געקוקט. ער האָט זיך ווידער געווענדט צו מאַדאַם טענאַרדיע:

— ווי געהען אײַערע געשעפטען דאָ אין מאָנפערמײַל?

— אַזוי זיך, — האָט זי געענטפערט. — שווערע צײַטען. אַ לײַטישער גאַסט, אַט ווי איהר אַ שטײנגער, טרעפט זיך זעלטען. און די הוצאות זענען גרויס. די מויד אַלײן קאָסט אונז גענוג.

— וועלכע מויד?

— די קלײנע קאָזעטע.

— אַ! האָט דער פרעמדער געזאָגט.

זי האָט ווײַטער גערעדט:

— קײן צדקה פערלאַנגען מיר ניט, אָבער געבען צדקה — קאָנען מיר אויך ניט! איך האָב מײַנע אײגענע קינדער, און דאָ מוז איך שפּײַזען אַ פרעמדע.

דער אונבעקאַנטער האָט כּלומר׳שט גלײַכגילטיג געזאָגט:

— און ווי, אַז מ׳וואָלט אײַך פֿון איהר לויז מאַכען?

— פֿון וועמען? פֿון קאָזעטע׳ן?

— יאָ.

איהר פּנים האָט אָנגעהויבען שײַנען פֿון שׂמחה.

— אַך, מײַן גוטער הערר, נעהמט זי, פֿיהרט זי אַוועק, בעשׁיט זי מיט צוקער אדער עסט זי מיט ברויט, — אַבי נעהמט זי צו פֿון מיר!...

— גוט! — האָט דער פֿרעמדער געזאָגט.

— איהר נעהמט זי טאַקע אויף אַן אמת?

— יאָ.

— שוין?

— די מינוט, רופֿט זי אַהער.

— קאָזעטע! — האָט מאַדאַם טענאַרדיע אַ געשריי געטהון.

— און דערווײַל וועל איך בעצאָהלען, וואָס פֿון מיר קומט, — האָט ער געזאָגט און געוואָרפֿען אַ בליק אויף די רעכנונג. ער האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטען און האָט ערשטוינט אויסגערופֿען: — ווי דרײַ און צוואַנציג פֿראַנק!

די טענאַרדיע איז שוין געוועזען בײַ זיך שטײַף.

— יאָ, יאָ, — דרײַ און צוואַנציג פֿראַנק.

— ברינגט אַהער דאָס מיידעלע, — האָט ער געזאָגט.

אין דער מינוט איז טענאַרדיע אַרויסגעטראָטען אויף די מיט פֿון צימער.

— פֿונ׳ם הערר קומט זעקס און צוואַנציג סו, — האָט ער געזאָגט.

— וואָס הייסט, זעקס און צוואַנציג סו?! — האָט די ווירטהין אויסגעשריען.

— צוואַנציג סו פֿאַר דאָס צימער און זעקס סו פֿאַר וועטשערע, — האָט טענאַרדיע קאַלט געזאָגט. — און וואָס קאָזעטע׳ן אַנבעלאַנגט, דאַרף איך מיט דעם הערר׳ן זיך דורכשמועסען וועגען דעם. לאָז אונז דאָ אַליין.

ווי אַ בליץ האָט פֿערבלענדט מאַדאַם טענאַרדיע׳ס אויגען. זי האָט דערפֿיהלט, אַז אַ גרויסער טאַלאַנט טרעט אַרויס אויף די סצענע, און ניט זאָגענדיג קיין וואָרט, איז זי אַרויס פֿון צימער.

טענאַרדיע האָט פֿאָרגעלעגט דעם פֿרעמדען אַ שטוהל און אַליין איז ער געבליבען שטעהן מיט אַ גוטמוטיגען און אָפֿענהערציגען אויסדרוק אויף זײַן געזיכט.

— פֿערשטעהט איהר מיך, מײַן הערר, איך מוז אײַך זאָגען, אַז איך פֿערגעטער אײַנפֿאַך דאָס דאָזיגע מיידעלע.

דער פֿרעמדער האָט אויף איהם געוואָרפֿען אַ דורכדרינגענדען בליק.

— וואָסער מיידעלע?

טענאַרדיע האָט זיך געערעדט ווײַטער.

— אָט ווי מאָדנע עס זאָל נישט אויסקומען, אָבער אין איין הויז ווערט מען פֿאָרט צוגעבונדען. איך זאָג אײַך, איך פֿערגעטער זי פּשוט!

— וועמען פֿאָרט? — האָט דער אונבעקאַנטער געפֿרעגט.

— וועמען?... קאָזעטע׳ן, פֿערשטעהט זיך, אונזער קליינע קאָזעטע׳ן! אָט ווילט איהר זי צונעהמען בײַ אונז, און איך זאָג אײַך אָפֿען, ווי אַן אָרענטליכער מאַן, אַז איך קאָן זי נישט אַוועקגעבען. דאָס מיידעלע וועט נאָכדעם האָבען טענות צו מיר. איך האָב דאָך זי געהאַלטען אויף די הענד, בעת זי איז געוועזען נאָך גאָר אַ פּיצעלע. אמת, זי ברינגט אונז אויס אַ סך געלד; אמת, איך בין נישט רײַך, און דאָך האָט מיך איהר קראַנקהייט אַליין, מיט אַ קורצער צײַט צוריק, געקאָסט העכער פֿון הונדערט פֿראַנק. אָבער אַ מענש מוז דאָך טהון עפּיס פֿון גאָט׳ס וועגען אויך! זי האָט נישט קיין טאַטע-מאַמע, זי איז אַ יתומה, — זאָל זי בלײַבען: וואו עס עסען פֿינף, וועט קלעקען פֿאַר אַ זעקסטער. איך האָב זי פּשוט ליעב. מײַן

פרוי אויך דאָס געמליכע. זי איז אפילו אַ היציגע, אָבער זי האָט אויך ליעב דאָס קינד. זי איז ביי אונז אַלץ איינס וואָס אַנ׳איינגענע.

דער פרעמדער האָט אַלץ געקוקט אויף טענאַרדיע, און דער לעצטער האָט ווייטער גערעדט:

— ענטשולדיגט מיין העֶרר, אָבער קיינער וועט נישט אוועקגעבען זיין קינד, נישט וויסענדיג צו וועמען. בין איך אומגערעכט? אָ, איך מיין חלילה נישט קיין שלעכטס, איהר זעהט אויס צו זיין אַנ׳אָרענטליכער מענש און זענט רייך, — אָבער פריהער מוז איך עס וויסען אויף זיכער, איהר פערשטעהט? איך ווייס דאָך אפילו נישט, מיט וועמען איך האָב צו טהון. ווענינגסטענס, דאַרף איך דאָך זעהן אייער פאַספּאָרט ...

דער אונבעקאַנטער האָט געזאָגט רוהיג און פעסט:

— מיין ליעבער העֶרר טענאַרדיע, אַז מען פאָהרט אָב אויף פינף מייל ווייט פון פּאַריז, נעהמט מען נים קיין פאַספּאָרטען. אויב איך וועל צונעהמען קאָזעטע׳ן, דאַרפט איהר נישט וויסען ווי מ׳רופט מיך, נישט וואו איך וואוין. איך מיין זי צונעהמען אַזוי, אַז זי זאָל אייך קיינמאָל אין די אויגען נישט זעהן. זענט איהר מרוצה? יאָ אָדער ניין?

טענאַרדיע איז געוועזן קלוג און שאַרפזיניג. ער האָט גלייך דערזעהן, אַז ער האָט צו טהון מיט אַ שטאַרקערן פון זיך. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געקלערט, וואָס איז דאָס פאַר אַ מענש און וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער צו קאָזעטע׳ן? ער האָט אָבער גאַרנישט געקאָנט צוקלערען. איין זאַך איז קלאָר: דער מאַן איז אין קאָזעטע׳ן שטאַרק פעראינטערעסירט. אָבער ער לאָזט זיך נים רייזען. אַלזאָ, איז דאָס בעסטע צו עפּענען די קאָרטען.

— מיין העֶרר, — האָט טענאַרדיע פּלוצים געזאָגט, — איך מוז האָבען פופצעהן הונדערט פראַנק.

דער אונבעקאַנטער האָט אַרויסגענומען אַ טײַסטער, האָט אַוועקגעלעגט אויפ׳ן טיש דריי בילעטען צו פינף הונדערט פראַנק, און צוהאַלטענדיג דאָס געלד מיט די פינגער, האָט ער געזאָגט:

— בריינגט דאָס קינד.

דער כרעטשמער האָט זיך אויפגעשטעלט:

— וואָס איז דאָ געשעהן? — האָט ער געפרעגט.

— איהר זעהט דען נישט? — האָט די ווירטהין געזאָגט. — אַט די מאוסקייט האָט זיך דערוועגט צו נעהמען מיינע קינדערס פּופּע!

— איז וואָס פאַר אַ געוואַלט? איז וואָס, אַז די האָט זיך געשפּיעלט אַ ביסעל מיט דער פּופּע?

— אַ העזה דאָס איז פון אַ מויד אָנצוריהרען מיט איהרע שמוציגע הענד מיינע קינדערס פּופּע! — האָט זיך די טענאַרדיע נישט געקאָנט בערוהיגען.

דער אונבעקאַנטער איז אויפגעשטאַנען און איז אַרויס פון הויז. די מאַדאַם האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און דערלאַנגט קאָזעטע׳ן אַ זעץ מיט׳ן פוס. אין דער מינוט האָט זיך די טהיר געעפענט, און דער אונבעקאַנטער האָט זיך ווידער בעוויזען. אויף די הענד האָט ער געטראָגען די גרויסע פּופּע, אויף וועלכע קאָזעטע האָט זיך אַזוי פערקוקט, געהענדיג פאַרביי דער פּאַלאַטקע מיט די שפּיעלכעלעך. ער האָט אַוועקגעשטעלט די פּופּע נעבען קאָזעטע׳ן און געזאָגט:

— נאַ, דאָס איז פאַר דיר.

קאָזעטע האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט אַ קוק געטהון אויפ׳ן פרעמדען, דערנאָך אויף די פּופּע, דערנאָך ווידער אויפ׳ן פרעמדען — און האָט זיך בעהאַלטען אין אַ ווינקעל. זי האָט נישט געגלויבט.

מאַדאַם טענאַרדיע איז גרין געוואָרען, פּאַפּינאָ און זעלמאַ זענען געשטאַנען ווי די פלעקער, אַלע אין טראַקטיר זענען געבליבען ווי שטום.

טענאַרדיע אַליין האָט בעטראַכט אַ ווייל דעם פרעמדען און די פּופּע, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו זיין פרוי און האָט איהר שטיל געזאָגט:

— די צאַצקע קאָסט גוטע דרייסיג פראַנק. טוט נאָר נישט קיין נאַרישקייטען! אויף די ק״ה פאַר דעם האָזיגען מענשען!

— ע, קאָזעטע, — האָט די מאַדאַם געזאָגט מיט אַ שטים, וועלכע זי האָט זיך בעמיהט צו מאַכען ווייך, — פאַרוואָס נעמסטו נישט דיין פופּע?...

קאָזעטע האָט זיך קוים דערוועגט אַרויסצוגעהן פון איהר ווינקעל. זי איז געשטאַנען נעבען דער פופּע און האָט מורא געהאַט זיך צוצורירען צו איהר.

— ווי, מיין הערר, דאָס איז טאַקע אמת? די האָזיגע דאַמע איז מיינע?.. — האָט זי געפרעגט ביים פרעמדען.

— יאָ, מיין קינד, — האָט זיך טענאַרדיע מילד אָבגערופען, — דער הערר שענקט דיר די פופּע.

— איך וועל איהר אַ נאָמען געבען קאַטערינאַ, — האָט קאָזעטע געזאָגט און האָט גענומען זיך שפּיעלען מיט דער פופּע, אָבער דעם גאַנצען אָווענד האָט זי געקוקט מיט דרך־ארץ אויף די „דאַמע״. איהר איז שווער געווען צו גלויבען, אַז זי איז פּלוצים אַריינגעפאַלען אין אַזאַ הויכע געזעלשאַפט...

מאַדאַם טענאַרדיע איז געווען אויסער זיך פאַר פערדרוס און קנאה פאַר איהרע קינדער. זי האָט אַלין געטענה׳ט אין דער שטיל צו איהר מאַן:

— וואָס פאַר אַ שד האָט אַהער אָנגעטראָגען דעם האָזיגען מענשען! וואָס איז דאָס פאַר אַ שטות צו שענקען שפּיעלכעלעך פון דרייסיג פראַנק אַט דעם הינדטעל, וועלכעס איך וואָלט איננאַנצען אַוועקגעגעבען פאַר דרייסיג סו?.. וואָס איז ער — משוגע צו וועלכען שוואַרץ־יאָהר!..

— שוטה, וואָס אַרט עס דיך?.. — האָט טענאַרדיע געלאַסען געענטפערט. — איהם געפעלט גאָר. דיר געפעלט, די זאָל אַרבייטען, און איהם פערקערהרט, שמעקט בעסער, די קליינע זאָל אַרומגעהן פּוסט און פּאַס. ווער עס קאָן בעצאָהלען, מעג זיך האָבען זיינע קאַפּריזען. אַז ער איז אַ נאַר, וואָס גערדט עס דיך אָן?

איבערגעבעגט האָט מען דעם גאַסט אין דעם בעסטען צימער, הגם ער האָט געטענה׳ט, אַז ער וויל שלאָפען אין שטאַהל, אָבער טענאַרדיע האָט בעשלאָסען, אַז „פון דעם יאָלד קאָן מען אָבשינדען אַ הייטעל״.

דעם קליינעם הונד מוז איך מאָרגען אַרויסטראָגען פון הויז! — האָט מאַדאַם טענאַרדיע געזאָגט, ווען דאָס פּאָר־פאָלק איז געווען ביי זיך אין שלאָף־צימער.

— נישט געהאַפּט! — האָט טענאַרדיע געענטפערט. — דאָס וועלען מיר מאָרגען זעהן.

---

## 9. טענאַרדיע בעווייזט בריה׳שאַפט.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה האָט טענאַרדיע צוזאַמענגעשטעלט אַ רעכנונג פאַרן אומבעקאַנטען. די רעכנונג האָט בעטראָפען דריי און צוואַנציג פראַנק.

— דריי און צוואַנציג פראַנק! — האָט מאַדאַם טענאַרדיע אויסגעשריען מיט ענטציקען געמישט מיט צווייפעל.

— יאָ, — האָט טענאַרדיע קאַלט געענטפערט.

— ער וועט נישט צאָהלען אַזוי פיעל, — האָט די פרוי געצווייפעלט.

— נישקשה, ער וועט בעצאָהלען, דער מאַן איז רייך. זי וועסט איהם דערלאַנגען די רעכנונג.

מיט די ווערטער איז טענאַרדיע אַרויס פון הויז.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דער אומבעקאַנטער אַריינגעקומען אין צימער. ער האָט געטראָגען זיין פּעקיל און דעם שטעקען און איז, קענטיג, געווען גרייט אין וועג אַריין.

— אַזוי פריה? — האָט מאַדאַם טענאַרדיע געפרעגט. — דער הערר גערדט שוין הויבן אַוועק?

זי האָט געהאַלטען די רעכנונג אין דער האַנד און האָט נישט געוואוסט וואָס צו טהון מיט איהר: אַזאַ אָרים־געקליידעטען מענשען האָט אַפילו זי נישט געקאָנט דערלאַנגען אַזאַ רעכנונג.

דער פרעמדער האָט געענטפערט:

— יאָ, איך געה אַוועק.

— איהר האָט, הייסט עס, אין מאָנטער־

מעיל קיין געשעפטען נישט?

— ניין, איך בין א חורכ-נעהער, נישט מעהר. וואָס קומט אייך פון מיר?

אין טהיר האָט זיך בעוויזען טענאַרדיע. די שוינקערין איז געוואָרען ביי זיך שטאַרקער און האָט דערלאַנגט דעם גאַסט די רעכנונג. ער האָט אויף דאָס פאַפיריל נישט געקוקט. ער האָט זיך ווידער געווענדעט צו מאַדאַם טענאַרדיע:

— ווי געהען אייערע געשעפטען דאָ אין מאָנפערמעיל?

— אַזוי זיך, — האָט זי געענטפערט. — שווערע צייטען. א לייטישער גאַסט, אָט ווי איהר א שטיינער, טרעפט זיך זעלטען. און די הוצאות זענען גרויס! די מויד אַליין קאָסט אונז גענוג.

— וועלכע מויד?

— די קליינע קאָזעטע.

— אַ!— האָט דער פרעמדער געזאָגט.

זי האָט ווייטער גערעדט:

— קיין צדקה פערלאַנגען מיר ניט, אָבער געבען צדקה—קאָנען מיר אויך נישט! איך האָב מיינע אייגענע קינדער, און דאָ מוז איך שפייזען א פרעמדע.

דער אונבעקאַנטער האָט כלומר׳שט גלייכגילטיג געזאָגט:

— און ווי אַז מ׳וואָלט אייך פון איהר לויז מאַכען?

— פון וועמען? פון קאָזעטע׳ן?

— יאָ.

איהר פנים האָט אָנגעהויבען שיינען פון שמחה.

— אַך, מיין גוטער העררע, נעהמט זי, פיהרט די אַוועק, בעגעשט זי מיט צוקער אָדער עסט זי מיט ברויט,— אַבי נעהמט זי צו פון מיר!..

— גוט!— האָט דער פרעמדער געזאָגט.

— איהר נעהמט זי טאַקע אויף אַן אמת?

— יאָ.

— שוין?

— די מינוט. רופט זי אַהער.

— קאָזעטע!— האָט מאַדאַם טענאַרדיע א געשריי געטהון.

— אין דערווייל וועל איך בעצאָהלען, וואָס פון מיר קומט,— האָט ער געזאָגט און געוואָרפען א בליק אויף די רעכנונג. ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט פערשטוינט אויסגערופען:— ווי? דריי און צוואַנציג פראַנק!

די טענאַרדיע איז שוין געווען ביי זיך שטייף.

— יאָ, יאָ,— דריי און צוואַנציג פראַנק!

ער האָט אַוועקגעלעגט אויפ׳ן טיש פינף און צוואַנציג פראַנק.

— ברינגט אַהער דאָס מיידעלע,— האָט ער געזאָגט.

אין דער מינוט איז טענאַרדיע אַרויסגעטראָטען אויף די מיטע פון צימער.

— פונם העררן קומט זעקס און צוואַנציג סו,— האָט ער געזאָגט.

— וואָס הייסט, זעקס און צוואַנציג סו?!— האָט די ווירטהין אויסגעשריען.

— צוואַנציג סו פאַר דאָס צימער און זעקס סו פאַר וועטשערע,— האָט טענאַרדיע קאַלט געזאָגט.— און וואָס קאָזעטע׳ן אָנבעלאַנגט, דאַרף איך מיט דעם העררן זיך הורכשמועסען וועגען דעם. לאָז אונז דאָ אַליין.

ווי א בליץ האָט פערבלענדעט מאַדאַם טענאַרדיע׳ס אויגען. זי האָט דערפיהלט, אַז א גרויסער טאַלאַנט טרעט אַרויס אויף די סצענע, און ניט זאָגענדיג קיין וואָרט, איז זי אַרויס פון צימער.

טענאַרדיע האָט פאָרגעלעגט דעם פרעמדען א שטוהל און אַליין איז ער געבליבען שטעהן מיט א גוטמוטהיגען און אָפענהערציגען אויסדרוק אויף זיין געזיכט.

— פערשטעהט איהר מיך, מיין העררע, איך מוז אייך זאָגען, אַז איך פערגעטער איינפאַך דאָס דאָזיגע מיידעלע.

דער פרעמדער האָט אויף איהם געוואָרפען א דורכדרינגענדען בליק.

— וואָסער מיידעלע?

טענאַרדיע האָט זיך גערעדט ווייטער:

— אָט ווי מאָדנע עס זאָל נישט אויסקומען, אָבער אין איין הויז ווערט מען סאַרט צוגעוואָהנט. איך זאָג אייך, איך פערגעטער זי פשוט!

— וועמען פאַרט?— האָט דער אונבעקאַנטער געפרעגט.

— וועמען?.. קאָזעטע׳ן, פערשטעהט זיך, אונזער קליינע קאָזעטע׳ן! אָט ווילט איהר זי

צונעמען בּײַ אונז, און איך זאָג אײַך אָפֿען, װי אַן אָרענטליכער מאַן, אַז איך קאָן זי נישט אַװעקגעבּען. דאָס מײדעלע װעט נאָכהער האָבּען טענות צו מיר. איך האָבּ דאָך זי געהאַלטען אױף די הענט, בּעת זי איז געװען נאָך גאָר אַ פּיצעלע. אמת, זי בּרענגט אונז אױס אַ סך געלט; אמת, איך בּין נישט רײַך, און דאָך האָט מיך איהר קראַנקהײט אַלײן, מיט אַ קורצער צײַט צוריק, געקאָסט העכער פיער הונדערט פראַנק. אָבּער אַ מענש מוז דאָך טהון עפּיס פון גאָטס װעגען אױך! זי האָט נישט קײן טאַטע-מאַמע, זי איז אַ יתומה, — זאָל זי בּלײַבּען: װי עס עסען פינף, װעט קלעקען פאַר אַ זעקסטער. איך האָבּ זי פּשוט ליעבּ. מײַן בּחור אױך דאָס נעמליכע. זי איז אַפילו אַ היציגע, אָבּער זי האָט אױך ליעבּ דאָס קינד. זי איז בּײַ אונז אַלץ אײנס װאָס אַן אײגענע.

דער פרעמדער האָט אַלץ געקוקט אױף טענאַרדיע, און דער לעצטער האָט װײַטער גערעדט:

— ענטשולדיגט, מײַן העררר, אָבּער קײנער װעט נישט אַװעקגעבּען זײַן קינד, נישט װיסענדיג צו װעמען. בּין איך אומגערעכט? אָ, איך מײן חלילה נישט קײן שלעכטס, איהר זעהט אױס צו זײַן אַן אָרענטליכער מענש און זענט רײַך, — אָבּער פריהער מוז איך עס װיסען אױף זיכער, איהר פערשטעהט? איך װײס דאָך אַפילו נישט, מיט װעמען איך האָבּ צו טהון. װעניגסטענס, דאַרף איך דאָך זעהן אײַער פּאַספּאָרט...

דער אומבּעקאַנטער האָט געזאָגט רוהיג און פעסט:

— מײַן ליעבּער העררר טענאַרדיע, אַז מען פאָהרט אָבּ אױף פינף מײַל װײַט פון פּאַריז, נעהמט מען ניט קײן פּאַספּאָרטען. אױבּ איך װעל צונעהמען קאָזעטען, דאַרפט איהר נישט װיסען נישט װי מ'רופט מיך, נישט װאו איך װאױן. איך מײן זי צונעמען אַזױ, אַז זי זאָל אײַך קײנמאָל אין די אױגען נישט זעהן. זענט איהר מרוצה? יאָ אָדער נײן?

טענאַרדיע איז געװען קלוג און שאַרפזינניג. ער האָט גלײַך דערזעהן, אַז ער האָט צו טהון מיט אַ שטאַרקערן פון זיך. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געקלערט, װאָס איז דאָס פאַר אַ מענש און װאָס פאַר אַ שײַכות האָט ער צו קאָזעטען? ער האָט אָבּער גאָרנישט געקאָנט צוקלערען. אײן זאַך איז קלאָר: דער מאַן איז אין קאָזעטען שטאַרק פעראינטערעסירט. אָבּער ער לאָזט זיך נישט רײדען. אַלזאָ, איז דאָס בּעסטע צו עפּענען די קאָרטען.

— מײַן העררר, — האָט טענאַרדיע פּלוצים געזאָגט, — איך מוז האָבּען פופצעהן הונדערט פראַנק.

דער אומבּעקאַנטער האָט אַרױסגענומען אַ טײַסטער, האָט אַװעקגעלעגט אױפ'ן טיש דרײַ בּילעטען צו פינף הונדערט פראַנק, און צוהאַלטענדיג דאָס געלד מיט די פינגער, האָט ער געזאָגט:

— בּרענגט דאָס קינד.

## 10. דאָס מזל װאַקסט.

קאָזעטע איז ערשט נישט לאַנג אױפגעשטאַנען פון שלאָף. פאַר'ן שלאָף האָט זי אַװעקגעשטעלט נעבּען אײװען אײנעם פון איהרע הילצערנע שיך: דאָס איז געװען די נאַכט פון „קריסטוס-געבּורטס", און בּײַ קינדער עקזיסטירט אַן אַלטער מנהג אַװעקצושטעלען אין דער דאָזיגער נאַכט אַ שוך נעבּען אײװען אין דער האָפנונג, אַז אַ גוטער מלאך װעט אַהין אַרײַנלעגען עפּיס אַ מתנה. נישט קוקענדיג דערױף, װאָס די האָפנונג האָט זי בּיז איצט גענאַרט, און נור פאַנפינאַ און זעלמאַ פלעגען געפינען אין זײערע שיך קלײנע זילבּערנע מטבעות, װאָס מאַדאַם טענאַרדיע האָט אַרײַנגעלעגט אַהין, האָט קאָזעטע דאָס יאָהר װידער אַװעקגעשטעלט איהר שוך מיט נאַאיװען קינדערשען גלױבּען און האָפנונג. און װען זי איז אין דער-פריה צוגעלאָפען צום אײװען, האָט זי געפינען אין שוך אַ גלאַנציגע גאָלדענע מטבע.

קאָזעטע איז איבּעראַשט געװאָרען. איהר מזל האָט זיך געהױבּען אַזױ האַש, אַז איהר קלײן, קינדערש קעפּיל האָט אָנגעהױבּען צו שװינדלען.

די מטבע האָט זי צוגעכאַפּט און בּעהאַלטען מיט אַזאַ מינע, װי זי װאָלט זי געגנבעט: זי האָט אָבּער געפיהלט, אַז די מטבע איז איהרע, און האָט זיך געשטױסען, פון װאַנען די מתנה

קומט. זי איז געזעסען צופריעדען און צו גליי־כער צייט פערוואונדערט און עטוואָס דערשראָקען. די מטבע און די פופע האָבען זי גע־שראָקען: צופיעל פראַכט! פון וואַנען האָט זיך עס גענומען? ווי אַרום קומט דאָס אַלץ צו איהר?

נור פאַר'ן אונבעקאַנטען האָט זי זיך ניט געשראָקען, פערקעהרט, זיין אָנוועזענהייט האָט איהר צוגעגעבען מוטהיגקייט. צייט זי האָט איהם בעגעגענט אין וואַלד, האָט זיך אַלץ אין איהר לעבען געענדערט. קאָזעטע, וועלכע האָט גע־זעהן אין איהר לעבען גליק און שיין וועניגער פונ'ם שוואַכסטען שוועלבעלע, האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, וואָס עס הייסט זיך צוטוליען צו אַ נאָהנטען מענשען אין אַ נויט, — איצט אָבער האָט זיך איהר געדאַכט, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ מענש אויף דער וועלט. זי איז נישט גע־ווען עלענד; עמיצען האָט זי געפיהלט נע־בען זיך, און אפילו דער שרעק פאַר די טענאַר־דיעס איז ביי איהר קלענער געוואָרען.

זי האָט זיך לעבעדיג גענומען צו איהר מאָרגען־אַרבייט. אין קעשענע האָט זי געפיהלט די גאָלדענע מטבע און אַלע פינף מינוט האָט זי דאָס געלד אַרויסגענומען און עס בעטראַכט מיט אַנ'אָפען מיילכעל און אַרויסגעשטעקטער צונג. אין אַזאַ פּאָזע האָט מאַדאַם טענאַרדיע געפונען קאָזעטע'ן, קומענדיג נאָך איהר אויפ'ן בעפעהל פון איהר מאַן. און אַ נס איז געשעהן! די טע־נאַרדיע האָט איהר דערפאַר אפילו קיין איין קלאַפּ נישט געגעבען און האָט נאָך געזאָגט מיט אַ ווייכער שטים:

— קום שנעלער, קאָזעטע.

אַז קאָזעטע איז אַריינגעקומען אין דאָס הויפּט־צימער פון טראַקטיר, האָט דער אונבע־קאַנטער פונאַנדערגעבונדען זיין פעקילע און האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אַ קליין וואָלען קלייד, אַ פאַרטיכעל, אַ בלוזקעלע, אַנ'אונטערקליידעלע, זעקליך, שיך, — מיט איין וואָרט, אַ גאַנצע גאַר־דעראָבע פאַר אַ זיבען־יעהריג מיידעלע. דאָס אַלץ איז געווען פון שוואַרצען שטאָף.

— נאַ, מיין קינד, — האָט דער פרעמדער געזאָגט, — נעהם און טהו זיך אָן דאָס גיכער.

אין עטליכע מינוט אַרום האָבען די ווייני־וואוינער פון מאָנפערמייל געזעהן געהן אויפ'ן וועג קיין פּאַריז אַן אָרים־געקליידעטען אַלטען מאַן, וועלכער האָט געפיהרט פאַר אַ האַנטיל אַ קליין מיידעלע, אָנגעטהון אין טרויער־קליי־דער. דאָס מיידעלע האָט געטראָגען אַ ראָזיגע, גרויסע פּופּע, וועלכע זי האָט צוגעדריקט צו זיך, ווי אַ מוטער דריקט איהר קינד צו איהר ברוסט.

דאָס זענען געווען דער אונבעקאַנטער און קאָזעטע.

דעם אַלטען האָט קיינער נישט געקענט; קאָזעטע'ן, ווידער, האָט ווייניג־ווער דערקענט, ווייל זי האָט געטראָגען אַזעלכע קליידער, וועל־כע קיינער האָט קיינמאָל אויף איהר ניט געזעהן.

מיט וועמען איז זי געגאַנגען? קאָזעטע האָט עס נישט געוואוסט. וואוהין? דאָס האָט זי אויך נישט געוואוסט. איין זאַך האָט זי גע־וואוסט אויף זיכער — אַז זי פערלאָזט אויף שטענדיג דעם פערהאַסטען טראַקטיר. קיינער פון די דאָרטיגע האָט זיך מיט איהר נישט גע־זעגענט. זי פון איהר זייט האָט זיך אויך מיט קיינעם פון זיי נישט געזעגענט. אין דעם האָזיגען הויז האָבען אַלע זי פיינט געהאַט, און זי האָט זיי גע־צאָהלט מיט דערזעלבער מטבע

קאָזעטע איז געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע, מיושב'דיגע טריט און האָט מיט ברייט־געעפענ־טע אויגען געקוקט אַמאָל אויפ'ן הימעל, אַמאָל אויף די אומגעגענד. פון צייט צו צייט האָט זי געוואָרפען אַ בליק צו זיך אין קעשענע פונ'ם פאַרטוך, וואו די גאָלדענע מטבע האָט געפינ־קעלט. און דערנאָך איבערגעפיהרט איהר בליק אויפ'ן מענשען, וואָס איז געגאַנגען נעבען איהר. זי האָט געהאַט אַזאַ געפיהל, ווי זי וואָלט זיך געפינען נעבען גאָט אַליין.

זי האָט נישט געוואוסט און האָט נישט געקאָנט וויסען, אַז איבער'ן שטויביגען וועג שפּאַנט צוזאַמען מיט איהר, פערזונקען אין גע־דאַנקען, די געוועזענע נומער 9430 פון טולאָ־נער קאַטאָרגע.

יאָ. זשאַן וואַלזשאַן איז נישט דערטרונ־קען געוואָרען. ווען ער איז אַריינגעפאַלען, ריכ־טיגער געזאָגט — ווען ער האָט זיך אַריינגע־

וואַרפֿען אין ים אַריין, האָט ער, ווי מיר ווייסען, די קינדער שוין אויף זיך נישט געהאַט. ער איז צוגעשוואומען אונטער'ן וואַסער צו אַ בערגיגע, וואָס איז געשטאַנען נעבען אַ גרויסען שיף, האָט זיך בעהאַלטען אין איהר און איז אָבגעלעגען האַרטען ביז'ן אָוועגד. ביי־נאַכט האָט ער זיך ווידער אַריינגעוואָרפען אין וואַסער און איז צוגעשוואומען צום ברעג. געלד האָט ער געהאַט גענוג, האָט ער זיך געקויפט קליידער אין אַ שיינקעל, וואו אַנטלאָפענע קאַטאָרזשניקעס האָבען געקאָנט קריגען אַלץ, וואָס זיי האָבען נויטיג.

דערנאָך האָט ער זיך אַ געוויסע צייט אַרומגעדרעהט איבער פֿערשידענע שטעדטליך, כדי צו פֿערפּלאָנטערן זיין שפּור, אים די פּאָליציי, אויב זי זוכט איהם, זאָל איהם נישט קאָנען געפינען. ענדליך האָט ער זיך דערשלעפּט קיין פּאַריז.

ער האָט געדונגען אַ וואוינונג, האָט געקויפט קליידער פֿאַר קאָזעטע'ן און איז אַוועק קיין מאָנפערמעיל.

דאָס איבעריגע ווייסען מיר שוין.

---

## 11. נים געלונגען.

מאַדאַם טענאַרדיע, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, פֿלעגט זיך אין אַלעם פֿערלאָזען אויף איהר מאַן, וועלכען זי האָט געשעצט זעהר הויך. אָבער דאָסמאָל, ווען טענאַרדיע האָט איהר געוויזען די פֿופצעהן הונדערט פֿראַנק, האָט זי צום ערשטען מאָל אַרויסגעוויזען אונצופֿרידענקייט.

— אָט דאָס איז גאָר! — האָט זי געזאָגט.

טענאַרדיע האָט גלייך אַיינגעשטימט, אַז זי איז גערעכט.

— טאַקע אמת, אויף מיינע נאמנות! — האָט ער אויסגערופען. — איך בין אַ גרויסע בהמה. גיב מיר נאָר מיין הוט.

ער האָט אַריינגעלעגט דאָס געלד אין קעשענע און איז אַרויסגעלאָפען פֿון הויז. תחלת האָט ער זיך גענומען רעכטס, אָבער פֿרעגענדיג ביי די שכנים, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דעם אַלטען מיט'ן מיידעלע האָט מען געזעהן געהן אין אַ צווייטע ריכטונג. ער האָט זיך אַלזאָ געטרון נאָך זיי. געהענדיג, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין:

„דער האָזיגער מאַן איז אַ גאַנצער מיליאָן אין אַ געלען חאָק, און איך בין אַ בהמה בצורת פֿערד. צוערשט האָט ער געגעבען צוואַנציג סו, דערנאָך פֿינף פֿראַנק, חאַן פֿופציג און צום סוף פֿופצעהן הונדערט פֿראַנק, און דאָס אַליין אָהן דער מינדסטער קרומער מינע. קלאָר, ווי דער טאָג, אַז ער וואָלט בעצאָהלט פֿופצעהן טויזענד אויך. יאָ. און האַן, אָט די קליידער, וואָס ער האָט אין פֿאָראויס נאָך אָנגעגרייט פֿאַר דאָס מיידעלע; אַ מאָדנע געשיכטע, דאָ שטעקט עפּיס אַ געהיימנים. און אַ געהיימניס איז אַן אייגעלע זאַך, דאָס טאָר מען פֿון די הענד ניט אַרויסלאָזען. די געהיימניסען פֿון רייכע מענשען זענען עכטע שוואָמען, אָנגעזאַפּט מיט געלד, מען דאַרף נור וויסען, ווי זיי אויסצודריקען. אָ, ס'איז אַ גולם איך בין! אָבער, נישקשה, איך וועל איהם שוין אָנשאָגען".

די זענען אפילו אַוועקגעגאַנגען אַ שטיק וועג פֿאָראויס, וועדהרענד טענאַרדיע האָט געזוכט דעם וועג, אָבער די קליינע קאָן שנעל נישט געהן, וועט ער זיי אין גיכען הערייאָגען. ער איז אַרויס אין פֿעלד און זיך געלאָזען אויף'ן שפּור, ווי אַ הונד אויף דער יאַגד. פּלוצים איז ער געבליבען שטעהן און האָט זיך אַ קלאַפּ געטהון אין שטערן.

— אַך, צו אַל־די רוחות! בעדאַרפֿט געווען מיטנעהמען אַ ביקס... אָ־וואַ! נו, פֿערפֿאַלען...

ער האָט זיך ווידער געלאָזען לויפֿען. עס האָבען אָנגעהויבען צו קומען אַנטקעגען קריינע, נידעריגע בוימלעך, וואָס זענען מיט עטליכע הונדערט טריט ווייטער אויסגעוואַקסען אין זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט'ן וואַלד. אויף איינעם פֿון די בוימלעך האָט ער דערזעהן דעם אָנגעבויגענעם קאַנטעג'ס הוט.

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען?.. אַהאַ, איך פֿערשטעה: די קליינע רוהט זיך אָב, און דער אַלטער זיצט נעבען איהר...

אַזוי איז עס טאַקע געווען. דער שײַנ־קער האָט זיך פּלוצים בעוויזען נעבען די, וועמען ער האָט געזוכט.

— ענטשולדיגט, מײַן העהר, — האָט ער געזאָגט, אָבעטעמענדיג נאָכ׳ן לויפען, — דאָ האָט איהר אײַערע פופצעהן הונדערט פראַנק.

מיט די ווערטער האָט ער אויסגעשטרעקט דעם אונבעקאַנטען די דרײַ באַנק־נאָטען.

יענער האָט אויפגעהויבען די אויגען.

— וואָס הייסט עס?

טענאַרדיע האָט געענטפערט מיט רע־ספּעקט, אָבער פעסט:

— דאָס הייסט, אַז איך נעהם קאָזעטע׳ן צוריק.

קאָזעטע האָט אויפגעציטערט און האָט זיך צוגעטוליעט צום אַלטען.

דזשאַן וואַלדזשאַן האָט לאַנגזאַם איבער־געפרעגט:

— איהר נעהמט קאָזעטען צוריק?

— איך נעהם זי, און גלייך וועט איהר וויסען פאַרוואָס. איך האָב חרטה. ווירקליך, איך האָב קיין רעכט נישט זי אַייך אָוועקצוגע־בען. איך בין אַן אָרענטליכער מאַן, פערשטעהט איהר מיך. דאָס מיידעלע איז נישט מײַנס, זי איז איהר מוטער׳ס. די מוטער האָט זי מיר אָנ־געטרויט, און נור איהר קאָן איך זי אָוועקגעבען. איהר וועט זאָגען: „די מוטער איז דאָך געשטאָר־בען". רעכט. אָבער ווי באַלד אַזוי, קאָן איך קאָזעטען אָוועקגעבען נור אַ מענשען, וואָס וועט מיר ברינגען אַ בריעף, אונטערגעשריבען פון דער מוטער. דאָס איז קלאָר, ווי דער טאָג.

דזשאַן וואַלדזשאַן האָט נישט געענטפערט, האָט אַראָפּגעלאָזען די האַנד אין קעשענע און אַרויסגענומען זײַן טײַכטער.

טענאַרדיע׳ן איז געוואָרען פרעהליך אויפ׳ן האַרצען. „האַלט קאָפּ, טענאַרדיע! — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין. — אָט דאָ קאָנסטו אָב־לעקען אַ ביינדעל".

דזשאַן וואַלדזשאַן האָט געוואָרפען אַ בליק אַרום זיך: דאָס איז געווען אַ פערוואָרפען ווינ־קעל, וואו מען האָט קיין נפש נישט געזעהן ווייט אַרום. ער האָט געעפענט דעם טײַכטער און האָט אַרויסגענומען פון דאָרט נישט קיין געלד, ווי טענאַרדיע האָט ערוואַרטעט, נאָר אַ קליין פּאַפּירעל, וועלכעס ער האָט פונאַנדער־געוויקעלט און דערלאַנגט טענאַרדיע׳ן מיט די ווערטער:

— איהר זענט זעהר גערעכט. לעזט.

טענאַרדיע האָט איבערגעלייענט פאָל־גענדעס

„מאָנטרעיל, 25־טען מערץ, 1823.

העהר טענאַרדיע! איהר וועט איבערגע־בען קאָזעטע׳ן צו דעם מאַן, וואָס ברינגט אַייך דעם היינטיגען בריעף. מען וועט אַייך בעצאָהלען אַלע קליינע אויסגאַבען.

ערגעבענסט, פאַנטינע".

— איהר קענט די אונטערשריפט? — האָט דזשאַן וואַלדזשאַן געפרעגט.

טענאַרדיע האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. ער האָט געהאַט אַ דאָפּעלטען פער־דרוס: בעדייטעט איז ער אין קיין געלד האָט ער אויך נישט קריגען.

דזשאַן וואַלדזשאַן האָט צוגעגעבען:

— איהר קאָנט האַלטען דעם בריעף בײַ זיך אָנשטאָט אַ קוויטאַנציע.

— די אונטערשריפט איז נאָכגעמאַכט נים שלעכט, — האָט טענאַרדיע אַרויסגעברומט צווי־שען די ציינער.

— זאָל זײַן אַזוי, — האָט ער געקראָגען אַ קאַלטען ענטפער.

— מילא, — האָט טענאַרדיע ווידער אָנ־געפאַנגען, — דאַרף מען מיר דאָך בעצאָהלען „אַלע קליינע אויסגאַבען", און קומען קומט מיר אַ היבשע סומע.

דזשאַן וואַלדזשאַן איז אויפגעשטאַנען פון אָרט.

— מײַן ליעבער העהר טענאַרדיע! אין יאַ־נואַר איז די מוטער אַייך שולדיג געווען הונדערט מיט צוואַנציג פראַנק; אין פעברואַר האָט איהר צוגעשיקט איהר אַ רעכענונג אויף פינף הונדערט; סוף פעברואַר האָט איהר געקראָגען דרײַ הונ־דערט און אָנהייב מערץ נאָך דרײַ הונדערט.

פון האן און זעגען פארביי ניין חדשים. רעכענענדיג צו פופצעהן פראנק א חודש, לויט אייער איינענעם פרייז, קומט אייך פאר די צייט הונדערט מיט פינף און דרייסיג פראנק. אזוי ווי פון פריהער האט איהר געקראגען איבעריגע הונדערט פראנק, בלייבט שוין נור פינף און דרייסיג, און פאר די האזיגע פינף און דרייסיג האב איך אייך געגעבען — פופצעהן הונדערט...

טענארדיע האט זיך געפיהלט ווי א וואלף אין דער קלעם. געטהון האט ער דאס, וואס דער וואלף טהוט אויך אין אזא פאל, דאס הייסט — ער האט זיך ארום געטהון מיט געוואלט. חוצפא האט זיך איהם שוין פיעל מאל איינגעגעבען.

— מיין הערר, וואס אייער נאמען איז מיר נישט בעקאנט, — האט ער געזאגט ענטשלאסען און שוין אהן רעספעקט, — אדער איהר וועט מיר געבען צעהן טויזענד פראנק, אדער איך נעהם קאזעטע'ן צוריק.

זשאן וואלזשאן האט רוהיג געזאגט:

— קום, קאזעטע.

ער האט קאזעטע'ן געגעבען די לינקע האנד און מיט דער רעכטער האט ער גענומען זיין שטעקען, וואס איז געלעגען אויף דער ערד.

טענארדיע'ן איז נישט געפעלען, וואס דער שטעקען איז אזוי דיק און די געגענד אזוי וויסט און ווייט פון מענשען, און וועהרענד דער אונבעקאנטער איז אוועק מיט קאזעטע'ן, האט דער שיינקער בעטראכט יענעמ'ס ברייטע אקסלען און שווערע פויסטען און האט זיך פערטראכט מיט זיינע איינענע שוואכע הענד. „איך בין גאר פער'טפש'ט געווארען, — האט ער געטראכט, — געהן אויף די יאגד און נישט נעהמען קיין ביקס! פערפאלען! דאס שפיעל איז פאר'ן טייוועל"...

אין א קורצע צייט ארום האט זשאן וואלזשאן בעמערקט, אז טענארדיע געהט זיי נאך. ער האט זיך פערדרעהט אין וואלד, אבער אין גיכען האט ער ווידער דערהערט טריט הינטער זיך. דאסמאל איז ער געבליבען שטעהן, און ווען דער שיינקער איז געקומען נעהנטער, האט זשאן וואלזשאן געווארפען אויף איהם אזא בליק, אז יענער האט זיך א טרייסעל געטהון און האט זיך שמיידיג געלאזען געהן צוריק אהיים

דעמזעלבען אווענד זענען זשאן וואלזשאן מיט קאזעטע'ן אריינגעקומען קיין פאריז דורך דאס טויער „מאנסא". דארט האט ער גענומען א דראזשקע, איז אבגעפאהרען עטליכע גאסען, דערנאך איז ער אראבגעקראכען און זיך געלאזען געהן צום בולוואר האספיטאל. זשאן וואלזשאן האט דערפיהלט, אז קאזעטע איז מיעד, און האט זי גענומען צו זיך אויף די הענד. זי האט אוועקגעלעגט איהר קעפיל אויף זיין אקסעל און איז איינגעשלאפען, נישט ארויסלאזענדיג פון איהר ארעם די פופע „קאטערינא".

---

## 12. ווידער זשאווער

זשאן־וואלזשאן האט זיך אבגעשטעלט מיט קאזעטע'ן אויף די הענד נעבען אן אלטען הויז אויפ'ן סוף פונ'ם בולוואר האספיטאל, כמעט ביים ברעג פון דער שטאדט.

ער האט ארויסגענומען פון קעשענע א שליסעל, האט געעפענט די טהיר, און איז אריין אין א קארידאר. דארט איז ער ארויפגעשטיגען אויף א טרעפ, האט ארויסגענומען א צווייטען שליסעל און געעפענט נאך א טהיר, וואס האט געפיהרט אין א גרויס צימער. דאס צימער איז געווען מעבלירט ווי ארים מעבלירט: א טיש, א פאר שטיהלען, אין איין ווינקעל א בעטיל, אין צווייטען — א מאטראץ אויף דער ערד. זשאן־וואלזשאן האט פערשלאסען די טהיר, האט אוועקגעלעגט קאזעטע'ן אויף דאס בעטיל, האט אנגעצונדען א ליכט און גענומען קוקען מיט ליעבע און צערטליכקייט אויף דאס שלאפענדע מיידעלע. די קליינע איז געשלאפען, נישט וויסענדיג נעבען וועמען, נישט וויסענדיג — וואו. אזא רוהיגקייט איז א סימן אדער פון גרויסער קראפט, אדער, פערקעהרט, פון פאלשטענדיגער שוואכהייט.

שעה'ן לאנג איז ער געשטאנען נעבען איהר בעט אויף די קניה מיט ליעבע אין זיין בליק, מיט א תפילה אין הארצען. עס איז געווארען טאג. א בלאסער, קאלטער שטראהל פון דער ווינטערדיגער זון און האט אריינגעדרונגען אין צי־

מיט אין געצויגענע גאָלדענע שטרייפען איבער די ווענד און איבערין באַלקען. אַ שווערער וואָגען האָט אַ גרילץ געטהון פאַרביי די פענסטער; און דאָס גאַנצע הייזעל האָט אויפגעציטערט.

— יאָ, מאַדאַם! — האָט קאָזעטע פּלוצים אויסגעשריען און האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

מיט האַלב־פערמאַכטע אויגען איז די אַראָבגעשפּרונגען פון בעטיל; האָט אויסגעשטרעקט די הענד און עפּיס געזוכט.

— וואו איז מיין בעזים? — האָט זי דערשראָקען אויסגערופען.

זי האָט חרכגעריבען איהרע אויגען און דערזעהן זשאַן־וואַלזשאַנ'ס שמייכלענדיג פּנים.

— אַ! — האָט זי געזאָגט. — איז עם מאַקע אויף דער וואָהר? גוט מאָרגען!

קינדער געוועהנען זיך שנעל צו גליק; קאָזעטע האָט זיך שוין געפיהלט אין דער נייער לאַגע אַזוי, ווי עס וואָלט קיינמאָל אַנדערש נישט געוועזען.

דערזעהענדיג די פּופּע „קאַטערינע'', האָט זי זיך גענומען מיט איהר שפּיעלען, פערוואַרפענדיג זשאַן־וואַלזשאַנען מיט פראַגען: וואו געפינט זי זיך, ווי גרויס פּאַריז איז, וואו איז מאַדאַם טענאַרדיע, וועט זי ניר אָפּטמאָל נישט קומען אַהער, און אַזוי ווייטער. צום סוף האָט זי אויסגעשריען:

— אַך, ווי גוט דאָ איז! דאַרף איך אפשר אויסקעהרען?

— שפּיעל זיך, שפּיעל זיך! — האָט זשאַן־וואַלזשאַן געענטפערט.

קאָזעטע איז געווען גליקליך אין דער אָנוועזענהייט פון „קאַטערינען'' און פון דעם דאָזיגען מענשען.

זשאַן־וואַלזשאַן האָט אויסגעקליבען דאָס דאָזיגע הויז, רעכענענדיג, אַז דאָ וועט איהם קיינער נישט געפינען. דער אונטערשטער שטאָק איז געווען האַלב־צושטערט; דער אויבערשטער איז בעשטאַנען פון עטליכע צימערן; אָבער כמעט אינגאַנצען אונבעוואוינט, דען אויסער איהם האָט דאָ געוואוינט בלויז די וועכטערין פון הויז, וועלכע האָט איהם בעדיענט אויך. איהר האָט

ער געזאָגט, אַז ער איז אַ קליינער „ראַנטיע''. דאָס הייסט, ער האָט אַ קליין פערמעגען אין ווערטה־פּאַפּירען און לעבט פון די דיווידענדען, וואָס זיינע פּאַפּירען ברענגען. די אַלטע האָט נישט געפרעגט קיין קשיות; און זשאַן־וואַלזשאַן מיט קאָזעטען האָבען זיך רוהיג געלעבט.

אַזוי איז אַוועק אַ שטיקעל צייט. אויס פאָרזיכטיגקייט פלעגט זשאַן־וואַלזשאַן קיינמאָל ניט געהן אין גאַס ביי־טאָג; ערשט אין אָווענד פלעגט ער מאַכען אַ שפּאַציר; אַמאָל אין דער בעגלייטונג פון קאָזעטען, איבער די שכנ'ישע גאַסען און פון צייט צו צייט בעזוכען די נאָהנטע קירך „סען מעדאַר''.

ער האָט שטענדיג געטראָגען זיין געלען ראָק, שוואַרצע הויזען און אַן אַלטען הוט. אין גאַס האָט מען איהם נישט איינמאָל אָנגענומען פאַר אַן אָרימאַן און איהם געגעבען אַ נדבה. ער האָט צוגענומען, זיך פערנייגט און געגאַנגען ווייטער, ביז ער האָט אָנגעגענט איינעם פון די אָרימע־לייט, וועמען ער האָט די נדבה אַוועקגעגעבען און נאָך צוגעלעגט עפּיס פון קעשענע. דאָס איז אָבער קיין מעלה נישט געווען: אין קוואַרטאַל האָט ער געקראָגען אַ שם פאַר אַן אָרימאַן, וואָס גיט נדבות מעהר וויפיעל ער נעהמט; און מען האָט אָנגעהויבען פון איהם צו רייד[ען].

איהם האָט זיך ניט געחלומט אפילו, אַז די הויז־וועכטערין שפּיאָנירט איהם נאָך. די האָט פרובירט אויספרעגען קאָזעטען, אָבער פון איהר האָט זי נישט געקאָנט אַרויסקריגען מעהר, ווי די קליינע האָט אַליין געוואוסט, נעמליך — אַז זיי קומען פון מאָנפערמעיל. איינמאָל האָט די אַלטע געזעהן זשאַן־וואַלזשאַנ'ען אַריינגעהן אין איינעם פון די אונבעוואוינטע צימערן. די האָט זיך אונטערגעקוקט דורך דאָס שליסעל־לאָך און האָט בעמערקט, ווי ער האָט אויפגעריסען דעם אונטערשלאַג פון זיין ראָק און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ בילעט פון טויזענד פראַנק. די אַלטע איז נשתומם געוואָרען: דאָס איז געווען שוין דער דריטער בילעט אויף טויזענד פראַנק, וואָס זי האָט ביי איהם געזעהן. אין אַ שעה אַרום האָבען פון דער מעשה געוואוסט אַלע שכנות פון

נאָך אַרום אין אַרום. בײַ אַ געלעגענהײט האָט די װעכטערין איבערגעטאַפּט די קלײדער פֿון איהר קװאַרטיראַנט און האָט ענטדעקט אין זײַנע קעשענעס עטליכע פּאַפּיקען. דאָס האָט בײַ איהר ערװעקט נאָך אַ גרעסערן חשד.

נעבען דער קירך „סען מעדאַרי" איז געװעזען אַ בעטלער, װעמען זשאַן־װאַלזשאַן פּלעגט געבען אַ נדבה יעדעס מאָל, װען ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען.

אין אַ געװיסען פֿאַר־נאַכט, װען זשאַן־װאַלזשאַן האָט איהם דערלאַנגט זײַן נדבה, האָט יענער פּלוצים אױפֿגעהױבען דעם קאָפּ און געװאָרפֿען אױף איהם אַ שאַרפֿען בליק. דערנאָך האָט ער גלײַך װידער אַראָפּגעלאָזען די אױגען; אָבער זשאַן־װאַלזשאַן איז שױן געשטאַנען בלאַס, װי דער טױט: איהם האָט זיך אױסגעדוכט, אַז דאָס איז נישט דער שטילער בעטלער, װעלכער זיצט דאָ יעהרען לאַנג; נאָר אַ גאַנץ אַנדערער. געדוכט האָט ער געזעהן, אַ בעקאַנט און שרעקליך געזיכט. זשאַן־װאַלזשאַן איז געשטאַנען אַ מינוט, װי אַ דערשלאָגענער, דערנאָך איז ער אַװעק, ציטערנדיג מיט אַלע גליעדער. אױף מאָרגען איז ער װידער צוגעגאַנגען צום בעטלער און האָט הױך און ענטשלאָסען געזאָגט:

— גוטען אָװענד, אַלטער!

דער בעטלער האָט אױפֿגעהױבען דעם קאָפּ. דערזעהענדיג זײַן געזיכט, האָט זשאַן־װאַלזשאַן צו זיך געזאָגט: „פֿערשטעהט זיך, אַז דאָס האָט זיך מיר אױסגעדוכט. װי פֿאַל איך גאָר אױס צו דענקען, אַז דאָס איז זשאַװער!"...

אױף דער צװײטער נאַכט האָט ער געהערט, װי עמיצער עפֿענט מיט אַ שליסעל די טהיר פֿון שכנישען צימער. זשאַן־װאַלזשאַן איז געװאָרען אומרוהיג. װער קען דאָס דאָרט זײַן? דאָרט װאױנט, דאַכט זיך, קײנער נישט. ער האָט זיך אַװעקגעשטעלט בײַ דער טהיר און זיך צוגעהערט. אין אַ שטיקעל צײַט אַרום האָט ער דערהערט, װי עמיצער דערנעהנטערט זיך שטיל, מיט באָרװעסע פֿיס, צו דער טהיר פֿון זײַן צימער. זשאַן־װאַלזשאַן האָט אײַנגעהאַלטען דעם אָטעם. ער האָט געשפּירט, אַז פֿון יענער זײַט שטעהט עמיצער און הערט זיך צו. אַ לאַנגע צײַט װעגען אַזױ געשטאַנען די צװײ מענשען פֿון בײדע זײַטען טהיר. דערנאָך האָט זשאַן־װאַלזשאַן געהערט, װי יענער איז אַװעק אױף די שפּיץ פֿינגער צוריק צו זיך אין צימער אַרײַן.

זשאַן־װאַלזשאַן איז נישט בעשלאָפֿען אַ גאַנצע נאַכט, און דערהערענדיג גאַנץ פֿריה שװערע מענערשע טריט אין קאָרידאָר, איז ער צוגעלאָפֿען צו דער טהיר און האָט פֿערקוקט דורך דאָס שליסעל־לאָך. ער איז גלײַך אָבגעשפּרונגען צוריק: דאָס איז געװעזען אַ הױכער מאַן אין אַ לאַנגען ראָק, מיט אַ שטעקען אונטער'ן אָרעם; דאָס איז געװעזען, אָהן צװײפֿעל, מאָנטרעילער פּאָליצײ־אינספּעקטאָר זשאַװער. ער איז אַראָבגעגאַנגען פֿון די טרעפּ און איז אַרױס פֿון הױז.

אַז די אַלטע הױז־װעכטערין איז געקומען צו־קלױבען אין צימער, האָט זשאַן־װאַלזשאַן געװאָרפֿען אױף איהר אַ דורכדרינגענדען בליק. אָבער די אַלטע האָט געקוקט װי שטענדיג.

— איהר האָט געהערט עמיצען אַרײַנגעהן אין הױז בײַ־נאַכט? — האָט זי געפֿרעגט, קערענדיג דאָס צימער.

— אַך, יאָ, כ'האָב עפּיס געהערט, — האָט זשאַן־װאַלזשאַן גלײַכגילטיג געזאָגט. — װער איז דאָס געװעזען?

— אַ נײַער קװאַרטיראַנט, — האָט די אַלטע געענטפֿערט.

— װי הײסט מען איהם?

— איך געדענק נישט אױף ריכטיג; הײסט זיך — דימאָן אָדער דאָמאָן.

— און מיט װאָס בעשעפֿטיגט ער זיך?

זי האָט אױף איהם געװאָרפֿען אַ חיטרע קוק:

— אָ, ער איז אַ „ראַנטיער", אַזױ װי איהר...

עס קען זײַן, אַז זי האָט גאָרנישט געמײנט; אָבער זשאַן־װאַלזשאַנ'ען איז איהר טאָן נישט געפֿעלען. אַז עס איז נאַכט געװאָרען, האָט ער געזאָגט צו קאָזעטע'ן:

— קום, קינד.

ער האָט זי גענומען פֿאַר אַ הענטיל און איז אַרױס מיט איהר פֿון הױז.

## 13. אויפן הייסען שפור,

מיט קאָזעטין נעבען זיך, האָט זיך זשאַן-וואַלזשאַן געדרעהט פון איין גאַס אין די צווייטע, געגאַנגען אמאל לינק, אמאל רעכטס, זיך אומגעקעהרט צוריק און געפלאָנטערט דעם וועג, ווי ער האָט נור געקאָנט. עס איז געווען א לבנה-נאַכט, און זשאַן-וואַלזשאַן איז געווען דערפון זעהר צופריעדען: די לבנה איז נאָר-וואָס אויפגעגאַנגען און האָט בעלויכטען בלויז איין זייט פון דער גאַס, — און דאָס האָט איהם געגעבען א מעגליכקייט צו געהן אויף דער טונקעלער זייט און אכטונג צו געבען אויף די ליכטיגע. קאָזעטע איז געגאַנגען נעבען איהם. זי איז געווען רוהיג, ווייל נעבען דעם האַרציגען מענשען האָט זי זיך געפיהלט אויסער געפאַהר.

ער אליין האָט נישט געוואוסט, וואוהין ער געהט. ער האָט זאָגאַר אָנגעהויבען צו צווייפלען, אויב יענער מאַן איז ווירקליך געווען זשאַווער, און אויב עס איז אפילו זשאַווער, האָט ער איהם גאָר מסתמא נישט דערקענט, ווייל אַלע האָבען געמיינט, אַז זשאַן-וואַלזשאַן איז דערטרונקען געוואָרען נעבען טולאָן. אָבער ווי די מעשה איז, די לעצטע טעג איז אויף זיין וואוינונג געווען נישט רוהיג, און ער האָט בעשלאָסען זיך נישט אומקעהרען אַהין. וואוהין וועט ער זיך אַהינטהון? דאָס האָט ער נישט געוואוסט. ער האָט זיך פערלאָזען אויף גאָט; אַז זיין האַנד וועט איהם פיהרען און ווייזען א וועג.

אויף דער גאַס פּאָנטואַז האָט ער זיך אומגעקוקט און דערזעהן דריי מענשען, וואָס זענען איהם נאָכגעגאַנגען. דער, וואָס איז געגאַנגען פאָראויס, איז איהם נישט געפעלען. ער האָט זיך פערקירעוועט אין א זייטיגע גאַס, אָבער אין דריי מינוט אַרום האָבען זיך יענע מענשען ווידער בעוויזען. איצט איז שוין צוגעקומען צו זיי א פערטער; די אַלע זענען געווען הויכע, פינסטערע מענער, אין לאַנגע רעק און מיט שטעקענס אין די הענד. איינער פון זיי האָט געוויזען מיט דער האַנד אין די ריכטונג, וואוהין זשאַן-וואַלזשאַן איז געגאַנגען. די לבנה האָט בעלויכטען זיין געזיכט, און זשאַן-וואַלזשאַן האָט גלייך דערקענט זשאַווערן.

אלזאָ, דאָסמאָל איז שוין קלאָר: די מענשען פערפאָלגען דאָס איהם; און צווישען זיי געפינט זיך זשאַווער. מ'דאַרף געפינען א מיטעל, ווי זיך אויסצודרעהען פון זייערע הענד.

אום צו געהן גיכער, האָט ער גענומען קאָזעטין אויף די הענד און זיך פערדרעהט אין א שמאַל, לאַנג געסיל. ער איז געגאַנגען זעהר גיך, אָבער אין פינף מינוט אַרום איז ער פּלוצים געבליבען שטעהן: דאָס געסיל האָט זיך געענדיגט מיט א וואַנד; קיין אויסוועג פון דאָרטען איז נישט געווען. אויב ער וועט זיך בייצייטענס פון דאָרט נישט אַרויסחאַפּען, איז ער אליין אַריינגעפאַלען אין נעץ.

ער האָט זיך געוואָלט לויפען צוריק, אָבער אין דער מינוט האָבען זיך ביים אַריינגאַנג אין געסיל געלאָזען הערען שווערע טריט פון פיעל מענשען: א פּאַטרול סאָלדאַטען און צווישען זיי זשאַווער מיט זיינע בעגלייטער זענען געגאַנגען איהם אַנטקעגען. דאָס האָט זשאַווער, קענטיג, בעגעגענט דעם פּאַטרול און איהם גענומען צו-הילף.

זשאַן-וואַלזשאַן האָט געהאַט עפּעס ווי צוויי קאַמערן אין קאָפּ: אין איינער זענען געלעגען געדאַנקען פון א הייליגען, אין דער צווייטער — די געפעהרליכע פעהיגקייטען און תחבולות פון

אַ פּערבּרעכער. מיר ווייסען שוין, אַז ער איז געווען אונגעהויער שטאַרק, ער האָט געקאָנט קלעטערן ווי אַ קאַץ, כמעט אויף גלייכע ווענד, און אין מינוטען פון גרויסער געפאַהר האָט זיין קאָפּ געאַרבּייט קלאָר און דייטליך. ער איז דעריבּער געבּליבּען שטעהן אויף איין מינוט און האָט געזאָגט צו זיך:

— זיי געהען לאַנגזאַם. עס וועט הויערן אַ פערטיל שעה, ביז זיי וועלען מיך דערזעהן. אויב איך וועל נישט אויסנוצען דאָס פערטיל שעה, בין איך פערפאַלען.

אָבּער ווי אַזוי אויסנוצען? ער האָט געוואָרפען אַ בּליק אויף דער וואַנד, נעבּען וועלכער ער איז געשטאַנען. זי האָט געהאַלטען אַכצעהן פוס די הויך. אין ווינקעל זענען די ציגעל געווען אויסגעלעגט אַזוי, אַז מען האָט געקאָנט אָן זיי זיך טשעפּען מיט די נעגיל און אַרויפקלעטערן. אָבּער וואָס טהוט מען מיט קאָזעטע'ן? אויף צו מאַכען אַזאַ קונץ, מוז ער האָבּען אַלע זיינע קרעפטען און זיין פריי אין זיינע בּעוועגונגען; נעהמען זי אויף די אַקסלען איז העריבּער אונמעגליך: זיי וועלען בּיידע אַראָפּפאַלען. וואָס זשע טהוט מען? אַ שטריק! אַ האַלבּ לעבּען וואָלט ער אַוועקגעגעבּען פאַר אַ שטריק, אָבּער — ווי קריגט מען עס אין מיטען נאַכט, אין מיטען דער נאַכט?

פּלוצים איז זיין בּליק געפאַלען אויף דעם גאַסען-לאַמטערן, וואָס איז געשטאַנען פּונקט אַנטקעגען איהם. דער לאַמטערן האָט נישט געבּרענט: אין לבנה-נעכט פלעגט מען די גאַסען נישט בּעלייכטען. אין יענער צייט איז קיין גאַז נאָך אין פּאַריז נישט געווען, און די לאַמטערנס פלעגט מען אָנצינדען מיט דער הילף פון אַ שטריק, וואָס האָט זיך געצויגען פון דער לאָמפּ אַראָבּ צו אַן אייזערנעם רעדיל. די שטריק האָט זיך געפונען אין אַ מעטאַלענער רעהר און דאָס רעדיל אין אַ פערשלאָסענעם אייזערנעם קעסטיל בּיי דער ערד. דער שליסעל פון'ם קעסטיל פלעגט זיך געפינען בּיים לאַמפּען-צינדער.

נישט קלערענדיג קיין סך, איז זשאַן וואַלזשאַן צוגעגאַנגען צום קעסטיל, האָט אויפגעבּראָכען דעם שלאָס און מיט אַ שטאַרקען ציהה אַרויסגעריסען די שטריק מיט דער לאָמפּ צוזאַמען. אַלזאָ, אַ שטריק האָט ער שוין געהאַט. די טריט פון'ם פּאַטרוּל האָבּען העכער געקלונגען אַלץ נעהנטער און דייטליכער. קאָזעטע האָט זיך דערשראָקען.

— טאַטע, כ'האָבּ מורא! — האָט זי געזאָגט. — ווער געהט עס?

— שאַ, — האָט ער געענטפערט, — דאָס איז מאַדאַם טענאַרדיע. שווייג נאָר, איך ווייס שוין, וואָס צו טהון. אויבּ דו וועסט וויינען, וועט מאַדאַם טענאַרדיע דערהערען און וועט דיך פּאַקען.

קאָזעטע איז געבּליבּען שטום.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אַרומגעבּונדען קאָזעטע'ן מיט זיין האַלז-טיכעל און דאָס האַלז-טיכעל האָט ער צוגעבּונדען צו אַ בּרעג פון שטריק. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום ווינקעל פון דער וואַנד, האָט אָנגעהויבּען קלעטערן אַרויף און אין עטליכע סעקונדען אַרום איז ער בּעריהרט שוואַונדען.

קאָזעטע איז געשטאַנען און האָט אַלץ געשוויגען. פּלוצים האָט זי דערהערט אַ שטים פון דער הויך:

— לעהן זיך צו צו דער וואַנד.

זי האָט געפאָלגט און האָט גלייך דערפיהלט, אַז מען הויבּט זי אַרויף. אין גיכען איז זי געווען בּיי זשאַן וואַלזשאַנ'ען אין די אָרעמס.

פון דער צווייטער זייט איז די וואַנד געווען זעהר הויך פון דער ערד, נאָך העכער ווי

צו דער גאַס, אָבער מיט אַ פופצעהן טריט ווייטער איז געשטאַנען נעבען איהר אַ געביידע מיט אַ משופּע'דיגען דאַך, וואָס האָט אָנגערירט אַ דערביי־שטעהענדען בוים. זשאַן וואַלזשאַן איז צוגעקראָכען צו דער געביידע, האָט זיך אַראָבגעלאָזען צום בוים און פון דאָרט איז ער, מיט קאָזשעטען אויף די הענד, אַראָבגעשפּרונגען אויף די ערד.

אין דער מינוט האָט זיך געלאָזט הערען זשאַווער'ס הויכע שטים:

— בעזוכט גוט דאָס געסל. פון דאַנען האָט ער נישט וואוהין צו אַנטלויפען. איך בין זיכער, אַז ער געפינט זיך ערגיץ דאָ דערנעבען.

---

## 1· צווישען שדים און מלאכים

זשאַן־וואַלזשאַן האָט זיך דערזעהן אין אַ גרויסען גאָרטען פון מאַדנעם, אומגעוועהנליכען אויסזעהן. דאָס איז געווען איינער פון יענע טרויעריגע גערטנער, אויף וועלכע עס איז, דוכט זיך, בלייכער צו קוקען נור ווינטער און דערצו ביי־נאַכט. דער גאָרטען איז געווען לענגליך, אַרומגעצוימט מיט אַ שערענגע הויכע בוימער, און מיטען ווידער איז ער געווען ליידיג, אָהן שאָטען; בלויז איין הויכער בוים און אַ פּאָר צוקרימטע און שטעכיגע פרוכטען־בוימלעך. אויף דעמזעלבען פּלאַץ האָבען זיך געפונען עטליכע בייטען גרינוואַרג, אַ גלעזערן בריה־הויז פאַר מעלאָנען (דיניעס) און אַ רינשטאָק. איבערן גאָרטען זענען געווען פונאַנדערגעוואָרפען עטליכע שטיינערנע בענק, שוואַרצע און פערוואַקסענע. די געביידע, איבער וועלכע זשאַן־וואַלזשאַן איז אַריבערגעקראָכען, איז געווען האַלב צושטערט און האָט געדיענט פאַר אַ האָלץ־שפּייכלער. די הויפּט־געביידע האָט אַריינגעקוקט אַהער מיט צוויי פּאַסאַדען, צווישען וועלכע עס איז געווען אַ ברייט און טיעף ווינקעל. אויסגעזעהן האָט עס זעהר חמור'נע, און די פענסטער זענען געווען בעשיצט מיט אייזערנע גראַטעס, ווי אין אַ טורמע. קיין פייער האָט מען אין ערגיץ נישט געזעהן.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען אַ ווילדערן און וויסטערן אָרט, ווי דער דאָזיגער גאָרטען איז געווען. אין גאָרטען איז קיינער נישט געווען, און דאָס איז קיין וואונדער נישט, ווייל עס איז געווען שוין זעהר שפּעט אין דער־נאַכט. עס האָט זיך אָבער געדאַכט, אַז אפילו ביי־טאָג דאַרף אַהער קיינער נישט אַריינקומען.

צום אַלעם ערשטען האָט זשאַן־וואַלזשאַן אָבגעזוכט זיינע שטיוועל, וועלכע ער האָט פריהער צוזאַמען מיט זיין היטעל אַריבערגעוואָרפען איבער דער וואַנד, האָט זיי אָנגעטהון און איז אַריין מיט קאָזשעטען אין שפּייכלער. דאָס קינד האָט געשוויגען, מורא האָבענדיג פאַר מאַדאַם טענאַרדיע. פון יענער זייט וואַנד האָט געגרייכט צו זיי דאָס גערויש פונים פּאַטרול, דאָס קלאַפּען מיט די ביקסען און זשאַווער'ס בעפעהלענדיגע שטים. אין אַ פערטיל שעה אַרום האָט זיך זיי געטומען אויסהויכטען, אַז די שטימען דערווייטערן זיך. אין גיכען האָט געהערשט אַרום און אַרום אַ טויטע שטילקייט. דער מענש און דאָס קינד זענען נאָך אַלץ געשטאַנען אין דער פינסטער און איינגעהאַלטען דעם אָטעם.

אין פלוצים האָבען זיך אַריינגעשטאָכען אין די שטילקייט אַנדערע קלאַנגען, ווייכע, זאַנפטע און בעצויבערנדע. דאָס האָט אַ האַרמאָנישע ליב־געזאַנג. געשטערט די רוה פון דער נאַכט, אַ כאָר פון ריינע מיידעלשע און בתמימות'דיגע קינדערשע שטימען. אַזעלכע טענער הערען וואַהרשיינליך ניי־געבוירענע קינדער און מענשען פאַרן טויט. דאָס געזאַנג האָט זיך געטראָגען אַהער פון דער פינסטערער געביידע. אין פערגלייך מיט די קולות פונים אַוועקגעהענדען פּאַטרול האָט עס געקלונגען אַזוי, ווי אַ כאָר פון מלאכים וואָלט פערהילכט און פערטריבען אַ כאָר פון שדים.

זשאַן־וואַלזשאַן און קאָזשעטע זענען געפאַלען אויף די קניה. זיי האָבען נישט געוואוסט, וואו זיי געפינען זיך, נישט פערשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, זיי האָבען נור געפיהלט, אַז די ביידע — דער געוועזענער פערברעכער און איצ-

טיגער בעל-תשובה, ווי איך דאָס אומשולדיגע קינד — דאַרפען שטעהן אין דער מינוט אויף זייערע קניה.

די געביידע איז געווען פינסטער, אַזוי ווי פריהער, און דאָס געוואַנג האָט זיך אַלץ געהויבען אַרויף צום הימעל. זשאַן-וואַלזשאַן האָט פון קיין זאַך נישט געקלערט, ער האָט זיך נור געפיהלט אַזוי, ווי ביי איהם אויפ'ן רוקען וואָלטען פליגעל אויסגעוואַקסען.

דערנאָך איז שטיל געוואָרען. ווי לאַנג עס האָט געדויערט, האָט זשאַן-וואַלזשאַן נישט געוואוסט. דער חשך האָט געהערשט אַרום. פערשטומט זענען געוואָרען די שרעקליכע, ווי די ערמוטיגענדע קלאַנגען, און נור דער ווינד האָט שטיל געשאָרכט צווישען די פערטריקענטע גראָזען.

עס האָט שוין געמוזט זיין זעהר שפעט, אַיינס אָדער צוויי אַ זייגער. קאָזעטע איז שווייגענדיג געזעסען נעבען איהר בעשיצער, גלייך די וואָלט געשלאָפען. ער האָט זיך צוגעבויגען צו איהר און האָט געזעהן, אַז זי שלאָפט נישט. איהרע ברייט-געעפענטע און פערטראַכטע אויגען האָבען איהם געשראָקען; זי האָט נאָך אַלץ געציטערט.

— ווילסט שלאָפען, טאָכטער? — האָט ער געפרעגט.

— מיר איז זעהר קאַלט, — האָט זי געענטפערט.

אין אַ מינוט אַרום האָט זי געפרעגט:

— זי איז נאָך דאָרטען?

— ווער? — האָט זשאַן-וואַלזשאַן איבערגעפרעגט.

— מאַדאַם טענאַרדיע.

זשאַן-וואַלזשאַן האָט גאַר געהאַט פערגעסען, מיט וואָס פאַר אַ מיטעל ער האָט געצוואונגען קאָזעטען צו זיין שטיל.

— אַך, יאָ, — האָט ער געענטפערט, — זי איז שוין אַוועק, האָב נישט קיין מורא.

דאָס קינד האָט פרייער אָבגעאָטעמט.

די ערד איז געווען פייכט, דער שפייכלער לעכעריג פון אַלע זייטען, דער ווינד איז שטאַרקער געוואָרען.

זשאַן-וואַלזשאַן האָט אויסגעטהון זיין ראָק און איינגעוויקעלט אין איהם קאָזעטען.

— איצט איז דיר אויך קאַלט?

— יאָ, טאַטע.

— וואַרט אַ מינוט, איך קום באַלד צוריק.

ער איז אַוועק איבער'ן גאָרטען, זוכען אַ בעסערן פלאַץ. ער האָט געפונען טהירען, אָבער פערשלאָסענע. אַלע פענסטער — מיט אייזערנע גראַטעס.

פערגעהענדיג אין ווינקעל פון דער הויפט-געביידע, האָט ער דערזעהן האַלב-קיילעכדיגע פון אויבען פענסטער, פון וואַנען עס האָט געפלאָסען אַ שוואַכע שיין. ער האָט זיך אויפגעהויבען אויף די שפיץ-פינגער און פערקוקט אין איינס פון די פענסטער. אינווייניג האָט ער דערזעהן אַ ברייטען זאַל, געפלאַסטערט מיט גרויסע שטיינער, מיט געוועלבטע אַרקאַדען, מיט שטיינערנע זיילען. שווער געווען עפּיס צו זעהן אין דעם מישמאַש פון שוואַכער שיין און געדיכטע שאָטענס. אַ לעמפּעלע האָט געברענט אין אַ ווינקעל. דער זאַל איז געווען וויסט, קיין בעוועגונג איז דאָרט נישט געווען צו בעמערקען.

איינקוקענדיג זיך בעסער, האָט ער דערזעהן אויף דער ערד עפּיס אַזוינס, וואָס איז געווען ענדליך צו אַ מענשליכען קערפּער אין תכריכים. דער קערפּער איז געלעגען מיט'ן פּנים צום קאַלטען שטיין, געלעגען אומבעוועגליך, ווי אַ טויטער.

זשאַן-וואַלזשאַן האָט געזעהן אַ סך שרעקליכע סצענעס אין זאַכען אין זיין לעבען, אָבער קיינמאָל האָט ער אַזאַ אימה נישט געשפּירט, ווי דערזעהענדיג די דאָזיגע געהיימניספוללע פיגור אין דעם דאָזיגען פינסטערן אָרט. עס איז שרעקליך געווען צו דענקען, אַז די פיגור איז טויט, און נאָך שרעקליכער — אַז זי לעבט.

ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוטה, זיך צוגעטוליעט צום פענסטער און געוואַרט, צי די פיגור וועט זיך אַריהר טהון. ער איז געשטאַנען אַ לאַנגע צייט. די פיגור האָט זיך נישט גערירט.

ענדליך האָט איהם דער פּחד איינגעיאָגט. ער איז אַנטלאָפען, ציטערנדיג מיט אַלע גלידער; ער האָט זיך נישט אומגעקוקט: איהם האָט זיך געדאַכט, אַז די פיגור יאָגט איהם

נאָך. צום שפּייכלער איז ער געקומען, בעדעקט מיט קאַלטען שווייס, און די קניה אונטער איהם האָבען זיך געהאַקט.

פון קעלט, שרעק, אונרוהיגקייט און איבּערעגונג האָט עס איהם געפיעבערט, און די געדאַנקען אין קאָפּ האָבען זיך געמישט.

ער איז צוגעגאַנגען צו קאָזעטע'ן. זי איז געשלאָפען, מיט איהר קעפּעל אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטיין.

זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהר. קוקענדיג אויף דאָס קינד, האָט ער געפיהלט, אַז ער ווערט רוהיגער און אין קאָפּ ביי איהם — ליטערער.

זי איז זיין גאַנץ לעבען: פאַר זיך דאַרף ער גאָרנישט. ער האָט זאָגאַר נישט שטאַרק געפיהלט די קעלט, ווייל זיין ראָק האָט זי געוואַרימט.

וואו געפינט ער זיך יעס? ווען וואָלט עס איינפאַלען, אַז אין פּאַריז געפינט זיך אַזאַ מאָדנער קבר! וואָס איז דאָס פאַר אַ געביידע? אַ געביידע, פול מיט נאַכט-סודות, וואו מלאכים זינגען שירה, — וואו אַ בר-מנין קניהט אויף דער ערד, ווי צו דער תפלה... און די דאָזיגע געביידע האָט אַ נומער צו דער גאַס, — עס איז, הייסט עס, נישט קיין חלום.

ער האָט אָנגעטאַפּט די שטיינערנע ווענד, אום זיך איבּערצייגען, אַז ער טרוימט נישט.

אַ געהויש אין גאָרטען האָט פּלוצים איבּערגעריסען דעם פאָדעם פון זיינע געדאַנקען. עפּיס אַזוי ווי גלעקלעך האָבען שטיל און מעלאָדיש געקלונגען.

ער האָט זיך אומגעקוקט און האָט דער-זעהן, אַז אין גאָרטען איז עמיצער פאַראַן. אַ בעשעפעניש, ערגליך צו אַ מענשען, איז אַרומ-געגאַנגען צווישען די גלעזערנע היטלען, וואָס האָבען בעדעקט די מעלאָנען, האָט זיך געבויגען, אויסגעגלייכט, זיך אָבגעשטעלט און ווי-דער געגאַנגען, האָט ווי געשלעפּט עפּיס אי-בער דער ערד און אונטערגעדונקען.

## 15. אַ מענש מיט גלעקלעך

פון פאַנטאַסטישע, איינגעבילדעטע שרע-קען איז זשאַן וואַלזשאַן איבּערגעגאַנגען צו ווירקליכע. פריהער האָט ער מורא געהאַט פאַר די איינזאַמקייט פונ'ם פּלאַץ, איצט — פאַר דער אַנוועזענהייט פון מענשען.

זשאַווער און די פּאָליציאַנטען זענען מסתמא נישט ווייט אַוועק. זיי האָבען זיך בעהאַלטען אָדער איבּערגעלאָזען מענשען ערגיץ דאָ דער-נעבען, און אויב דער דאָזיגער מענש וועט איהם דערזעהן און מאַכען אַ געוואַלד, וועלען זיי אָנלויפען. ער האָט גענומען קאָזעטע'ן אויף די הענט און האָט זי אַוועקגעטראָגען אין דאָס וויטסטע ווינקעל פון שפּייכלער. קאָזעטע האָט זיך קיין ריהר נישט געגעבען. פון דאָרט האָט ער גענומען נאָכקוקען דעם מאָדנעם בעשעפע-ניש. יעדע בעוועגונג פון יענעם מענשען, אויב דאָס איז געווען אַ מענש, איז בעגלייט געוואָרען פון אַ געקלאַנג פון גלעקלעך. האָט ער זיך גע-מעהערט, זענען די קלאַנגען שטאַרקער געוואָ-רען, האָט ער זיך דערווייטערט, זענען זיי גע-וואָרען שוואַכער, האָט ער זיך אָבגעשטעלט, איז געוואָרען איינגאַנצען שטיל.

קלאָר, אַז אויף איהם זענען געהאַנגען גלעקלעך. אָבּער וואָס זאָל עס בעדייטען? וואָס איז דאָס פאַר אַ מענש, ווען מ'האָט אָנגע-בונדען גלעקלעך, ווי אַ שעפּס אָדער אַן אָקס?

טראַכטענדיג וועגען דעם, האָט זשאַן וואַלזשאַן בעריהרט קאָזעטע'ס הענד. זיי זע-נען געווען קאַלט, ווי אייז.

— אַך, מיין גאָט! — האָט ער אויסגערופען.

ער האָט שטיל געזאָגט:

— קאָזעטע!...

זי האָט נישט געענטפערט. ער האָט זי אַ טרייסעל געטהון — זי האָט די אויגען נישט געעפענט. „אפשר איז זי גאָר געשטאָרבען?"—האָט ער אַ טהאַכט געטהון און איז אויפגעשפּרונ-גען, ציטערענדיג פון שרעק. ער האָט זיך חרט-

מאַהנט, אַז אַ שלאָף אינטער'ן פרייען הימעל קאָן קאָסטען אַ מענשען דאָס לעבען.

קאָזעטע איז געלעגען ביי זיינע פיס בלאַס און אינבעוועגליך. ער האָט זיך צוגע-הערט צו איהר אָטעם, — זי אָטעמט שוואַך, כמעט ווי גאָרנישט. וואָס טהוט מען? ווי דער-וואַרימט מען זי? ווי ברייננט מען אין צו זיך? ער האָט מעהר פון קיין זאַך ניט געקלערט און איז אַרויסגעלאָפען אין שפּייכלער, אויסער זיך פון יסורים און שרעק. וואָס עס זאָל ניט קאָסטען, אין עטליכע מינוט אַרום מוז קאָזע-טע ליגען אין אַ וואַרימען בעט.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אַרויסגענומען געלד פון קעשענע און האָט זיך געלאָזען געהן גלייך צו יענעם מענשען, וועלכען ער האָט געזעהן אין גאָרטען. יענער האָט איהם נישט בע-מערקט, שטעהענדיג איינגעבויגען איבער עפּיס. זשאַן וואַלזשאַן איז צוגעשפּרונגען צו איהם און האָט אויסגעשריען:

— הונדערט פראַנק!

דער מענש איז אויפגעשפּרונגען און האָט ברייט געעפענט די אויגען.

— הונדערט פראַנק קריגט איהר, אויב איהר לאָזט מיך אַריין צו אייך אויף היינטיגע נאַכט.

די לבנה האָט בעלויכטען זשאַן וואַל-זשאַנ'ס צומודערט געזיכט.

— איהר, הערר מאַדלען! — האָט דער מענש אויסגעשריען.

זשאַן וואַלזשאַן איז אָבגעטראָטען אַהינ-טער. ער האָט ערוואַרטעט אַלץ, אָבער נישט צו דערהערען דעם דאָזיגען נאָמען, און אַנ'-אונבעקאַנטען פּלאַץ, און מיטען דער נאַכט.

פאַר איהם איז געשטאַנען אַן אַיינגעהויי-קערטער אַלטער, געקליידעט ווי אַ פּויער, און צו זיין לינקער קניה זענען געווען צוגעבונדען אַ פּאָר גלעקלעך. זיין געזיכט האָט מען נישט געזעהן, עס איז געבליבען אין שאָטען. דער אַלטער האָט אַראָבגענומען דאָס היטעל און אויסגעשריען מיט אַ ציטערנדער שטים:

— אַך, מיין גאָט! ווי קומט איהר אַהער? פון וואַנען קומט איהר? זענט איהר פון הי-מעל אַראָבגעפאַלען, צי וואָס? און ווי איהר זעהט דאָס אויס אַ ביסעל: אָהן אַ היטעל, אָהן אַ האַלזטוך, אָהן אַ ראָק! ווער עס קען אייך נישט, וואָלט זיך רעכט דערשראָקען פאַר אייך. וואָס טהוט זיך עס דאָ — שוין-זשע וואָרען הייליגע היינטיגע צייטען פערוואַנדעלט אין משוגעים! אָבער ווי אַרום זענט איהר אַהער אַריין?..

די פראַגען האָבען זיך געשאָטען אויף זשאַן וואַלזשאַנ'ס קאָפּ, ווי אַ האָגעל. ענדליך איז דער אַלטער אַנטשוויגען געוואָרען, און זשאַן וואַלזשאַן האָט אַרויסגערעדט:

— ווער זענט איהר און וואָס פאַר אַ הויז איז דאָס?

— אַ שיינע מעשה, כ'לעבען! — האָט דער אַלטער אויסגערופען. — ווי הייסט? בין איך דען נישט דער, וועמען איהר האָט אַהער אַריינגעזעצט, און דאָס הויז איז נישט דאָס, וואוהין איהר האָט מיך אַריינגעזעצט? ווי, איהר דערקענט מיך אפילו נישט?

— ניין, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געענט-פערט. — און פון וואַנען קענט איהר מיך?

— איהר האָט מיך געראַטעוועט פון טויט, — האָט דער אַלטער געזאָגט.

ער האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ, און די לבנה האָט בעשיינט זיין געזיכט. זשאַן וואַלזשאַן האָט דערקענט דעם אַלטען פאָשלעוואַן, וועלכען ער האָט אין מאָנטרעיל אַרויס-געראַטעוועט פון אונטער'ן שווערען וואָגען.

— אַ, ס'איהר?! — האָט ער אויסגע-רופען. — איצט האָב איך אייך דערקענט.

— דאַנקען גאָט! — האָט דער אַלטער מיט פאָרוואורף געזאָגט.

— און וואָס טהוט איהר דאָ?

— אַ שיינע פראַגע! איך פערדעק די מעלאָנען.

דער אַלטער האָט ווירקליך געהאַלטען אַ זאַק, מיט וועלכען ער האָט זיך געקליבען צו פערדעקען די בייטען.

— איך האָב בעמערקט, — האָט דער אַלטער ווייטער גערעדט, — אַז די לבנה איז ליכטער, עס וועט זיין הייסט עס, אַ פראָסט;

דארף מען די מעלאָגען איינרעקען. איהר וואָלט זיך אייך בעדארפט מיט עפּיס צודעקען, — האָט ער לאַכענדיג געזאָגט. — ווי זענט איהר פאָרט אהער אריין?

זשאַן וואַלזשאַן האָט ניט געענטפערט און אליין אָנגעהויבען צו שטעלען פראַגען:

— וואָס פאַר אַ גלעקלעך טראָגט איהר עס?

— דאָס איז אומישנע, — האָט פאָשלעוואַן געענטפערט, — כדי מ'זאָל פון מיר אַנטלויפען.

— ווי הייסט, מ'זאָל פון אייך אַנטלויפען?!

דער אַלטער האָט אַ וואינק געטהון מיט איין אויג מיט אַ מאָרנעם אויסדרוק.

— אין דעם דאָזיגען הויז געפינען זיך ניר פרויען, פיעל יונגע מיידלעך. עס איז, קענטיג, אַ גרויסע סכנה מיך צו בעגעגנען. די גלעקלעך וואָרענען זיי יעדעס מאָל, ווען איך קום אָן, טראָגען זיי זיך אָב.

— וואָס פאַר אַ הויז איז דאָס?

— אָ, איהר ווייסט עס זעהר גוט.

— ניין, איך ווייס נישט.

— ווי איז עס מעגליך? איהר האָט דאָך מיך אהער אריינגעגעבען.

— נעהמט אָן, אַז איך ווייס פון קיין זאַך נישט, און ענטפערט מיר.

— גוט. דאָס איז אַ קלויסטער, אַ מאָנאַסטיר.

ערשט איצט האָט זיך זשאַן וואַלזשאַן דערמאָהנט, אַז ער האָט ווירקליך אויסגעזוכט פאַר'ן אַלטען פאָשלעוואַן אַ שטעל אַלס גערטנער אין אַ פאַריזער פרויען-קלויסטער.

— אָבער ווי זענט איהר פאָרט אַהער אריינגעקומען? — האָט פאָשלעוואַן ווידער געפרעגט. — זעהר מעגליך, אַז איהר זענט אַ הייליגער, דאָך זענט איהר אַ מאַנספּערשוין, און קיין מאַנסלייט קומען אַהער נישט אַריין.

— אָט זענט איהר דאָך אויך דאָ.

— יאָ, אָבער איך בין דאָ דער איינציגער זכר.

— ווי די מעשה איז, איך מוז דאָ בלייבען.

אַך, מיין גאָט! — האָט פאָשלעוואַן אויסגעשריען.

זשאַן וואַלזשאַן איז צוגעגאַנגען צו איהם און האָט איהם אַרויפגעלעגט די האַנד אויפ'ן אַקסעל.

— פעטער פאָשלעוואַן, איך האָב אייך געראַטעוועט פון טויט, אמת?

— איך האָב זיך דער ערשטער דערמאָהנט וועגען דעם.

גוט, איצט קאָנט איהר אָבצאָהלען מיט דעמזעלבען.

פאָשלעוואַן האָט אָנגעכאַפּט זשאַן וואַלזשאַנ'ס האַנד. אַ מינוט האָט ער קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסריידען פון אויפרעגונג. דערנאָך האָט ער אויסגעשריען:

— איך וואָלט זיך געשעצט גליקליך צו טהון עפּיס פאַר אייך. בעפעהלט נור. וואָס זאָל איך טהון?

— איך זאָג אייך גלייך. אַ צימער האָט איהר?

— איך האָב אַ הייזעל מיט דריי צימערן. דאָס הייזעל איז אַזוי פערשטעקט, אַז מ'זעהט עס נישט.

— גוט. איצט האָב איך צו אייך צוויי בקשות: דערצעהלט קיינעם נישט וועגען מיר און פרעגט ביי מיר נישט קיין זאַך.

— ווי איהר ווילט. איך ווייס, אַז איהר זענט אַ הייליגער מענש, און וואָס איהר טהוט, איז רעכט.

— איצט קומט מיט מיר, וועלען מיר געהמען דאָס קינד.

אַ, ס'איז דאָ אַ קינד? — האָט פאָשלעוואַן געזאָגט.

מעהר האָט ער נישט געפרעגט און זיך געלאָזען געהן נאָך זיין גאַסט. אין אַ מינוט אַרום איז קאָזעטע געלעגען ביים אַלטען גערטנער אין בעט.

די צוויי מענער האָבען זיך געוואַרימט באַם אייוועל, פאָשלעוואַן האָט געבראַכט קעז, ברויט

אין ווײַן, האָבען זיי געשטילט זייערע הונגער און דאָרשט.

— נישט רעכט פון אייך, העררר מער! — האָט פּאַשלעוואַן געזאָגט מיט אַ ווייכען פאָרוואורף. — איהר ראַטעוועט מענשען דאָס לעבען, דערנאָך פערגעסט איהר זיי. דאָס איז אונדאַנקבאַרקייט.

## 16. געפונען און ווידער פערלוירען.

מיר וועלען דאָ ערקלערען, ווי אַזוי זשאַווער איז ווידער געקומען זשאַן וואַלזשאַנ'ען אין וועג.

אַז זשאַן וואַלזשאַן, וועלכען זשאַווער האָט אַרעסטירט נעבען דער טויטער פאַנטינ'ען, איז אַנטלאָפען פון מאָנטרעילער טורמע, האָט די פּאָליציי בערעכענט, אַז ער מוז זיך געפינען אין פּאַריז; אין פּאַריז געהט אַלץ פערלירען, ווי אין ים. דער געדיכטעסטער וואַלד בעהאַלט נישט אַזוי גוט, ווי אַ גרויסע מאַסע מענשען. אַנטלאָפענע פון אַלערליי סאָרטען ווייסען דערפון און לויפען קיין פּאַריז, וועלכע שלינגט זיי איין; די פּאָליציי ווייסט דערפון אויך, זוכט זי דעריבער אין פּאַריז דאָס, וואָס זי האָט פערלוירען אין אַנ'אַנדער אָרט. אַזוי האָט זי דאָרטען געזוכט אויך דעם געוועזענעם מעהר פון מאָנטרעיל.

זשאַווער'ן האָט מען אַרויסגערופען קיין פּאַריז, ער זאָל העלפען זוכען זשאַן וואַלזשאַנ'ען, און מיט זיין הילף האָט מען איהם ווירקליך געפינען, פערמשפּט און פערשיקט אויף קאַטאָרגע. גלייך דערנאָך האָט זשאַווער בעקראָגען אַ שטעל אין פּאַריז, וואו ער האָט געקאָנט ברייננגען פיעל נוצען.

פון זשאַן וואַלזשאַנ'ען האָט ער מעהר נישט געדאַכט: שפּיר־הינד פערגעסען אָן דעם נעכטיגען וואָלף צוליעב דעם היינטיגען. איינמאָל האָט ער געלעזען אין אַ צייטונג, אַז זשאַן וואַלזשאַן איז דערטרונקען געוואָרען. די מיטטיילונג איז געוועזען אַנ'אָפיציעלע, און זשאַווער האָט אין איהר נישט געצווייפעלט אפילו אויף איין סעקונדע. אַלזאָ, געשטאָרבען — איז געשטאָרבען.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אין פּאַריזער פּרעפעקטור אָנגעקומען אַ מעלדונג פון מאָנפערמעילער פּאָליציי וועגען אַ מיידעלע, וואָס איז אַוועקגעגנב'עט געוואָרען ביים שענקער טענאַרדיע. דאָס קינד, — איז געשטאַנען אין דער מעלדונג, — האָט געהערט צו אַ מיידעל מיט'ן נאָמען פאַנטינע, וואָס האָט עס אַוועקגעגעבען דער פאַמיליע טענאַרדיע צו ערציהען. די פאַנטינע איז געשטאָרבען ערגיץ אין אַ שפּיטאָל, קיינער ווייסט נישט וואו. און איצט האָט אַ אומבעקאַנטער מענש אַוועקגעגנב'עט דאָס מיידעלע, וואָס איז אַלט געוועזען אַ יאָהר אַכט.

דורכלעזענדיג די דאָזיגע מעלדונג, האָט זשאַווער גענומען בעטראַכטען די זאַך. פאַנטינ'ען האָט ער גוט געקענט. אַ מיידעלע האָט זי ווירקליך געהאַט ערגיץ, און זשאַווער האָט זיך דערמאָהנט, ווי זשאַן וואַלזשאַן האָט ביי איהם, בעת זיין אַרעסט, געבעטען דריי טאָג צייט אויף צו פאָהרען אָבנעהמען פאַנטינ'ס קינד. אַרעסטירט האָט מען דעם קאַטאָרזשניק צום צווייטען מאָל, בעת ער איז געפאָהרען קיין מאָנפערמעיל. וואָס האָט ער געדאַרפט אין מאָנפערמעיל? איצט האָט שוין זשאַווער דאָס פערשטאַנען: זשאַן וואַלזשאַן איז געפאָהרען נאָך פאַנטינ'ס קינד. דאָס מיידעל האָט אַ אומבעקאַנטער אַוועקגעגנב'עט. אפשר איז דער אומבעקאַנטער — זשאַן וואַלזשאַן? אַי, זשאַן וואַלזשאַן איז דאָך אָבער געשטאָרבען...

נישט זאָגענדיג קיינעם קיין וואָרט, האָט זשאַווער גענומען אַ פוהר און איז אַוועקגעפאָהרען קיין מאָנפערמעיל. דאָרט האָט ער געדאַכט צו געפינען אַ פּתרון אויף דאָס רעטעניש, אָבער געפינען האָט ער נאָך אַ גרעסערן פּלאָנטער.

די ערשטע טעג נאָך קאָזעטע'ס פערשווינדען זענען די טענאַרדיעס געוועזען בייז און האָבען אַלעמען דערצעהלט, אַז מען האָט זי ביי זיי אַוועקגעגנב'עט. שפּעטער אָבער האָט זיך טענאַרדיע בעקלערט, אַז פאַר איהם לוינט נישט דער גאַנצער עסק צו וועקען חשד פּאָליציי'ס

אויפמערקזאַמקייט, מ׳זאָל זיך נישט אָנהויבען צוקוקען צו זיינע אייגענע מעשים, — ער האָט דעריבער איבערגעקעהרט אַ פּנים און האָט געזאָגט, אַז קיינער האָט זי נישט געגנב׳עט, אַז קאָזעטקע׳ס זיידע איז געקומען נאָך איהר און האָט זי צוגענומען. אמת, אין אָנפאַנג האָט עס איהם זעהר פערדראָסען, ווייל ער האָט קאָזעטקע׳ן אַזוי ליעב געהאַט! אָבער וואָס האָט ער געקאָנט מאַכען? דער זיידע האָט געוויס אַ גרעסער רעכט אויף זיין אייניקעל, איידער אַ פרעמדער...

זשאַווער האָט פּרובירט שטעלען עטליכע פראַגען: „ווער איז דער דאָזיגער זיידע? ווי רופט מען איהם?“ טערנאַרדיע האָט געענטפערט: „אַ רייכער גוטס־בעזיצער, איך האָב געזעהן זיין פּאַספּאָרט. זיין נאָמען איז גיליאָם לאַמבערט“.

זשאַווער האָט זיך אומגעקעהרט קיין פּאַריז, טראַכטענדיג: „איך בין אַן אייזעל: זשאַן וואַלזשאַן איז זיכער געשטאָרבען“.

ער האָט אָנגעהויבען פערגעסען די גאַנצע געשיכטע, ווען פריהלינגס־צייט האָט ער זיך פּלוצים דערוואוסט וועגען עפּיס אַ מאָדנעם סוביעקט, וואָס וואוינט אין קוואַרטאַל סען־מעדאַר. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר „אַ בעטלער — אַ בעל־צדקה“, און קיינער האָט נישט געוואוסט, ווי ער הייסט. מ׳האָט נור געוואוסט, אַז ער וואוינט צוזאַמען מיט זיין קליינעם מיידעלע, וואָס געדענקט בלויז, אַז זיי זענען געקומען פון מאָנפערמייל. ווידער מאָנפערמייל! זשאַווער איז געוואָרען אויפמערקזאַם. דער בעטלער, וואָס זיצט נעבען דער קירך סען־מעדאַר, האָט איהם דערצעהלט, אַז דער אומבעקאַנטער איז אַ גרויסער שווייגער, בעווייזט זיך אין גאַס נור אין אָווענד, רעדט מיט קיינעם נישט, אויסער אָרימע־לייט און לאָזט קיינעם נישט צו נאָהענט צו זיך. טראָגען טראָגט ער אַ געלען ראָק, וואָס איז מסתמא ווערטה עטליכע מיליאָן, דען אין איהם זענען איינגענייהט באַנקנאָטען.

זשאַווער האָט גענומען ביים בעטלער זיינע קליידער, האָט זיך איבערגעטהון אין זיי, און זיך געזעצט איינמאָל וואַרטען אויף דעם אומבעקאַנטען. ווען יענער איז געקומען, און זשאַווער האָט איהם אַ קוק געטהון אין געזיכט, האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז ער האָט דערקענט זשאַן וואַלזשאַן׳ען; ער איז אָבער נישט געווען זיכער דערין, און אַלס געוויסענהאַפטער בעאַמטער האָט ער זיך נישט בעשלאָסען איהם צו אַרעסטירען.

ער האָט דעם אומבעקאַנטען נאָכגעשפּירט ביז זיין וואוינונג. דאָרט האָט ער אויסגעפרעגט די אַלטע הויז־וועכטערין, און זיין חשד האָט זיך פערשטאַרקט. ער האָט געדונגען אַ צימער אין דעמזעלבען הויז, כדי צו האָבען אַ מעגליכקייט צוקוקען זיך פון דער נאָהענט און צו דערזעהן אויף זיכער, ווער דער מענש איז.

אויף מאָרגען האָט זשאַווער געבעטען אין דער פּרעפעקטור צוויי מענשען צו־הילף, אָבער ער האָט נישט געזאָגט צו וואָס ער דאַרף זיי: ערשטענס, האָט ער מורא געהאַט, טאָמער דערוויסט זיך זשאַן וואַלזשאַן אויף אַ וועלכען עס איז אופן, אַז מ׳האָט איהם דערקענט, וועט ער גלייך אַנטלויפען; צווייטענס, האָט ער נישט געוואָלט, אַז די אַנדערע פּאָליציי־אַגענטען זאָלען אַרויסהאַפּען ביי איהם פון די הענד אַזאַ געשמאַקען ביסען, ווי זשאַן וואַלזשאַן — אַ געפעהרליכער פערברעכער, אַ קאַטאָרזשניק, וואָס איז שוין פיעל מאָל אַנטלאָפען און וועלכען מ׳האָט גערעכענט פאַר געשטאָרבען; דריטענס, האָט זשאַווער איבערהויפּט די טבע נישט געהאַט צו ריידען פאַראויס פון וואָס ס׳ניט איז: ער פלעגט פריהער בעאַרבייטען זיינע פּלענער אין געהיים און דערנאָך זיי פערענדיגען מיט איין קלאַפּ.

זשאַווער האָט נישט אָפּגעלאָזען זשאַן וואַלזשאַנ׳ען פון אויג אויף קיין איינציגע סעקונדע, אַפילו דאַן, ווען זשאַן וואַלזשאַן איז געווען זיכער, אַז קיינער קוקט איהם נישט נאָך. אָבער אַרעסטירען איהם האָט ער זיך נאָך אַלץ נישט בעשלאָסען, ער האָט געמאַכט אַזאַ חשבון: „די גענג פון דאָזיגען מענשען זענען פערדעכטיג, דאָס איז אָדער זשאַן וואַלזשאַן, אָדער אַן אַנדער פערברעכער, אפשר אַן אָנפיהרער פון אַ גאַנצער באַנדע. אין לעצטען פאַל וואָלט כדאי געווען צו לאָזען איהם געהן דערווייל אין איהם

צאָכקיקען, ביז עס וועט זיך איינגעבען צו פּאַקען צוזאַמען מיט איהם די גאַנצע פיינע חברה. פון מיינע הענד וועט ער זיך שוין סיי־ווי־סיי נישט אַרויסדרעהען".

ער איז דעריבער נאָכגעגאַנגען פון דערווייטען מיט זיינע אַגענטען, בעת זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך געדרעהט איבער די גאַסען מיט קאָזעטע'ן. ווען זשאַן וואַלזשאַן איז אַריין אין דאָס שמאָלע געסיל, וואָס זשאַווער האָט געוואוסט, אַז פון דאָרט איז קיין צווייטער אַרויסגאַנג נישטאָ, האָט ער אָנגעהויבען לאַכען צו זיך אין בוזעם: דער וואָלף איז אַליין געקראָכען אין נעץ — זאָל איהם וואויל בעקומען. ער איז זיך דעריבער געגאַנגען לאַנגזאַם, האָט אונטערזוכט יעדעס ווינקעלע און זיך געחיקט אַלץ נעהנטער צו זיין קרבן. ענדליך האָט זיך דאָס געסיל געענדיגט. אַ הויכע וואַנד איז געשטאַנען פונקט אַנטקעגען. זשאַן וואַלזשאַן איז ווי אין דער ערד אַריין!

זשאַווער'ס פערדרוס און כעס איז נישט צו בעשרייבען. ער האָט זיך אויסגעגעסען די גאַל, פאַרוואָס ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט מיט'ן אַרעסט, וויסענדיג, אַז ער האָט צו טהון מיט אַזאַ מזיק. איצט האָט ער שוין נישט געצווייפעלט, אַז דער אומבעקאַנטער איז געוועזען זשאַן וואַלזשאַן. ער האָט בעמערקט, אַז דער גאַסען־לאַמטערן איז נישט אין דער אָרדנונג, און האָט פערשטאַנען, אַז דאָס האָט אַ שייכות צום פערשווינדען פונ'ם קאַטאָרזשניק, אָבער געזוכט האָט ער אין אַן אַנדערע זייט, וואו די ווענד זענען געוועזען נידריגער. דערנאָך האָט ער איבערגעלאָזען מענשען צו בעוואַכען די גאַס און איז אַ פערשעמטער אַוועק אין די פּראָפעקטורע.

---

## 17 פּאַשלעוואַן קלערט.

אָבגעגעסען זייער אָרימע וועטשערע פון ברויט מיט קעז, האָבען זיך זשאַן וואַלזשאַן און פּאַשלעוואַן אַוועקגעלעגט אויף די בינטלעך שטרוי, וואָס זענען געלעגען אין אַ ווינקעל פון צימער, וועלכער קאָזעטע איז געשלאָפען אויף דעם איינציגען בעטיל, וואָס פּאַשלעוואַן האָט פערמאָגט.

פאַר'ן שלאָף האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט: „איך מוז דאָ בלייבען אויף שטענדיג". די דאָזיגע ווערטער האָבען פּאַשלעוואַנ'ען נישט געלאָזען שלאָפען ביז פאַר־טאָג.

אייגענטליך, זענען די צוויי אַלטע לייט ביידע נישט געשלאָפען. זשאַן וואַלזשאַן האָט געקלערט, אַז אין אַזאַ לאַגע, ווי זיינע איז געווען, איז דער קלויסטער דער געפעהרליכסטער און זיכערסטער פּלאַץ. דער געפעהרליכסטער — ווייל טאָמער דערוועהט מען איהם דאָ, אין אַ פּלאַץ וואו קיין מענער טאָרען נישט זיין, וועט מען איהם גלייך איבערגעבען דער פּאָליציי. דער זיכערסטער — ווייל אויב איהם וועט געלינגען צו פערבלייבען אין קלויסטער, וועט קיינער נישט האָבען די העזה קומען אַהער איהם זוכען.

וואָס אַנבעלאַנגט פּאַשלעוואַנ'ען, האָט ער זיך צובראָכען דעם קאָפּ קלערענדיג. די ערשטע זאַך, האָט ער זיך געזאָגט, אַז ער הויבט נישט אָן צו פערשטעהן, וואָס דאָ טהוט זיך. ווי קומט העררי מאַדלען אַהער, אַז אַרום זענען אַזעלכע הויכע ווענד? ווי איז עס מעגליך אַריבערצוקלעטערן איבער אַזעלכע ווענד, און נאָך מיט אַ קינד אויף די הענד? וואָס איז דאָס פאַר אַ קינד, פון וואַנען האָט זיך גענומען אַ מיידעלע צו מאַדלען? זינט פּאַשלעוואַן איז אַריינגעטראָטען אין קלויסטער, האָט ער פון מאָנטרעיל קיין ידיעה נישט געהאַט און האָט נישט געוואוסט, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. אויף קיין פראַגען האָט העררי מאַדלען נישט געוואָלט ענטפערן, און פּאַשלעוואַן האָט טאַקע נישט געוואָלט צושטעהן צו איהם אויך, ווייל מאַדלען איז ביי איהם אין די אויגען געווען אַ הייליגער מענש. משער האָט ער זיך געווען, אַז אין די האַרטע ביטערע צייטען האָט מאַדלען מסתמא באַנקראָטירט און בעהאַלט זיך פון זיינע קרעדיטאָרען אָדער ער איז פערמישט אין עפּיס אַ פּאָליטישען עסק. די לעצטע השערה איז פּאַשלעוואַנ'ען בעסער געפעלען, ווייל ווי פיעל פויערים פון צפון־פראַנקרייך, איז ער אין האַרצען געווען אַ באָנאַפּאַרטיסט, אַן אָנהענגער פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען. מעגליך, אַז

הער מאַדלען האָט זיך בעטיילינט אין העלכער עס איז פערשוועהרונג געגען דער דינאַסטיע פון די בורבאָנען, וועלכע די רעוואָלוציע האָט געהען פערטריבען און וואָס איצט האָט זי ווידער געהערשט איבער פראַנקרייך. ווי די מעשה איז, אָבער מאַדלען וויל בלייבען דאָ אין קלויסטער, און אין דערוועלכער צייט איז אונמעגליך, ער זאָל בלייבען דאָ אין קלויסטער. פאָשלעוואַן האָט געטראַכט: „הער מאַדלען האָט זיך אַוואַרף געטהון אונטער'ן וואָגען מיך צו ראַטעווען. איצט מוז איך אידם ראַטעווען, און כ'וועל אידם ראַטעווען. איך וואָלט אידם געראַטעוועט, אפילו ווען ער וואָלט געווען אַ גנב אָדער אַ מערדער. איצט, אַז ער איז אַ הייליגער, וועל איך אידם אודאי ראַטעווען. אָבער — ווי אַזוי?"

דער־פריה, אַז פאָשלעוואַן האָט געעפענט די אויגען, האָט ער דערזעהן, ווי זשאַן וואַלזשאַן זיצט און קוקט אויף די שלאָפענדיגע קאָזעטע. פאָשלעוואַן איז אויפגעשטאַנען און האָט געזאָגט:

— ווי באַלד איהר זענט דאָ, ווי מאַכט מען, איהר זאָלט אַנדער קאָנען אַריינקומען אַ צווייטעס מאָל?

זשאַן וואַלזשאַן האָט אויף אידם געוואָרפען אַ פערוואונדערטען בליק: ער האָט נישט פערשטאַנען.

— פאַר אַלעם, — האָט פאָשלעוואַן געזאָגט, — רירט זיך נישט פון אָרט. איהר מיט'ן קינד דאַרפט דאָ זיצען די גאַנצע צייט, דען קוים געדט איהר אַרויס אין גאָרטען, הגיען מיר אַלע פערלאָרען.

— איז וואָס טהוט מען?

— הער מאַדלען, — האָט פאָשלעוואַן ווייטער גערעדט, — איהר זענט אַהער אַראָפגעפאַלען אין אַ גוטע מינוט, — נאָ, כ'האָב געוואָלט זאָגען אין אַ שלעכטע מינוט, — האָט ער זיך פערבעסערט מיט אַ פרומער מינע, — וואָרום, פערשטעהט איהר מיך, איינע פון די הייליגע מוטערס איז זעהר קראַנק, וועט מען זיך אויף אונז וועניג אומקוקען. דוכט זיך, די האַלט ביים שטאַרבען. שוין פערציג שטונדען, אַז מען האַלט אין איין מתפלל זיין פאַר איהר. די קראַנקע מוטער איז אַ הייליגע פרוי. אייגענטליך, זענען מיר דאָ אַלע הייליגע, אפילו איך, אָט אפנים, אויך... יאָ. אַלזאָ, וועט מען לייענען די תפלות ביז איהר טויט און נאָך איהר טויט, אַזוי אַז היינטיגען טאָג וועט מען אונז לאָזען צו־רוה, נאָר פאַר מאָרגען קאָן איך נישט גאַראַנטירען.

זשאַן וואַלזשאַן האָט איצט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ געזאַנגען ער האָט געהערט ביי־נאַכט און וועך עס איז געוועזען די פיגור, וואָס ער האָט געזעהן אויסגעשפרייט אויף דער ערד אין דער קאַפעלאַ.

— איער הייזעל שטעהט דאָך אָבער אין אַ זייט, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט, — און איז פערשטעלט מיט אַ חורבה; דערצו איז עס אַרומגערינגעלט מיט בוימער, אַזוי אַז פון קלויסטער זעהט מען עס גאָרנישט אַרויס.

— נאָך אַ זאַך, — האָט פאָשלעוואַן צוגעגעבען, — די מנישקעס געהען קיינמאָל נישט צו אַהער נאָהנט.

— אַלזאָ, איז דאָך אודאי גוט!

— נו, און די מיידעלעך?

— וועלכע מיידעלעך? — האָט זשאַן וואַלזשאַן איבערגעפרעגט.

פאָשלעוואַן האָט געוואָלט געעפענט דאָס מויל צו ענטפערן, אָבער אין דער מינוט האָט זיך געלאָזען הערען אַ קלונג פון אַ גלאָק.

— אַ, — האָט פאָשלעוואַן געזאָגט, — די מנישקע איז געשטאָרבען. אַזוי קלינגט מען נאָך אַ געשטאָרבענעם.

זיי האָבען זיך צוגעהערט אַ ווילע. די גלאָק האָט גערעדט אַ צווייטעס מאָל.

— יאָ, — האָט פאָשלעוואַן ערקלערט, — די גלאָק וועט קלינגען יעדע מינוט אין פערלויף פון אַ מעת־לעת, ביז מען וועט אַרויסטראָגען דעם קערפער פון קלויסטער. — זיי שפּיעלען זיך דאָך. פערקייקעלט זיך זייער באַל אַהער, ווע־לען זיי קומען צולויפען, נישט קוקענדיג אויפ'ן פערבאָט. אָט די קליינע מלאכים'לעך זענען אמת'ע שדים'לעך.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אידם אָנגעקוקט מיט ערשטוינען.

— פון וועמען רעדט איהר דאָ, וואָלט איך

װעלען װיסען!..

— פון די מײדעלעך. אַז זײ װעלען אײך מיכף געפינען. זײ װעלען מאַכען אַ געװאַלד: „אַ מאַנסביל, אַ מאַנסביל!“ הײנט איז קײן סכנה נישט, װײל נישטאָ הײנט קײן רוה־שטינדע, װעט מען זײ נישט אַרױסלאָזען. אָבער מאָרגען — אַ־האַ!.. אָט, מען קלינגט װידער. איך האָב דאָך אײך געזאָגט, אַז מ'װעט קלינגען יעדע מינוט. אַזױ קלינגט מען נאָך געשטאָרבענע.

זשאַן װאַלזשאַן האָט ענדליך פערשטאַנען דעם תמצית פון דער דאָזיגער פּלױדערײ.

— איך פערשטעה שױן, פעטער פאָשלעװאַן, — האָט ער געזאָגט, — דאָ איז אַ פּאַנסיאָן פאַר קלײנע מײדעלעך, הײסט עס?

און פאַר זיך האָט ער אַ טראַכט געטהון: „דאָ װאָלט קאָזעטע געקאָנט קריגען אַ גוטע ערציהונג“.

— ט, געװיס, — האָט פאָשלעװאַן געזאָגט, — אָט די מײדעלעך זײַען דאָס פאַר אונז געפעהרליך.

— די פראַגע איז נור, װי אַזױ מאַכט מען עס, מיר זאָלען דאָ קאָנען בלײבען?

— נײן, — האָט פאָשלעװאַן געזאָגט, — די פראַגע איז: װי אַזױ געהט מען פון האַנען אַרױס?

— אַרױסגעהן! — האָט זשאַן װאַלזשאַן אױסגערופען.

— יאָ, הערר מאַדלען. אום אַהער זיך אומצוקעהרען, מוזט איהר פריהער פון האַנען אַרױסגעהן. קאָנט איהר נישט אַרױסגעהן דורך דעמזעלבען װעג, װי איהר זענט אַרײן?

זשאַן װאַלזשאַן האָט אױפגעציטערט, דערמאָהנענדיג זיך אָן זשאַװער'ן.

— נײן. שטעלט אײך פאָר, אַז איך בין אַראָבגעפאַלען פון הימעל.

— איך גלױב אײך, איך גלױב אײך, — האָט פאָשלעװאַן געזאָגט. — גאָט האָט אײך גענומען אין האַנד צו בעטראַכטען אײך פון דער נאָהנט, דערנאָך האָט ער אײך אַרױסגעלאָזען. ער האָט אײך געװאָלט אַראָבלאָזען אין אַ מענער־קלױסטער, אָבער ער האָט געמאַכט אַ טעות. אײער מײדעלע שלאָפט נאָך אַלץ. װי הײסט מען זי?

— קאָזעטע.

— דאָס איז מסתמא אײערס אַן אײניקעל?

כ'פערשטעה, כ'פערשטעה. מילא, זי װעל איך אַרױסטראָגען אין אַ קאָרב. ביז מאָרגען װעט זי פערברײנגען בײ מײנער אַ בעקאַנטער פרױ, און דערנאָך װעט זי קומען אַהער צוריק צוזאַמען מיט אײך. אָבער װי װעט איהר פון האַנען אַרױס?

עס האָט זיך װידער געלאָזען הערען אַ קלונג, אָבער שױן אַנאַנדערער. פאָשלעװאַן האָט אָנגעטהון די גלעקלעך אױף זײן קניה און האָט געזאָגט:

— דאָס רופט מען מיך. דאָ איז געשעהן עפּיס אַ נײעס. רירט זיך נישט פון אָרט. דאָ האָט איהר ברױט, קעז און װײן.

מיט די װערטער איז ער אַרױס פון צימער.

## 18. פּאָשלעװאַן פּלאָנטערט:

אין אַ מינוט אַרום איז פאָשלעװאַן געשטאַנען אױף דער שװעל פון דער צעלע, אין װעלכער עס האָט געװאױנט די אױפזעהערין פונם קלױסטער, ער האָט זיך פערנײגט. די אױפזעהערין האָט געזאָגט:

— דאָס זענט איהר, פעטער פאָװאַן!

אין קלױסטער פלעגט מען איהם רופען דעם דאָזיגען פערקירצטען נאָמען. פאָשלעװאַן האָט זיך װידער פערנײגט.

— איך האָב אײך געדאַרפט האָבען, פעטער פאָװאַן.

— דאָ בין איך, הײליגע מוטער.

איך ברױך מיט אײך װעגען עפּיס צו רײדען.

— איך ברױך אײך אױך עפּיס צו זאָגען, הײליגע מוטער, — האָט פאָשלעװאַן געזאָגט מיט אַזאַ פעסטקײט, װאָס האָט איהם אַלײן פערװאונדערט.

די אױפזעהערין האָט אױף איהם אַ קוק געטהון.

— איהר װילט מיר װאָס מיטטײלען.

— עפּיס בעטען בײ אײך.

— גוט. זאָגט װאָס.

פאָשלעװאַן איז געװען אַ ניצליכער און טיטיגער מענש אין קלױסטער. ער איז געװען זעהר נײגיריג און מיט אַ תמיעװאַטער מינע האָט ער אױסגעטאַפּט בײ די דינער װעגען אַלעם, װאָס אין קלױסטער האָט זיך געטהון, אָבער שװײגען האָט ער געקאָנט װי אַ פיש. אין קלױסטער האָט מען

חערמען געוואוקסט, און פּאַשלעוואַן האָט געוואוסט, אַז מיוויַיסט. די אויפזעהערין האָט פון איהם פועל געהאַלטען, און ער איז געווען ביי זיך תקיף.

ער האָט זיך געווענדט צו דער אויפזעהערין מיט אַלאַנגער רעדע. ער האָט איהר דערצעהלט אַ מעשה, אַז ער איז אַלט, קראַנק, אויסגעהאָרעוועט, אַז דער גאָרטען איז גרויס און אַרבייט איז דאָ זעהר פיעל, אָט, למשל, די לעצטע נאַכט האָט ער מיט קיין אויג נישט צוגעמאַכט איבער די מעלאָנען: מ'האָט געמוזט פערדעקען די מעלאָנען, ווארום עס האָט גענומען אַ פרעסטיל, און אַז די מעלאָנען פרירען צו, איז — אויס מעלאָנען, איז נישטאָ קיין מעלאָנען. ווארום מעלאָנען זענען אַנאיידעלע זאַך, און אַז מ'גיט אויף זיי נישט אַכטונג און די מעלאָנען פרירען צו, איז אַ סוף פון די מעלאָנען,— און אַזוי ווייטער, נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער איז אַרויסגעקומען אויף אַ וועג: ער האָט אַ ברודער (דאָ האָט די אויפזעהערין זיך אַ רוהער געטהון),— אַ מענש שוין אין די יאָהרען (די אויפזעהערין האָט זיך ווידער אַ רוהער געטהון, אָבער שוין רוהיגער),— און דער דאָזיגער ברודער, אויב מ'וועט עם ערלויבען, קאָן זיך בעזעצען ביי איהם און איהם בעהילפיג זיין ביי דער אַרבייט; דער ברודער איז אַנאויסגעצייכענטער גערטנער און וועט צוגיך קומען אין קלויסטער נאָך בעסער, ווי ער, פּאַשלעוואַן אַליין; דער ברודער האָט אַ מיידעלע, וועט ער זי געבען צו ערציהען אין קלויסטער, און מיט דער צייט וועט זי אפשר ווערען אַ מנישקע. ווען מען וועט אָבער זיין ברודער נישט צונעהמען, וועט ער, פּאַשלעוואַן, מוזען זיך ענטזאָגען פון דער שטעל, ווארום ער איז אַנאַלטער מאַן, אַ קראַנקער מענש, און דער גאָרטען איז גרויס, און אַרבייט איז פאַראַן אַ סך, אָט נעהמט, למשל, מעלאָנען: מעלאָנען בדרוכען, מ'זאָל אויף זיי אַכטונג געבען,— און אַזוי ווייטער.

ענדליך איז ער אַנטשוויגען געוואָרען. די אויפזעהערין האָט איהם אויסגעהערט ביזן סוף, דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— פעטער פאָוואַן, קאָנט איהר ביז נאַכט קריגען ערגיץ אַנ'אייזערנעם שטאַנג?

— וואָס פאַר אַ שטאַנג?

— אַזוי, אַ לאַנג שטיק אייזען, אַנ'אייזערן דרענגעל.

— איך קאָן.

די אויפזעהערין האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט און איז אַרויס אין דאָס צווייטע צימער, וואו עס זענען געזעסען די איבעריגע „שוועסטער" פון קלויסטער און האָבען זיך וועגען עפּיס בעראַטהען. פּאַשלעוואַן איז געבליבען וואַרטען.

אין אַ פערטיל שעה אַרום איז די נעקומען צוריק:

— פעטער פאָוואַן!

— היילינע מוטער!

— איהר זענט בעקאַנט מיט דער קאַפּעלאַ?

— יאָ.

— מ'דאַרף דאָרט אויפהויבען אַ שטיין.

— אַ שווערען שטיין?

— דעם שטיין וואָס נעבען טראָהן.

— וואָס פערדעקט דעם אַריינגאַנג אין קעלער-געוועלב?

— יאָ.

— דערצו מוז מען האָבען צוויי מענער.

— איך וועט העלפען אייניגע פון די „שוועסטער". זי איז קרעפטיג, ווי אַ מאַנסביל.

— אַ פרוי קאָן נישט זיין קיין מאַנסביל.

— מיר קאָנען אייך געבען צו-הילף נור אַ פרוי.

— מיין ברודער איז אַ גבר!

— דער שטיין האָט אַ רינג און דרעהט זיך אַזוי ווי אויף אַנ'אַקס. איהר וועט אַריינשטעקען אין רינג די שטאַנג און איבערדרעהען דעם שטיין.

— און אַז דער קעלער וועט זיין אָפען?

— וועט מען איהם האַרפען פערמאַכען.

— און דאָס איז גאָר?

— ניין.

— בעפעהלט, היילינע מוטער.

די אויפזעהערין האָט געשוויגען אַ ביסעל. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— פעטער פאָוואַן! מיר טרויען אייך.

— איך בין מחויב צו ערפילען יעדען בעפעהל.

— און צו פֿאַרשווייגן וועגן אַלעם.

— ווי אַ פֿיש, הייליגע מוטער.

— ווען דער קעלער וועט זיין אָפֿן...

— וועל איך איהם פֿערמאַכען.

— אָבער אוידעה איהם פֿערמאַכט איהם...

— יאָ? ..

— דאַרף מען עפּיס אַהין אַראָבלאָזען.

עס איז שטיל געוואָרען אַ ווײַלע.

די „מוטער" האָט געשוויגען, פּאַשלעוואַן האָט געוואַרט.

— פּעטער פֿאָוואַן!

— הייליגע מוטער!

— איהר ווייסט, אַז היינט אין דער-פֿריה איז געשטאָרבען איינע פֿון די מוטערס?

— ניין, איך ווייס נישט.

— איהר האָט דען נישט געהערט דאָס קלינגען פֿון גלאָק?

— איך הער נור דאָס, וואָס געהער צו מיר.

— אַזוי? — האָט די אויפֿזעהערין געזאָגט. די איז געווען צופֿריעדען. — די מוטער איז געווען אַ הייליגע. מ'האָט זי אַוועקגעלעגט אין טויטען-צימער. אַהין טאָר קיין מאַן נישט אַריינגעהן, אויסער איך. מעהר פֿעהלט אונז נישט, אַ מאַן זאָל נאָך אַהין אַריינגעהן!

— ווייס איך וואָס!

— ווי?

— ווייס איך וואָס!

— וואָס האָט איהר געזאָגט?

— איך האָב געזאָגט: ווייס איך וואָס!

— וואָס „ווייס איך וואָס"?

— הייליגע מוטער, איך האָב נישט געזאָגט: „וואָס, ווייס איך וואָס?", — איך האָב בלויז געזאָגט: ווייס איך וואָס!

— כ'פֿערשטעה נישט. נאָך וואָס האָט איהר געזאָגט: ווייס איך וואָס?

— איך האָב געמיינט מיט אייך מיטצוהאַלטען.

— איך האָב דאָך נישט געזאָגט: ווייס איך וואָס.

— איהר האָט נישט געזאָגט, אָבער איך האָב געזאָגט, כדי מיט אייך מיטצוהאַלטען.

פּאַשלעוואַנען האָט שוין בעשלאָגען אַ שווייס. ווער ווייסט, ווען די אַלטען ווען זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פֿון דעם דאָזיגען געשפּרעך, ווען אין דער מינוט וואָלט דער דאָזיגער נישט געשלאָגען ניין. די אויפֿזעהערין האָט גענומען זאָגען אַ תּפֿילה: איך יעדע שטונדע איז פֿאַראַן אַ תּפֿילה.

## 19. פּאַשלעוואַן פּלאָנטערט אויס.

נאָך דער תּפֿילה האָט די אויפֿזעהערין ווי-דער אָנגעפֿאַנגען:

— ביים לעבען איז די מוטער געווען אַ הייליגע. נאָכ'ן טויט וועט זי מופֿתים בעווייזען.

— בעווייזען, האָט פּאַשלעוואַן נאָכגעזאָגט.

— אַ ברכה פֿאַר די געמיינדע איז די געווען. געשטאָרבען איז זי ווי אַ צדיקת: געווען ביי די געדאַנקען ביז דער לעצטער מינוט, גערעדט מיט אונז און אין דער לעצטער צייט — געשמועסט מיט מלאכים. אויסגעגאַנגען איז זי מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען.

— אָמן! — האָט פּאַשלעוואַן געענדיגט, מיינענדיג, אַז די אויפֿזעהערין האָט גאָר אַזאַ תּפֿילה געלעזען.

— פּעטער פֿאָוואַן, דעם רצון פֿון אַ גע-שטאָרבענעם מוז מען מקיים זיין.

פּאַשלעוואַן האָט זאַלץ געשוויגען: ער האָט נאָך נישט געוואוסט, וואָס מ'וויל פֿון איהם. די אויפֿזעהערין האָט ווייטער גערעדט:

— זי איז געווען אַ צדיקת.

— פּונקט ווי איהר, הייליגע מוטער.

— צוואַנציג יאָהר איז זי געשלאָפֿען אין אַ טרוגע. איצט דוערט: דער הייליגער דיאָראַ, דער ערץ-בישאָף פֿון קאַפּאַדאָקיען, האָט געהייסען אויפֿשרייבען אויף זיין מצבה די ווערטער: „אַ וואָרם פֿון דער ערד"; זיין ווילען האָט מען ערפֿילט. נישט אַזוי?

— אַזוי, אַזוי.

— דער הייליגער מעצאָקאַנוס האָט אָנגעזאָגט פֿאַר'ן טויט, מ'זאָל איהם מקבר זיין אונטער אַ תּליה; אַזוי האָט מען געטהון.

— גערעדון, — האָט פּאַשלעוואַן צוגע-באַמקעט.

— דער הייליגער טערענציוס, דער בישאָף פון פאָרט, האָט בעפוילען: „שטעלט אויף מיין קבר אַזאַ אויפשריפט, ווי מ'מאַכט אויף דעם קבר פון אַ מוטער־מערדער, כדי פאַרבייגייער זאָלען שפּייען אויף איהם"; דאָס איז געטהון געוואָרען. דער רצון פון געשטאָרבענע איז הייליג.

— אָמן!

— פעטער פאָוואַן, די הייליגע מוטער וועט בעהאַלטען ווערען אין דערזעלבער טרוגע, אין וועלכער זי איז געשלאָפען אין פערלויף פון צוואַנציג יאָהר.

— אַזוי איז דער יושר.

— דאָס וועט זיין ווי אַ המשך פון איהר שלאָף.

— וועל איך זי, הייסט עס, דאַרפען אַריינלעגען אין די דאָזיגע טרוגע?

— יאָ.

— און די טרוגע, וואָס מ'האָט צוגעשיקט פון דעם בעגראָבער־ביוראָ?

— וועט מען נישט געברויכען.

— גוט, איך וועל טהון ווי מ'הייסט מיר.

— פיער פרויען וועלען אייך העלפען.

— אָ, איך ברויך נישט קיין הילף אויף צו פערקלאַפּען אַ טרוגע.

— נישט צום פערקלאַפּען, נאָר צום אַראָבלאָזען.

— וואוהין?

— אין קעלער־געוועלב.

— אין וואָסער קעלער־געוועלב?

— אונטער'ן אַלטאַר.

פאָשלעוואַן איז אונטערגעשפּרונגען אין די הויך.

— אין געוועלב אונטער'ן אַלטאַר!... — האָט ער אויסגעשריען.

— יאָ, אונטער'ן אַלטאַר.

— אָבער...

— איהר וועט האָבען אַן אייזערנע שטאַנג.

— יאָ, נאָר...

— מיט דער שטאַנג וועט איהר אויפהויבען דעם שטיין.

— דאָך...

— מ'מוז מקיים זיין דעם רצון פון דער געשטאָרבענער. אַזוי האָט זי בעפוילען פאַר'ן טויט.

— דאָס איז דאָך פערבאָטען!

— מענשען האָבען פערבאָטען, גאָט האָט בעפוילען.

— און ווי איז, אויב מ'וועט זיך דערוויסען?...

— איהר זענט ביי אונז בעגלויבט.

— אָ, איך בין שטום, ווי אַ שטיין פון וואַנד.

— אַזוי איז בעשלאָסען געוואָרען. די הייליגע מוטער וועט ליגען אונטער'ן אַלטאַר.

— אָבער, הייליגע מוטער, ווי אויב אַן אַגענט פון דער סאַניטאַר־קאָמיסיע...

— זי וועט זיכער בעווייזען מופתים.

— געוויס, אָבער דער פּאָליציי־קאָמיסאַר...

— גאָטס נאָמען וועט געגרויסט ווערען דורך אונזער געמיינדע.

— דער אינספּעקטאָר פון דער פּרעפעקטור וועט דאָך אָבער...

— אָט איז דער הייליגער בענעדיקטוס און דאָרט — דער הייליגער בערנאַר. ווער איז געווען בערנאַר? — דער בישאָף פון קלערוואָ. הונדערט מיט זעכציג קלויסטערס האָט ער געגרינדעט! אין פיעל רעליגיעזע דיספּוטען האָט ער געזיעגט און צוויי הונדערט מיט פופציג מופתים בעוויזען! ווער איז געווען בענעדיקטוס? — דער פּאַטריאַרך פון מאָנטע־קאַסיני. דער אָרדען, וואָס ער האָט געגרינדעט, עקזיסטירט שוין פערצעהן הונדערט יאָהר און האָט אונז געגעבען: פערציג פּאַפּסטען, צוויי הונדערט קאַרדינאַלען, פופציג פּאַטריאַרכען, זעכצעהן הונדערט ערץ־בישאָפען, פיער טויזענד זעקס הונדערט בישאָפען, פיער קיסרים, צוועלף קייזערינס, זעקס און פערציג קעניגען, איין און פערציג קעניגינס און דריי טויזענד זעקס הונדערט קאַנאָניזירטע קדושים. פון איין זייט דער הייליגער בערנאַר, פון דער צווייטער — אַ סאַניטאַר־אַגענט! פון איין זייט דער הייליגער בענעדיקטוס, פון דער צווייטער — אַ פּאָליציי־אינספּעקטאָר!... וואָס געהט אונז אָן די מלוכה, די פּאָליציי, דאָס ביוראָ פון לויות, די סטאַטוטען, די אַדמיניסטראַציע! איעדער סאַני־

פּאַר־קאָמיסיע איז אַ רעוואָלוציאָנערע המצאה, שענע יאָהרען, ווען גאָט האָט זיין אונטערגע־וואָרפען אונטער אַ פּאָליצײ־קאָמיסאַר. שוין שוין בעסער, פּאַוואַן!...

פּאָשלעוואַן האָט שוין אַזוי אויך געשוויגען, ווי אַ דערשלאָגענער, אונטער דעם דאָזיגען שטראָם פון ווערטער. די אויפזעהערין האָט אָבגעצויגען דעם אָטעם און ווייטער געזאָגט:

— אַלזאָ, בלייבט עס אַזוי, פּעטער פּאַוואַן?

— עס בלייבט, הייליגע מוטער.

— קאָן מען זיך אויף אייך פערלאָזען?

— איך בין איבערגעבען דער געמיינדע מיט לייב און לעבען.

— גוט. איהר וועט פערקלאַפּען די טרונע, און די שוועסטער וועלען זי אַריבערטראָגען אין די קאַפּעלע. דערנאָך וועלען אַלע אַוועקגעהן אין קלויסטער, צווישען עלף און צוועלף דעם זייגער זאָלט איהר קומען מיט אייער שטאַנג. די פיער שוועסטער וועלען אייך העלפען. אייערע גלעקלעך זאָלט איהר אַראָבנעהמען. אַלץ וועט פאָרקומען אין געהיים און בלייבען אַ סוד.

— איז דער דאָקטאָר שוין געוועזען?

— פיער אַ זייגער וועט ער קומען. פערגעסט נישט: אַ פערטיל צו צוועלף.

— הייליגע מוטער!

— וואָס ווילט איהר?

— אויב איהר וועט האָבען נאָך אַזעלכע אַרבייט, איז מיין ברודער אַ גבור. אַ נישטיקער מעריק!

— מאַכט עס אָב פלינק.

— איך בין נישט זעהר פלינק: דערפאַר ווייל איך האָב אַ געהילף. איך בין אַ לאָהמער.

— דאָס איז נישט קיין חסרון, דאָס קאָן נאָך זיין אַ מעלה. דער קייזער הענריך דער צווייטער האָט געהאַט צוויי טיטלען: דער הייליגער און דער לאָהמער.

— נישט שלעכט צו האָבען צוויי רעק מיט אַמאָל... — האָט פּאָשלעוואַן אַרויסגעבראָמט.

— ווייסט איהר וואָס? — האָט די אויפזעהערין געזאָגט, — קומט פריהער, קומט עלף. גלייכער ענדיגען וואָס פריהער.

— רעכט. מיר'ן אַראָבלאָזען די טרונע אין פערלעגען מיט'ן שטיין. איז דאָס אינגאַנצען?

— ניין.

— וואָס נאָך?

— און די ליידיגע טרונע?...

פּאָשלעוואַן האָט געשוויגען אַ ביסעל, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך וועל פערקלאַפּען די ליידיגע טרונע, ווען קיינער וועט נישט זעהן.

— די טרעגער וועלען אָבער דערפיהלען, אַז זי איז ליידיג.

— אַך, צו'ן אַל־די רו...! — האָט פּאָשלעוואַן אויסגעשריען, אָבער די אויפזעהערין האָט געוואָרפען אויף איהם אַזאַ קוק, אַז די צווייטע העלפט פון וואָרט „חות" איז איהם געבליבען שטעקען אין גאָרגעל.

— איך וועל אַריינלעגען, — האָט ער זיך צוגעאיילט צו פערגלעטען זיין אויסדרוק, — ערד אין די טרונע, אַנשטאָט אַ מענשען.

— ריכטיג. אַ מענש אַליין איז אויך נישט מעהר ווי ערד.

איהר פנים האָט זיך אויסגעלייטערט און אַז פּאָשלעוואַן איז שוין געשטאַנען ביי דער טהיר, האָט זי געזאָגט:

— איך בין פון אייך צופריעדען, פּעטער פּאַוואַן. מאָרגען, נאָך דער קבורה, ברענגט צו־פיהרען אייער ברודער מיט זיין מיידעלע.

# 20. אַ לעבעדיגער אַנשטאָט אַ טויטען.

אַ לאָהמער געהט, ווי אַ קאַסאָקע ווינקט־זיי ביידע טרעפען נישט זעהר גיך אין ציעל: דערצו איז פּאָשלעוואַן געווען אויפגערעגט, האָט ביי איהם געדויערט אַ גוט פערטיל שטונדע, אייידער ער איז געקומען צו זיין הייזעל. ווען ער איז אַריינגעגאַנגען, האָט זשאַן וואַלזשאַן געהאַלטען אין רייזען צו קאָזעטע'ן:

— הער מיך נור אויס מיט קאָפּ, קליינע: מיר מוזען פון דאַנען אַוועקגעהן, מיר'ן זיך אָבער

אומקעהרען צוריק, און אונז וועט דאָ זײַן גוט. אַז דער אַלטער וועט זיך אַרויסטראָגען פון האַנען אויף די פּלייצעס אין אַ קאָרב, און דו—זײַן אין שוויַיג, אויב דו ווילסט נישט אַרייַנפאַלען ווידער צו מאַדאַם טענאַרדיע אין די הענד. ער וועט דיך איבערלאָזען בײַ אַנ'אַלטער פרוי, און די וואַרט דאָרט, ביז איך וועל קומען נאָך דיר.

קאָזעטע האָט אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ מיט אַנ'ערנסטער מינע. זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך געווענדט צו פאָשלעוואַנ'ען:

— נו, וואָס הערט זיך?

— עס געהט, ווי געשמירט, און עס טויג אויף כפרות, — האָט פאָשלעוואַן געענטפערט. מ'האָט מיר ערלויבט אייך אַהער צו ברענגען, אָבער פריהער מוזט איהר דאָך אַרויסגעהן, און דאָס איז איך אַזוי וויסען בײַז, ווי איך ווייס ווי אַזוי דאָס צו מאַכען. אַט מיט דער קליינער וועט עס אָנקומען גרינג. שווײַגען וועט זי?

— איך בין ערב פאַר איהר.

— אָבער ווי טהוט מען מיט אייך?

זשאַן וואַלזשאַן האָט געשוויגען. פאָשלעוואַן האָט דערווייל געברומט:

— מיך באַרבעלט נאָך אַ זאַך. איך האָב געזאָגט, איך וועל אַנלעגען ערד אַהין. ערד איז אָבער נישט קיין קערפער. זי וועט זיך אַרומשיטען, אַרומוואַרפען — ניין, עס טויג אויף כפרות. די טרעגער וועלען עס דערשפירען. איהר פערשטעהט, פעטער מאַדלען, די רעגירונג וועט זיך זיכער כאַפּען!

זשאַן וואַלזשאַן האָט איהם אָנגעקוקט, מיינענדיג, אַז ער רעדט פון היץ. פאָשלעוואַן האָט איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה און האָט געענדיגט:

— די גאַנצע צרה איצט איז, ערשטענס, ווי שלעפּט מען אייך אַרויס פון דאַנען אַן, צווייטענס, וואָס טהוט מען מיט דער ליידיגער טרונע?

— לעגט אַהין אַריין עפּיס, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט.

— אַ בר-מינן? וואו זאָל איך איהם נעהמען?

— טאָ לעגט אַריין אַ לעבעדיגען מענשען.

— וועמען?

— מיך.

פאָשלעוואַן איז אויפגעשפרונגען, ווי אַ באָמבע וואָלט איהם אויפגעריסען.

— אייך!

זשאַן וואַלזשאַן האָט שוואַך געשמייכעלט.

— יאָ, מיך. פאַרוואָס דען נישט?

— אָ, איהר מאַכט אייך אַ שפּאַס; איהר מיינט עס נישט ערנסט.

— זעהר ערנסט, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געענטפערט. באַטראַכט נור דעם ענין: אַרויסגעהן — מוז איך?

— נו, יאָ.

— איך האָב אייך געבעטען מיך אויך אַרויסטראָגען אין אַ קאָרב, — נו, אַט האָבען מיר אַ קאָרב, אַ געזונדען הילצערנעם קאָרב. וואָס נאָך ווילט איהר?

— פעטער מאַדלען, איהר זענט אַ מאָדנער מענש!

זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך גערעדט זײַנס:

— דאָס איז אַנ'אויסגעצייכענט מיטעל. דערצעהלט מיר נור פריהער וואָס און ווען. ווי אַזוי מאַכט מען עס? וואו געפינט זיך די טרונע?

— אין טויטען-צימער.

— ווי לאַנג איז די טרונע?

— זעקס פוס.

— וואָס פאַר אַ צימער איז דאָס טויטען-צימער?

— אַט, אַ גרויס צימער אין אונטערשטען שטאָק מיט איין פענסטער און צוויי טהירען: איינע צום גאָרטען, די צווייטע צו דער דרויסענדיגער קירך, וואוהין אַלע געהען.

— האָט איהר די שליסלען פון די דאָזיגע טהירען.

— נור פון דער טהיר צום גאָרטען. דער שליסעל פון דער צווייטער טהיר איז ביים וועכטער.

— הם... ווער פערקלאַפּט די טרונע?

— איך.

— ווען קומט דער וואָגען נאָך דער טרונע מיט'ן מת?

— מאָרגען דריי אַ זייגער ביי-טאָג: בע-האַלטען וועט מען פאַר-נאַכט אויפ'ן בית-עולם „וואָקשיראַר"; דאָס איז ווייטליך פון האַנגען.

— אַלזאָ, צוויי אַ זייגער ביי-נאַכט וועט איהר פערקלאַפּען איבערן מיר דאָס דעקעל פון דער טרונע.

— אָבער אויב גאָטעס ווילען — ווי איז דאָס מעגליך!

— אויך מיר אַן עסק. מ'נעהמט אַ האַ-מער מיט נעגעל און מען פערקלאַפּט...

פּאָשלעוואַן איז צוזאַמענגעלאָפען איבער'ן צי-מער, ווי אַ צימישטער.

— אָבער ווי אַזוי וועט איהר אָטעמען? — האָט ער אויסגעשריען.

— אָט, כ'וועל שוין אָטעמען ווי-עס-איז. איהר וועט מאַכען אַ פּאָר לעכעלעך אין קאַסטען נעבען מיין מויל און דאָס דעקעל צושלאָגען נישט צו-פעסט.

— גוט. און טאָמער טהוט איהר אַ הוסט אָדער אַ ניס?

— יע, פעטער פּאָשלעוואַן, אַז מ'מוז מאַ-כען פליטה, קיינער זאָל נישט וויסען, הוסט מען נישט און מען ניסט נישט. איבעריגענס — איהר האָט אַ בעסער מיטעל?...

— אמת, קיין אַנדער עצה איז נישטאָ, — האָט פּאָשלעוואַן צוגעגעבען.

— מיך קימערט נור די פראַגע, וואָס וועט זיין דאָרטען, אויפ'ן בית-עולם?...

און מיך, זעהט איהר, אַרט שוין דאָס גראָד נישט! — האָט פּאָשלעוואַן אויסגעשריען; אויב איהר האָט נישט קיין מורא פאַר די טרו-נע, וועל איך אייך שוין פון קבר זיכער אַרויס-שלעפּען. דאָ איז אַזאַ מעשה: דער פעטער מע-טיען, דער בעגראָבער פון „וואָקשיראַר", איז אַ טייערער שכור, געבוירען געוואָרען אַ שכור, און איך מאַך מיט איהם וואָס איך וויל. איך וועל אייך דערצעהלען, ווי עס וועט פאָרקומען. דער וואָגען פאָהרט צו צום קבר. איך געה נאָך: דאָס איז מיין פליכט. איך וועל מיט זיך מיטברענגען אַ האַמער, אַ צוואַנג און אַ שטעמאייזען. גיט. דער וואָגען שטעלט זיך אָב. מ'בינדט אַרום די טרוגע מיט שטריק און מ'לאָזט זי אַראָב אין קבר. דער גלח לייענט אָב די תפלות, צלמ'ט אי-בער, בעשפּריצט מיט וואַסער און געהט זיך אַוועק. איך בלייב אַליין מיט מיין אַלטען בעקאַנטען, דעם בעגראָבער מעטיען. איינס פון די ביידע: אָדער ער איז שכור, אָדער נישט. איז ער נישט שכור, זאָג איך איהם: „קום, לאָמיר האַפּען אַ טראָפּעלע, איידער מען פערשליסט דעם שיינק". איך גיס איהם אונטער אַ גלעזעל נאָך אַ גלעזעל, ביז ער ווערט פאַרטיג. דעמאָלט לעג איך איהם אַוועק אונטער'ן טיש, ווי אַ גראַף, נעהם אַרויס ביי איהם זיין דורכגאַנגס-בילעט צום בית-עולם און קום צוריק אָהן איהם. איז ער שכור, זאָג איך איהם: „טראָג זיך אָב, איך וועל שוין אַליין אָב-טהון פאַר דיר דיין אַרבייט". אויף אַזעלכע זאַכען איז ער נישט פויל. הקיצור — איך נעהם אייך אַרויס פון קבר.

— בלייבט עס אַזוי, פעטער פּאָשלעוואַן, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט, געבענדיג איהם די האַנד.

„דער טייוועל זאָל זיך נור נישט אַריינמי-שען!..." — האָט פּאָשלעוואַן אַ קלער געטהון.

## 24. דער וועג צום אומגליק.

פון די דאָזיגע איינפאַכע ווערטער, וואָס די פרוי האָט אַרויסגערעדט, האָט איהם בעשלאָ-גען אַ קאַלטער שווייס.

ער האָט דערשפּירט, אַז די קאַלטע האַנד, וואָס האָט איהם נאָר-וואָס לויז געלאָזען, האָט ווידער אויסגעשטרעקט צו איהם איהרע לאַנגע פינגער.

— יאָ, גוטע פרוי, — האָט ער גענטפערט, — איך זוך אַ דראָשקע צו דינגען; אָבער, — האָט ער צוגעגעבען מיט האָפנונג, — קיינער האָט דאָ נישט אַזאַ פיהרל.

— טאַראָס קיינער נישט! — האָט די אַלטע געזאָגט;

— ווער האָט דען יאָ? — האָט זיך דער וואָגען־מייסטער אַריינגעמישט.

— איך האָב, — האָט די אַלטע געענטפערט. מאַרלען האָט אויפגעציטערט. אַלזאָ, די שרעקליכע האַנד האָט איהם ווידער אָנגעחאַפּט.

ביי דער אַלטער פרוי אין שטאַהל איז ווירקליך געשטאַנען עפּיס אַ פּודריל, נישט פון בעסטען כּאַרט, אָבּער פּאַהרען האָט מען געקאָנט. נישט קוקענדיג, וואָס דער וואָגען־מייסטער האָט איהם אָבגערעדט, ווייל עס איז אַן אַלט פּודריל, וועט זיך צוברעכען אין מיטען וועג און אַזוי ווייטער, האָט ער אין עטליכע מינוט אַרום שוין געלאָזען הינטער זיך די לעצטע הייזער פון געהאָן.

פּלוצים האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ געשריי: „שטעלט זיך אָב! וואַרט אַ ווײַלע!" ער האָט האַסטיג אָבגעשטעלט דאָס פערד. אַ נייע האָפנונג האָט ערוואַכט אין זיין האַרצען.

דאָס האָט געשריען דער אַלטערס זוהן.

— מיין העררי! דאָס האָב איך אייך געבראַכט די דראָזשקע.

— נו, איז וואָס?

— אין איהר האָט מיר דערפאַר גאָרנישט געגעבען.

מאַרלען, וואָס האָט געוועהנליך יעדען געגעבען געלד זעהר גערן, איז דאָסמאָל בייז געוואָרען.

— אַך, דאָס ביזט דו, קליינע שעלמע? — האָט ער געזאָגט. — דו וועסט אַ מי אויך נישט קריגען.

ער האָט אַ שמייך געטהון דאָס פערד און איז שנעל אַוועקגעפאָהרען. אין געהען האָט ער פערלאָרען אַ סך צייט, איצט האָט מען זיך געמוזט צו־איילען. דאָס קליינע פערדיל איז געגאַנגען גוט, אָבּער די טאָג האָט אָפט געראַגענט, איז דער וועג געוועזען שלעכט, אַזוי אַז קיין כאַן־פּאָל, וואָס איז געלעגען מיט פינף מייל ווייטער, איז ער געפאָהרען גאַנצע פיער שטונדען. דאָרט איז ער פערפאָהרען אין אַ טראַקטיר, האָט געגעבען דעם פערד האָבּער און אַליין איז ער געשטאַנען און געקוקט, ווי דאָס פערד עסט.

אין דער אמת'ן אָבּער האָט ער איבערהויפּט קיין האָך נישט געזעהן.

— די ווירטהין האָט זיך געווענדט צו איהם:

— אידר'ט אפשר עפּיס עסען?

— עסען?... אַך, יאָ, כ'האָב זיך טאַקע אויסגעהונגערט.

ער האָט זיך געזעצט צום טיש. „אָט דאָס איז עס, — האָט ער אַ טראַכט געטהון, — דערפאַר האָב איך זיך געפיהלט אַזוי שלעכט, ווייל איך בין נאָך אויפ'ן ניכטערן האַרצען".

ער האָט אָבגעבראָכען אַ שטיקעל ברויט, האָט עס אַריינגעלעגט אין מויל אַריין — און שוין, מעהר האָט ער זיך צו די מאכלים נישט צוגערידרט.

דערנעבען איז געזעסען ביי אַ טיש אַ פּודרמאַן און האָט געגעסען. מאַרלען האָט זיך געווענדט צו איהם:

— פאַרוואָס איז ביי זיי דאָ דאָס ברויט אַזוי ביטער?

דער פּודרמאַן האָט אויף איהם געוואָרפען אַ פערוואונדערטען קוק און האָט אַ דריק געטהון מיט די אַקסלען: איהם האָט דאָס עסען זעהר גוט געשמעקט.

אין אַ שטונדע אַרום איז ער אַרויסגעפאָהרען פון סען־פּאָל. פערשיעדענע צופעלען האָבּען זיך איהם געטראָפען אין וועג: אַמאָל האָט זיך עפּיס צובראָכען ביים וואָגען, אַמאָל איז דער וועג געוועזען פערשטעלט. ביי איהם אין האַרצען האָט נאָך אַלץ געטליעט אַ האָפנונג, אַז ער וועט פערשפּעטיגען צום פּראָצעס, און דאָך האָט ער זיך געאיילט מיט אַלע קרעפטען צו קומען וואָס פריהער. ענדליך, אַרום אַכט אַ זייגער אין אָווענד, איז ער געקומען קיין אַראַס.

זיין פערד איז געוועזען שרעקליך מיעד און האָט געמוזט האָבּען נישט ווייניגער פון צוויי טאָג אָבּרוה. ער האָט עס איבערגעלאָזען אין אַ טראַקטיר און אַליין איז ער אַוועק אויף דער סטאַנציע פון דער פערד־פּאָסט און האָט פאַר זיך געדונגען אַ פּלאַץ אינם פּאָסט־וואָגען, וואָס האָט בעדאַרפט אַוועקגעהן קיין מאָנטרייל איינס אַ זייגער ביי־נאַכט. דערנאָך איז ער אַוועק אין געריכט.

אין פאָרער-צימער פון געריכטס-זאַל האָט ער זיך געווענדעט צו אַן אַדוואָקאַט:

— ענטשולדיגט מיין פראַגע: ווי האַלט עס מיט'ן פּראָצעס?

— דער פּראָצעס איז געענדיגט,— האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט.

— געענדיגט?

דאָס וואָרט איז געזאָגט געוואָרען מיט אַזאַ טאָן, אַז דער אַדוואָקאַט האָט שנעל אומגעקעהרט דעם קאָפּ צו איהם.

— איהר זענט פּיליכט אַ קרוב?

— ניין. די ענטשיידונג איז שוין אַרויסגעגעבען?

— געוויס.

— קאַטאָרגע?

— אייביגע.

מאַדלען האָט געשוויגען אַ ווייל. דערנאָך האָט ער ווייטער געפרעגט מיט אַ שוואַכער שטים:

— הייסט עס, די פּערזענליכקייט איז פעסטגעשטעלט געוואָרען?

— וואָס פאַר אַ פּערזענליכקייט? די זאַך איז קלאָר: די פרוי האָט געטויט איהר קינד, און דערפאַר האָט מען זי פאַרמשפט אויף אייביגע קאַטאָרגע.

— איז דאָס געווען אַ פרוי?

— פערשטעהט זיך! וועגען וואָס דען פרעגט איהר?

— אָט, גלאַט אַזוי, נו, און וועגען וואָס גערעדט איצט?

— אָ, עפּיס אַ מעשה מיט אַ קאַטאָרזשניק, וואָס איז צום צווייטען מאָל בעגאַנגען אַ פערברעכען. איצט האָט ער נאָך דערצו געגנב'עט עפּעל. מילא, די גנבה איז אפילו נישט בעוויזען, דערפאַר אָבער האָט מען איהם דערקענט, און דער פּראָקוראָר וועט איהם שוין פון זיינע הענד נישט אַרויסלאָזען: אַ מענש מיט אַ קאָפּ, דער דאָזיגער פּראָקוראָר!...

מאַדלען איז צוגעגאַנגען צום קאָמיסאַר, וואָס איז געשטאַנען ביי אַ טהיר.

— מ'קאָן אַריינגעהן?

— ניין. נישטאָ שוין קיין ליידיגע פּלעצער.

— קיין איינציגער פּלאַץ?

— קיין איינציגער. אמת, פאַרהאַן אַ פּאָר פּלעצער הינטער'ן פּאָרזיצענדען, אָבער די דאָזיגע פּלעצער ערלויבט דער פּאָרזיצענדער נור פאַר בעאַמטע.

מאַדלען האָט ווידער געהאַט אַ געלעגענהייט זיך אַרויסצודרעהען. ער האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזען געהן צוריק. דערנאָך האָט ער זיך אָבגעשטעלט, האָט אָנגעשריבען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר: „מאַדלען, דער מעהר פון מאָנטרעיל" און געזאָגט צום קאָמיסאַר הײט אַ בעפעהלענדען טאָן:

— דערלאַנגט עס דעם פּאָרזיצענדען.

אין אַ מינוט אַרום איז דער קאָמיסאַר געקומען צוריק.

— ביטע,— האָט ער געזאָגט מיט רעספּעקט. ער האָט מאַדלען'ען אַריינגעפיהרט אין אַ קאָרידאָר און אָנגעוויזען אויף אַ טהיר:

— דאָרט איז דער אַיינגאַנג אין געריכטס-זאַל, נעבען די ריכטער.

ווען מאַדלען איז געבליבען אַליין אין קאָרידאָר, האָט ער אָבגעווישט דעם שווייס פון'ם שטערן. וואָס טוט ער דאָ? וועה צווינגט עס איהם צו קריכען מיט אַ געזונדטען קאָפּ אין אַ קראַנק בעט? אַליין זיך איבערגעבען צום אומגליק אין די הענד אַריין! אונטערשטעלען ווידער זיין גרויהען קאָפּ אונטער די קלעפּ און בעליידיגונגען פון די קאַטאָרגע-אויפזעהער!.. פאַר וואָס?... צו וואָס?... ניין! וואָס געוועט זיין — וועט זיין!...

ער האָט זיך געלאָזען לויפען צוריק, גלייך ווי עמיצער וואָלט איהם יאָגען. צוגעלאָפען צו דער אויסגאַנג-טהיר, איז ער געבליבען שטעהן. אַ ווייל האָט ער געטראַכט מיט אַן אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעגלייכט, איז צו צוריק צום געריכטס-זאַל, האָט אָנגענומען דעם גלאַנציגען מעשענעם האַלטער מיט אַ פעסטער האַנד און האָט בּרייט געעפענט די טהיר.

## 21 אין קבֿר.

אויף מאָרגען פֿאַר־נאַכט, פֿאַר׳ן זינגען־אונטערגאַנג, האָבען די געצעהלטע פֿאַרבייגעהער אויפ׳ן בולוואַר דע־מאַן אַראָבגענומען די הוטלען פֿאַר אַן אַלטמאָדישען טרויער־וואַגען, וואָס איז בעפּוצט געווען מיט געפֿאַרבטע טויטע קעפּ, ביינער און טרעהרען. אויפ׳ן וואַגען איז געשטאַנען אַ ווייס־געהעקטע טרונע, אויף וועלכער עס איז אויסגעמאָלט געווען אַ טויטע פֿרוי מיט אויסגעשפּרייטע הענד, ווי אַ צלם. הינטען איז נאָכגעפֿאָהרען אַ פֿערדהאַפּירטע קאַרעטע, אין וועלכער עס איז געזעסען דער גלח און איינער פֿון די קירכען־זינגער. צוויי פֿאַקעל־טרעגער זענען געגאַנגען פֿון ביידע זייטען טרויער־וואַגען אין גרויע קליידער שוואַרץ געזוימט. גאָר פֿון הינטען האָט זיך נאָכגעשלעפּט אַ הינקענדיגער אַלטער אין אַרבייטער־קליידער. די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגען צום בית־עולם וואָזשיראַר.

אין דער טרונע, ווי מיר ווייסען שוין, איז געלעגען זשאַן וואַלזשאַן. ער האָט זיך איינגעאָרדענט אַזוי, אַז ער זאָל קאָנען לעבען, — לעבען אין אַ טרונע! ... ער האָט געטעמט ווי־עס איז. די קאָמבינאַציע, וואָס ער האָט נעכטען צוגעקלערט, איז געלונגען, געלונגען ביז איצט, און אויף ווייטער האָט ער געהאָפֿט, אַז פֿאָשלעוואַן וועט עס שוין ווי־עס־איז דורכמאַכען מיט׳ן בעגראָבער מעטיען. ער האָט נישט געצווייפֿעלט, אַז אַלץ וועט זיך איינגעבען ווי מ׳דאַרף נישט בעסער. אין דער דאָזיגער קריטישער לאַגע איז ער געווען פֿאָלשטענדיג רוהיג און זיכער.

נאָכדעם ווי פֿאָשלעוואַן האָט פֿערקלאַפּט דאָס דעקעל פֿון דער טרונע, האָט זשאַן וואַלזשאַן אין זיכען דערפֿיהלט, אַז מען טראָגט איהם, דערנאָך — אַז מען פֿיהרט איהם. ווען דער וואָגען האָט אָנגעהויבען צו וואַרפֿען זיך שוואַכער, האָט ער פֿערשטאַנען, אַז דאָס איז מען שוין אַראָבגעפֿאָהרען פֿון די גאַסען און זיך געלאָזען איבער די בולוואַרען. די פֿערדומפּפֿיגע קלאַפּערייען פֿון די פֿערד׳ס פֿיס האָט איהם געגעבען אַ מעגליכקייט זיך אָנצושטויסען, אַז מען געהט איצט אַריבער די אויסטערליץ־בריק. אַז מען האָט זיך אָבגעשטעלט צום ערשטען מאָל, האָט ער געוואוסט, אַז מען האָט דערגרייכט דעם בית־עולם, און ווען דער וואָגען איז געבליבען שטעהן צום צווייטען מאָל, האָט זשאַן וואַלזשאַן צו זיך געזאָגט: „דאָס איז דער קבֿר”.

פּלוצים האָט ער דערפֿיהלט, אַז די טרונע הויבט זיך, ווענדט זיך און אַן איהרע ברעטער רייבט זיך עפּיס מיט אַ גראָבען, טרוקענעם שאָרך; דאָס האָט מען געוויס אַרומגעבונדען די טרונע מיט שטריק, אום אַראָבצולאָזען זי אין גרוב. אין אַ מינוט אַרום האָט איהם אָנגעהויבען צו שווינדלען דער קאָפּ. דאָס האָבען די אַרבייטער אַ שאָקעל געטהון די טרונע און אַראָבגעלאָזען זי צו דער ערד פֿריהער מיט דער זייט, וואו זיין קאָפּ איז געלעגען.

ער איז געקומען צו זיך, דערפֿיהלענדיג, אַז ער ליגט גלייך און אונבעוועגליך. אַ פֿייכטע קעלט איז אַריינגעדרונגען אין די טרונע, אין זיינע ביינער און האָט זיך פֿערשפּרייט איבער׳ן גאַנצען קערפּער. קלאָר, דאָס ליגט ער שוין אויפ׳ן גרונד פֿון פֿרישׂ אויפֿגעגראָבענעם קבֿר. וואָס וועט ווייטער זיין? ...

איבער איהם האָט פּלוצים זיך געלאָזען הערען אַ נאַאיוו־קאַלטע, שטרענג־רוהיגע שטים. אונבעקאַנטע ווערטער האָבען דערגרייכט צו זיין אויער, מאָדנע ווערטער און מיט אַ מאָדנעם, פֿערדומפּפֿענעם און צוצויגענעם טאָן. דאָס זענען געווען די לאַטיינישע תפֿלות, וואָס דער גלח האָט געזאָגט, און אַ קינדערשע שטים, די שטים פֿון׳ם קירכען־זינגער, האָט איהם געענטפֿערט און אונטערגעהאַלטען אַ פּסוק נאָך אַ פּסוק.

דאָס האָט געדויערט אַ מינוט זיבעצען. זשאַן וואַלזשאַן איז געלעגען, האָט זיך צוגעהערט און געקלערט: „געדולד! באַלד ענדיגט זיך עס. דער גלח וועט אַוועקגעהן. פֿאָשלעוואַן וועט אַוועקפֿיהרען מעטיען׳ען אין שענק. מ׳וועט מיך

לאָזען אַליין. דערנאָך וועט פאַשלעוואַן צוריקקומען און וועט מיך אַרויסנעהמען. דאָס וועט זיין אַ גוטע שטונדע׳.

איבער׳ן דעקעל פון דער טרונע האָט אָנגעהויבען עפּיס צו פּויקען, ווי אַ רעגען וואָלט איבער איהר געגאַנגען. „דאָס שפּריצט מען מיט געהייליגט וואַסער״, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געטראַכט.

— ... זאָל רוהען אין פריעדען!... — האָט דער גלח געענדיגט אויף לאַטיין.

— אָמן! — האָט די קינדערשע שטים אונטערגעהאַלטען.

זשאַן וואַלזשאַן האָט געהערט, ווי טריט דערווייטערן זיך לאַנגזאַם פון דעם קבר. „זיי געהען אַוועק, — האָט ער אַ טראַכט געטהון, — איצט בין איך אַליין״.

אַ געראַוש האָט זיך פּלוצים געלאָזט הערען איבער זיין קאָפּ, אַ געראַוש, וואָס האָט אַ הילך געטהון אין זיינע אויערן ווי אַ דונער. אַ שטיק ערד האָט אַ זעץ געטהון אָן די טרונע. דערנאָך — נאָך אַ שטיק ערד. איינס פון די לעכעלעך, דורך וועלכע ער האָט געאָטעמט, האָט זיך פערשטאָפּט. אַ דריטעס שטיק ערד, אַ פערטעס, אַ פינפטעס... פאַרהאַן זאַכען, וואָס זיינען שטאַרקער פון שטאַרקסטען מענשען. זשאַן וואַלזשאַן איז געפאַלען אין חלשות.

## 22. אַ נייער קברן.

געהענדיג הינטער דעם טרויער־וואָגען, האָט פאַשלעוואַן אונטערגעשמייכעלט זיך אין בוזעם אַריין: ביידע פערשוועהרונגען זיינע האָבען זיך איהם איינגעגעבען, — פאַר׳ן קלויסטער און געגען דעם קלויסטער. די מנישקע ליעגט אונטער׳ן אַלטאַר, די טרונע איז בשלום אַרוים פון קלויסטער און מיט איהר — זשאַן וואַלזשאַן. אַז מיט מעטיענ׳ען וועט ער מאַכען וואָס ער וויל — דערין איז ער געווען איבערצייגט.

— אַ גלאַט שטיקעל אַרבייט! — האָט ער געמורמעלט און צופריעדען געריבען די הענד.

נעבען בית־עולם האָט זיך אַ אונבעקאַנטער מענש אויפגעשטעלט הינטער׳ן וואָגען, נעבען פאַשלעוואַנ׳ען. פאַשלעוואַן האָט געוואָרפען אויף איהם אַ בליק.

— ווער זענט איהר? — האָט ער געפרעגט.

— איך בין דער בעגרעבער, — האָט דער פרעמדער געענטפערט.

אויב אַ מענש וואָלט געקאָנט לעבען בלייבען נאָך אַ שאָס פון אַ קאַנאָנע אין האַרץ, וואָלט ער געמאַכט אַזאַ מינע, ווי פאַשלעוואַן האָט געמאַכט.

— דער בעגרעבער! איהר?

— איך.

— בעגרעבער איז דאָך פאָטער מעטיען!

— געווען.

— ווי? געווען?

— ער איז געשטאָרבען.

פאַשלעוואַן איז געשטאַנען אַ דערשלאָגענער. ער האָט קוים אַרויסגערעדט:

— עס קאָן נישט זיין!

— ס׳איז אָבער פּאָרט אַזוי.

— דאָך... — האָט ער שוואַך גראַטעכמירט. דער פאָטער מעטיען איז בעגרעבער...

— נאָך נאַפּאָלעאָנ׳ען קומט לואי דער אַכטצעהנטער, נאָך מעטיענ׳ען — גריביער. מיך רופט מען גריביער, מיין פּראָווינציאַל.

פאַשלעוואַן האָט גענומען בעקוקען דעם דאָזיגען גריביער. דער נפש איז געווען לאַנג, מאָגער, מיט אַן ערד־קאָלירענעם פּנים און אַ שווערען בליק. ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ נישט־געלונגענער מעדיקער, וואָס איז מגולגל געוואָרען אין אַ בעגרעבער. פאַשלעוואַן האָט זיך נערוועז פונאַנדערגעלאַכט.

— אַט אַ קאָמעדיע! דער פאָטער מעטיען געשטאָרבען, — ווער וואָלט עס געגלויבט אַזאַ זאַך! געשטאָרבען דער פאָטער מעטיען, אָבער לעבען זאָל דער פאָטער לענואַר! איהר קענט לענואַר׳ן? דאָס איז אַ פערחתמ׳עטע פלאַש רויטער ווין פאַר זעקס סו. אַ פלאַש סורען, — אויף מיינע נאמנות, עכטער פאַריזער סורען!... געשטאָרבען מעטיען — אוי־וואַ! אַ שאָד! געווען אַ גוטער ברודער, ווי איהר זעהט מיך לעבען, און

איהר זענט אויך אַ גוטער, ווי מיר שיינט, אַ?...
גריביע האָט געענטפערט:

— איך האָב געק'אָ'ען בילהינג, בין אַרויס פון פיערטען קלאַס. איך טרינק נישט.

פּאָשלעוואַן האָט זיך וואָס צוגעקוקט צו גריביע'ן. יענער איז געווען פינים כמעט מענשען, וואָס זענענדיג יונג, זעהען זיי פינדעסטוועגען אויס אַלט און זענען שטאַרק, ווי אייזען, נישט קוקענדיג אויף זייער מאָגערקייט.

— אַלזאָ, — האָט פּאָשלעוואַן ווידער אָנגעהויבען, — איז מעטיען געשטאָרבען?

— אויף טויט, — האָט גריביע געענטפערט. גאָט האָט געוואָרפען אַ קוק אין די מעטריקעס: „עהע, פעטער מעטיען! דיין צייט איז געקומען! אָט קום נור אַהער!"... האָט דער פעטער מעטיען גענומען און איז געשטאָרבען.

— געשיקט זיך עס, מיר זאָלען קיין בעקאַנטשאַפט נישט שליסען?... — האָט פּאָשלעוואַן אַרויסגעמורמעלט.

— מיר זענען שוין בעקאַנט. איהר זענט אַ פּראָווינציאַל, איך — אַ פּאַריזער.

— ניין. אַזעלכע זאַכען אָהן אַ רעכט פלעשעל משקה — וואָס פאַר אַ טעם האָט עס? קומט, אַ? דערפון ענטזאַגט מען זיך נישט.

— די אַרבייט איז בילכער פון אַלעם.

„אַ שלעכט מעשה! — האָט פּאָשלעוואַן אַ קלער געטהון. איך בין אַ פערפאַלענער".

דער וואָגען איז שוין געווען נעבען קבר, גריביע האָט ווייטער געזאָגט:

— איך האָב זיבען קליינע מיילכעלעך אָנצוזאָרגען. אום זיי זאָלען עסען, טאָר איך נישט טרינקען. פערשטעהט, פּראָווינציאַל? זייער הונגער איז אַ שונא פון מיין דאָרשט, האַ-האַ!

ער איז געווען צופרידען פון זיין „געלערנטען" וויץ. פּאָשלעוואַן האָט ווידער געזאָגט:

— פאַרוואָס אַ וואוילער כמעט ווין, — אַרדשאַנטעיל.

— אין דער אמת'ן, וואָלט איך נישט בעדאַרפט זיין קיין בעגראָבער. מיין פאָטער האָט געמיינט מאַכען פון מיר אַ ליַיט, האָט ער אָבער פערשפּילט זיין פערמעגען אויף דער בערזע. בין איך געוואָרען אַ שרייבער. בקשות שרייב איך, און בריעף אַמאָל.

— זענט איהר, הייסט עס, נישט קיין בעגראָבער?

— איינס מיט'ן דריטען איז נישט קיין מתנגד. איך פערנעהם זיך מיט ביידע זאַכען.

— קומט האַפּען אַ טרונק.

— אין דער-פריה שרייב איך ליעבעס-בריעוולעך און אין אָווענד גראָב איך קברים. אָט דאָס איז אונזער לעבען, פּראָווינציאַל. איבעריגענס, כ'וועל טאַקע מוזען אַוועקוואַרפען די צווייטע בעשעפטיגונג: דאָס גראָב-אייזען מאַכט מיר קאַליע די האַנדשריפט.

— אַ שענע געשיכטע! — האָט פּאָשלעוואַן צוטומעלט געזאָגט.

דער גלח מיט'ן זינגער זענען אַוועק. גריביע האָט גענומען דאָס גראָב-אייזען אין האַנד. אין אַ סעקונדע אַרום האָט דאָס ערשטע שטיק ערד אַ קלאַפּ געטהון אָן דעקעל פון דער טרונע.

— איך צאָהל! — האָט פּאָשלעוואַן אויסגעשריען. ביז אַהער האָט ער זיך נישט געוואָלט איבעררייען וועגען דעם, ווער עס וועט צאָהלען פאַר'ן ווין, הנם אַיינגעלאַדען האָט ער.

גריביע האָט אומגעקערט חנם קאָפּ:

— פאַרוואָס?

— פאַר'ן ווין

— פאַר וואָסער ווין?

— אַרדשאַנטעיל.

— וואו איז ער?

— אין שיינק.

— גיה צום טייוועל אין די שוואַרצע יאָהר! — האָט גריביע אויסגעשריען און האָט אַריינגעוואָרפען אין קבר אַ צווייטע שטיק ערד.

פּאָשלעוואַן האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר די הענד.

— הערט, קאַמעראַד: איך בין דער בעגראָבער פון קלויסטער. איך וויל אייך צו-העלפען. אָבער פריהער קומט בעגעגענען דעם גאַרגעל.

און געקלערט האָט ער: „אין טאָמער

טרינקט ער און ווערט נישט שכור?..."

— גוט, — האָט גריביע געזאָגט, — אַז איהר ווילט דוקא, זאָל זיין אַזוי. אָבער פריהער מוז איך לעגען דאָס קינד שלאָפען. ביי־נאַכט וועט זיין קאַלט, וועט עס שרייען, אויב מיר'ן עס לאָזען אָהן אַ קאָלדרע.

און ער האָט ווייטער גענומען שיטען ערד אין קבר.

פּאַשלעוואַן איז שיער נישט משוגע געוואָרען. פּלוצים האָט ער באַמערקט עפּיס אַ ווייכע זאַך ביי גריביע'ן אין דער הינטערשטער קעשענע. פּאַשלעוואַן'ס אויגען האָבען גלייך אויפגעבליצט. ער האָט אַריינגעלעגט זיין האַנד אין די דאָזיגע קעשענע, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט אַ חיים פּאַפּיר און עס באַהאַלטען ביי זיך אין בוזעם.

דערנאָך האָט ער זעהר רוהיג געזאָגט:

— יאָ, זאָגט נור, איהר גרינער, דעם בילעט האָט איהר ביי זיך?...

## 23 צוריק פון יענער וועלט.

— וואָסער בילעט?— האָט ער געפרעגט.

דער באַגראָבער איז געבליבען שטעהן.

— די זון געהט באַלד אונטער.

— זעהר גוט; זאָל די זון אָנטהון איהר שלאָף־מיצל.

— מ'וועט פערשליסען דאָס טויער פון בית־עולם.

— נו, איז וואָס?

— אייער בילעט האָט איהר?

— אַך, געטראָפען, מיין בילעט!— האָט גריביע געזאָגט און האָט אָנגעהויבען זוכען אין די קעשענעס, האָט זיי אויסגעקעהרט אַלע איינע נאָך דער צווייטער און— נישט געפונען.

— נישטאָ דער בילעט, — האָט ער געזאָגט,— כ'האָב איהם קענטיג, פערגעסען אין דער היים.

— פופצעהן פראַנק שטראָף,— האָט פּאַשלעוואַן מיט ברייטקייט ערקלערט.

גריביע איז גרין געוואָרען.

— אַך, צו אַל־די טייוועל!— האָט ער אויסגעשריען.— פופצעהן פראַנק! וואו זאָל איך זיי געהמען?..

איצט איז פּאַשלעוואַן געזעסען אויפ'ן פערד.

— הערט נור, העקתוט,— האָט ער געזאָגט,— פאַלט נאָך ביי זיך נישט אַראָב. אויב איהר וועט שטאַרבען פון יסורים, וועט מען דאַך אייך באַגראָבען, פונקט ווי אייערע קליענטען: פופצעהן פראַנק איז נישט מעהר ווי פופצעהן פראַנק. און אויב איהר ווילט, קאָנט איהר זיך גאָר אויסדרעהען פון צאָהלען די שטראָף. איהר זעהט אַ פריץ, און איך בין שוין אַן אַלטער הידגערפרעכער און קאָן אייך געבען אַן עצה. די זון געהט אונטער; דאָס איז זיכער; אין פינף מינוט אַרום וועט מען פערשליסען דאָס טויער.

— אמת,— האָט דער באַגראָבער געענטפערט.

— די פינף מינוטען זענען פאַר אייך גענוג צו פערשטיקען די טיעפע גרוב און זיך אַרויסכאַפּען פונ'ם בית־עולם, איידער מען שליסט.

— ריכטיג, ווי גאָלד.

— וועט איהר מוזען באַצאָהלען פופצעהן פראַנק.

— פופצעהן פראַנק!— האָט גריביע איבערגעהאַלטען מיט אַ וויינענדיגער שטים.

— אָבער... וואו וואוינט איהר?

— פופצעהן מינוט גאַנג פון דאַנען. די גאַס וואָזשיראַר נומער 87, אונטער'ן דאַך.

— גוט. לויפט שנעל אַהיים און ברינגט דעם בילעט. אַז איהר וועט האָבען דעם בילעט, וועט אייך דער וועכטער עפענען. איך וועל דאַ היטען דעם מת.

— אַ, איהר האָט מיך געראַטעוועט, פּראָווינציאַל!

— שנעלער, טראָגט זיך אָב! — האָט פּאַשלעוואַן געזאָגט.

אויסער זיך פון פרייד, האָט גריביע געדריקט זיין האַנט און זיך געלאָזען לויפען. ווען ער איז פערשוואונדען, האָט זיך פּאַשלעוואַן אָנגעבויגען איבערן קבר און האָט שטיל געזאָגט:

— פּעטער מאַדלען.

נישטאָ קיין ענטפער. פּאַשלעוואַן האָט אַ ציטער געטהון. ער איז נישט אַראָבגעקראָכען, נאָר זיך אַראָבגעקייקעלט אין גרוב, איז צוגעפאַלען צו דער טרוגע און אויסגעשריען:

— פּעטער מאַדלען, איהר הערט?

אין טרוגע איז געווען שטיל, ווי פרידהער. פּאַשלעוואַן האָט זיך געטרייסעלט און קוים געאָטעמט. ער האָט אַרויסגעכאַפּט זיינע אינסטרומענטען און אין איין אייגענבליק אויפגעריסען דאָס העקעל פון דער טרוגע. אין דער טונקעל האָט ער דערזעהן זשאַן וואַלזשאַנס געזיכט: עס איז געווען בלאַס און די אויגען — פערמאַכט. ביי פּאַשלעוואַנען האָבען זיך די האָהר אויפ'ן קאָפּ געשטעלט קאַפּויר. ער האָט שטיל, ווי אַ זיפץ, אַרויסגערעדט:

— געשטאָרבען!

ער האָט זיך אויסגעגלייכט און אויסגעשריען מיט ווילדען כעס:

— אָט אַזוי האָב איך האָט איהם געראַטעוועט!

ער האָט אָנגעהויבען חליפּען און ריידען צו זיך אַליין:

— שולדיג איז דער פּעטער מעטיען. ווי פאַלט ער אויס, דער אַלטער נולם, צו שטאַרבען אין מיטען דרינען, מיר נישט — דיר נישט? ער האָט עס געפּטר'ט דעם פּעטער מאַדלען. פּעטער מאַדלען!.. געשטאָרבען, געשטאָרבען... און צוריק שמועסענדיג, וואָס פאַר אַ נוטס קאָן אַרויסקומען פון אַזאַ אויפטהו?.. וואָס טהו איך מיט דער קליינינקער? איז עס מעגליך, גאָט זאָל דערלאָזען אַזאַ מענשען שטאַרבען מיט אַזאַ טויט? פּעטער מאַדלען! דערשטיקט... דערשטיקט געוואָרען... כ'האָב איהם אָבער געזאָגט... האָט ער מיר נישט געוואָלט גלויבען. געשטאָרבען דער בעסטער מענש אין דער וועלט. און דאָס קינד? אַך, איך וועל זיך גאָר אַהיים נישט אומקעהרען, כ'וועל דאָ בלייבען. אָבטהון אַזאַ שטיקעל אַרבייט! כדאי געווען פאַר אונז ביידע הערלעבען ביז דער עלטער און זיך אַזוי צו בענאַרישען. ווי קומט ער גאָר אין קלויסטער? אַך, אַך! מאַדלען! פּעטער מאַדלען! הערר מאַדלען! הערר מער!...

ער האָט זיך געריסען די האָהר פון קאָפּ.

פון ווייטען האָט זיך געלאָזט הערען אַ סקריפּ: דאָס האָט מען פערמאַכט דאָס טויער פון בית-עולם.

פּאַשלעוואַן האָט זיך נאָכאַמאָל צוגעבויגען צו זשאַן וואַלזשאַנ'ען — און פּלוצים איז ער אָבגעשפּרונגען צוריק צו די וועגד פון קבר; זשאַן וואַלזשאַן האָט געקוקט אויף איהם מיט אָפענע אויגען. פערשטיינערט, בלאַס, אַראָבגעשלאָגען פון טראָפּ, נישט וויסענדיג מיט וועמען ער האָט דאָ צו טהון — מיט אַ טויטען אָדער אַ לעבעדיגען — האָט פּאַשלעוואַן פון זיין זייט געקוקט אויף די פיגור, וואָס איז געלעגען אין דער טרוגע.

— איך בין אנטשלאָפען געוואָרען, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט און האָט זיך אויפגעזעצט.

פּאַשלעוואַן איז געפאַלען אויף די קניה.

— אַך, מיין גאָט, האָט איהר מיך אַ ביסעל איבערגעשראָקען!

דערנאָך איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט און האָט אויסגעשריען:

— אַ דאַנק, פּעטער מאַדלען! וואָס, זענט איהר, הייסט עס, נישט געשטאָרבען! אַך,, וואָס פאַר אַ חכם איהר זענט! אַז איך האָב דערזעהן אייערע פערמאַכטע אויגען, האָב איך צו זיך געז-

האָט: „ער איז דערשטיקט געוואָרען". אָ, איך האָלט פון זיגען אַראָב! וואָס וואָלט איך געטהון, אויב איהר שטאַרבט? און אייער מיידעלע? אַזאַ מעשה, אַזאַ מעשה! נו, איצט לעבט איהר, איז אַלץ רעכט.

— מיר איז קאַלט, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט.

פאָשלעוואַן איז געקומען צו זיינע געדאַנקען, זיי האָבען זיך ביידע נישט גוט געפיהלט אין דעם האָזיגען אָרט.

— קומט שנעלער אַוועק פון דאַנען! — האָט פאָשלעוואַן אויסגעשריען. — אָבער פריהער טרינקט נור אַ זופּ פון דער האָזיגער משקה.

ער האָט דערלאַנגט וואַלזשאַנ'ען זיין פלעשעל, וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך. זשאַן וואַלזשאַן האָט אַ טרונק געטהון פונים בראָנפען און האָט זיך דערפיהלט ביי אַלע זיינע קרעפטען.

ער איז אַרויס פון דער טרונע און האָט געהאָלפען פערקלאַפּען דאָס דעקעל און פערשיטען די גרוב.

און עטליכע מינוט אַרום זענען זיי געשטאַנען ביים טויער. פאָשלעוואַן האָט אַריינגעוואָרפען גריביע'ס בילעט אין קעסטעל, און דער וועכטער האָט געעפענט דאָס טויער.

---

## 24 צוריק פון יענער וועלט.

זיי זענען געגאַנגען צוריק דורך די זעלבע גאַסען, דורך וועלכע דער טרויער-וואָגען האָט געבראַכט דעם לעבעדיגען מת צום בית-עולם; דערנאָך האָבען זיי זיך געלאָזען איבער דער גאַס וואָזשיראַר.

— פעטער מאַדלען, — האָט פאָשלעוואַן געזאָגט, — איהר האָט אַ בעסערע ראיה פון מיר. וואו איז דאָ די נומער 87?

— אָט איז זי, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געענטפערט.

— וואַרט דאָ אויף מיר אַ מינוט, איך קום גלייך אַרויס.

פאָשלעוואַן האָט אַרויפגעדרונגען אויף די טרעפּ צום דאַך-שטיבעל און האָט אָנגעקלאַפּט.

— אַריין! — האָט גריביע'ס שטים געענטפערט.

פאָשלעוואַן האָט געעפענט די טהיר; די גאַנצע אָרימע וואוינונג איז געווען איבערגעקעהרט: גריביע האָט אומעטום געזוכט דעם בילעט, האָט געשריען אויף זיין פרוי, געשלאָגען די קינדער און געשפּרונגען פון די כלים.

— איך האָב אייך געבראַכט אייער גראָבאייזען, — האָט פאָשלעוואַן געזאָגט.

גריביע האָט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— האָט זענט איהר, פראָווינציאַל?

— אין מאָרגען פריה וועט איהר געפינען אייער בילעט ביים וועכטער פון בית-עולם.

— וואָס הייסט?

— דאָס הייסט, אַז אייער בילעט איז אַרויסגעפאַלען ביי אייך פון קעשענע, אַז איך האָב איהם געפונען נאָך אייער אַוועקגאַנג, אַז איך האָב בעגראָבען דעם מת און אָנגעטהון פאַר אייך די גאַנצע אַרבייט, אַז דער וועכטער וועט אייך איבערגעבען אייער בילעט און אַז קיין פופצעהן פראַנק שטראָף וועט איהר נישט דאַרפען צאָהלען.

— אַ שיינעם דאַנק, פראָווינציאַל! — האָט גריביע פרעהליך אויסגעשריען. — אַ צווייטעס מאָל צאָהל איך פאַר אַ גוטען שנאַפּס!

אין אַ שטונדע אַרום זענען צוויי מענער מיט אַ קינד צוגעגאַנגען צום קלויסטער. דער עלטערער פון זיי האָט אויפגעהויבען דאָס העמערל און אָנגעקלאַפּט אין טהירל.

דאָס זענען געווען פאָשלעוואַן, זשאַן וואַלזשאַן און קאָזעטע. אויפ'ן וועג זענען זיי אַריין צו פאָשלעוואַנ'ס בעקאַנטער נאָכ'ן קינד; קאָזעטע, וועלכע האָט נישט אָנגעהויבען צו פערשטעהן, וואָס דאָ טהוט זיך, האָט געשוויגען דאָס גאַנצע מעת-לעת. זי האָט געציטערט און געשוויגען. די אַלטע האָט זי פערוואָרפען מיט פראַגען, אָבער דאָס מיידעלע האָט נישט גע-

ענטפערט. זי האָט נישט געוויינט. זי האָט געשפּירט, אַז דאָ קומט פאַר אַ וויכטיגע זאַך און אַז זי דאַרף „זיין אַ מענש". קינדער, ווען זי ווילען, קענען די בעסטע בעלי-סודות.

ווען זי האָט אָבער ענדליך דערזעהן זשאַן וואַלזשאַנ'ען, האָט זי אַרויסגעלאָזען אַזאַ פריידענס-געשריי, אַז אַלע האָבען פערשטאַנען, וויפיעל זי האָט זיך אָנגעליטען פאַר די צייט, וואָס מ'האָט זי געלאָזען אַליין.

די אויפזעהערין פון קלויסטער האָט שוין ערוואַרטעט פּאָשלעוואַנ'ען מיט זיין „ברודער". און הגם זי האָט געהאַלטען די ברעמען אַראָפּגעלאָזען, האָט זי דעם גאַסט אויפמערקזאַם בעטראַכט. דערנאָך האָט זי געפרעגט:

— איהר זענט דיינער אַ ברודער?

— יאָ, הייליגע מוטער, — האָט פּאָשלעוואַן געענטפערט פאַר איהם.

— ווי רופט מען אייך?

— אולטים פאָשלעוואַן, — האָט דער עלטער גערטנער ווייטער געענטפערט.

— פון וואַנען שטאַמט איהר?

— פון פּיקיני, נעבען אַמיען.

— ווי אַלט זענט איהר?

— פופציג יאָהר.

— מיט וואָס בעשעפטיגט איהר זיך?

— מיט גערטנעריי.

— זענט איהר אַ גוטער קריסט?

— אין אונזער פאַמיליע זענען אַלע גוטע קריסטען.

— איז עס אייער מיידעלע?

— יאָ, הייליגע מוטער.

— איהר זענט איהר פאָטער?

— איהר זיידע.

די אַנדערע מנישקע, וואָס איז דערביי געשטאַנען, האָט שטיל געזאָגט צו דער אויפזעהערין: „ער ענטפערט גוט". אין דער אמת'ן אָבער האָט זשאַן וואַלזשאַן אַפילו דאָס מויל נישט געעפענט: פּאָשלעוואַן האָט געענטפערט פאַר איהם אויף אַלע פראַגען.

די אויפזעהערין האָט בעטראַכט קאָזעטע'ן און האָט אַ מורמעל געטהון צו דער צווייטער: „זי וועט זיין אַ מיאוסע".

שענקייט קלעפּט זיך וועניג מיט דער ראָליע פון אַ מנישקע. אין קלויסטער האָט מען דעריבער בעסער ליעב נישט-שענע פרויען.

— פעטער פאָוואַן, — האָט די אויפזעהערין געזאָגט, — מען וועט אייך געבען נאָך אַ קניהבאַנד מיט אַ גלעקעל.

און אויף מאָרגען האָבען שוין טאַקע אַרומגעקלונגען איבער'ן גאָרטען צוויי גלעקלעך, און די מנישקעס האָבען נישט געקאָנט בײַשטעהן דעם נסיון און האָבען צו ביסלעך געהויבען די וואַקאַלען צו זעהן, ווער איז עס דער צווייטער מאַנסביל אין דעם דאָזיגען קעניגרייך פון פרויען.

קאָזעטע האָט געשוויגען אין קלויסטער אויך. זי האָט זיך געהאַלטען פאַר זשאַן וואַלזשאַנ'ס טאָכטער, נאָר זי זאָל אַפילו געוועזען וויסען מעהר, וואָלט זי אויך נישט גערעדט. צום לעבען אין קלויסטער האָט זי זיך שנעל צוגעוועהנט. זי האָט נור געבענקט אַ ביסעל נאָך איהר פּופּע.

— איך זאָל געוועזען וויסען, — האָט זי ניט איין מאָל געזאָגט, — וואָלט איך קאַטערינע'ן געוועהן מיטגענומען מיט זיך.

אין קלויסטער האָט מען זי איבערגעטהון אין אַנדערע קליידער, און זשאַן וואַלזשאַן האָט פערשלאָסען איהרע אַלטע קליידעלעך אין אַ קעסטעל, וועלכעס ער האָט בעהאַלטען צווישען זיינע זאַכען.

פּאָשלעוואַן איז געווען איבער-גליקליך, וואָס איהם איז געלונגען צו טהון עפּיס פאַר מאַדלענ'ען. אויסערדעם, האָט זיך איהם איצט לייכטער געלעבט, ווען זשאַן וואַלזשאַן האָט פון איהם אַראָפּגענומען דעם גרעסטען טייל פון דער אַרבייט. נאָר ווען מ'האָט בעדאַרפט געהן אין נאָם אַריין איינקויפען פראָוויזיע פאַר'ן קלויסטער, פלעגט פּאָשלעוואַן געהן אַליין. און גוט האָט זשאַן וואַלזשאַן געטהון, וואָס ער האָט זיך נישט בעוויזען דרויסען: אַ גאַנצען מאָנאַט נאָכאַנאַנד האָט זשאַווער געלויערט נעבען קלויסטער און האָט פון איהם קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזען. צום גליק, האָט ער די ערשטע צוויי טעג געהיט בלויז די טיר, וואו זשאַן וואַלזשאַן האָט איבערגעקלעטערט די וואַנד.

ביכרעכוויץ האט זיך זשאן וואלזשאנ׳ס נשמה אנגעהויבען צו בערוהיגען. קאזעטע פלעגט צו איהם קומען יעדען טאג, און זיין לעבען צו איהר איז געווארען אלץ טיעפער און טיעפער. דאס מיידעלע האט איהם געצאהלט מיט דעמ־זעלבען.

אזוי זענען פארביי עטליכע יאהר. קאזעטע איז א היבשע ביסעל אונטערגעוואקסען און איז זעהר געווארען שענער, בעהנטער.

ענדע פון צווייטען טייל.



# דריטער טייל.

## 1. פאריזער קינד.

דער וואלד האט א פויגעלע, פאריז פערמאגט א קינד. דאס דאזיגע קינד טראגט דעם צונאמען „גאמען".

פערבינדט אין אייער געדאנק א פלאקערנדען אייוועגען און די מארגען-שיין; פון די דאזיגע צוויי — דאס איז פאריז און די קינדהייט — ווערט בנעשאפען א קליין בעשעפעניש, א מענשעלע.

דאס דאזיגע מענשעלע איז פרעהליך, נישט יעדען טאג עסט עס, און אין טעאטער געהט עס, אויב איהם פערוווילט זיך, יעדען אווענד. א העמד אויפ'ן לייב, שיך אויף די פיס, א דאך איבער'ן קאפ, — ניין, אזעלכע זאכען פערמאגט עס נישט.

ער גאמען איז אלט פון זיבען ביז דרייצעהן יאהר. לעבען לעבט ער מיט זיינע חברים באנדעסווייז, מעסט די גאסען, שלאפט אונטער'ן פרייען הימעל, טראגט דעם טאטענס אלטע הויזען, וואס גרייכען איהם איבער די פיאטעס, אן אלטען הוט פון אן אנדער טאטען ביז איבער די אויערן און איין-איינציגען הויזען-האלטער דוקא מיט א געלען זום. ער לויפט ארום, בישטערט, זוכט, רויכערט ליולקע, זידעלט זיך, ווי א פוהרמאן, שלעפט זיך ארום איבער די שיינקען, חבר'ט זיך מיט גנבים און גאסען-פרויען, איז א בקי אין גנב'ישער לשון און זינגט מאוסע לידעלעך, — אבער זיין הארץ איז נישט פערדארבען. אזוי וויל גאט: אזוי לאנג דער מענש איז קינד, זאל ער זיין אונשולדיג.

פרעגט ביי דער גרויסער שטאדט, ווער דאס איז, וועט זי ענטפערן: „דאס איז מיין קינד".

אבער — אהן טומאות. עס טרעפט יא אמאל, אז דער גאמען האט א העמד, נאר — הערין קאנט איהר שוין זיין זיכער — איין-איינציגס. ער האט אמאל שיך, נישט מעהר — אהן זוילען. נישט זעלטען האט ער נאך א היים אויך, א היים, וועלכע ער ליעבט, ווייל ער זעהט דארט זיין מוטער, און דאך איז איהם די גאס, מיט איהר פרייהייט, ליעבער.

ער האט זיך זיינע בעשעפטיגונגען: בריינגען א דראושקע, ווען עמיצער בעהיכט, מאכען א „בריק" איבער דער גאס בעת א שטארקען רעגען, אויסשרייען און איבערקריגען די רעדעס, וואס אינזערע הער'שער האלטען לטובת דעם פראנצויזישען פאלק; זיינע אייגענע מאנעטען: קליינע שטיקלעך קופער, וועלכע ער זוכט צונויף אין רינשטאק און וואס זענען אין זיין וועלט „עובר לסוחר", קוראנט ווי גאלד; זיינע שטיפעריייען און שטיק, אין וועלכע ער דריקט אויס הויפטזעכליך זיין האס און פעראכטונג צו די בורזשואזיע.

דעם גאמען פעהלט קיינמאל נישט אויס קיין וויץ, קיין שארף ווערטיל, ווי עס האט נישט געפעהלט טאלעראנצען. ער איז אזוי ציניש, ווי יענער איז געוועזען, נור פיעל ערהליכער. אט ציהט זיך, למשל, א לויה, און צווישען די בעגלייטער געהט נאך א דאקטאר.

— אהא! — שרייט א גאמען, — צום ערשטען מאל זעה איך, אז א דאקטאר זאל, ווי א ליאדע שניידער, אליין אבטראגען זיין ארבייט.

א צווייטער גאמען האט זיך פערמישט צווישען א עולם מענשען, א סאלידער הערר אין ברילען, מיט א בייכעל און א גאלדען קייטעל ווענדעט זיך פלוצים צו איהם זעהר אויפגעבראכט:

— שקאָץ אַ־מעָר, הי האָסט געכאַפּט מײַן ברוי בײַ דער מאַליע!

— איך? — ענטפערט דער גאַמען. — בעחוכט מיך.

מיט עטליכע כּי, וועלכע ער ווײַסט שוין ווי צו קריגען צו יעדער צײַט, געהט דער גאַמען אין אָזוענה אין טעאַטער. טרעט ער נור איבער די שוועל פֿונ׳ם דאָזיגען טעמפּעל — ווערט ער אַן אַנדער מענש, זײַן פּנימ׳ל שײַנט פֿון גליק, התפּעלות דאַרף ער בײַ קײנעם ניט אַנטלײַהען, פֿון זײַנע אַפּלאָדיסמענטען ציטערט די גאַלעריע, און דאָס גאַנצע טעאַטער ריהרט זיך פֿון זײַן בראַוואָ. ער איז נישט גאָר קײן עם־הארץ אין ליטעראַטור אויך, אָבער איך מיז מודה זײַן, אַז די ביכער, וואָס ער לײענט, האָבען ווייניג שײַכות מיט דער פֿראַנצויזישער אַקאַדעמיע.

ער וואונדערט זיך זעלטען, שרעקט זיך נאָך זעלטענער, פֿערפֿאַסט ליעדלעך, און וועלכע ער מאַכט חוזק פֿון אַלעם און אַלעמען. און נישט ווײַל ער איז פּראָזאַאיש, נײן, נאָר ווײַל ער האָט נישט ליעב קײן פֿײַערליכען טאָן און פֿערוואַנדעלט אַלץ אין אַ שפּאַס. ער ווייסט אַרויס דרך־ארץ, הוזק, העזה — ווי איהם פּאַסט אײַן. אפילו אין דער אָנוועזענהײַט פֿון גאָט אַלײן וואָלט ער אויף אײן פֿוס געשפּרינגען פֿון אײן טרעפּ אויף די צווייטע אין גן־עדן אַרײַן.

פּאַריז פּאַסט זיך אָן מיט׳ן ליידיג־געהער און ענדיגט זיך מיט׳ן גאַמען. דער ערשטער גענעצט און גליוהערט, דער צווייטער — קאָכט ווי אַ קעסעל. קײן אַנדער שטאָדט אין דער וועלט קאָן נישט בעשאַפֿען גלײַכצײַטיג די דאָזיגע בײדע טיפּען.

דאָס בלאַסע קינד פֿון פּאַריז, דער גאַמען, לעבט און וואַקסט אין לײַדען, קוקט זיך צו צום לעבען און צו די מענשליכע מעשׂים און טראַכט וועגען זײ, נישט קוקענדיג אויף זײַן אויסערליכען לײַכטזין. ער קוקט און איז גרייט צו לאַכען, ער איז אָבער גרייט אויך צו עפּעס אַנדערש. ווער איהר זאָלט נישט זײַן און וואָס פֿאַר אַ נאָמען איהר זאָלט נישט טראָגען: פֿאַנאַטיזם, אונגערעכטיגקײט, דעספּאָטיזם, אונטערדריקונג, טיראַנײ — ציטערט פֿאַר׳ן גאַמען; דען דאָס דאָזיגע קינד וואַקסט אויס. און וואַקסענדיג וואַקסט ער אויס, עפּיס ווי דורך אַ מופֿת, אין אײן מינוט. הײַנט שפּילט ער זיך אין רינשטאָק, מאָרגען ברעכט אויס אַן אויפֿשטאַנד — ווערט פֿונ׳ם גאַמען אַ מאַן, פֿונ׳ם יונגעל — אַ ריעז. דאַן ווערט ער נישט נתפּעל פֿון קײן קאַנאָנען אויך. אַ מינוט קוקט איהר איהם אָן און זאָגט: „דאָס איז אַ קינד". און אַ מינוט אַרום וואונדערט איהר זיך און שרײַט: „דאָס איז אַ העלד!" צוויי זאַכען זענען פֿאַראַן, נאָך וועלכע ער גאַרט שטענדיג און קאָן קײנמאָל צו זײ נישט קומען: אומשטירצען די רעגירונג און געבען פֿערריכטען די הויזען.

גאַמעניזם איז אַ שטריך פֿון גאַלישען (פֿראַנצויזישען) גײַסט. ווען ער מישט זיך אַן צום געזונדטען פֿערשטאַנד, גיט ער איהם צו אַ שטאַרקײט, ווי אַלקאָהאָל מאַכט שטאַרקער דעם ווײַן.

און דעריבער איז דער גאַמען — דאָס פֿראַנצויזישע פֿאָלק אַלײן; דאָס איז דער חן און די הולאַת פֿון דער נאַציאָן. און דעם בילד פֿונ׳ם תמימות׳דיגען שוועלבעלע האָבען מיר דאָ שטודירט דעם אָדלער.

און דעריבער איז דער גאַמען די פֿערקערפּערונג פֿון פּאַריז, און פּאַריז — די פֿערקערפּערונג פֿון דעם וועלטאַל. פּאַריז געוועלטיגט איבער דער וועלט. זי האָט אין זיך אַלע ציוויליזאַציעס און אַלע באַרבאַרײַען. פּאַריז שאַפֿט מאָדעס און שרײַבט געזעצען. ווילט זי, פֿערגינט זי זיך דעם לוקסוס צו ווערען אַ נאַר, און דאַן מאַכט זיך די וועלט נאַריש צוזאַמען מיט איהר, — און אין אַ שענעם פֿריה־מאָרגען כאַפּט זי זיך אויף מיט אַ דונערנדען געלעכטער: „אַך, פֿאַר אַ גולם איך בין!" פֿינטעלט די וועלט אין פֿערלעגענהײַט מיט די אויגען און קלערט: „ווירקליך... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שטאָט!"...

וואָס פֿאַר אַ וואונדערבאַרע שטאָדט פּאַריז איז!

---

## 2. אַ יָתוֹם מִיט טַאטֶע־מַאמֶע.

מיט אַ יאָהר אַכט־נײַן נאָך די פּאַסירונגען, וואָס מיר האָבען בעשריבען אין צווייטען טייל פון דער דאָזיגער ערצעהלונג, פלעגט מען אין פּאַריז אויפ'ן בולוואַר די טאַמפּל און אויפ'ן שאַטאָ דאָ קאָנען אָפטמאָל בעגעגענען אַ יונגעל פון אַ יאָהר עלף—צוועלף, וואָס איז געווען זעהר ענליך צו אַ גאַמען, ווי מיר האָבען איהם געשילדערט. נישמעהר, ער איז געווען איינער פון די אונגליקליכסטע צווישען דער דאָזיגער לוסטיגער חברה.

ער האָט אויך געטראָגען אַ לאַנגע פּאָר הויזען, אָבער נישט זײַן טאַטענס, און אַ ווייבערשע קאָפטע, נאָר נישט זײַן מאַמעס. דאָס האָבען פרעמדע מענשען, אויס רחמנות, איהם געשענקט די דאָזיגע טראַנטעס. און ער האָט דוקא געהאַט ווי אַ פּאָטער, אַזוי אויך אַ מוטער, נאָר זײַן פּאָטער האָט זיך וועגען איהם נישט געקימערט, און זײַן מוטער האָט איהם נישט ליעב געהאַט. ער איז אַלזאָ געווען פון יענע אונגליקליכסטע קינדער, וואָס האָבען טאַטע־מאַמע און זענען פונדעסטוועגען יתומים.

דאָס יונגעל האָט זיך אַם בעסטען געפיהלט אויף דער גאַס. דער שטיינערנער ברוק האָט איהם נישט אויסגעוויזען צו זײַן אַזוי האַרט, ווי זײַן מוטערס האַרץ.

מיט אַ בריקע פון פוס האָבען איהם זײַן פּאָטער און מוטער אַרויסגעשטויסען אין לעבען אַרײַן.

דאָס איז געווען אַ יונגעל אַ שרײַער, אַ שטיפער, אַ רידערוודיגער, מיט אַ לעבעדיגען, נאָר אַ בלאַסען געזיכט. ער איז אַרומגעלאָפען, האָט געזוכט אין די ווינקלען, האָט אַ ביסעל אונטערגעגנב'עט, אָבער געגנב'עט האָט ער, אַזוי צו זאָגען, אונשולדיג און פרעהליך, ווי די פויגעלעך. ער האָט געלאַכט, אַז מ'האָט איהם גערופען שקאָץ, און זיך געבייזערט פאַר'ן טיטול לומפּ. קיין הויז האָט ער נישט געהאַט, קיין ברויט האָט ער נישט פערמאָגט, קיין ליעבע האָט ער פון קיינעם נישט געזעהן. און דאָך איז ער געווען פרעהליך, ווײַל ער האָט זיך געפיהלט פרײַ.

אַז די דאָזיגע חברה־לײַט וואַקסען אויס, שלעפּט זיי דער מיהלשטיין פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג אַרײַן און צומאָהלט זיי אויף מעהל. נאָר אַזוי לאַנג זיי זענען קינדער, דרעהען זיי זיך אַרום ווי־עס־איז, ווײַל דאָס קלענסטע לעכיל איז פאַר זיי אַ גאַניאוסווע.

דער גאַמען האָט ליעב די שטאָדט. נאָך אַזוי ווי ער איז אַ שטיקעל פילאָזאָף, ליעבט ער צײַטענווײַז די איינזאַמקייט אויך. פלעגט זיך טאַקע אונזער חברה־מאַן אַרומבלאָנקען גאַנץ אָפט אויסען שטאָדט, אין אַ געגענד, וואָס איז ענליך צו אַ דאָרף, נאָר צו אַ מאָדנעם דאָרף מיט צווייפּימער: עס שמעקט מיט שטאָדט און ס'איז פאָרט נישט קיין שטאָדט, ווײַל דאָ ענדיגט זיך שוין, אָדער זי הויבט זיך אָן. אַזאַ אומגעגענד רינגעלט אַרום יעדע שטאָדט און פּאַריז אויך: די ביימער פערשווינדען און עס וואַקסען אויס דעכער, אַנשטאָט גראָז — אַ שטיינערנער ברוק; די פעלדער ענדיגען זיך און עס הויבען זיך אָן ציילען קראָמען, די נאַטור ווערט אַנטשווינען פאַר'ן גערויש פון מענשען, געוועהנהייטען טרעטען אָב דעם פּלאַץ פאַר לײַדענשאַפטען.

אָט דאָ פערברײַנגען פּאַריזער גאַסען־קינדער ביזעל פון זייערע טעג, זינגענדיג אונאָנשטענדיגע לידער, לויפענדיג פון די פעלדער צו די ברעג־גאַסען און צוריק. צווישען די יונגלעך קאָן מען געפינען עטליכע מיידעלעך אויך, — מאָגערע, באָרוועסע, שטורמישע ברואים, פערברענטע פון דער זון, מיט קרענץ פון קאָרן־זאַנגען און ווילד־

דען מאן איף דיערע קעפ. איינינע זיינען צווישען דעם קארן און שליינגען קארשען. אין די אויפענדען הערט מען דיער הילכיג געלעכטער. האט איהר איינמאל געזעהן די דאזיגע גרופען בעדאכען מיט הינען־שיין אדער פערצויגען מיט בין־השמשותדיגער גרויקייט, — וועט איהר די שוין אזוי גיך נישט פערגעסען, און אין אייערע חלומות ביי־נאכט אין שלאף וועלען זיך פלאנטערן מאדנע בילדער און פיגורען.

און דאך, האטש איין מאל אין צוויי־דריי מאנאטען, פלעגט זיך דער קליינער גאמען זאגען: „כ'וועל געהן זעהן די מאמען". פערלאזט ער דעם בולוואר, שניידט דורך עטליכע גאסען און געהט־צו צו א הויז, וועלכעס איז אונז שוין בעקאנט. דאס איז דאס אלטע הויז מיט דער דאפעלטער נומער 50—52, וואו זשאן וואלדשאן האט אמאל געוואוינט מיט קאזעטע'ן.

די אלטע וועכטערין איז שוין לאנג געשטארבען און איהר שטעל האט פערטראטען אנ'אנדער זקנה. איך ווייס נישט, וועלכער פילאזאף האט עס געזאגט, אז „אין אלטע ווייבער איז קיינמאהל קיין מאנגעל נישט פארהאן".

אין איהר לעבען זענען נישט געווען קיין שום מערקווירדיגע זאכען, אויסער דער דינאסטיע פון דריי פאפיגאיען, וואס האבען איינער נאכ'ן צווייטען געקעניגט ביי איהר אין הארצען. געהייסען האט זי מאדאם בורגאן.

דאסמאל איז דאס הויז גראד געווען גאנץ געדיכט בעפעלקערט און, פערשטעהט זיך, פון ביטערע אביונים. אבער אין דער גרעסטער נויט האט געלעבט א פאמיליע, וואס האט בעוואוינט איינס פון די בוידעם־צימערן און וועלכע איז בעשטאנען פון א פאטער, א מוטער און צוויי דערוואקסענע מיידלעך. ביים דינגען דאס צימער, האט דער פאטער געזאגט, אז ער הייסט זשאנדרעט. מיט א פאר טעג שפעטער האט ער אנ־געזאגט דער וועכטערין:

— הערט נור, באבע: טאמער פרעגט דא עמיצער אויף א פאליאק, א איטאליענער אדער־כליינט אויף א שפאניער, זאלט איהר וויסען, אז דאס מיינט מען מיך.

צו דער דאזיגער פאמיליע האט עס געהערט דאס קליינע, בארועסע יונגעל. ווען ער פלעגט קומען, האט ער דא געטראפען דעם דלות, א קאלטען אייוען און קאלטע הערצער.

— פון וואנען איז? — פרעגט איהם די מוטער.

— פון גאס.

ביים אוועקגאנג:

— וואוהין איז?

— אין גאס אריין.

— וואס קומסטו גאר אהער! — האט די מוטער נישט איינמאל געפרעגט.

ער האט נישט געליטען דערפון. ער האט נים געוואוסט, אויב עס דארף אנדערש זיין.

איבעריגענס, די טעכטער, האט די מוטער יא ליעב געהאט.

יא! צווישען זיינע חברים אויפ'ן בולוואר האט מען איהם גערופען גאווראש. פון קיין אנדער נאמען וויסען מיר נישט.

א צימער נעבען א צימער מיט דער פאמיליע זשאנדרעט האט געוואוינט א זעהר ארימער יונגער־מאן מיט'ן נאמען מאריוס.

מיט דעם דאזיגען יונגען־מאן דארפען מיר זיך בעקענען נעהנטער.

---

## 3. דער גזלן.

אין קווארטאל מארע אין פאריז האט געוואוינט אין זיין אייגענעם הויז א געוויסער ליוק דשילנארמאן.

דאס איז געווען א בירושא פון אמאליגען טיפ. ער איז געווען א גאנ'איינגעהער אין פיעל אריסטאקראטישע הייזער, וואו מען האט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך, האטש ער אליין האט נישט געשטאמט פון אריסטאקראטען.

ער איז אָבער געווען אַ הייסער מאָנאַרכיסט, אַ ראָיאַליסט (אַן אָנהענגער פון דער קעניגליכער פאַמיליע בורבאָן), אַ ביטערער פיינד פון דער רעוואָלוציע און פון נאַפּאָלעאָנען. אין זיין אויפפיהרונג איז ער געווען אַן אַלטער בעל־עבירה'ניק און אַ ציניקער.

מיט איהם צוזאַמען האָט געוואוינט זיינע אַ טאָכטער, אַן אַלטע מויד, און זיינס אַן אייניקעל, פון אַ צווייטער טאָכטער, אַ יונגעל, וועלכעס מ'האָט גערופען מאַריוס. זיין מוטער איז געשטאָרבען, בעת ער איז אַלט געווען אַ יאָהר דריי. זיין פאָטער, אַ געוועזענער אָפיציר פון דער רעפּובליק און פון נאַפּאָלעאָנס אימפּעריע, האָט געוואוינט אין שטעדטיל ווערנאָן און זיין זיידען האָט איהם קיינמאָל נישט געזעהן. זשילנאָרמאַן האָט איהם גערופען „דער גזלן" און די „שאַנד פון דער פאַמיליע", דערפאַר וואָס יענער איז געווען אין נאַפּאָלעאָנס דינסט. אין דערזעלבער שנאה צום פאָטער האָט ער ערצויגען דעם קליינעם מאַריוסין. מאַריוס איז אויפגעוואַקסען, ווי זיין זיידע, אַ פאַנאַטישער ראָיאַליסט, און די אַלע מענער פון דער רעוואָלוציאָנס־עפּאָכע זענען ביי איהם אין די אויגען געווען גזלנים, מערדער און פשוט גנבים. נישט בעסער האָט ער זיך בעציהען צו זיין פאָטער. דערצו האָט ער נאָך בערעכענט, אַז ווי באַלד זיין פאָטער האָט איהם אַוועקגעגעבען ערציהען צום זיידען, האָט ער איהם מסתמא נישט ליעב געהאַט, — האָט דער זוהן געצאָהלט זיין פאָטער מיט דעמזעלבען.

ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, האָט זיין פאָטער געוואוינט אין דעם שטעדטיל ווערנאָן אויף אַ קליינער פענסיע, וואָס ער האָט געקראָגען אַלס אויסגעדיענטער אָפיציר. דאָס איז געווען אַ מענש פון אַ יאָהר פופציג, מיט אַ פערצויגענעם שניט, וואָס האָט זיך געצויגען פון זיין שטערן איבער'ן גאַנצען געזיכט, שטענדיג אָרים געקליידעט, כמעט שטענדיג מיט אַ גראָב־אייזען אין האַנד, אַרבייטענדיג אין זיין בלומען־גערטיל נעבען הויז. ער האָט געלעבט אָרים, געגעהרט זיך שלעכט, געטרונקען מעהר מילך, איידער ווין, אַ ווייכער, אַ שטילער מענש, אויף וועמען זיין אייגענע דינסט האָט אָפט געשריען. זיין איינציג פערגניגען זענען געווען זיינע בלומען, זיין איינציגער בעקאַנטער — דער גלח פון שטעדטיל הערר מאַבעף. גערופען האָט מען איהם פּאָנמערסי. דאָס איז געווען דער אָפיציר, וועלכען טענאַרדיע האָט בעגנב'עט אין דער נאַכט נאָך דער שלאַכט אויפ'ן פעלד ביי וואַטערלאָאָ.

אין די צייטונגען, זשורנאַלען און כראָניקעס פון יענער צייט קאָן מען בעגעגענען זעהר אָפט דעם נאָמען זשאָרזש פּאָנמערסי. אָנגעהויבען האָט ער פון אַ פּראָסטען סאָלדאַט און האָט זיך בעטייליגט אין אַלע מלחמות, וואָס פראַנקרייך האָט געפיהרט פאַר דער צייט פון דער רעפּובליק און פון דער ערשטער אימפּעריע. און אומעטום איז פּאָנמערסי געווען אין ערשטען פייער. אין איין שלאַכט געגען די היכען, שוין זייענדיג קאַפּיטאַן, האָט פּאָנמערסי צוגעבראַכט מיט זיין שווערד צעהן קאָזאַקען און האָט געראַטעוועט פון טויט — איהר מיינט אַוודאי, זיין גענעראַל? — ניין, זיין קאַפּראַל. דערביי האָט מען איהם אָנגעמאַכט וואונדען פון קאָפּ ביז די פיס.

ווען נאַפּאָלעאָן איז פערשיקט געוואָרען אויף די אינזעל עלבאַ, איז פּאָנמערסי אַוועק מיט זיין קייזער אין גלות, און אַז יענער איז געקומען צוריק קיין פראַנקרייך צו קעניגען איבער'ן לאַנד אין פערלויף פון די בעריהמטע „הונדערט טעג", האָט זיך פּאָנמערסי אומגעקעהרט צוזאַמען מיט איהם. אין דער שלאַכט ביי וואַטערלאָאָ, וואָס האָט שוין דאָסמאָל אויף אייביג געמאַכט אַ סוף פון נאַפּאָלעאָנס ממשלה און האָט אומגעקעהרט פראַנקרייך צוריק צו איהר שטאַנד פון פאַר דער רעוואָלוציע, האָט פּאָנמערסי קאָמאַנדירט איבער אַ סקאַדראָן קיראַסירען. ער האָט אָבגעשלאָגען אַ פאָהן ביי אַ דייטשען פּאָלק און אַ צובלוטיגטער, מיט אַ צושפּאָלטענעם געזיכט, האָט ער זי געוואָרפען צו נאַפּאָלעאָנס פיס.

— פון איצט אָן ביזטו אַ קאָלאָנעל, אַ באַראָן און אַ קאַוואַלער פון עהרען־לעגיאָן! — האָט דער ענטציקטער נאַפּאָלעאָן אויסגעשריען.

— איך דאַנק, אייער מאַיעסטעט, פאַר מיין אַלמנה, — האָט געענטפערט פּאָנמערסי, וועלכער האָט געהייראַט מיט אַ יאָהר דריי צוריק.

אין אַ שטונדע אַרום איז ער געפאַלען אין

טדאָל, וואָס טעגאַרדיק האָט אים געפֿונען.

ער איז געבליבן לעבן. די נײַע רעגירונג האָט אים פֿאַרשיקט קיין ווערנאָן און אים געגעבן אַ קלײנע פּענסיע. לואי דער אַכצענטער, וועלכער האָט נישט אָנערקענט קײנע פֿון די זאַכן, וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין די „הונדערט טעג" פֿון נאַפּאָלעאָנ'ס מלוכה נאָך זײַן אַנטלויפֿן פֿון דער אינזעל עלבאַ, האָט אויך נישט אָנערקענט פּאָנמערסי'ן פֿאַר קאָלאָנעל, באַראָן און קאַוואַלער פֿון עהרען־לעגיאָן. פּאָנמערסי אָבער האָט קײנמאָל נישט דורכגעלאָזן אַ געלעגנהייט זיך אונטערצושרײַבן „קאָלאָנעל באַראָן פּאָנמערסי". געהאַט האָט ער איין־איינציגן בלויען ראָק און האָט זיך קײנמאָל אין גאַס נישט באַוויזן אָהן דעם באַנד פֿון עהרען־לעגיאָן אויף דעם דאָזיגן ראָק. דער קעניגליכער פּראָקוראָר האָט אים געגעבן צו וויסן, אַז ער וועט האָבן אויף זיך אַ פּראָצעס פֿאַר אַזאַ מעשה, אָבער פּאָנמערסי האָט זיך געטאָן דאָס זײַניגע, און בעגעגענענדיג איין מאָל דעם פּראָקוראָר, האָט ער אים געפֿרעגט:

— הערר קעניגליכער פּראָקוראָר, איז מיר ערלויבט צו טראָגן אָט דעם שניט אויפֿן געזיכט?...

מ'האָט פֿונדעסטוועגן נישט געוואַגט אים צו פּראָצעסירן.

אין יאָהר 1815 איז זײַן פֿרוי געשטאָרבן. דאָס איז געווען אַ זעלטען אײדעלע און געבילדעטע פֿרוי, וואָס האָט מיט אים חתונה געהאַט געגען דעם ווילן פֿון איהר פֿאָטער, דעם אַלטן זשילנאָרמאַן. פּאָנמערסי איז געבליבן מיט אַ קלײן קינד אויף די הענד און מיט זעהר קלײנע מיטלען צום לעבן. דאַן האָט זשילנאָרמאַן פֿערלאַנגט, אַז מאַריוס זאָל איבערגעהן צו אים אין הויז, אויב נישט, וועט ער אים קײן ירושה נישט לאָזן. זשילנאָרמאַנ'ס פֿערמעגן איז, אמת, געווען קלײן, אָבער זײַן צווייטע טאָכטער, די אַלטע מאַדעמואַזעל זשילנאָרמאַן, איז געווען גאַנץ רײַך. פּאָנמערסי, צוליעב זײַן קינד'ס אַ טובה, האָט אײנגעשטימט אָבצוגעבן מאַריוס'ן צום זיידען און איז אײנגעגאַנגען זאָגאַר אויף דעם לעצטענס בעדינג: דאָס קינד זאָל קײנמאָל דעם פֿאָטער אין די אויגן נישט זעהן.

און אַזוי איז מאַריוס געוואַקסן בײַם זיידען, וועלכער האָט אים שרעקליך ליעב געהאַט, הגם ער איז זיך מיט אים באַגאַנגען שטרענג. געוואוסט האָט ער, אַז ער האָט אַ טאַטן, אָבער ער איז צו אים געווען קאַלט. אַ פּאָר מאָל אין יאָהר האָט ער צו אים געשריבן קאַלטע, אָפֿיציעלע בריעף. די בריעף פֿון פֿאָטער צום זוהן פֿלעגט זשילנאָרמאַן צונעהמען און זיי מאַריוס'ן אַפֿילו נישט ווײַזן.

אָבער פּאָנמערסי האָט זײַן זוהן געזעהן אין געהיים פֿיעל מאָל. מאַריוס איז ערצויגען געוואָרן אין פֿרומקײט און האָט אָפֿט בעזוכט די קירך. אַהין פֿלעגט פּאָנמערסי קומען, בעקוקען זײַן זוהן פֿון דער ווײַטן מיט ליעבע און בענקשאַפֿט און ווײנען אין דער שטיל. ווער ער איז, האָט געוואוסט בלויז דער אַלטער סטאַראָסטע פֿון דער קירך, אַ ברודער פֿונ'ם ווערנאָנער גלח מאַבעף. מאַריוס, פֿון זײַן זײַט, האָט אַפֿילו נישט חושד געווען, אַז נעבן אים געפֿינט זיך זײַן פֿאָטער, וועלכען זשילנאָרמאַן האָט געקרוינט פֿאַר אַ „גזלן".

## 4. דעם גזלנ'ס טויט.

אין יאָהר 1827 איז מאַריוס אַלט געוואָרן 17 יאָהר. קומענדיג אײנמאָל אין אָוונט אַהײם, האָט ער דערזעהן, אַז דער זיידע האַלט אַ בריעף אין דער האַנד.

— מאַריוס, — האָט זשילנאָרמאַן געזאָגט, — מאָרגן דאַרפֿסטו פֿאָהרן קיין ווערנאָן.

— נאָך וואָס? — האָט מאַריוס געפֿרעגט.

— זיך זעהן מיט דײַן פֿאָטער.

מאַריוס האָט אויפֿגעציטערט. די גאַנצע געשיכטע איז אים געווען אומאַנגענעהם.

— ער איז, קענטיג, קראַנק און וויל דיך זעהן,—האָט זשילנאָרמאַן געזאָגט,— ער שרײַבט

אַז מ'מוז זיך ווײַלען. פאָהר־צו מאָרגען פריה.

מאַריוס וואָלט געקאָנט פאָהרען באַלד און זײַן בײַם פאָטער מיט'ן טאָג גלײַך. ער האָט עס אָבער נישט געטהון און איז געקומען קײַן ווערנאָן ערשט אויף מאָרגען אויף דער נאַכט.

ער האָט געפרעגט, וואו עס וואוינט דער „הערר פּאָנמערסי“: ער האָט אויך ניט אָנערקענט זײַן פאָטער אַלס באַראָן און קאָלאָנעל. מען האָט איהם אָנגעוויזען דאָס הײַזעל. ער האָט אָנגעקלינגען.

אַ פרוי מיט אַ לאָמפּ אין דער האַנד האָט איהם געעפענט די טהיר.

— הערר פּאָנמערסי? — האָט ער געפרעגט.

די פרוי האָט נישט געענטפערט.

— ער וואוינט דאָ? — האָט ער ווידער געפרעגט.

די פרוי האָט אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

— קאָן איך מיט איהם רײַדען?

זי האָט אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ אויף ניין.

— איך בין אָבער זײַן זוהן, — האָט מאַריוס געזאָגט, — ער וואַרט אויף מיר.

— ער וואַרט שוין אויף אײַך נישט, — האָט די פרוי געענטפערט.

ערשט איצט האָט ער בעמערקט, אַז זי וויינט.

ער איז אַרײַן אין צימער. אַן עלטערער מענש איז געלעגען אַ טויטער אויף דער ערד אין איין העמד. נעבען איהם זענען געשטאַנען אַ דאָקטאָר און דער גלה.

פּאָנמערסי איז מיט דרײַ טעג צוריק געפעהרליך קראַנק געוואָרען. ער האָט געשריבען נאָך זײַן זוהן. אויפ'ן דריטען טאָג, אַז דער זוהן איז נישט געקומען, איז דער קראַנקער אויפגעשפּרונגען פון בעט:

— מײַן זוהן קומט נישט. איך וועל געהן צו איהם.

ער איז געפאַלען צו דער ערד און איז געשטאָרבען. מען האָט גערופען אַ דאָקטאָר און דעם גלה. דער דאָקטאָר איז געקומען צו־שפּעט, דער גלה איז געקומען צו־שפּעט. דער זוהן איז אויך געקומען צו־שפּעט.

בײַ דער שוואַכער שײַן פון דער לאָמפּ האָט מען געזעהן אַ טרעהר, וואָס איז געבליבען צווישען דינע ברעמען. די אויגען זענען פערלאָשען געוואָרען, די טרעהר האָט נאָך געגלאַנצט. דאָס אומזיסטע וואַרטען אויפ'ן זוהן האָט אַרויסגעדריקט בײַם גוסס די דאָזיגע טרעהר.

מאַריוס האָט געקוקט אויפ'ן געשטאָרבענעם, וועלכען ער האָט געזעהן צום ערשטען און צום לעצטען מאָל, אויף דעם גרויסען קאָפּ און די פיעל פערצויגענע וואונדען אויפ'ן קערפּער, אויף דאָס געזיכט, וואו גאָט האָט געלעגט אַ שטעמפּעל פון גוטהערציגקייט און אַ שרעקליכער שנית האָט געלאָזען אַ צייכען פון העלדישקייט. ער האָט געקוקט, האָט געזאָגט צו זיך, אַז דאָס איז זײַן אייגענער פאָטער, אַז ער איז געשטאָרבען — און איז דאָך געבליבען קאַלט. ער האָט זיך אַ ביסעל געשעמט פאַר זײַן קאַלטקייט, אָבער — ער האָט איינפאַך זײַן פאָטער נישט געליעבט.

נאָך פּאָנמערסי'ס טויט זענען קיינע ווערטהזאַכען נישט געבליבען. דאָס פערמעגען האָט קוים געקלעקט אויף בעערדיגען דעם קערפּער. די דיענסט האָט געפונען אַ פערשריבען שטיקעל פּאַפּיר און האָט עס איבערגעלאַנגט מאַריוס'ן.

„צו מײַן זוהן. — האָט מאַריוס געלעזען. — דער קייזער האָט מיך געמאַכט פאַר אַ באַראָן אויפ'ן שלאַכט־פעלד בײַ וואַטערלאָאָ. די נײַע רעגיערונג אָנערקענט נישט מײַן טיטול, פאַר וועלכען איך האָב בעצאָהלט מיט מײַן בלוט,

אָבער מײַן זוהן װעט איהם אָננעהמען און איהם טראָגען. װעלבפערשטענדליך, אַז ער װעט איהם װערטה זײַן".

אויף דער צװייטער זײַט איז געװעזען צוגעשריבען:

„בעת דער שלאַכט בײַ װאַטערלאָאָ האָט מיך אַ מערדשאַנט געראַטעװעט פון טויט. מען חפּט איהם טענאַרדיע. די לעצטע צײַט האָט ער געהאַלטען אַ קליינעם שײַנק ערגיץ נישט װײַט פון פּאַריז, אין שעל אָדער אין מאָנפערמײַל. אויב מײַן זוהן װעט בעגעגענען דעם דאָזיגען טענאַרדיע, זאָל ער איהם טהון אַזױ פיעל גוטס, װיפיעל ער װעט נור זײַן אימשטאַנדע".

מאַריוס האָט דאָס צעטעלע בעהאַלטען בײַ זיך, נישט אויס אַכטונג צו זײַן פערשטאָרבענעם פאָטער, נאָר אויס רעספּעקט צום טויט בכלל, — אַ געפיהל, װאָס איז טיעף אײַנגעװאָרצעלט בײַ יעדען מענשען אין הארצען.

דערנאָך איז ער אַװעקגעפאָהרען קײַן פּאַריז און האָט זיך גענומען צו זײַנע פריהערדיגע בעשעפטיגונגען: ער האָט שטודירט יוריספּרודענץ אין אוניװערזיטעט. אָן זײַן פאָטער האָט ער גלײַך פערגעסען. נישמעהר, ער האָט געטראָגען אַ שװאַרצען באַנד אויף זײַן הוט.

אין פּלוצים האָט זיך אַלץ געענדערט.

מיר האָבען שוין געזאָגט, אַז מאַריוס איז געװעזען פרום און פלעגט גאַנץ אָפט בעזוכען די קירך. איינמאָל, זענענדיג אין דער קירך, האָט ער זיך אַװעקגעזעצט אויף אַ שטוהל, אויף װעלכען עס איז געװעזען אַן אויפשריפט: „מאַבעף, דער סטאַראָסטע פון דער קירך". אין מיטען גאָטעס-דיענסט האָט איהם אַן אַלטער מאַן אָנגערירט בײַם אַקסעל:

— ענטשולדיגט, דאָס איז מײַן פּלאַץ.

מאַריוס האָט גלײַך אָבגעטראָטען פונ'ם שטוהל. נאָך דעם גאָטעס-דיענסט איז דער אַלטער צוגעגאַנגען צו איהם.

— איך בעט אײַך איבער, װאָס איך האָב אײַך בעאונרוהיגט, — האָט ער געזאָגט, — אָבער איך בין זעהר צוגעװעהנט צו מײַן פּלאַץ. צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד האָב איך געזעהן פון דאַנען אַן אומגליקליכען פאָטער, װעלכער פלעגט קומען אַהער אַלע צװײ-דרײַ מאָנאַטען צו װאַרפען אַ קוק אויף זײַן קינד, װעלכעס ער האָט צוליעב געװיסע פאַמיליען-אָנגעלעגענהייטען ניט געקאָנט האַלטען בײַ זיך אָדער זעהן זיך מיט דעם בײַם קינד'ס זיידען, װאו דאָס קינד האָט זיך אויפגעהאַלטען. ער פלעגט שטעהן הינטער דער זײַל, קוקען אויף זײַן קינד און װיינען. מען האָט זיי צושיידט איבער פּאָליטישע אַנזיכטען. מילא, פּאָליטיק איז טאַקע פּאָליטיק, אָבער אויף אַלץ חאַרף דאָך זײַן אַ מאָס!.. צושיידען אַ פאָטער מיט אַ קינד! מילא, דער פאָטער האָט עס געטהון, װײַל ער האָט געװאָלט, זײַן קינד זאָל לעבען אין רײַכטום, אָמער די פאַמיליע קען איך נישט פערשטעהן: אַװעקרײַבען בײַ אַ פאָטער דײַן קינד ניר דערפאַר, װאָס ער האָט זיך געשלאָגען בײַ װאַטערלאָאָ! אַ קאָלאָנעל איז ער געװעזען, יאָ. שוין געשטאָרבען, דאַכט זיך, געװאוינט אין װערנאָן. װי האָט מען עס איהם גערופען?.. לאָזט זיך נור דערמאָהנען... עפּיס פּאָנמאַרסע, צי פּאָנמערסי, אויפ'ן געזיכט האָט ער געהאַט אַ שרעקליכען שניט.

— פּאָנמערסי? — האָט מאַריוס געפרעגט, װערענדיג בלאַס.

— יאָ, יאָ, פּאָנמערסי טאַקע. איהר האָט איהם דען געקענט?

— דאָס איז מײַן פאָטער.

— אָ! זענט איהר דאָס יענס יונגעלע! — האָט דער אַלטער אויסגעשריען, אַ פּאַטש טהוענדיג מיט די הענד. — יאָ, יאָ, דאָס יונגעלע האָט שוין בעדאַרפט אויסוואַקסען. אַך, מײַן קינד, אַט איהר קאָנט זיך בערימען, אַז אַזאַ פאָטער האָט אײַך הייס געליעבט!...

מאַריוס האָט בעגלייט דעם אַלטען ביז'ן היים.

אויף מאָרגען האָט ער אונטער אַן אויסרייד גענומען ערלויבניש בײַ זײַן שלאָפמאַנען און איז ערגיץ אַװעקגעפאָהרען.

# 5. מאַריוּס געליעבטע.

אין דריי טאָג אַרום האָט זיך מאַריוס אומגעקעהרט פון זיין רייזע. גלייך הערנאָך איז ער אַוועק אין די שטאָדט-ביבליאָטעק און זיך גענומען לעזען אַלע דאָקומענטען, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו דער רעוואָלוציע און צו נאַפּאָלעאָנען. אַזוי נאָכאַנאַנד האָט ער איבערגעלעזען און שטודירט די נאָר-וואָס פערגאַנגענע עפּאָכע. פאַר די צייט האָט ער געמאַכט אַ פּאָר וויזיטען צו די גענעראַלען, וואָס זיין פאָטער האָט געדיענט אונטער זיי, און האָט זיך דורכגעשמועסט מיט'ן קירך-סטאַראָסטע מאַבעף. ביסלעכווייז איז איהם קלאָר געוואָרען דאָס בילד פון אָט דעם מענשען מיט אַ האַרץ פון אַ לייב און ווייכקייט פון אַ שעפּעלע, וועלכער איז געווען זיין פאָטער.

מיט'ן זיידען און מיט דער מומען האָט ער זיך איצט זעלטען געזעהן און איז שטענדיג אַרומגעגאַנגען פערזונקען אין געדאַנקען. דער זיידע האָט באַמערקט די ענדערונג אין מאַריוס'ן און האָט געשמייכעלט:

— אַהאַ! געקומען די צייט פון מיידלעך; דער בחור האָט זיך שוין אוודאי פערקאָכט אין עפּיס אַ קליידעל.

מאַריוס איז ווירקליך געווען „פערקאָכט“: ער האָט אָנגעהויבען צו פערגעטערן זיין פאָטער. און צוזאַמען מיט זיין באַציהונג צום פאָטער האָט זיך געענדערט זיין קוק אויף די רעוואָלוציע, אויף די רעפּובליק, אויף נאַפּאָלעאָנ'ען, — אויף אַלץ, וואָס ער האָט ביז האַן געהאַסט און פעראַכטעט. מיט ערשטוינען און ענטציקען האָט ער באַטראַכט די רייזיגע פיגורען פון מיראַבאָ, סען-זשוסט, ראָבעספּיער, דאַנטאָן, קאַמיל דעמולען און דאָס בלענדענדע בילד פון נאַפּאָלעאָנ'ען. ערשט איצט האָט ער פערשטאַנען, אַז אין דער רעפּובליק איז איבערגעדריקט געוואָרען דער געדאַנק וועגען די רעכט פון די פאָלקס-מאַסען און אין נאַפּאָלעאָנ'ס אימפּעריע — די אידעע פון פראַנקרייך, פון דער פראַנצויזישער נאַציאָן. ער האָט געזעהן, ווי גרויס עס זענען געווען די עפּאָכע און די מענשען — און זיין האַרץ האָט געברענט פון התפעלות.

ביטערע טרעהרען האָט ער פערגאָסען, דערמאָהנענדיג זיך אָן זיין פאָטער, אָן זיין גרויסען און אומגליקליכען פאָטער, פאַר וועמען ער האָט זיך אַזוי פערזינדיגט מיט זיין קאַלטקייט. ווי גליקליך וואָלט ער זיין צו פאַלען צו זיין פאָטערס פיס מיט'ן געשריי: „טאַטע, טאַטע! איך בין געקומען צו דיר, איך האָב איין האַרץ מיט דיר, איך בין דיין זוהן!“ אָבער — פערפאַלען! דער פאָטער איז טויט, און מאַריוס קען שוין זיין פעהלער נישט פערריכטען, נאָר ווענינסטענס וועט ער היטען זיין פאָטערס צוואה: צו טראָגען דעם פאָטערס טיטול און זעהן איהם ווערטה צו זיין, צו האַלטען הויך די פאָהן, וואָס איז אַרויסגעפאַלען פון געשטאָרבענעמס האַנד. און דערצו מוז ער געפינען טענאַרדיע, אפילו ווען דאָס זאָל איהם קאָסטען זיין רעכטע האַנד, און איהם באַדאַנקען פאַר זיין פאָטערס רעטונג מיט וואָס ער וועט נור קענען.

ווען די אַלע געדאַנקען זענען רייף געוואָרען ביי איהם אין קאָפּ, איז ער אַוועק און האָט זיך באַשטעלט אַ מאה וויזיט-קאַרטען מיט דער אויפשריפט: „באַראָן מאַריוס פּאָנמערסי“.

אויס רחמנות און ליעבע צו זיין פאָטער האָט ער כמעט פיינט געקראָגען דעם זיידען.

די פאַמיליע האָט נישט געוואוסט, וואָס אין איהם קומט פאָר, ווייל ער האָט פאָרזיכטיג באַהאַלטען זיינע געפיהלען פון די אַרומיגע. ער פלעגט אַליין עפטער און עפטער ערגיץ אַוועקפאָהרען און טעגווייז נישט זיין אין דער-היים.

— וואוהין פאָהרט ער גאָר, וואָלט איך וועלען וויסען? — האָט זיך די מומע געוואונדערט.

אויף איינער פון די האַסטיגע רייזען איז מאַריוס געווען אין מאָנפערמעיל זוכען טענאַרדיע'ן. און דאָרט האָט מען איהם געזאָגט, אַז דער שענקער איז פעראָרימט געוואָרען, האָט פערמאַכט דעם שענק און איז ערגיץ אַוועק צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע. צוליעב דער לאַנגער רייזע איז מאַריוס נישט געווען פיער טאָג אין דער-היים. קלאָר, ווי דער טאָג! — האָט זשילנאָר-

מאַן געשטענדיג. — דער שנעק האָט זיך פאַרליבט איבער די אויערן.

דערנאָך האָבן די אַרומיגע באַמערקט, אַז מאַריוס טראָגט אויפן האַלז עפּעס אַ שוואַרץ שנירעל מיט די ברעגן פאַרשטעקט אין בוזעם. מיהאָט באַשלאָסן, אַז ער טראָגט אויף זיין ברוסט עפּעס אַ מתנה פון „איהר“.

אין פּאַריז האָט געוואוינט זשילנאָרמאַנס אַ פּלימעניקעס אַ זוהן, אַן אָפיציר פון די אולאַנער, מיטן נאָמען טעאָדיול. די אַלטע מויד, מאַדעמואַזעל זשילנאָרמאַן, האָט איהם ליעב געהאַט מעהר ווי מאַריוסן, ווייל ער איז געווען אַ שענער אָפיציר און זיין מונדיר האָט איהם זעהר געקלייעט. מאַריוס האָט איהם נישט געקענט, נאָר ער האָט מאַריוסן ציפעליג איינמאָל געזעהן. די מוהמע האָט געבעטען טעאָדיולן, ער זאָל נאָכפאָרשען מאַריוסן און זיך דערוויסען, אין וועמען ער איז עס אַזוי פאַרקאָכט. טעאָדיול האָט חשק געהאַט צו דער מוהמעס ירושה, און האָט זיך באַמיהט זי צופריעדען צו שטעלען. דעריבער, ווען מאַריוס האָט זיך איינמאָל געזעגנט אין דער-היים און זיך געזעצט אין אַ דיליזשאַנס, האָט טעאָדיול געקויפט אַ בילעט אין דעמזעלבען דיליזשאַנס און זיך אוועקגעזעצט אין אַ ווינקעל.

אַז דער דיליזשאַנס האָט זיך אָבגעשטעלט ביי ווערנאָן, איז מאַריוס אַרויסגעגאַנגען. דער אולאַנער איז איהם נאָכגעגאַנגען און האָט דערזעהן, אַז ער קויפט אַ בוקעט פון טייערע בלומען.

— אָהאָ! — האָט דער אָפיציר געזאָגט צו זיך. — אַ פרוי, וועלכער מיטראָגט אונטער אַזאַ בוקעט, מוז שוין זיין עפּיס גאָר אַ צאַצקע. איך בין זעהר נייגיריג זי צו זעהן.

מאַריוס האָט זיך געלאָזען געהן צו דער קירך.

— אויסגעצייכענט! — האָט טעאָדיול געמורמעלט. — אין קירך! וואָס קאָן זיין בעסער!... אַ וואונק פון הינטערן געבעט-בוך איז מלא חן.

מאַריוס האָט פאַרקערעוועט נעבען דער קירך און איז אַריין אין טויער פונים צווינטער.

— אַ, אונטערן פרייען הימעל! — האָט דער אָפיציר געזאָגט. — מילא. לאָמיר נור האַ

פאָן אַ קוק אויף די בחורטע.

ער איז שטיל צוגעגאַנגען צום אָרט, וואו מאַריוס האָט זיך געפונען, און — איז געבליבען שטעהן פאַרשטיינערט.

די „בחורטע“ איז געווען אַ קבר, נעבען וועלכען מאַריוס האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניה און האָט איהם באַשאָטען מיט די בלומען, וואָס ער האָט געקויפט.

---

## 6. אַרויסגעטריבען.

דער אולאַנער האָט אַזוי ווייניג ערוואַרטעט צו זעהן מאַריוסן אויף די קניה נעבען אַ קבר, אַז ער איז גאָר צומישט געוואָרען. ער האָט זיך גלייך אָבגעטראָגען און האָט זאָגאַר באַשלאָסען נישט געהן צו דער מוהמען דערצעהלען, וואָס ער האָט געזעהן.

עס האָט זיך אָבער אַזוי אויסגעמאַכט, אַז אין פּאַריז האָט מען זיך אָהן איהם אויך דערוואוסט פון אַלעם.

מאַריוס איז געקומען אַהיים אויפן דריטען טאָג אין דער-פריה. ער האָט אויסגעטהון זיין ראָק און דאָס שנירעל, וואָס ער האָט געטראָגען אויפן האַלז, און איז אַריין אין באָד-צימער בעהמען אַ וואַנע. אין דערוועלכער צייט איז דער אַלטער זשילנאָרמאַן אַריינגעקומען צו איהם אין צימער און האָט דערזעהן דאָס שנירעל אין דעם ראָק. אין אַ מינוט אַרום איז ער געקומען אין דאָס גאַסט-צימער, וואו מאַדעמואַזעל זשילנאָרמאַן איז געזעסען און עפּיס אויסגענייהט. דער אַלטער האָט געטראָגען דעם ראָק, דאָס שנירעל און האָט געלאַכט.

— נו, מיר האָבען געזיעגט! — האָט ער אויסגעשריען. — איצט וועלען מיר שוין וויסען זיין געהיימניש! אָט דאָ האָבען דעם גאַנצען ראָמאַן. איך האָב געבראַכט אַ בילד!

אויפן שנירעל איז ווירקליך געהאַנגען אַ שאַכטעלע, אין וועלכען מיהאַלט קליינע בילדער.

אַ שטיקעל צייט האָט ער געהאַלטען דאָס שאַכטעלע נישט געעפענט און געקוקט דערויף מיט ענטציקען און אַ געוויסער קנאה.

— יאָ, דאָס איז, קענטיג, [illegible]

האָט ער גערעדט. — אָהאָ, מיך נאַרט מען נישט: איך האָב באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז דער פֿויגעל האָט דערטאַפּט עפּעס אַ מיידעל. צו אַזעלכע זאַכען בעציהט מען זיך זעהר צערטליך, מען טראָגט זיי אויפֿן האַרצען. אָט דאָס הייסט אַ גולם! מסתמא עפּיס אַ זיסער פּרצוף, און ער צאַפּעלט זיך, קוקענדיג אויף איהר. היינטיגע יונגע-לייט האָבען דאָך צומאָל אפילו קיין רעכטען געשמאַק נישט!

— לאָמיר טיר זעהן דאָס בילד, — האָט די אַלטע בתולה געזאָגט.

זשילנאָרמאַן האָט געעפֿענט דאָס שאַכטעל. דאָרט איז געלעגען בלויז אַ צוזאַמענגעלעגט שטיקעל פּאַפּיר.

— פֿון דערזעלבער צו דעמזעלבען! — האָט דער אַלטער זיך צעלאַכט ווי אַ הינער. — איך ווייס שוין, וואָס דאָס איז: אַ ליעבעס-בריעף.

— אַך, לאָמיר עס דורכלעזען! — האָט די מוהמע געזאָגט און זיך אַזש בעלעקט.

זי האָט אָנגעטהון איהרע ברילען. דער פֿאָטער און די טאָכטער האָבען פֿונאַנדערגעוויקעלט דאָס פּאַפּירעל און איבערגעלעזען פֿאָלגענדע שורות:

„צו מיין זוהן. דער קייזער האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ באַראָן אויפֿן שלאַכט-פֿעלד ביי וואַטערלאָאָ. אַזוי ווי די נייע רעגירונג אָנערקענט נישט מיין טיטעל, פֿאַר וועלכען איך האָב בעצאָהלט מיט מיין בלוט, וועט מיין זוהן איהם אָננעהמען און איהם טראָגען. זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז ער וועט איהם ווערטה זיין".

שווער צו בעשרייבען, וואָס די צוויי האָבען דערביי דערפֿיהלט. דער אָטעם פֿונים טויט האָט אַ ציה געטהון דורך דאָס צימער. זשילנאָרמאַן האָט אַרויסגעמורמעלט:

— דאָס איז דעם גזלנים האַנדשריפֿט.

דערווייל האָט זיך עפּיס אַ פּעקעלע אַרויסגעגליטשט פֿון דער קעשענע פֿון מאַריוס'עס ראָק און איז אַראָפּגעפֿאַלען אויף די ערד. מאַדעמואַזעל זשילנאָרמאַן האָט אויפֿגעהויבען דאָס פּעקעלע און פֿונאַנדערגעוויקעלט. דאָס זענען געווען וויזיט-קאַרטען. זי האָט איינע פֿון זיי דערלאַנגט דעם פֿאָטער. ער האָט איבערגעלעזען: „באַראָן מאַריוס פּאָנמערסי".

דער אַלטער האָט אָנגעקלינגען, און אַז די דיענסט ניקאָלעטע האָט זיך בעוויזען אויף דער שוועל, האָט ער געזאָגט:

— טראָגט אַרויס אָט די שמאַטעס.

די דיענסט האָט אַרויסגעטראָגען דעם ראָק מיט די איבעריגע זאַכען.

זיי זענען געזעסען און געשוויגען אַ היבשע צייט.

— יאָ, גאַנץ פֿיין! — האָט די מוהמע געזאָגט.

דאָ איז אַריינגעקומען מאַריוס. ער האָט נאָך פֿון דערווייטענס בעמערקט, אַז דער אַלטער האַלט זיינע אַ וויזיט-קאַרטע. דער זיידע האָט אויסגעשריען מיט חוזק אין טאָן:

— אַהי, אַהי! ביסטו שוין גאָר אַ באַראָן געוואָרען? זאָל זיין מיט מזל. וואָס בעדייט דאָס?

מאַריוס האָט זיך עטוואָס פֿעררויטעלט און האָט געזאָגט:

— דאָס בעדייט, אַז איך בין מיין טאַטענ'ס זוהן.

זשילנאָרמאַן האָט שאַרף געזאָגט

— דיין פֿאָטער בין איך.

— מיין פֿאָטער, — האָט מאַריוס געענטפֿערט שטרענג, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען, — איז געווען אַ בעשיידענער מענש, אָבער אַ העלד, וואָס האָט מיט עהרע געדיענט דער רעפּובליק און דעם לאַנד; ער האָט בעוויזען איינע פֿון די גרעסטע העלדען-טהאַטען, אויף וועלכע מענשען זענען פֿעהיג; אַ פֿערטעל יאָהרהונדערט נאָכאַנאַנד האָט ער געלעבט ביי-טאָג אונטער קוילען און באָמבעס, ביי-נאַכט — אין שניי, אין בלאָטע, אונטערן רעגען; ער האָט געפֿאַנגען ביים שונא צוויי פֿאָהנען, האָט געקראָגען צוואַנציג וואונדען, איז געשטאָרבען אין פֿערגעסענהייט, פֿערלאָזט פֿון אַלעמען; שולדיג געווען איז ער בלויז דערין, וואָס ער האָט ליעב געהאַט צוויי אומדאַנקבאַרע — דאָס פֿאָטערלאַנד און מיך!

זשילנאָרמאַן האָט דאָס ניט געקאָנט אַריבערטראָגען. ער איז אויפֿגעשפּרונגען און האָט אויסגעשריען:

— מאַריוס! איך ווייס נישט, ווער דיין פֿאָטער איז געווען. איך ווייס נור, אַז צווישען אָט דער גאַנצער חברה איז נישט געווען קיין איין ליידערליכער מענש. זיי זענען אַלע געווען לומפּען.

מערדער, גנבים! די בײַט אַזאַ באַראָן, פּונקט ווי מײַן פּאַנטאָפעל! נאָר באַנדיטען האָבען געדיענט ראָבעספּיער'ן און נאַפּאָלעאָנ'ען! זיי זענען געווען פֿעררעטהער און פֿײַגלינגע! אָט וואָס איך מיין. און אויב אײַער ליעבהאַרציגער פֿאָטער האָט געהערט צו דער קאָמפּאַניע — מילא, איז ער געווען דאָס, וואָס זיי זענען געווען!

איצט האָט זיך מאַריוס אָנגעצונדען. מען בעליידיגט זײַן פֿאָטער! וואָס ענטפֿערט מען? בעליידיגען צוריק דעם ייִדען האָט ער נישט געוואָלט. אַ מינוט איז ער געשטאַנען צעטומעלט. פּלוצים האָט ער אויסגעשריען:

— נידער מיט די בורבאָנען און מיט'ן פֿעט־פּיק לואי דעם אַכצעהנטען!...

לואי איז שוין געווען טויט צײַט פֿיער יאָהר, אָבער מאַריוס'ן האָט דאָס נישט געקימערט.

דער אַלטער איז געוואָרען ווײַס. ער האָט געמאַכט עטליכע טריט איבער'ן צימער, דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו דער טאָכטער מיט אַ שמייכעל:

— אַזאַ באַראָן, ווי דער דאָזיגער העררּ, און אַזאַ בורזשואַ, ווי איך בין, קאָנען נישט בלײַבען אונטער איין דאַך.

דערנאָך האָט ער אומגעקעהרט זײַן געזיכט צו מאַריוס'ן, האָט אויסגעשטרעקט זײַן האַנד און אַ געשריי געטהון:

— אַרויס!...

מאַריוס איז אַוועק פֿון זײַן זיידענ'ס הויז.

אויף מאָרגען האָט זשילנאָרמאַן אָנגעזאָגט זײַן טאָכטער, זי זאָל שיקען „דעם בלוט-צאַפּער" יעדע האַלבע יאָהר אַ געוויסע סומע געלד און זאָל קיינמאָל זײַן נאָמען אין הויז נישט דערמאָהנען.

מאַריוס, פֿון זײַן זײַט, איז אויך אַוועק אַן אויפגעבראַכטער. בעזונדערס האָט איהם פֿערדראָסען נאָך אַ זאַך: בעת ניקאָלעטע האָט אַרויסגעטראָגען זײַן ראָק, איז זײַן פֿאָטערס לעצטער בריעף צו איהם פֿערלאָרען געוואָרען. מאַריוס האָט געדענקט, אַז דער אַלטער האָט איהם פֿערברענט. דעם אינהאַלט האָט ער געדענקט אויף אויסווייניג, אָבער דאָס פּאַפּירל אַליין האָט איהם באַנג געטהון: דאָס איז געווען אַ זכר פֿון זײַן פּאַטער. אַוועק איז ער מיט דרײַסיג פֿראַנק אין קעשענע, מיט אַ זייגער און אַ פּאָר בעקינעס.

## 7. נײַע בעקאַנטשאַפֿט

אַרויסגעהענדיג פֿון זײַן זיידענ'ס הויז, האָט מאַריוס גענומען אַ דראָזשקע און זיך געלאָזען פֿאָהרען איבער די גאַסען פֿון פּאַריז. אויף דער דראָזשקע האָט ער אַוועקגעלעגט זײַן רײַזע-טאַש, אויף וועלכען עס איז געווען אָנגעקלעפּט אַ צעטיל: „מאַריוס פּאָנמערסי", אַזוי אַז יעדער האָט עס געקאָנט לעזען פֿאַרבײַגעהענדיג. ווען די דראָזשקע איז לאַנגזאַם געפֿאָהרען פֿאַרבײַ דעם קאַפֿע „מיזען" אויפ'ן פּלאַץ סען מישעל, האָט מאַריוס דערהערט אַ שטים:

— הערר מאַריוס פּאָנמערסי!

די דראָזשקע האָט זיך אָבגעשטעלט.

— וואָס איז? — האָט מאַריוס געפֿרעגט.

ער האָט פֿערוואונדערט בעטראַכט די פֿיגור פֿון אַנ'אונבעקאַנטען יונגען מענשען, וואָס איז געשטאַנען נעבען קאַפֿע.

שטאַנען נעבען קאַפֿע.

— זענט איהר דאָס דער הערר מאַריוס פּאָנמערסי?

— יאָ, געוויס.

— איך האָב אײַך געזוכט.

— מיך? — האָט מאַריוס איבערגעפֿרעגט. — איך קען אײַך גאָרנישט.

— אָ, איך קען אײַך אויך נישט.

מאַריוס'ען עס געזיכט האָט זיך פֿערוואָלקענט. ער האָט אַ טראַכט געטהון, אַז דאָס איז עפּיס אַ לץ, וועלכען עס האָט זיך פֿערוואָלט צו טרײַבען מיט איהם שפּאַס.

— איהר זענט נעכטען נישט געווען אויף דער לעקציע אין אוניווערזיטעט, — האָט דער יונגער-מאַן קאַלטבלוטיג פֿאָרטגעזעצט.

— זעהר מעגליך.

— נישט נור מעגליך, — דאָס איז אָהן צווײַפֿעל.

— איהר זענט אַ סטודענט? — האָט מאַריוס געפרעגט.

— אַזוי ווי איהר. אייער-נעכטען בין איך צופעליג אַריינגעפאַלען אין די אוניווערזיטעט. פערשטעהט איהר מיך, עס פאַלען אַמאָל איין אַזעלכע מאָדנע פאַנטאַזיעס. דער פראָפעסאָר האָט פונקט אויסגערופען די סטודענטען. איהר ווייסט דאָך, מסתמא, וואָס פאַר אַ טבע די לייט האָבען: טאָמער פעהלט אַ סטודענט דריי מאָל צום אויסרופען, שטרייכען זיי איהם אויס פון דער ליסטע.

מאַריוס האָט זיך אָנגעהויבען צוהערען אויפמערקזאַמער.

— אויסגערופען האָט דער פראָפעסאָר בלאָנדאָ, — האָט דער סטודענט ווייטער דערצעהלט, — איהר קענט בלאָנדאָ? ער פערמאָגט אַ שאַרף נעזעל און האָט אַ משונה הנאה צו דערשמעקען, ווער פון די סטודענטען עס פעהלט אויף דער לעקציע. אָנגעהויבען האָט ער פון דער בוכשטאַב „פ.” די סטודענטען האָבען זיך אָבגערופען איינער נאָכ'ן צווייטען. בלאָנדאָ איז געווען טרויעריג, און איך האָב געטראַכט: „בלאָנדאָ, מיין האַריץ! ווען הייַנט נישט האָבען קיין קרבן אַפילו אויף אַ רפואה!„ פלוצים רופט ער אויס: „מאַריוס פאָנמערסי”!. קיינע ענטפערט נישט. בלאָנדאָ ווערט לעבעדיגער, רופט נאָכאַמאָל: „מאַריוס פאָנמערסי”!, און נעהמט זיך שוין פאַר די פעדער — אויסצושטרייכען. דאָ האָב איך מיר אַ טראַכט געטהון: „דאָ וויל מען אויסשטרייכען אַ וואוילען חברה-מאַן. ער איז נישט פינקטליך, הייסט עס — ער איז אַ פרעהליכער בחור, אַ לעבע-יונג. דאָס איז נישט אַ ליאַדע נודיק, וואָס שוויצט שטענדיג איבער די ביכער, נישט קיין אָבגעלאָזענער שנעק, וואָס האָט זיך אָנגעשטאָפט מיט אַלע שבע חכמות. דאָס איז אַנ'אַכטונגס-ווירדיגער פוילענצער, וואָס מעסט די גאַסען, שלעפט זיך אַרום הינטער דער שטאָדט, איז בעקאַנט מיט די גאַסען-מיידלעך און וועלכער זיצט איצט פיליַיכט ביי זיין געליעבטער. לאָמיר איהם ראַטעווען. אַ מהומה אויף בלאָנדאַ”!. אין דער מינוט טינקט בלאָנדאָ איין די פעדער, בעקוקט דעם עולם און זאָגט צום דריטען מאָל, פון יוצא וועגען: „מאַריוס פאָנמערסי”! „איך”! רוף איך זיך אָב. און דעריבער האָט מען אייך נישט אויסגעשטריכען...

— אָבער... — האָט מאַריוס אָנגעהויבען.

— און מיך יאָ, — האָט דער סטודענט געענדיגט.

— איך פערשטעה אייך נישט, — האָט מאַריוס געזאָגט.

— גאָר פשוט, — האָט יענער ערקלערט, — אום צו ענטפערן, בין איך צוגעגאַנגען נעהנטער, נעהנטער, דערנאָך האָב איך זיך אָבגערוקט פון דער טהיר. אונזער פראָפעסאָר, ווי געזאָגט, האָט אַ שאַרף נעזעל. ער האָט מיך אויפמערקזאַם בעקוקט און איז פלוצים אַריבערגעשפרונגען צום בוכשטאַב „ל.”, דאָס איז מיין בוכשטאַב. מיך רופט מען לעגל 1) פון מאָ.

— לעגל! — האָט מאַריוס איבערגעשלאָגען, — ס'אַר אַ שענער נאָמען!

— יאָ, איז בלאָנדאָ צוגעקומען צו דעם דאָזיגען שענעם נאָמען און רופט: לעגל! איך רוף זיך ווידער אָב. גיט ער אויף מיר אַ בנעימות'דיגען קוק פון אַ טיגער און זאָגט מיט אַ שמייכעל: „אַזוי ווי איהר זענט פאָנמערסי, קאָנט איהר שוין לעגל נישט זיין”. ביי די דאָזיגע ווערטער שטרייכט ער מיך אויס פון דער ליסטע.

— עס טהוט מיר לייד... — האָט מאַריוס אויסגעשריען.

— וואַרט אַ ווייַלע! צום אַלעם ערשטען וויל איך מאַכען אַ הספד נאָך בלאָנדאָ, דערצעהלען זיינע שבחים, פונקט ווי ער

---

1) אָדלער

וואָלט געשטאָרבען: ער וואָלט דאַדורך נישט געוואָרען פיעל מאָגערער, בלאַסער, קעלטער און פערהיילצערטער. אַלזאָ: אָט דאָ רוהט בלאַנדאָ, בלאַנדאָ מיט דער נאָז, די פעסטונג פון דיסציפלין, דער היטער פון דער אָרדנונג, דער מלאך, וואָס איז ממונה אויף די ליסטען, וועלכער איז געווען גראָדע ווי אַ סטרונע, סאָליד, פינקטליך, שטרענג, אונבעפלעקט און אַ נודנע בריאה, גאָט האָט איהם אויסגעשטריכען, ווי ער האָט מיך אויסגעשטריכען.

— ס'איז מיר שרעקליך אונאַנגענעהם ... — האָט מאַריוס ווידער אָנגעפאַנגען.

— און נעהמט זיך דערפון אַראָב אַ מוסר, יונגער-מאַן, צו זיין פון היינט אָן פינקטליכער.

— איך בין, כ'לעבען, אויסער זיך ...

לעגל האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— און איך, פערקעהרט, בין ענטציקט פון דער געשיכטע. איך בין געשטאַנען אין געפאַהר צו ווערען אַנ'אַדוואָקאַט, און אַצט בין איך דערפון נצול געוואָרען. און אַזוי ווי דאָס האָב איך אייך צו פערדאַנקען, האַלט איך פאַר מיין הייליגע פפליכט צו מאַכען אייך אַ וויזיט. וואו וואוינט איהר?

— אָט אין דער דראָזשקע, — האָט מאַריוס געענטפערט.

— דאָס בעווייזט, אַז איהר זענט גאַנץ פערמעגליך, — האָט לעגל רוהיג געזאָגט. — אייער וואוינונג דאַרף קאָסטען גוטע ניין טויזענד פראַנק אַ יאָהר.

מאַריוס האָט טרויעריג געשמייכעלט.

— איך האָב געדונגען די דאָזיגע וואוינונג מיט צוויי שטונדען צוריק און וואָלט זעהר וועלען זיך אַרויסציהען פון איהר, האָב איך נישט וואוהין.

אין דער מינוט איז אַ הערה אַרויס פון דער טהיר פונ'ם קאַפע.

— קומט צו מיר, — האָט זי געזאָגט.

— קורפעריאַק, — האָט איהם לעגל פאָרגעשטעלט פאַר מאַריוס'ן. — אין דער אמת'ן קומט מיר די בכורה, אָבער איך האָב קיין קוואַרטיר נישט.

— שווייג, באָסיועט — האָט קורפעיראַק געזאָגט.

— באָסיועט? — האָט מאַריוס איבערגעפרעגט, — איהר הייסט דאָך גאָר לעגל?

— פון מאָ, — האָט לעגל צוגעגעבען. — און מיין צונאָמען איז באָסיועט.

קורפעיראַק האָט זיך אַריינגעזעצט אין די דראָזשקע.

— פיהרט צום האָטעל פאָרט-סען-זשאַק, — האָט ער געזאָגט צום קוטשער.

דעמזעלבען אָוועגד האָט שוין מאַריוס געוואוינט אין האָטעל, אַ צימער נעבען אַ צימער מיט קורפעיראַק'ן.

אין עטליכע טעג איז מאַריוס געוואָרען מיט קורפעיראַק'ן גאַנץ בעפריינדעט. קורפעיראַק האָט איהם קיין פראַגען נישט געשטעלט, און מאַריוס'ן האָט זיך בכלל געעטעמט לייכט נעבען איהם.

דאָך אין אַ געוויסען פריה-מאָרגען האָט קורפעיראַק פלוצים געפרעגט:

— אַגב אורחא, האָט איהר אַ וועלכע פאָליטישע איבערצייגונג?

— זעלבסטפערשטענדליך, — האָט מאַריוס געענטפערט אַ ביסעל בעליידיגט פון דער פראַגע.

— וועלכע?

— איך בין אַ דעמאָקראַט—באָנאַפאַרטיסט.

גרוי-מייזען קאָלאָריט, הייסט עס — האָט קורפעיראַק בעמערקט.

אויף מאָרגען האָט ער אַריינגעפיהרט מאַריוס'ן אין קאַפע מיזען און האָט איהם מיט אַ שמייכעל אַ מורמעל געטהון אין אויער:

— איך וויל אייך בעהילפיג זיין צום אַריינטרעטען אין דער רעוואָלוציע.

ער האָט איהם אַריינגעפיהרט אין דאָס

הינטערשטע צימער פון קאפע, וואו עס האט זיך פערזאמעלט א גאנצע געזעלשאפט פון יונגע-לייט, און האט איהם מיט אלעמען בעקענט, זאגענדיג אויף איהם: א „שילער". מאריוס האט ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט דערמיט.

דער טומעל, וואס דא איז געווען, האט מאריוס'ן צוגעצויגען און, אין דערזעלבער צייט, א ביסעל געשראקען. דא האט מען גערעדט וועגען פילאזאפיע, רעליגיאן, ליטעראטור, קונסט, געשיכטע, און די מיינונגען, וואס מען האט דא ארויסגעזאגט, זענען פאר מאריוס'ן געווען מאדנע און אומגערייכט. אז ער האט זיך ענטזאגט פון דעם זיידען'ס אנזיכטען און האט אנגענומען דעם פאטער'ס, האט ער געמיינט, אז זיין וועלט-אנשויאונג איז שוין א פעסטגעשטעלט אויף שטענדיג. דא אבער האט ער דערפיהלט, אז ער האט געהאט א טעות. ער האט דערשפירט, אז אלץ אין איהם וואקעלט זיך, אז די געדאנקען ביי איהם אין קאפ האבען זיך גענומען מישען און ארומרוקען זיך, ווי עס קומט פאר אין א נייעם הויז, אין וועלכעס א נייער ווירטה האט זיך אריינגעצויגען און שטעלט איבער די זאכען לויט זיין אייגענעם געשמאק. די ערשטע צייט האט דאס איהם כמעט שמערצען פערשאפט.

וואס פאר א געזעלשאפט איז דאס געווען אין הינטערשטען צימער פונ'ם קאפע מיזען? ווער זענען געווען די דאזיגע יונגע לייט און צו וואס האבען זיי געשטרעבט?

## 8. חֶבְרָה אַלֶף בֵּית.

די אלע האבען זיך גערופען חברה א-בע-סע („אלף-בית"). געהייסען האט עס, אז דאס איז א חברה צו לערנען מיט קינדער. אין דער ווירקליכקייט האבען זיי געלערנט מיט דערוואקסענע. דאס פראנצויזישע ווארט „אבעסע", ניט צובעקוקען אויף דריי טיילען, בעדייט „דער ערנידריגטער". דאס האט מען געמיינט דאס ערנידריגטע פראנצויזישע פאלק, וועמען די חברה האט געשטרעבט צו דערהויבען. דאס איז געווען א רעוואלוציאנערע ארגאניזאציע. אין יענער צייט, וואס האט אויסגעזעהן אויפ'ן ערשטען קוק אזוי רוהיג און קאלט, האט זיך שוין געשפירט פונדעסטוועגען דער אטעם פון דער רעוואלוציע, נאר די ארבייט איז פארגעקומען „אונטער דער ערד".

די חברה „אלף-בית" פלעגען זיך צונויפקליבען אין צוויי ערטער: אין שיינקעל „קארינטהעס", אין ארבייטער-קווארטאל און אין קאפע-מיזען אין קווארטאל פון די סטודענטען. וועגען דעם שיינקעל „קארינטהעס" וועלען מיר רייד(ען) שפעטער.

די חברה איז געווען נאך גאנץ קליין. גיכער איז זיא געווען א גרופע. די אנפיהרער זענען געווען: אנזשאָלראס, קאמבפער, זשאן פרובער, פעללי, קורפעיראק, באהארעל, זשאן גראנטער, זשאלי און לעגל פון מא. די אלע יונגע-לייט זענען געווען שטארק בעפריינדעט צווישען זיך און האבען זיך געהאלטען ווי מיטגלידער פון איין פאמיליע.

ווי דער לעזער וועט שפעטער זעהן, האבען מיר ניט אומזיסט צום ערשטען אנגערופען דעם נאמען אנזשאָלראס. דאס איז געווען נאך גאר א יונגער-מאן, שען ווי א מלאך, און געקאנט האט ער זיין שרעקליך ווי א טייוועל. ער האט געהאט א טיעפען בליק, א רויקען שטערן, א פולע אונטערשטע ליפ, וואס האט גוט אויסגעדריקט פעראכטונג. ער האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט שוין געווען אמאל א רעוואלוציאנער אין אן אנדערע גלגול און האט ביי זיין איצטיגען געבוירען ווערען געבראכט מיט זיך אויף די וועלט ערינערונגען פון א רעוואלוציאנערער עפאכע. ער האט אויסגעזעהן פון א יאהר זיבעצעהן, חאטש ער איז שוין אלט געווען צוויי און צוואנציג. צו פרויען איז ער געווען גלייכגילטיג און בכלל האט ער פון תענוגים ניט געהאלטען. דאס איז געווען א כהן פון אידעאל הדרך און הדרך. איין געליבטע האט ער געהאט — די פרייהייט. געוועזען איז ער א זוהן פון רייכע עלטערן.

גלייך מיט אַגושאָלראַס'ן איז געשטאַנען קאָמבאַפער. אויב דער ערשטער איז געווען די לאָגיק פון דער רעוואָלוציע, איז דער צווייטער גע־ווען איהר פילאָזאָפיע. דער אונטערשיעד צווי־שען די ביידע איז דער, וואָס די ערשטע קאָן פיה־רען צו מלחמה, די צווייטע אָבער ברענגט שטענ־דיג שלום. קאָמבאַפער איז געווען נישט אַזוי ער־האַבען, ווי אַגושאָלראַס, דערפאַר איז זיין גע־דאַנק געווען ברייטער. אַ רעוואָלוציע מיט אַני־אָנפיהרער ווי קאָמבאַפער איז נישט אַזוי שטרענג, ווי אונטער דער אָנפיהרערשאַפט פון אַגושאָל־ראַס'ן. ער האָט מעהר געלעבט פון אַגושאָלראַס'ן און געלעבט ווי אַלע מענשען: אַ סך געלאַכט, בעזוכט טעאַטער און קאָנצערטען, זיך אינטער־רעסירט מיט דער וויסענשאַפט, האָט אַ ביסעל געצייכענט; קיין זאַך האָט ער נישט בעהויפטעט פעסט, קיין זאַך האָט ער נישט געלייקענט אויף זיכער, דאָס האָט זיך געהאַלטען דאָס וואָרט ,,בירגער'' און דאָס וואָרט ,,מענש''— נאָך העכער. ער פלעגט זאָגען: ,,רעוואָלוציע, אָבער ציוויליזאַציע אויך''. ער וואָלט העריבער וועלען, אַז די מענשהייט זאָל זיך ענטוויקלען אויפ'ן פריעדליכען אָרט, ווייל אַכזריות האָט נישט געקאָנט געפע־לען זיין צאַרטער נשמה. אָבער די שטעהענדיגע בלאָטע פון יענער צייט איז איהם געווען עקעל־האַפט, ווייל ער האָט געזאָגט: ,,נישט געאיילט זיך און נישט געשטאַנען''. אונטער אַגושאָל־ראַס'עס אָנפיהרערשאַפט איז גוט געווען צו שלאָ־גען זיך, אָבער גערן איז געווען בעסער נאָך קאָמבאַ־פער'ן. דער ערשטער איז געווען, וואָס מ'רופט, אַ מאַן, דער צווייטער— אַ מענש.

זשאַן פּרובער איז געווען נאָך ווייכער פון קאָמבאַפער'ן. ער איז געווען פערליעבט, האָט הנאה געהאַט פון בלומען, האָט געשפּיעלט אויף אַ פליים, געשריבען גראַמען, האָט ליעב גע־האַט דאָס פאָלק, מיטלייד געהאַט מיט די פרויען, האָט געגלויבט אין גאָט און אין פּראָגרעס. פון שפּראַכען האָט ער געקאָנט איטאַליעניש, לאַ־טיין, גריכיש און העברעאיש, אָבער אויף זיי האָט ער געלעזען בלויז דאַנטען, יובענאַלען, עסכילעס'ן און ישעיה הנביא. פאַנטאַזיעס האָבען איהם אינ־טערעסירט אַזוי פיעל, ווי די ווירקליכקייט. ער איז אויך געווען רייך, ווי אַגושאָלראַס.

פעללי איז געווען אַן אַרבייטער. ער האָט פערדיענט דריי פראַנק אַ טאָג און האָט געטרוימט וועגען גליק פאַר די מענשהייט. ער איז געווען נישט שלעכט געבילדעט און זיינע קענטנישען האָט ער זיך ערוואָרבען אָהן הילף פון דער זייט. בעזונ־דערס האָט איהם אינטערעסירט דער גורל פון די אונטערדריקטע פעלקער און ער האָט שטענדיג גערעדט פון זיי.

קורפעיראַק איז געווען יונג, און דע־רין האָט געשטעקט זיין גאַנצע קראַפט, ווייל בטבע איז ער געווען אַ פּשוטער בחור, נאָר אַזוי לאַנג זיין בלוט האָט געקאָכט, איז ער געווען פעהיג אויף אויף עטוואָס גוטס. ביי אַזעלכע לייט, ווען זיי ווע־רען עלטער, פערשווינדען אַלע ,,חלומות'', ווי די ליעבליכקייט פון אַ קעצעל. פון קעצעל ווערט אַ קאַטער, פון אַ קורפעיראַק — אַ בורזשואַ.

באַגאָרעל איז געווען אַ פרעהליכער חברה־מאַן, אַ שטיק הולטאַי, אַ פלידערזאַק, אַ גי־עזות־פּנים, אָבער זעהר אַ גוטער. ער האָט גע־טראָגען רויטע זשילעטען און געהאַט היציגע אי־בערצייגונגען. קריעגעריי און געשלעג איז געווען ביי איהם דאָס חיות; ער איז שטענדיג גרייט גע־ווען אויסצורייצען אַ פּענסטער אָדער אויסצושטור־צען די רעגירונג, כדי צו זעהן, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען. שוין עלף יאָהר איז ער געווען אַ סטודענט, נאָר געלערנט האָט ער נישט. זיינע עלטערן, רייכע פּריצים פון זיד־פראַנקריך, פלע־גען איהם שיקען דריי טויזענד פראַנק אַ יאָהר, נאָר געהאַלטען האָבען זיי איהם פאַר אַ טויגע־ניכטס.

— זיי זענען פּריצים,— פלעגט ער זאָ־גען,— נישט קיין בורזשואַ, זענען זיי טאַקע קליגער.

לעגל פון מאָ איז געווען אַ פּאָסטמייסטערס אַ זוהן. דאָס איז געווען אַ שלים־מזליניק: קיין זאַך האָט זיך איהם נישט איינגעגעבען, און צרות האָבען זיך אויף איהם געשאָטען, ווי באָב. לעגל פלעגט אָבער פון אַזעלכע זאַכען ווייניג נתפעל ווערען און האָט נאָך פון אַלעם געמאַכט אַ שפּאַס. דאָס פערמעגען, וואָס דער פאָטער האָט איהם געלאָזט

בירושה, האָט ער שנעל געפּטר'ט דורך עפּיס אַ ספּעקולאַציע. צו פינף און צוואַנציג יאָהר האָט ער שוין געהאַט אַ גאָלען קאָפּ. ער האָט זעלטען געהאַט אַ ניאייגענע וואוינונג און האָט זיך מייסטענס אויפגעהאַלטען ביי זיין חבר זשאָלי, וועלכער האָט שטודירט מעדיצין.

זשאָלי איז פון זיין מעדיצין געוואָרען נישט קיין דאָקטאָר, נור אַ קראַנקער. איהם האָט זיך אַלע מאָל אויסגעדוכט, אַז ער האָט אַן אַנדער קראַנקהייט, און שטענדיג האָט ער בעטראַכט אין שפּיגעל זיין אייגענע צונג. ביי דעם אַלעם איז ער געווען אַ ווילצלער און אַ לוסטיגער בחור, נישט קוקענדיג אויף זיינע פלומרשט'דיגע חולאת'ן. זיינע חברים האָבען איהם גערופען „זשאָלללי“ מיט פיער למד'ן.

אָט די אַלע פערשיעדענע חאַראַקטערען האָבען געהאַט איין און דיזעלבע רעליגיאָן: פּראָגרעס. נישט קוקענדיג אויף דעם אויסערליכען לייכטזין פון איינעגע פון זיי, זענען זיי אַלע געווען די אמת'ע קינדער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

ווישען די האָזיגע היץ־קעפּ האָט זיך געפינען אויך איינער אַ סקעפּטיקער. ווי קומט ער אַהער? שווער צו פערשטעהן. צוליעב זיין פרעהליכקייט האָט מען איהם געדולדעט, אָבער נישט געליעבט. דאָס איז געווען גראַנטער.

גראַנטער האָט געוואוסט יעדען פּלאַץ אין פּאַריז, וואו מען קאָן קריגען אַ גוט מאכל, אַ שטאַרק גלעזעל וויין, אַ שען מיידעל. געווען איז ער מאוס, ווי דער טויט, און האָט זיך שטענדיג בערידמט, אַז אַלע פרויען פערליעבען זיך אין איהם. אין קיין זאַך האָט ער נישט געגלויבט, פון אידעען און אידעאַלען האָט ער חוזק געמאַכט, נאָר ער איז געווען פערליעבט אין אַ מענשען, וואָס איז געווען ווייט פון איהם, ווי מורח פון מערב: גראַנטער האָט פערגעטערט אַנזשאָלראַס,— דוקא אַנזשאָלראַסין, וועלכער איז געווען פּונקט דער היפּוך פון איהם אָדער ווייל ער איז עס געווען. אַנזשאָלראַס האָט פעראַכטעט דעם דאָזיגען סקעפּטיקער אין שכור, נאָר וואָס מעהר ער האָט איהם פעראַכטעט, אַלץ מעהר האָט יענער איהם געליעבט.

## 9. אַ נייע לעבען.

די געשפּרעכען, וואָס מאַריוס האָט געהערט אין דער דאָזיגער גרופּע, האָבען געמאַכט אויף איהם אַ ניאויסגעהייערן איינדרוק. ער האָט נאָר־וואָס געפונען אַ נייע רעליגיאָן,— איז עס מעגליך, אַז ער זאָל די שוין דאַרפען אָפּטרעטען?..

ער האָט זיך דערנעהנטערט צו זיין פאָטער,— זאָל ער זיך ווידער פון איהם דערווייטערן? ניין, דאָס איז אוממעגליך!— האָט ער צו זיך גערעדט און האָט דאָך געפיהלט, אַז דאָס איז נישט נור מעגליך, נאָר זאָגאַר אונפערמיידליך. גלענצענד איז געווען דאָס בילד פון נאַפּאָלעאָנען, און דאָך האָט עס אָנגעהויבען פערשאָטענט צו ווערען אין דער בלענדענדער שיין פון צוויי אַנדערע בילדער— פון פאָלק און פון דער פרייהייט. און ביז עפּיס־וואָס האָט מאַריוס געפיהלט, אַז זיין האַרץ איז ווי איינגעהילט: דאָס אַלטע האָט זיך גענומען אויסרעבען און דאָס נייע האָט נאָך זיין פּלאַץ נישט פערטראָטען.

אין דער דאָזיגער בין־השמשות'דיגער שטימונג האָט ער גאָר פערגעסען אָן אַלע זאַכען פון עולם הזה, ביז די זענען געקומען און האָבען מיט געוואַלט אָן זיך דערמאָהנט.

דער ווירטה פון האָטעל האָט איהם אין אַ געוויסען פריה־מאָרגען געמאַכט אַ וויזיט.

— הערר קורפעיראַק איז פאַר אייך ערב געווען. איך וואָלט וועלען זעהן געלד.

— בעט קורפעיראַקין אַריינקומען צו מיר,— האָט מאַריוס געזאָגט,— איך האָב מיט איהם וואָס איבערצושמועסען.

דער ווירטה איז אַוועק, און קורפעיראַק איז אַריינגעקומען. ערשט איצט האָט מאַריוס איהם דערצעהלט זיין געשיכטע און אין וואָס פאַר אַ אומשטענדען ער געפינט זיך.

— וואָס־זשע דענקט איהר צו טהון?— האָט קורפעיראַק געפרעגט.

— איך ווייס נישט.

— געלד האָט איהר?

— פופצעהן פראַנק.

— ווילט איהר, וועל איך אײַך לײַהען.

— ניין, פאַר קיין פאַל נישט.

— קליידער האָט איהר?

— אָט דאָס וואָס איהר זעהט.

— און זאַכען?

— איך האָב אַ זייגער.

— אַ זילבערנעם.

— ניין, אַ גאָלדענעם. אָט איז ער.

— איך קען אַ הענדלער, וואָס וועט בײַ אײַך אָבקויפען דעם צווייטען ראָק און אַ פּאָר הויזען און אײַך אײַער זייגער.

— אויסגעצייכענט.

— ניין, נישט אויסגעצייכענט, איהר וועט בלײַבען בײַ איין פּאָר הויזען, אַ ראָק, אַ וועסט און אַ הוט.

— און אַ פּאָר שטיוועל.

— אַזוי? הייסט עס, וועט איהר נישט זײַן געצוואונגען צו געהן באָרוועס? אָט דאָס הייסט לוקסוס!

— פאַר מיר איז אַזאַ לוקסוס גענוג.

— און וואָס וועט איהר ווייטער טהון?

— וואָס עס וועט אויסקומען. אַלץ, וואָס איך האַלט נישט פאַר אונעהרליך.

— קענט איהר ענגליש?

— ניין.

— דײַטש?

— אויך נישט.

— אַ שאָד. מײַנער אַ באַקאַנטער פערלע-גער גיט אַרויס אַן ענציקלאָפּעדיע, וואָלט איהר געקאָנט פאַר איהם איבערזעצען אַרטיקלען.

— איך וועל זיך אויסלערנען.

— און ביז דעמאָלט?

— וועל איך לעבען פון געלד פאַר די קליידער און דעם זייגער.

קופּעיראַק האָט אַ הײב געטהון מיט די אַקסלען. מ'האָט גערופען אַ הענדלער און יענער האָט אָבגעקויפט די זאַכען פאַר פינף און זעכציג פראַנק.

— זעהר גוט, — האָט מאַריוס געזאָגט, — מיט מײַנע פופצעהן האָב איך שוין גאַנצע אַכציג פראַנק.

— און אײַער חוב אין האָטעל? — האָט קור-פעיראַק געפרעגט.

— אַך, איך האָב גאָר פערגעסען!

דער ווירטה האָט צוגעשטעלט אַ רעכנונג אויף זיעבציג פראַנק.

— צום טײַוועל! — האָט קורפעיראַק גע-זאָגט. — איהר וועט מוזען, הייסט עס, לעבען אויף פינף פראַנק, ביז איהר וועט זיך אויסלער-נען ענגליש, און אויף די צווייטע פינף — ביז איהר וועט פאַרטיג ווערען מיט דער דײַטשער שפּראַך. אײַך וועט אויסקומען צו לערנען די שפּראַכען אַ ביסעל צו-שנעל.

דערווײַל האָט מאַריוסעס מוהמע זיך דער-וואוסט זײַן אַדרעס און האָט איהם צוגעשיקט אַ בריעף מיט זעקס הונדערט פראַנק. ער האָט אָבגעשיקט דאָס געלד צוריק, צוזאַמען מיט אַ רעספּעקטפולען בריעף, אין וועלכען ער האָט געשריבען, אַז ער האָט פון וואַנען צו לעבען. זײַן פערמעגען איז דעמאָלט באַשטאַנען פון דרײַ פראַנק. די מוהמע האָט דעם אַלטען זשילנאָר-מאַנ'ען וועגען דעם נישט דערצעהלט, ער זאָל נישט ווערען נאָך מעהר אין כעס, און צווייטענס, ווײַל ער האָט איהר פערבאָטען צו דערמאָהנען דעם „בלוט-צאַפּערס" נאָמען.

און אין דער אמתין האָט מאַריוס אַ טעות געהאַט אין זײַן זיידען: ער האָט געמיינט, אַז יענער איז צו איהם גלײַכגילטיג, ווערענד דער אַלטער האָט אָהן איהם לעבען נישט געקאָנט. די ערשטע צײַט האָט ער געהאָפט, אַז דער „בלוט-צאַפּער" וועט זיך אומקעהרען, עס זענען אָבער אַוועק וואָכען, חדשים און יאָהרען, און מאַריוס, צום אַלטענ'ס פערצווייפלונג, האָט זיך נישט אומגעקעהרט. „אַך, וואָס פאַר אַ פײַערדיגען פּאַטש איך וואָלט עס אָבגעשטעקט דעם האָ-גען טויגעניכטס, ווען ער וואָלט זיך נור אומגע-קעהרט!" האָט זשילנאָרמאַן גערעדט צו זיך און האָט שרעקליך געליטען.

מאַדמואַזעל זשילנאָרמאַן איז געפאַלען אויף אַ סברא: אַזוי ווי מאַריוס בעווייזט זיך נישט, וואָלט אפשר כדאי געוועזען אונטערצורוקען טע-אָדול'ן אויף זײַן אָרט. זי האָט איהם דעריבער אַרויסגעשטעלט פאַר איהר פאָטער און איהם אָנ-געזאָגט אײַנצושטימען צו אַלעם, וואָס דער אַל-

מער וועט זאָגן. זשילנאַרמאַן איז יענעם טאָג געווען זעהר בייז: ער האָט געלעקן אין אַ צייטונג וועגען עפּיס אַ דעמאָנסטראַציע און האָט זיך געקאָכט, זידלענדיג די „רעוואָלוציאָנערען" און אַלס אורהאַ מאַריוסין. טעאָדיול איז אַלץ געזעסען און האָט צוגעבאָמקעט: „גאַנץ ריכטיג", „געוויס!", „דער אמת אַליין!". — ביז זשילנאַרמאַן האָט פערלוירען די געדולד און האָט געזאָגט קורץ און שאַרף:

— איהר זענט אַ טפּש.

## 10. אין דחקות.

מאַריוס האָט זיך אַריבערגעצויגען אין דאָס הויז, וואו מיר האָבען איהם געטראָפען, און האָט אָנגעהויבען פיהרען אַזאַ לעבען, ווי מען פיהרט אונטער אַזעלכע אומשטענדען. ער האָט איבערגעטראָגען הונגער, קעלט, בעלייזיגונגען פון דער ווירטהין און די תוצפה פונים קעלנער אין רעסטאָראַן, האָט געליטען בזיון פאַר זיינע צוריסענע קליידער, — און האָט אַלץ אין די יאָהרען, ווען אַ מענש האָט נויטיג שטאָלץ, ווייל ער גאַרט נאָך ליעבע. דאָס איז אַ שרעקליכער נסיון, אַ וואונדערבאַרער קאַלך-אויווען, פון וועלכען שוואַכע מענשען געהען אַרויס פאַרטיגע לומפּען, און העלדענע שטאַרקע מענשען ווערען גרויס.

און דאָך האָט ער נישט אויפגעהערט צו בעזוכען די אוניווערזיטעט און שטודירען יוריספּרודענץ און סוף כל סוף האָט ער געענדיגט און געקראָגען דעם טיטעל אַדוואָקאַט. אין אַ קורצען, טרוקענעם בריעף האָט ער וועגען דעם געלאָזט וויסען זיין זיידען. יענער האָט דורכגעלעזען דעם בריעף, האָט איהם צוריסען און אַוועקגעוואָרפען. מיט עטליכע טעג שפּעטער האָט מאַדמאַזעל זשילנאַרמאַן דערהערט, ווי דער אַלטער רעדט צו זיך אַליין, ווי זיין געוועהנהייט איז געווען אין צושטאַנד פון איפּרעגונג. זי האָט געהערט, ווי ער האָט דורך אויסגערעדט די ווערטער:

— ווען דו וואָלסט נישט געווען אַזאַ אייזעל, וואָלסטו פערשטאַנען, אַז מען קען נישט זיין אַ באַראָן און אַן אַדוואָקאַט אין איין און דערזעלבער צייט.

פון דאַן אָן איז מאַריוסעס לעבען געוואָרען לייכטער. ער האָט געקראָגען צו ביסלעך אַרבייט ביי אַן אַדוואָקאַט-געבער און האָט פערדיענט אונגעפעהר אַ זעכציג פראַנק אַ מאָנאַט. אמת, דאָס איז געווען זעהר וועניג, אָבער מאַריוס האָט זיך דערמיט בעגנוגענט. מיט זיין אַדוואָקאַטור האָט ער זיך דערווייל נישט פערנומען.

זי דינסט, וואָס פלעגט קומען צו-קלויבען ביי איהם אין צימער, האָט איהם איינמאָל דערצעהלט, אַז זיינע שכנים, דער פאַמיליע זשאָנדרעט, האָט מען אָבגעזאָגט פון דער וואוינונג.

— פאַרוואָס? האָט מאַריוס געפרעגט.

— ווייל זיי צאָהלען נישט קיין דירה-געלד, זיי זענען שולדיג שוין פאַר צוויי טערמינען.

— וויפיעל קומט פון זיי?

— צוואַנציג פראַנק, — האָט די דינסט געענטפערט.

מאַריוס האָט פערמאָגט דרייסיג פראַנק.

— דאָ האָט איהר פינף און צוואַנציג פראַנק, — האָט ער געזאָגט דער אַלטער. — בעצאָהלט פאַר זיי דירה-געלד און די איבעריגע פינף פראַנק גיט זיי אַוועק. זאָגט אָבער נישט אויס, אַז איך האָב געגעבען דאָס געלד.

אַזוי האָט ער זיך געלעבט אַ שטיק צייט. זיין היימעסטער וואונש איז געווען צו בעגעגענען ערגיץ טענאַרדיען, דעם רעטער פון זיין פאָטער. אָבער ער האָט שוין העריף כמעט די האָפנונג פערלוירען.

ער האָט געפיהרט זעהר אַ בעשיידען לעבען. ער איז געווען אַ שעהנער יונגער-מאַן, און מיידלעך האָבען אָפט געוואָרפען בליקען אויף איהם, אָבער ער האָט עס אויסגעטייטשט, אַז דאָס קוקט מען אויף זיין אָרימע קליידונג, און האָט דעריבער געמיידט פון אַלע פרויען. קורפעיראַק האָט צו איהם געשענד'ט:

— זיי נישט אַזאַ פילאָזאָף! לעז וועניגער ביכער און קוק בעסער וואו'הין מען דאַרף. איך דו וועסט האַלטען אַלץ אין איין רויט ווערען און אַנטלויפען פון די האַרציגע ליעבליכע פליידערזעך, וועסטו ווערען שטומפּיג, ווי אַ האָלץ!

מאַריוס האָט נישט געפאָלגט און זיך געהיטען דאָס זיינעגע. אָבער סוף כל סוף איז געקו-

מען זײַן צײַט אױך און דערצו גאַנץ אונערוואַרטעט פֿאַר איהם אַלײן.

---

## 11. אַן׳אומגעריכטע געפֿאַהר.

צװײ פֿרױען זײַנען געװעזען אױף דער װעלט, פֿאַר װעלכע מאַריוס האָט קײן פּחד נישט געהאַט און פֿלעגט פֿון זײ נישט אַנטלױפֿען. אײנע איז געװעזען די דינסט, װאָס פֿלעגט צוקלײַבען זײַן צימער, אַן אַלטע פֿרױ מיט אַ גאַנץ בכבודיג בערדיל, די צװײטע — אַ האַלב־דערװאַקסענע מײדעל, װעלכע ער האָט אָפֿט געזעהן און זיך אױף איהר כמעט נישט אומגעקוקט. מאַריוס פֿלעגט יעדען טאָג בעזוכען דעם לוקסעמבערגער גאָרטען און כמעט שטענדיג האָט ער דאָרט בעגעגענט אין דער בעגלײטונג פֿון אַן עלטערן מענשען. דער מאַן האָט אױסגעזעהן פֿון אַ יאָהר זעכציג, אײנפֿאַך, אָבער רײן און פֿריש געקלײדעט, אַ פֿעסטע פֿיגור און אַ טרױעריגער, מידער אױסדרוק אױפֿ׳ן געזיכט. דאָס מײדעל האָט, בײַ דער ערשטער בעגעגעניש, אױסגעזעהן פֿון אַ יאָהר דרײַצעהן—פֿערצעהן, געװעזען איז זי זעהר מאָגער, כמעט נישט שײן, נאָר אױגען האָט זי געהאַט שײנע. געטראָגען האָט זי אַ שװאַרץ קלײד, נישט זעהר בריה׳יש אױסגענײהט. דאָס זענען, קענטיג, געװעזען אַ פֿאָטער און אַ טאָכטער.

אױף מאַריוס׳ן האָבען זײ קײן אַכט נישט געלעגט, דאָס מײדעל האָט אָפֿט געפֿלױדערט גאַנץ פֿרעהליך, נאָר דער אַלטער האָט מײסטענס געשװיגען, געטראַכט און אַמאָל געקוקט אױף די טאָכטער מיט גרױסער צערטליכקײט. מאַריוס פֿון זײַן זײַט האָט זיך מיט זײ אױך װעניג אינטערעסירט. ער האָט זיך נור צוגעװעהנט צו שפּאַצירען אױף דערזעלבער אַלײע, װאו זײ זענען געזעסען. קורפֿעראַק האָט זײ אױך געװעזען בעמערקט, אָבער געפֿינענדיג, אַז דאָס מײדעל איז נישט שײן, האָט ער אױפֿגעהערט די אַלטע צו בעזוכען. לױט דער פֿאַרב פֿון זײערע קלײדער, האָט ער דעם מײדעל אַ נאָמען געגעבען מאַדמואַזעל לענואַר (שװאַרץ) און דעם זײדער— מאָסיע לעבלאַן (װײַסער). אַזױ װי קײנער פֿון די סטודענטען האָט זײער נאָמען נישט געװאוסט, זענען די דאָזיגע נאָמען פֿאַר זײ פֿערבליבען.

אַ יאָהר נאָכאַנאַנד האָט זײ מאַריוס געזעהן יעדען טאָג. דער אַלטער איז איהם געװען סימפּאַטיש, דאָס מײדעל איז איהם נישט געפֿעלען.

דערנאָך האָט זיך עפּיס אױסגעמאַכט, אַז ער האָט אױפֿגעהערט צו געהן שפּאַצירען אין גאָרטען. אַ האַלב יאָהר אַרום איז ער אײנמאָל װידער אַהין געקומען, האָט זײ װידער געטראָפֿען זיצען אױף זײער שטאַנדיגער באַנק און — איז ערשטױנט געװאָרען: דער אַלטער האָט זיך נישט געענדערט, נאָר דאָס מײדעל איז געװען נישט צו דערקענען. זי איז געװאָרען װאונדערבאַר־שײן, איהר קערפּער האָט זיך ענטװיקעלט, ער האָט פּלוצים ענטדעקט בײַ איהר רײַכע בלאָנדע האָר מיט אַ גאָלדענעם אָבגלאַנץ, און יעדער אבר איהרער האָט אױסגעדריקט יוגענד־חן און הױך געשריגען: פֿינפֿצעהן יאָהר!.. אַ נאָז האָט זי געהאַט דוקא נישט קײן קלאַסישע: נישט קײן גלײַכע, נישט קײן אָדלערשע, נישט איטאַליעניש און נישט גריכיש, נאָר— אַ פּאַריזער נאָזעל, דאָס הײסט, אַ קלוג פֿערשײַט, נישט־רעגעלמעסיג נאָזעל, פֿון װעלכען אַ מאַלער קומט אין פֿערצװײפֿלונג און אַ פּאָעט װערט ענטציקט.

דערצו איז זי געװען פֿיעל שענער געקלײדעט. בכלל האָט זי זיך אין די זעקס מאָנאַטען פֿערװאַנדעלט פֿון אַ קינד אין אַ פֿרױ. פֿאַרהאַן בױמער, װאָס אין אַפּריל איז גענוג פֿאַר זײ דרײַ טעג צו בעדעקען זיך מיט בלעטער. איהר אַפּריל איז געקומען.

מאַריוס׳ן האָט דאָס אַלץ אַ ביסעל פֿערװאונדערט, דערנאָך איז ער װידער געװאָרען גלײַכגילטיג. אין גאָרטען פֿלעגט ער קומען און שפּאַצירען נישט װײַט פֿון זײ, װײַל דאָס האָט זיך בײַ איהם פֿערװאַנדעלט אין אַ געװעהנהײט, נישט מעהר. נאָר אײנמאָל, װען ער איז געגאַנגען פֿאַרבײַ דער באַנק, האָט דאָס מײדעל אױפֿגעהױבען די אױגען, און זײערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט. װאָס איז דאַסמאָל געװען אין דעם מײדעל׳ס בליק? מאַריוס װאָלט גאָר נישט געקאָנט בעשטימען. אַלץ איז געװען און גאָרנישט איז געװען. ער האָט אַ פֿונקעל געזעהן װי אַ בליץ. מאַנכע פֿרױען קומט אָן אַזאַ טאָג, װען זײ װאַכען

אַזאַ בליק, און ווער איז יענעם, וועמען ער האָט געטראָפען.

און אָזוי האָט מאַריוס בעקוקט זיינע וואָכעדיגע קליידער און האָט געפונען, אַז גאָר פּאַסט ניט אין זיי צו שפּאַצירען. אויף מאָרגען האָט ער זיך פערפּוצט אין זיין יום-טובדיגען קאָסטיום און איז אַוועק אין גאָרטען. אויפ'ן וועג האָט ער בעגעגענט קורפעיראַק'ן, ער האָט זיך אָבער געמאַכט ניט זעהענדיג און איז זיך געגאַנגען זיין וועג. קומענדיג אין קאַפע, האָט קורפעיראַק געזאָגט צו זיינע חברים:

— איך האָב בעגעגענט אַ נייעם ראָק מיט אַ נייעם הוט און אין זיי האָט געשטעקט מאַריוס. ער איז, קענטיג, געגאַנגען צום עקזאַמען. ער האָט געהאַט אַ מערקווירדיג נאַרישע פּנים.

מאַריוס איז זיך דערווייל אַוועק אין גאָרטען און האָט גענומען אַרומשפּאַצירען איבער דער אַלעע, אָבער איצט האָט ער זיך געפיהלט זעהר מאָדנע: איהם האָט געצויגען צו דער באַנק, וואו „זי" איז געזעסען, און אין דערזעלבער צייט האָט ער קיין מוטה ניט געהאַט צו פאַרבייגעהן אפילו נאָהנט. ער האָט זיך אַרומגעדרעהט אַ שטיק צייט און איז אַוועקגעגאַנגען אַהיים. יענעם טאָג האָט ער פערגעסען צו עסען מיטאָג.

אויף מאָרגען איז ער ווידער געקומען און איז געזעסען ניט ווייט פון זיי אויף אַ באַנק ביז מ'האָט פערשלאָסען דעם גאָרטען.

אויפ'ן דריטען טאָג, ווען מאַריוס האָט ווידער אָנגעטהון זיינע יום-טובדיגע קליידער און איז אַרויס פון הויז, האָט שוין די דיענסט, מאַדאַם בורגאָן, ניט געקאָנט אויסהאַלטען פון נייגעריגקייט: צום דריטען מאָל! וואוהין קאָן ער עס געהן?.. זי האָט זיך געלאָזען געהן נאָך איהם, אָבער מאַריוס האָט געשפּאַנט אַזוי שנעל, אַז זי איז אין גיכען געבליבען שטעהן אַ פערסאָפּעטע און האָט מיט כעס געזאָגט:

— אַ מענש זאָל זיך גאָר אַלע טאָג אויספּוצען אין וואָכיג און אין האָניג און צווינגען מענשען נאָכצולויפען נאָך זיך! ני, האָט עס אַ זינען?..

אַזוי האָט זיך עס געצויגען צוויי וואָכען. איינמאָל, ווען מאַריוס איז געזעסען אויף דער באַנק און געקוקט פון דער ווייטענס אויפ'ן פאָטער מיט דער טאָכטער, האָבען זיי זיך פּלוצים אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער און זיך געלאָזען געהן אין זייט. מאַריוס'ן האָט זיך אָבגעריסען אין האַרצען: איז עס מעגליך, אַז זיי וועלען צוגעהן צו איהם?.. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען און זיך ניט אָבגעשטעלט, נאָר ווען זיי זענען געווען נעבען איהם, האָט דאָס מיידעל אויפגעהויבען די אויגען און געוואָרפען אויף איהם אַזאַ בליק, אַז ער האָט אויפגעציטערט פון גליק. אין דערזעלבער צייט האָט זיך איהם אויסגערוכט, אַז דער הער לעבלאַן קוקט אויף איהם בייז.

מאַריוס איז אַרויסגעלאָפען פון גאָרטען.

אויפ'ן וועג האָט ער בעגעגענט קורפעיראַק'ן און האָט איהם געזאָגט:

— קום מיט מיר עסען מיטאָג.

ער האָט יענעם אַוועקגעשלעפּט אין אַ רעסטאָראַן, וואו ער האָט אויסגעגעבען זעקס פראַנק און האָט געגעסען און געטרונקען מעהר ווי געוועהנליך. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— מיר געהען אין טעאַטער. איך צאָהל.

מ'האָט פערבראַכט אַ פרעהליכען אָווענד אין טעאַטער, און קורפעיראַק האָט איהם איינגעלאַדען אויף מאָרגען צום פריהשטיק אין אַ קאַפע.

מאַריוס איז געקומען, האָט געגעסען נאָך מעהר ווי נעכטען, איז געווען פערטראַכט, אָבער פרעהליך און האָט אָפט געלאַכט. מ'האָט איהם פאָרגעשטעלט עפּיס אַ פּראָווינציאַל, האָט ער יענעם צערטליך אַרומגענומען.

נאָכ'ן עסען זענען די סטודענטען געזעסען אַרום טיש און האָבען געשמועסט פון די נאַרישקייטען, וואָס די פּראָפעסאָרען דערלאַנגען אין אוניווערזיטעט פון דער בימה אַראָב און פאַר וועלכע די מלוכה בעצאָהלט. פּלוצים איז מאַריוס אַריינגעפאַלען אין די רייד:

— עס מוז, כ'לעבען, זיין אַנגענעהם צו קריגען אַן אָרדען-צייכען!

— אָט אַ קאָמעדיע! — האָט קורפעיראַק געזאָגט זשאַן פּרובער'ן אויפ'ן אויער.

— כלל ניט, — האָט פּרובער געענטפערט. — דאָס איז זעהר ערנסט.

און עס איז ווירקליך געווען זעהר ערנסט: מאַריוס איז געווען „פאַרטיג".

## 12. פערשוואונדען.

פון יענעם טאג אן דיט מאריוס בעמערקט, אז דאס מיידעל, רייזענדיג מיט איהר פאטער, קוקט אין דער אמתין אויף איהם, מאריוס׳ן,— א קוק, וואס יעדע פרוי קאן בעווייזען דעם ערשטען טאג פון איהר געבוירען ווערען. מאריוס איז געווען גליקליך. ער האט נישט דורכגעלאזען קיין טאג, ער זאל אין דער בעשטימטער צייט נישט געהן אין גארטען.

— ער האלט די וואך,— פלעגט קורפעיראק וועגען איהם זאגען.

מאריוס האט קורפעיראק׳ן פון זיין ליעבע נישט דערצעהלט,— אזא טבע האט ער שוין געהאט,— אבער קורפעיראק האט זיך אליין געטרעפט,— אזא טבע האט שוין יענער געהאט.

איינמאל האט מאריוס געפונען א טיכעלע אויף דער באנק, וועלכע דער פאטער מיט דער טאכטער האבען נאר-וואס פערלאזען. אויפ׳ן טיכעל זענען געווען אויסגענעהט די איניציאלען „א. פ.״. „די הייסט געוויס אורזולא,— האט מאריוס בעשלאסען,— דער שענסטער נאמען אין דער וועלט !״ און די גאנצע נאכט האט ער פערבראכט קושענדיג דאס טיכעלע. אויף מארגען האט ער פאר איהר אין די אויגען געהאלטען דאס טיכעלע, האט עס געקושט און געדריקט צום הארצען. דאס מיידעל האט געקוקט אויף איהם ערשטוינט. און עס איז קיין וואונדער נישט: דאס טיכעל האט געהערט צום אלטען, וועלכער האט עס פערגעסען אויף דער באנק.

אז מאריוס האט שוין געוואוסט, ווי איהם האט זיך געדאכט, איהר ערשטען נאמען, האט זיך איהם פערוואלט צו וויסען מעהר. ער איז זיי איינמאל נאכגעגאנגען און האט זיי געזעהן אריינגעהן אין א הויז אויף דער גאס דע—ל׳אועסט. ער האט זיך געווענדעט צום הויז-וועכטער:

— דאס האט זיך אומגעקעהרט דער קווארטיראנט פון ערשטען שטאק?

— ניין, פון דריטען,— האט דער וועכטער געענטפערט.

— זיין וואוינונג קומט ארויס מיט די פענסטער צו דער גאס?

— געוויס, אלע וואוינונגען אין דעם הויז זענען מיט די פענסטער צו דער גאס.

— מיט וואס-זשע בעשעפטיגט זיך דער דאזיגער הערר?

- ער לעבט פון א קליינער רענטע, ער איז זעהר א גוטער און שענקט א סך אויף ארימע-לייט.

— און ווי רופט מען איהם?

דער וועכטער האט אויפגעהויבען דעם קאפ.

— זענט איהר נישט אפטמאל א שפיאן?— האט דער וועכטער צוריק געפרעגט.

מאריוס איז אוועק א פערשעמטער. א צווייטען מאל, ווען ער האט זיי בעגלייט ביזן הויז, האט דער אלטער דורכגעלאזען זיין טאכטער פאראויס אין די טהיר און אליין האט ער זיך אויסגעקעהרעוועט צו מאריוס׳ן. מאריוס האט זיך אבגעטראגען.

און פלוצים האבען זיך לעבלאן און זיין טאכטער אויפגעהערט צו בעווייזען אין גארטען. מאריוס איז געווען אויסער זיך. עס איז אוועק א וואך און צוויי— נישטא. ער איז אוועקגעלאפען צום הויז אויף דער גאס און האט זיך דערוואוסט, אז דער פאטער מיט דער טאכטער האבען זיך פון דארט ארויסגעציגען, נישט זאגענדיג קיינעם וואוהין.

דעם יונגען-מאן האט זיך געדאכט, אז זיין זוהן איז אונטערגעגאנגען. דער שטראהל, וואס האט אויף א מאמענט אריינגעדרונגען אין זיין לעבען, איז פערלאשען געווארען, און איצט איז זיין לעבען געווארען גרוי, נאך גרויער ווי פריהער. ער האט זיך צו קיין זאך נישט געקאנט נעהמען און האט חמורנע און פינסטער זיך ארומגעבלאנקעט איבער די גאסען. איינמאל האט ער בעגעגענט עפיס א גאלטען מאן אין ארבייטער-קליידער. די שענע גרויע האהר און די פנים׳ר פונים אלטען האבען צוגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט, און פלוצים האט מאריוס א ציטער געטהון: איהם האט זיך אויסגעדאכט, אז ער האט דערקענט דעם העררן לעבלאן. ער איז אזוי ערשטוינט געווארען, דאס ער האט זיך נישט געקאנט רוהרען פון ארט, און דערווייל איז דער אלטער פערשוואונדען

אין עפּיס אַ געסל. „וואָס היטסט עס?— האָט זיך מאַריוס געפרעגט. — וואָס באַדייט אָט די איבער־קלײדונג? ניין, עס קאָן נישט זיין, עס האָט זיך מיר זיכער געחלומט: „דאָס איז נישט אורזולא'ס פאָטער'... און דאָך האָט ער נישט געקאָנט רוּ־הען און האָט זיך יעדען טאָג אַרומגעדרעהט אין דער געגענד, אפשר וועט ער דעם אַלטען ווידער ערגיץ באַגעגענען, אָבער אומזיסט.

איצט האָט ער געלעבט נאָך איינזאַמער ווי פריהער, ווייל איהם איז געווען שווער צו זיין אין דער געזעלשאַפט פון דער סטודענטישער גרופּע, און יעדער געזעלשאַפט בכלל.

געוואוינט האָט ער נאָך אַלץ אין הערמעל־בען הויז, וועלכעס איז איצט געווען כמעט ליידיג: איינגע פון די שכנים האָבען זיך אַרויסגע־צויגען, אַנדערע זענען געשטאָרבען. אויסער איהם איז געבליבען בלויז די פאַמיליע זשאָנדרעט, פאַר וועלכע ער האָט אַמאָל באַצאָהלט דירה־געלד, אָבער מאַריוס האָט גאַר פערגעסען אָן די דאָזיגע פאַמיליע. פלוצים האָבען אויסגעבראָכען אַזעל־כע געשעהנישען, וואָס האָבען שאַרף געענדערט זיינע באַציהונגען צו זיינע שכנים און האָבען איהם אַהיינגעשטעלט אין אַן אויסערגעוועהנליכע לאַגע.

## 13. אַ פּאַקעט.

עס איז פאַרביי דער זומער, דער הערבסט, און דער ווינטער איז אָנגעקומען.

אין אַ קאַלטען פאַרנאַכט איז מאַריוס אַרויס פון זיין צימער, צו געהן אַ ביסעל אין גאַס אַריין. קאַלט און ווינטערדיג איז געווען אויך ביי איהם אויפ'ן האַרצען. אין קאָרידאָר האָט ער געטראָ־פען מאַדאַם ביגאָן, וועלכע האָט געאַרבייט מיט'ן בעזים און געהאַלטען אין דערזעלבער צייט אַ מערקווירדיג טיעפזיניגען מאָנאָלאָג אויף אַ קאַל־טע, ווינטערדיגע טעמע:

— וואָס איז ביליג היינטיגע צייטען? אַלץ איז טייער. צרות נור זענען ביליג. יאָ, צרות קאָסטען גאָרנישט, — מ'קריגט זיי אומזיסט.

מאַריוס האָט לאַנגזאַם שפּאַצירט איבער דער גאַס. עס איז שוין געווען פינסטערליך. פלוצים האָט איהם עמיצער אַ שטויס געטהון, פאַרביי־לויפענדיג. דאָס זענען געווען צוויי מיידלעך, איינע אַ הויכע און אַ מאָגערע, די צווייטע קלענער אַ ביסעל. זיי זענען געווען אָבגעריסען, אָבגעשליסען, מיט הערפרוירענע, בלויע געזיכ־טער, צושויבערטע האָאר און באָרוועסע פיס. זיי זענען געלאָפען אָהן אָטעם, ריידענדיג צווישען זיך.

— די פּרעהים זענען געקומען! — האָט די עלטערע געזאָגט מיט שרעק. — זיי האָבען מיך שיער נישט געפּאַקט.

— יאָ, כ'האָב זיי געזעהן, — האָט די צווייטע געענטפערט. — וואָס זאָל איך דיר זאָגען, — האָב איך עס געמאַכט פיס!..

מאַריוס האָט זיי נאָכגעקוקט מיט אַ פערכלעמט האַרץ. ער האָט פערשטאַנען פון זייער גנבישען לשון, אַז פּאָליציאַנטען האָבען זיי געוואָלט אַרעסטירען. פלוצים האָט ער דערזעהן אַ פּאַקעט ביי זיינע פיס. „דאָס האָבען מסתמא די דאָזיגע אומגליקליכע באַשעפענישען פערלוי־רען', האָט ער אַ טראַכט געטהון און אויפגעהויבען דעם פּאַקעט. די מיידלעך זענען שוין אָבער פערשוואונדען. ער האָט אַריינגעלעגט דעם פּאַ־קעט אין קעשענע און זיך געלאָזען געהן אַהיים. אויפ'ן וועג האָט ער באַגעגענט אַ וואָגען, אויף וועלכען מ'האָט געפיהרט אַ קינדערשע טרונע, ער האָט זיך דערמאָהנט אָן די צוויי מיידלעך. „אָרימע מאַמעס! — האָט ער געטראַכט, — זעהען ווי קינדער שטאַרבען איז נאָך נישט דאָס ערגסטע. שווערער איז צו צוקוקען, ווי שלעכט זיי לעבען'.

אין דער־היים האָט ער באַקוקט דעם פּאַ־קעט. ער איז געווען אָפען, און אינווייניג זענען געלעגען פיער בריעף, אויך נישט פערחתמ'עט. ער האָט באַשלאָסען דורכצולעזען די בריעף, אפשר וועט ער אויסגעפינען, צו וועמען זיי געהע־רען. דאָס זענען געווען בקשות וועגען שטיצע, געשריבען צו פערשיעדענע מענשען און אונטער־געשריבען מיט פערשיעדענע נעמען, אָבער דאָס מערקווירדיגסטע דערביי איז געווען דאָס, וואָס זיי אַלע זענען געווען געשריבען מיט איין און דערזעלבער האַנדשריפט, אויף איין און דעמ־זעלבען ביליגען פּאַפּיר און פון אַלע האָט געשמעקט דערזעלבער געמיינער, ביליגער טאַבאַק.

ניט וועגנדיק אומשטאַנד צו ערקלערן זיך דאָס דאָזיקע רעטעניש, האָט מאַריוס אַ וועקגעלעגט גאָר אַ זייט דעם פּאַקעט און איז געגאַנגען שלאָפן.

אויף מאָרגן, גלייך נאָך זיין אויפשטעהן פון בעט, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טהיר.

— אַריין! — האָט מאַריוס אויסגערופען.

די טהיר האָט זיך געעפנט, און אויף דער שוועל האָט זיך בעוויזען — די עלטערע פון די צוויי אומגליקליכע מיידלעך, וואָס ער האָט נעכטען אין אָוענד בעגעגענט.

איצט האָט זי געמאַכט אויף איהם נאָך אַ שווערערן איינדרוק: פון דער נאַטור איז זי געוועזען ניט מיאוס, און דער קינדהייט האָט די זאָגאַר געמוזט זיין אַ שענע, און נאָך איצט האָט זיך די יוגענדליכע פרישקייט געראַנגעלט מיט די שרעקליכע פאָלגען פון דחקות און אויסגעלאַסענקייט.

— וואָס פערלאַנגט איהר, פריילין? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב אייך געבראַכט אַ בריעף, הערר מאַריוס, — האָט זי געענטפערט מיט אַ היזעריגער שטים פון אַ שכור'ן קאַטאָרזשניק.

מאַריוס האָט זיך פערוואונדערט, וואָס די ווייסט זיין נאָמען, אָבער ער האָט גאָרנישט געזאָגט און האָט גענומען דעם בריעף.

„ליעבער יונגער שכן! — האָט מאַריוס געלעזען אין בריעף. — איך האָב זיך דערוואוסט וועגען אייער גוטסקייט צו מיר, אַז איהר האָט פאַר מיר בעצאָהלט דירה־געלד. געדענקט צו מיין דאַנק און מיין ברכה, יונגער מענש! מיין עלטערע טאָכטער וועט אייך ערקלערן, אַז מיר אין פיערען זיצען שוין דעם צווייטען טאָג אָהן אַ שטיקעל ברויט אין הויז, און מיין פרוי איז קראַנק. אויב די האָפנונג נאַרט מיך ניט, גלויב איך, אַז איהר וועט אויף אונז רחמנות האָבען און אונז קומען צו־הילף מיט וויפיעל איהר קאָנט. מיט אמת'ער אַכטונג, ווי מ'דאַרף זיך בעציהען צו די וואוילטהעטער פון דער מענשהייט, האָב איך די עהרע צו פערבלייבען.

זשאָנדרעט'.

P. S. מיין טאָכטער וועט וואַרטען אויף אייער בעפעהל, ליעבער הערר מאַריוס'.

פאַר מאַריוס'ן איז פּלוצים קלאָר געוואָרען די געשיכטע מיט'ן נעכטיגען פּאַקעט, וועהן דער בריעף איז געווען געשריבען מיט דער זעלבער האַנדשריפט און אויף דעמזעלבען פּאַפּיר, וואָס יענע פיער בריעף. ער האָט פערשטאַנען, אַז זשאָנדרעט'ן האָט דער דלות געבראַכט אַזוי ווייט, דאָס ער שרייבט בריעף צו פערמעגליכע וואוילטהעטיגע פערזאָנען, אום צו קריגען פון זיי שטיצע, אַז אונטער די פערשיעדענע נעמען בעהאַלט זיך אַלץ דערזעלבער זשאָנדרעט, אויב שוין אפילו זשאָנדרעט אַליין איז ווירקליך זשאָנדרעט, און טראָגט ניט נאָך אַן אַנדער נאָמען.

---

## 14. די וואָלקענדע רויז.

וועהרענד מאַריוס האָט געלעזען דעם בריעף, איז דאָס מיידעל אַרומגעלאָפען איבער'ן צימער, האָט איבערגעטאַפּט זיינע זאַכען, גענישטערט, געשמעקט, אַלץ בערירט און בעטראַכט.

— אָהאָ! — האָט זי אויסגעשריגען. — איהר האָט דאָך אַ שפּיגעל!

און מיט אַ היזעריגער שטים האָט זי גענומען אונאָנשטענדיגע לידלעך, אָבער מ'האָט געזעהן, אַז זי מאַכט זיך הארץ. חוצפה איז ניט מעהר ווי פערשטעלטע בושה.

מאַריוס'ן איז שווער געווען צו זעהן, ווי זי שוועבט אַזוי אַרום איבער'ן צימער; אין הארצען האָט ער זי בעגלייכט צו אַ פויגעלע, מיט אַ צובראָכענעם פליגעל. עס האָט זיך געפיהלט, אַז אונטער אַנדערע אומשטענדען וואָלט עס געווען אַ בליהענדע רויז.

ער איז געשטאַנען אַ פערטראַכטער און האָט זי געלאָזען טהון וואָס די וויל.

— אַך, ביכער! — האָט די אויסגערופען, און איהרע אויגען האָבען אַ פינקעל געטהון. — איך קאָן אויך לעזען.

איהר טאָן האָט בעוויזען, אַז די איז גליקליך דערמיט, וואָס זי האָט אויך אַ מעגליכקייט זיך האָלטען מיט וואָס־עס־איז צו בערימען. דערנאָך האָט די געכאַפּט אַ פעדער און מיט די ווערטער: „איך קאָן שרייבען אויך!" — האָט זי אָנגעשריבען אויף אַ בויגען פּאַפּיר, וואָס איז געלע

גען אויפן טיש: „די פרעהים זענען געקומען".

— אָרע גרייזען, — האָט זי געזאָגט און אויסגעוואָרפען די פעדער, — מיר האָבען זיך געלערנט, איך און מיין שוועסטער, און נישט שטענדיג זענען מיר געווען אַזעלכע ווי איצט. נישט דערצו זענען מיר געבוירען געוואָרען...

זי האָט פּלוצים איבערגעריסען איהרע ריידע און האָט זיך עפּיס בייז צולאַכט.

מאַריוס האָט אַלץ געשוויגען און געקוקט אויף איהר.

— אין טעאַטער געהט איהר? — האָט זי ווייטער געפּלוידערט. — איך געה אָפּט.

איך האָב אַ ברודעריל, איז ער אַ גאַנצער שמעלקע מיט די אַקטיאָרען, ברענגט ער אונז בילעטען. איהר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגען, הערר מאַריוס? איהר זעהט דאָך עפּיס גאָר אַ גאַנץ שעהן יונגעל!..

ער איז רויט געוואָרען, און זי האָט אַרויפגעלעגט איהר האַנד אויף זיין אַקסעל און שטיל געזאָגט:

— איהר בעמערקט מיך גאָרנישט, אָבער איך קען אייך, איך האָב אייך נישט איינמאָל געזעהן דאָ אויף די שטיעגען און אין גאַס. אייערע פערפלאָנטערטע האָר פּאַסען אייך זעהר צום פּנים...

זי האָט זיך בעמיהט אויסצודריקען צערטליכקייט אין איהר שטים, אָבער עס איז איהר נישט געלונגען, און אויסגעפיהרט האָט זי בלויז דאָס, אַז מ'האָט קוים געהערט, וואָס זי רעדט. מאַריוס האָט זיך לאַנגזאַם אָבגערוקט פון איהר.

— איך האָב געפינען אַ פּאַקעט, — האָט ער געזאָגט מיט זיין געוועהנליכען קאַלטען, ערנסטען טאָן. — דאָס איז, דאַכט זיך, אייערער. דאָ האָט איהר איהם.

— זעהט נור, איך בעט אייך! און מיר האָבען איהם איבערגעזוכט וואו די וועלט האָט אַן עק! — האָט זי אויסגעשריען. — וואו האָט איהר איהם געפינען? אויפן בולוואַר, מסתמא? מיר האָבען מורא געהאַט פאַר קלעפּ, האָבען מיר געזאָגט, אַז מיר האָבען די בריעף פונאַנדערגעטראָגען.

זי האָט געעפענט איינעם פון די בריעף.

— אַהאַ! דאָס איז צו יענעם אַלטיטשקען, וואָס געהט אין קירך. גוט, איך וועל איהם אָבטראָגען דעם בריעף, אפשר וועט ער געבען עפּיס אויף פרישטיק. דאָס וועט זיין פאַר עטליכע טעג.

מאַריוס האָט זיך דערמאָהנט נאָך וואָס די איז געקומען. ער האָט גענומען זוכען אין די קעשענעס און האָט געפונען פינף פראַנק מיט זעכצעהן סו. „די 16 סו וועלען זיין גענוג פאַר מיר אויף מיטאָג, — האָט ער געטראַכט, — און פאַר מאָרגען זאָל גאָט זאָרגען". און ער האָט דערלאַנגט דעם מיידעל די פינף פראַנק. איהר פּנים האָט אויפגעשיינט.

— פינף פראַנק! און אין אַזאַ לאַך! איצט וועלען מיר שוין האָבען גענוג צו פרעסען. נו, אַלץ איינס, צום אַלטיטשקען וועל איך פונדעסטוועגען געהן. אַדיע!

זי האָט זיך געלאָזען צו דער טהיר. אויף דער קאָמאָדע האָט זי דערזעהן אַ פערדאַרט שטיקעל ברויט, האָט עס געכאַפּט אין די צייהן אַריין און איז אַרויס פון צימער.

מאַריוס האָט איהר נאָכגעקוקט. ערשט איצט האָט ער געזעהן, צו וואָס אָרימקייט קאָן ברענגען. ער האָט זיך פאָרגעוואָרפען, וואָס ער איז אַזוי געווען פערטראָגען מיט זיין ליעבע, אַז ער האָט גאָרנישט געזעהן, וואָס אַרום איהם טהוט זיך. וואָס טהוט מען איצט? ווי אַזוי העלפט מען דער דאָזיגער אומגליקליכער פאַמיליע? ער האָט מאַשינאַל געקוקט אויף די וואַנד, וואָס האָט אָבגעטיילט זיין צימער פון דעם צימער, וואו די פאַמיליע זשאָנדרעט האָט געוואוינט. פּלוצים האָט ער בעמערקט אַ לעכיל אין דער וואַנד, הויך פון דער ערד. „עס איז כדאי צו זעהן, ווי אַזוי די דאָזיגע מענשען לעבען", האָט ער צו זיך געזאָגט. ער האָט צוגעשטעלט אַ שטוהל צו דער וואַנד, איז אויף איהם אַרויפגעקראָכען און האָט געוואָרפען אַ בליק אין דאָס צימער פון זיינע שכנים.

# 15. גרויסע אָרימקייט.

דער דלות האָט געפּײַנט אין אַלע ווינקעלעך. דאָס צימער איז געווען כמעט אָהן מעבעל, און אַזוי ווי עס איז געווען גרויס, האָט די אָרימקייט נאָך מעהר זיך געוואָרפען אין די אויגען.

אויף איין בעט איז געזעסען אַ פרוי, קענטיג — מאַדאַם זשאַנדרעט. זי איז געווען אַ הויכע, געזונדטע פרוי פון אַ יאָהר פערציג. אויפ'ן צווייטען בעט איז געזעסען די יונגערע טאָכטער כמעט אַ נאַקעטע; זשאַנדרעט אַליין איז געזעסען בײַם טיש און האָט געשריבען, — מסתמא, איינעם פון זײַנע בריעף „צו די וואוילטהעטער״; ער האָט געוויכערט אַ ליולקע. קיין ברויט אין הויז איז נישט געווען, נאָר אַ ביסעל טאַבאַק איז נאָך, ווייזט אויס, געבליבען. און אייזען האָט געבראַכט אַ שוואַך פייער.

— כלבים! — האָט זשאַנדרעט בײַז אַרויסגעברומט, פיהרענדיג מיט דער פעדער איבער'ן פאַפּיר.

— ערגער זיך נישט, מײַן פרײַנד, — האָט מאַדאַם זשאַנדרעט געזאָגט, — די אַלע מענשען זענען אָבער ווערטה, דו זאָלסט זיי שרײַבען;

געזאָגט האָט זי עס פויל און קאַלט. די פרוי האָט, קענטיג, אַמאָל געליעבט איהר מאַן, נאָר די דחקות און די שטענדיגע קריגערײַען אין הויז האָבען פערטריבען די דאָזיגע געפיהלען. עס זײַנען פערבליבען בלויז די אַלטע ווערטער, וואָס זי האָט שוין געקענט אויף אויסווייניג;

מאַריוס האָט אַלץ געזעהן און געהערט יעדעס וואָרט. ער האָט שוין געוואָלט אַראָבקריכען פון שטוהל, ווען די טהיר האָט זיך געעפענט, און די עלטערע טאָכטער איז אַרײַנגעקומען.

— ער קומט, — האָט זי געזאָגט;

— ווער? — האָט דער פאָטער געפרעגט;

— דער אַלטער, פון דער קירך סען-זשאַק;

— טאַקע? דו האָסט נישט קיין טעות?

— ער וועט דאָ באַלד זײַן. ער פאָהרט אויף אַ דראָזשקע.

— אויף אַ דראָזשקע? אָהאָ, דאָס מוז זײַן אַ ראָטשילד!

און דער אַלטער איז אויפגעשטאַנען פון אָרט.

— ווי אַזוי ווייסטו, אַז ער וועט קומען? האָט ער געלעזען מײַן בריעף? ווי אַזוי ביזטו געקומען פריהער, ווי באַלד ער פאָהרט אויף אַ דראָזשקע?

— טאַ-טאַ-טאַ, ווי ער האָט זיך דאָס צולאָזט אַ ביסעל! — האָט די טאָכטער מיט העזה געזאָגט. — וואַרט אַ ווײַלע, וועל איך דיר ערקלערען; דורכגעלעזען דעם בריעף, האָט ער געפרעגט: „וואו וואוינט איהר, מײַן קינד?״ „איך וועל אײַך פיהרען צו אונז״, האָב איך געזאָגט; דאַן האָט ער ערקלערט, אַז זײַן טאָכטער דאַרף פריהער אײַנקויפען אין די קראָמען, וועט ער דערנאָך נעהמען אַ דראָזשקע און קומען צופאָהרען. איך האָב איהם געגעבען אונזער אַדרעס. אַז ער האָט געהערט, וואו מיר וואוינען, האָט ער זיך עפּיס אַזוי ווי פערוואונדערט און האָט זיך געקווענקעלט אַ ביסעל, דערנאָך האָט ער געזאָגט: „גוט, אַלץ איינס, איך וועל פונדעסטוועגען קומען״. דערנאָך האָב איך געזעהן, ווי ער האָט גענומען אַ דראָזשקע.

— וואָסער נומער?

— נומער 440;

— גוט; ביזט אַ מויד מיט פערשטאַנד,

זי האָט געענטפערט מיט חוצפה:

— אַ מויד מיט פערשטאַנד בין איך טאַקע, אָבער אין אַזעלכע צוריסענע שיך וויל איך מעהר נישט געהן; איך מוז האָבען אַ נײַע פאָר שיך;

— גוט, דאָס וועלען מיר שוין זעהן, — האָט דער פאָטער געענטפערט, און האָט זיך געווענדט צו זײַן פרוי מיט אַ פרעהליכען טאָן. — הערסט, אַלטע? אַ וואוילטהעטער קומט, פערלעש תיכף דאָס פייער אין אייווען.

די פרוי האָט איהם אָנגעקוקט ערשטוינט, זעהענדיג, אַז זי ריהרט זיך נישט פון אָרט, האָט

ער גענומען א טאפ מיט וואסער און האט פערגאסען דאס פייער.

— און דו, — האט ער בעפוילען צו דער עלטערער טאכטער, — לעכער דורך דעם שטוהל.

זי האט איהם נישט פערשטאנען. ער האט א זעץ געטהון מיטן כח אין זיין פנים שטוהל און איהם דורכגעבראכען. הערנאך האט ער געפרעגט:

— קאלט אין דרויסען?

— זעהר קאלט.

— אויסגעצייכענט! עה, דו, פוילע שטיק!—האט ער אנגעשריען אויף די יונגערע טאכטער. — קריך ניר אראב פון בעט און ברענג אוים א שויב.

דאס מיידעל איז אויפגעשטאנען פון ארט און איז געשטאנען אין אנטשלאפענער פאזע.

— ביזט טויב געווארען, צו אלדע שווארצע יאהר, צי וואס! שלאג אוים א שויב, זאג איך דיר!

זי האט דערשראקען אויפגעהויבען איהר האנד און א זעץ געטהון אין א שויב, וועלכע איז צופלויגען געווארען מיט א קלונג.

— זאט אזוי!

ער האט אויסגעזעהן ערנסט און פערזעסקיט, ווי א קאמאנדיר אויפ'ן שלאכט־פעלד.

— און דו, אלטע, קריך אין בעט אריין, שנעלער, ריהר זיך!

דא האט זיך דאס מיידעל צעוויינט: זי האט זיך צוקלאמערט די האנט אן די שויב.

— שא, וויין נישט, — האט די מוטער געזאגט, — דער טאטע וועט זיך ביזערן.

— ניין, פערקעהרט, — האט זשאנדרעט זיך אפגערופען, — וויין העכער.

ער האט אבגעריסען א שטיקעל פון זיין העמד און איבערגעבונדען דער טאכטערס האנד.

— נו, גוט, איצט איז שוין דאס העמד אויך אין דער ארדנונג. איצט מעג ער קומען. און ווי וועט זיין, אז ער וועט נישט קומען? דאב איך אומזיסט פערלאשען דאס פייער, צובראכען דעם שטוהל און די שויב, צוריסען דאס העמד!

— און פערוואונדעט די קליינע!—האט די מוטער געזאגט.

— ער וועט אבער קומען. ער וועט טאר לאזען ווארטען זיך א ביסעל: „גישקשה, איהר אויגע און אזינע — איהר מעגט ווארטען א ביסעל!" אך, מיט וואס פאר א פערגעניגען איך וואלט איהם דערווארגען!

ער האט געשוויגען א ביסעל.

— וואס קומט פארט נית אט די וואוילטהעטיגע צורה? אפשר האט ער גאר פערגעסען דעם אדרעס? איך גיה אין געוועט, אז אט די אלטע בהמה...

אין דער מינוט האט מען לייכט אנגעקלאפט אין טהיר. דער אלטער איז אויפגעשפרונגען, האט מאמענטאל איבערגעקעהרט א פנים, האט ברייט געעפענט די טהיר און אויסגעשריען מיט א חניפהדיגער שטים:

— קומט אריין, קומט אריין, מיין הערר, און איהר, ליעבעס פריילין!

מאריוס האט נאך אלץ געקוקט אין צימער הורך דאס לעכיל אין וואנד. אונמעגליך צו בעשרייבען, וואס ער האט דערפיהלט אין דער מינוט: אין טהיר האבען זיך בעוויזען — דער הערר לעבלאן מיט זיין טאכטער.

# 16. א בעקאנט פנים.

מאריוס איז געשטאנען און האט געקוקט, און זיין הארץ האט זיך געצאפעלט פון גליק און בענקעניש. דאס מיידעל, וואס ער האט גערופען „מיין אורזולא", איז אריינגעקומען אין זשאנדרעט'ס צימער און האט אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש א היבש פעקיל. זשאנדרעטס עלטערע טאכטער האט זיך אוועקגעשטעלט הינטער דער טהיר און פון דארט האט זי מיט א פינסטערער מינע געקוקט אויף דעם סאמעטענעם הוט, אויף דאס אטלעסענע פעלצעל און בליהענדע געזיכט פון דעם יונגען מיידעל.

אין צימער איז געווען אזוי פינסטער,

אז די ניי-אנגעקומענע זענען געגאנגען פארזיכטיג, כמעט ווי טאפענדיג מיט די הענד. הערר לעבלאן איז צוגעגאנגען צו זשאנדרעט׳ן און האט געזאגט:

— אין דעם פעקיל וועט איהר געפינען נייע קליידער, זאקען און קאלדרעס.

— איהר בעשיט אונז מיט מתנות!!

— האט זשאנדרעט חניפה׳דיג געזאגט און האט זיך געבוקט כמעט ביז צו דער ערד.

און צו דער טאכטער האט ער א מורמעל געטהון:

— איך האב פריהער געוואוסט, — אנגעבראכט שמאטעס, נישט קיין געלד!, די לייט זענען אלע אויף איין שניט. אגב אורחא, מיט וואס פאר א נאמען איז געווען אונטערגעשריבען דער בריף פון דעם דאזיגען אלטען תרח?

— פאבאנטו.

— א דראמאטישער ארטיסט? גוט.

פונקט אין דער מינוט האט זיך דער נאסט געווענדעט צו זשאנדרעט׳ן

— איך זעה, אז איהר געפינט זיך אין א שרעקליכער לאגע, הערר...

— פאבאנטו, — האט איהם זשאנדרעט אונטערגעזאגט. — א דראמאטישע ארטיסט, מיין הערר, וואס האט אמאל געהאט גרויסען ערפאלג. איצט זעהט איהר, מיין וואוילטהעטער, מיר האבען נישט וואס צו עסען, נישט מיט וואס צו הייצען. דער איינציגער שטוהל איז צובראכען, א שויב איז אויסגעשלאגען, און אין אזא וועטער!! מיין פרוי ליעגט אויפ׳ן קראנקען בעט, מיין טאכטער האט זיך פערוואונדעט א האנד ביי דער מאשין, און מעגליך, אז מ׳וועט איהר מוזען אראבנעהמען די האנד.

— וואס רעדט איהר!, — האט לעבלאן מיט שרעק געפרעגט.

— יא, יא!, — האט זשאנדרעט געענטפערט און ביני לביני האט ער געפונען צייט א מורמעל צו טהון זיין ווייב: „בעטראכט נאר דעם דאזיגען מאן: עפיס איז ער מיר זעהר קענטליך״. דערנאך האט ער זיך ווידער געווענדעט צום בעזוכער:

— יא, יא, מיין הערר, מיר זענען אין געהאקטע צרות. און צו דעם אלעם וועט מען אונז מארגען ארויסיאגען פון דער וואוינונג, ווייל מיר זענען שוין שולדיג פאר צוויי טערמינען, זעכציג פראנק.

הערר לעבלאן האט ארויסגענומען פינף פראנק און האט זיי אוועקגעלעגט אויפ׳ן טיש.

— ס׳אר א לומפ!! — האט זשאנדרעט א מורמעל געטהון צו זיין עלטערער טאכטער. — מיינט ער אין דער אמת׳ן, אז איך קאן עפיס מאכען מיט זיינע פינף פראנק? דאס איז ווייניג שוין פאר׳ן שטוהל און פאר די שויב אליין! הייגט געה לעבּ נאך קאסטען אויף אזעלכע אורחים.

דערווייל האט הערר לעבלאן אויסגעטהון זיין מאנטעל און האט איהם אוועקגעלעגט אויף א שטוהל.

— איך האב ביי זיך מעהר נישט ווי פינף פראנק, — האט ער געזאגט, — אבער איך וועל בעגלייטען מיין טאכטער אהיים און וועל קומען צוריק. איהר מוזט דאך בעצאהלען דירה-געלד נאך הייגט?

אויף זשאנדרעט׳ס געזיכט האט זיך בעוויזען עפיס א מאדנער אויסדרוק.

— יא, מיין הערר, — האט ער האסטיג געענטפערט, — אכט א זייגער מוז איך זיין ביים הויזווירטה.

— גוט, וועל איך דא זיין זעקס א זייגער און וועל אייך ברייננען זעכציג פראנק.

— מיין רעטהער! — האט זשאנדרעט אויסגעשריען, אויסער זיך פון פריידע, און צום ווייב האט ער שטיל געזאגט: — קוק זיך נאר גוט איין אין איהם!...

לעבלאן האט דערווייל גענומען זיין טאכטער אונטער דער האנד און זיך געלאזען ארויסגעהן, זאגענדיג:

— צום ווידערזעהן!!

— איהר האט פערגעסען אייער מאנטעל, מיין הערר, — האט זשאנדרעט׳ס על-

טערע טאָכטער געזאָגט.

— איך האָב איהם נישט פֿערגעסען, איך האָב איהם איבערגעלאָזען.

זשאַנדרעט האָט זיך געבוקט און געדאַנקט און איז מיטגעגאַנגען בעגלייטען דעם פֿאָטער מיט דער טאָכטער.

## 17. מאַדעמואַזעל זשאַנדרעט.

הנם דאָס איז פֿאָרגעקומען פֿאַר מאַריוס'ן אין די אויגען, האָט ער אין דערווירקליכקייט גאָרנישט געזעהן, ווייל די גאַנצע צייט האָט ער נישט אַראָבגענומען קיין אויג פֿון דעם יונגען מיידעל. אַז זי איז אַרויסגעגאַנגען פֿון צימער, האָט איהם איין געדאַנק איינגאַנצען בעהערשט: נאָכגעהן איהר, נישט אָבלאָזען זי פֿון אויג און אויסגעפֿינען, וואו זי וואוינט, נישט פֿערלירען זי נאָכאַמאָל, נאָכדעם ווי ער האָט זי על פי נס ווידער געפֿונען. ער האָט אָבער מורא געהאַט אַרויסגעהן אין קאָרידאָר, טאָמער דערזעהט איהם דער העררר לעבלאַן. ווען ער האָט זיך ענדליך בעשלאָסען צו עפֿענען די טהיר פֿון זיין צימער, זענען זיי שוין אין קאָרידאָר נישט געווען.

ער איז אַרויסגעלאָפֿען פֿון הויז און האָט דערזעהן, אַז אַ דראָזשקע פֿאָהרט אָב שנעל צו דער שטאָדט. דעריאָגען זי צו־פֿוס איז געווען אונמעגליך. וואָס טהוט מען? צום גליק איז אָנגעפֿאָהרען אַ ליידיגע דראָזשקע. מאַריוס האָט געהייסען דעם קוטשער זיך אָבשטעלען און האָט אויסגעשריען:

— אויף דער שטונדע!

דער קוטשער האָט זיך אָבגעשטעלט און געוואָרפֿען אַ בליק אויפ'ן יונגען מאַן, וועלכער איז אַרויסגעלאָפֿען פֿון הויז אָט ווי ער איז געווען געקליידעט: אָהן אַ האַלזטוך און אין אַן'אַלטען, צוריבענעם אַרבייטער־ראָק. דער קוטשער האָט דעריבער אויסגעשטרעקט זיין האַנד, האָט אַ רייב געטהון אַ פֿינגער אָן אַ פֿינגער און האָט מיט אַ שמייכעל צוגעוואונקען.

— וואָס? — האָט מאַריוס נעפֿרעגט.

— געלד פֿאָראויס! — האָט דער קוטשער געענטפֿערט.

מאַריוס האָט זיך פּלוצים דערמאָהנט, אַז ער האָט נישט מעהר ווי זעכצעהן סו.

— וויפֿיעל? — האָט ער געפֿרעגט.

— פֿערציג סו.

— איך וועל בעצאָהלען, אַז מיר'ן קומען צוריק.

דער קוטשער האָט געטהון אַ פֿייף און אַ שמיץ דאָס פֿערד. מאַריוס האָט איהם נאָכגעקוקט, ווי אַ פֿערלוירענער. דערנאָך איז ער אַ פֿערצווייפֿעלטער אַוועק צו זיך אַהיים.

ווען ער האָט שוין געוואָלט פֿערמאַכען די טהיר פֿון זיין צימער, האָט ער דערשפּירט, אַז עמיצער האַלט זי צו פֿון קאָרידאָר. ער האָט אַרויסגעקוקט און דערזעהן די עלטערע מאַדמואַזעל זשאַנדרעט. ער איז בייז געוואָרען: וואָלט ער איהר נישט געווען אַוועקגעגעבען די פֿינף פֿראַנק, וואָלט ער שוין איצט געוואוסט, וואו אורזולאַ וואוינט.

— וואָס ווילט איהר נאָך? — האָט ער גראָב געפֿרעגט.

זי איז געווען פֿערטראַכט. איהר חוצפּה איז פֿערשוואונדען.

— איהר זענט עפּיס דערשלאָגען, הערר מאַריוס, וואָס איז געשעהן?

— מיט מיר? גאָרנישט.

— און איך זאָג, אַז יאָ.

— לאָזט מיך צו־רוה!

ער האָט געוואָלט פֿערשליסען די טהיר, אָבער זי האָט נישט געלאָזען.

— וואַרט אַ ווײַלע. איהר זענט געווען גוט צו אונז, חאָטש איהר זענט אַליין אָרים. איך וויל אייך אָבדינען מיט עפּיס. איך וויל נישט וויסען אייערע סעקרעטען, אָבער אפֿשר קאָן איך אייך מיט עפּיס בעהילפֿיג זיין? בעפֿעהלט.

אַז מען טרינקט זיך, חאַפּט מען זיך אָן

און אַ שטרוי. בײַ מאַריוס'ן אין קאָפּ האָט אַ פינקעל געטהון אַ געדאַנק.

— הער נור ... — האָט ער געזאָגט.

— יאָ! — האָט זי אויסגערופען, און פרייד האָט אויפגעבליצט אין איהרע אויגען. — זאָגט מיר „דו״ ...

— אַלזאָ, הער. דו האָסט געבראַכט צופיהרען דעם אַלטען מיט זײַן טאָכטער?

— יאָ.

— ווייסט, וואו זיי וואוינען?

— ניין.

— געפין מיר אויס זייער אַדרעס.

דעם מיידעל'ס בליק איז געוואָרען פינסטער.

— אָט וואָס איהר ברויכט! — האָט זי געזאָגט.

— יאָ.

— איהר קענט דען מיט זיי בעקאַנט?

— ניין.

— דאָס הייסט: איהר קענט מיט איהר נישט בעקאַנט, נאָר איהר ווילט זיך בעקענען.

און איהר טאָן איז געוועזען אַ געוויסע ביטערקייט.

— אַלזאָ? — האָט מאַריוס געפרעגט.

— קאָנסטו עס טהון פאַר מיר?

— איהר וועט האָבען דער שענער פרײַלינ'ס אַדרעס.

און ווידער איז פון איהר טאָן מאַריוס'ן געוואָרען אונאַנגענעהם.

— אַלץ איינס: זייער ביידענס אַדרעס.

זי האָט אויף איהם שאַרף אַ קוק געטהון.

— און וואָס וועט איהר מיר געבען דערפאַר?

— אַלץ וואָס דו וועסט ווֶעלען!

— וואָס איך וועל וועלען?...

— יאָ.

— איהר וועט קריגען דעם אַדרעס.

זי האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, דערנאָך איהם אויפגעהויבען און מיט אַ שאַרפער בעוועגונג פערהאַקט די טהיר.

## 18. ווידער זשאַווער.

נאָך דעם מיידעל'ס אַוועקגאַנג איז מאַריוס געזעסען אַ היבשע צײַט פערטראַכט, שוועבענדיג צווישען בענקעניש נאָך „אורזולאַ'ן" און האָפנונג זי ווידער צו זעהן. פּלוצים האָט זשאַנדרעט'ס שטים איבערגעריסען זײַנע געדאַנקען.

— איך זאָג דיר, אַז ס'איז ער! איך האָב איהם גלײַך דערקענט.

אויף מאַריוס'ן האָבען די הערטע געמאַכט אַ מאָדנעם אײַנדרוק. אַליין נישט ווייסענדיג פאַרוואָס, האָט ער בעשלאָסען, אַז זיי בעציהען זיך אוים'ן העררן לעבלאַן. זשאַנדרעט האָט איהם דערקענט? קען ער איהם, הייסט עס? וועט מאַריוס ענדליך אויסגעפינען, ווער איז געוועזען דער פאָטער פונ'ם מיידעל, וועלכעס ער האָט געליעבט?

ער האָט צוגעשטעלט אַ שטוהל צו דער וואַנד און ווידער פערקוקט אין שפּאַלט.

זשאַנדרעט האָט גע'טענה'ט צו זײַן פרוי:

— איך האָב האָך דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט זיך אין איהם גוט אַײַנקוקען! דאָס איז ער, זיכער ער. און ווייסט, וואָס איך וועל דיר נאָך זאָגען? — דאָס מיידעל...

מאַריוס האָט אַ ציטער געטהון און האָט גענומען נאָך בעסער זיך אײַנצוהערען: מ'האָט גערעדט פון „איהר".

— ... דאָס מיידעל — האָט זשאַנדרעט ווײַטער גערעדט, — איז ... יענע.

— ווער—יענע? — האָט מאַדאַם זשאַנדרעט איבערגעפרעגט.

זשאַנדרעט האָט זיך צוגעבויגען צו איהר און האָט איהר עפּיס געזאָגט אוים'ן אויער. די פרוי איז אויפגעשפּרונגען.

— עס קאָן נישט זײַן! — האָט זי אויסגעשריען.

— און איך זאָג דיר, אַז ס'איז זי!

— די יעלבע?...

— די יעלבע.

שווער צו בעשרײַבען דעם אויסדרוק, וואָס דער פּרויס געזיכט האָט געקראָגען: דאָ איז געװען ערשטוינען און שנאה און צאָרן צוזאַמען.

— אָט די שנאָרערין זאָל עס זײַן! אַנ־אַטלאַסענעם פּעלציעל, אַ סאַמעטענעם היטעלע, שי־כעלעך, — װעהרענד מײַנע טעכטער זענען באָר־וועס און נאַקעט! אַ, איך װאָלט זי געטראָ־טען מיט די פּיס!..

זשאָנדרעט האָט אַרויסגעלעגט די האַנד אויף איהר אַקסעל און האָט געלאַסען געזאָגט:

— איך האָב דיר געװאָלט זאָגען נאָך אַ זאַך.

— װאָס נאָך?

— אַז איך בין איצט אַ נגיד־עשיר.

די פּרוי האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַזאַ מינע, װי זי װאָלט װעלען זאָגען: „ביזט פֿון זינען אַראָב?"

— געװיס! — האָט זשאָנדרעט ענטשלאָ־סען געזאָגט. — צו־לאַנג בין איך געװעסען אָהן ברויט. איצט װיל איך אַ לעב טהון. איך װיל זיך גוט אָנפּרעסען און אָנזויפען, אײי־דער איך װעל פּגרין.

— װאָס װילסטו דערמיט זאָגען? — האָט די פרוי געפרעגט.

— הער: דער דאָזיגער מיליאָנער איז אַרײַן אין נעץ. איך האָב איהם געפּאַקט. אין אָװענד װעט ער קומען אַהער, װעט מען שוין אויף איהם װאַרטען: מיט אַ פּאָר גוטע ברי־דער האָב איך שוין גערעדט, מיט אַ פּאָר װעל איך נאָך איבעררײדען. אין אָװענד געהט די װעכטערין אַװעק און אונזער שכן קומט שפּעט אַהײם. דרויסען װעלען שטעהן אונזערע מײדע־לעך אויף דער װאַך. מיר׳ן זיך נעהמען צו איהם, און ער װעט מוזען נאָכגעבען.

— און אויב ער װעט נישט נאָכגעבען?

זשאָנדרעט האָט זיך פּונאַנדערגעלאַכט מיט אַ בײזען געלעכטער.

— ער װעט װײכער װערען! נאַ דיר די פֿינף פראַנק און גרײט מיר אָן אַ פּיערפּאַן מיט הויסע קויהלען. אין די קויהלען זאָלסטו אַרײַנלעגען אָנגליהען דאָס שטעם־אײַזען... נו, דערװײַל געה איך אַװעק.

ער האָט געעפענט די טהיר און איז אַרויס פֿון צימער.

מאַריוס האָט דאָס אַלץ געהערט. װעגען לעבלאַנ׳ען האָט ער זיך גאָרנישט דער־װאוסט, אָבער אײן זאַך איז איהם קלאָר געװאָרען: דער אַלטער און זײַן טאָכטער זענען אין געפאַהר, עפּיס פּאָרבערײטעט זיך געגען זײ. „גוט, — האָט מאַריוס צו זיך געזאָגט, — איך װעל זײ ראַטעװען".

אָבער װאָס הויבט מען אָן צו טהון? געהן װאָרענען דעם אַלטען, ער זאָל נישט קומען, קאָן ער נישט: ער װײסט נישט זײַן אַדרעס. װאַרטען אויף איהם בײַ דער טהיר פֿון הויז — װעט זשאָנדרעט זיך שטויסען און װעט צו־קלערען אַנאַנדער פּלאַן. אַלזאָ, פאַר־האַן בלויז אײן עצה.

מאַריוס האָט זיך אָנגעקלײדט און איז אַװעק אין די פּאָליציי, װאו ער האָט געפרעגט אויפ׳ן קאָמיסאַר.

— דער קאָמיסאַר איז נישטאָ, — האָט מען איהם געענטפערט, — נאָר אויב איהר קומט װעגען אַ נויטיגער אָנגעלעגענהײַט, קאָנט איהר זעהן דעם פּאָליציי־אינספּעקטאָר.

דער אינספּעקטאָר איז געװען אַ הויכער, פעסטער און שטרענגער מענש. ער האָט מאַר־יוס׳ן אויפמערקזאַם אויסגעהערט, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איהר האָט מורא פאַר די דאָזיגע מענשען?

— נײן, — האָט מאַריוס געענטפערט.

— אַ שליסעל פֿון קאָרידאָר האָט איהר?

— יאָ.

— גיט מיר איהם אַװעק.

ער האָט גענומען בײַ מאַריוס׳ן דעם שלי־סעל, דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען צװײ קלײנע רעװאָלװערען, האָט זײ געגעבען מאַר־יוס׳ן און געזאָגט:

— געהט אַהײם, שטעלט זיך נעבען שפּאַלט אין דער װאַנד און גיט אַכטונג אויף אײַערע שכנים. לאָזט זײ אָנפאַנגען און דער־

נאָך שיִמט אוים איין מאָל בּין אַ רעוואָלווער. דאָם איבּעריגע איז שוין מיַין זאַך.

אַז מאַריוס איז שוין געשטאַנען בּיַי דער טהיר, האָט דער פּאָליציַי־בּעאַמטער צוגעגעבּן:

— אויבּ איהר וועט מיך נויטיג האָבּען פריהער, קוּמט צוגעהן אָדער שיקט ווען. פרעגען זאָל מען זיך אויפ'ן אינספּעקטאָר זשאַווער.

---

פאָה זעקס אַ זייגער איז מאַריוס אַהיים־געקראָכען אויף אַ שטוהל און איז צוגעפאַלען מיט'ן אויג צום שפּאַלט אין דער וואַנד. אַ רויט פייער האָט בּעלויכטען דאָם צימער פון דער פאַמיליע זשאָנדרעט: אין אַ ווינקעל איז געשטאַנען אַ פייערפאַן מיט גליהענדע קויה־לען און האָט געוואָרפען אַ רויטע שיין אויף די ווענד. זשאָנדרעט איז געזעסען בּיַים טיש און האָט בּעטראַכט אַ מעסער. זיַין פרוי איז געזעסען אַנטקעגען איהם. אין אַ ווינקעל זע־נען געלעגען עפּים אינסטרומענטען און אַ שטריק־לייטער. פון קעמערל, וואָם איז גע־ווען דערנעבּען, האָט מען פון ציַיט צו ציַיט געהערט עפּים אַ געמורמעל: קענטיג, דאָרט זע־נען געזעסען בּעהאַלטען עטליכע מענשען.

— געה אַריַין צום שכן, — האָט זשאָנד־רעט זיך געווענדט צו זיַין פרוי, — און נעהם אַהער אַ פּאָר שטוהלען.

מאַריוס האָט קוים צייט געהאַט צו בּע־האַלטען זיך אונטערן בּעט. די פרוי האָט צוגענומען די שטוהלען. מאַריוס האָט זיך גע־שטעלט נעבּען שפּאַלט.

דער זייגער אויף דער קירך סען־מעדאַר האָט געשלאָגען זעקס.

— זאָל ער נור קומען! — האָט זשאָנד־רעט געזאָגט.

אין דערזעלבּער מינוט האָט מען אָנ־געקלאַפּט אין טהיר. מאַדאַם זשאָנדרעט האָט געעפענט, און אויף דער שוועל האָט זיך בּע־וויזען לעבּלאַן.

— קומט אַריַין, מיַין העַר, — האָט זשאָנדרעט געזאָגט און זיך פערנויגט.

הער לעבּלאַן האָט אַוועקגעלעגט אויפ'ן טיש אַכטציג פראַנק מיט די ווערטער:

— דאָ האָט איהר דערוויַיל אייער דירה־געלד, הער פאַבּאַנטו, און אַ פּאָר פראַנק אויף דאָם נויטיגסטע. אין וויַיטער העלען מיר זעהן.

— זאָל אייך גאָט ממלא זיַין, מיַין גוטער הער! — האָט זשאָנדרעט אויסגעשריען.

לעבּלאַן האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטוהל, און בּעמערקענדיג, אַז די בּעטען זענען ליידיג, האָט ער געפרעגט:

— וואָם מאַכט אייער טאָכטער?

— נישט גוט, — האָט זשאָנדרעט גע־ענטפערט. — די עלטערע שוועסטער האָט זי אַוועקגעפיהרט אין שפּיטאָל, מ'זאָל איהר בּאַנ־דאַזשירען די האַנד.

— און מאַדאַם פאַבּאַנטו? — בּעסער אַ בּיסעל?

— ערגער, קוים וואָם זי לעבּט, נאָר זי איז זעהר הילדזאַם. דאָם איז אַן אַקס, נישט קיין פרוי.

גערירט פון אַזאַ קאָמפּלימענט, האָט די דאַמע געזאָגט:

— בּיזט זעהר פריַינדליך צו מיר, זשאָנד־רעט.

— ווי, זשאָנדרעט? — האָט הער לעבּ־לאַן איבּערגעפרעגט. — אייער פאַמיליען־נאָמען איז, דאַכט מיר, פאַבּאַנטו?

— דאָם איז אַלץ איינם, — האָט דער מאַן געזאָגט און געוואָרפען אויף די פרוי אַ בּייזען בּליק, — דאָם איז מיַין טעאַטער־נאָמען.

ער האָט גענומען ריידען וועגען זיַין לאַגע, וועגען זיינע פּלענער, שפּרינגענדיג פון איין טעמע צו דער צווייטער. דערוויַיל האָט מאַריוס דערזעהן אין צימער עפּים נאָך אַ מענ־שען, וועלכער איז שטיל אַריַין דורך די טהיר. ער איז געווען האַלבּ נאַקעט, די הענד און דאָם פּנים אויסגעשמירט אין שוואַרצען. ער האָט זיך אָהן לשון אַוועקגעזעצט אויף אַ בּעט.

אינסטינקטיוו האָט הער לעבּלאַן אויך געוואָרפען אַ בּליק אין יענע זייט און האָט דער

וועהן דעם דאָזיגען פערדעכטיגען נפש.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מענש? — האָט ער געפרעגט.

— יענער? ס'איז מיינער אַ שכן.

דער שכן האָט אויסגעזעהן אַ ביסעל מאָדנע. אָבער אין יענער געגענד זענען געווען כעמישע פאַבריקען, וואַהרשיינליך האָט ער געאַרבייט אין אַזאַ פאַבריק, וואו די אַרבייטער שמירען זיך אויס ביי דער אַרבייט. הערר לעבלאַן איז געבליבען רוהיג.

— ענטשולדיגט, הערר זשאָנדרעט, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב נישט איינגעהערט, וואָס איהר האָט געזאָגט.

— איך האָב געזאָגט, — האָט זשאָנדרעט געענטפערט מיט אַ זיסער שטים, — אַז איך האָב אַ בילד צו פערקויפען.

ביי דער טהיר האָט זיך געלאָזט הערען אַ לייכט גערויש. נאָך אַ מענש איז אַריינגעקומען און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן בעט. ער איז אויך געווען פערשמירט אין שוואַרצען. לעבלאַן האָט איהם בעמערקט.

— ס'איז גאָרנישט, — האָט זשאָנדרעט געזאָגט, — ס'איז אויך אַ שכן. יאָ, האָב איך געזאָגט, אַז איך האָב אַ טייער בילד צו פערקויפען. איהר ווילט אַ קוק טהון?

ער איז אויפגעשטאַנען, האָט אַרויסגעשלעפּט פון ווינקעל עפּיס אַ בילד און דאָס געוויזען.

— וואָס איז דאָס? — האָט לעבלאַן געפרעגט.

— די אַרבייט פון אַ קונסטלער; זעהר אַ טייער בילד, מיין הערר. עס איז מיר זעהר טייער, אָבער די דחקות צווינגט מיך זיך דערמיט צו שיידען.

דערווייל האָט לעבלאַן בעמערקט, אַז אין צימער זענען שוין פאַראַן פיער פרעמדע מענשען, געקליידעט אין „פערפוצט" אויף דעמזעלבען אַרט.

— אָ, דאָס איז גאָרנישט! — האָט זשאָנדרעט געזאָגט. — דאָס זענען מיינע גוטע בעקאַנטע. אויסגעשמירט זענען זיי, ווייל זיי זענען אייווענמאַכערס. קויפט בעסער מיין בילד. און וויפיעל שאַצט איהר עס?

— אָבער, — האָט לעבלאַן געזאָגט, קוקענדיג זשאָנדרעט'ן גלייך אין די אויגען, — דאָס איז דאָך אַ סאָרט שילד פון אַ שיינק; דאָס איז ווערטה אַם העכסטען דריי פראַנק.

— אַייער טייסטער האָט איהר מיט זיך? — האָט זשאָנדרעט ווייך געפרעגט. — איך בין גרייט דאָס אייך אָבצולאָזען פאַר טויזענד גאָלדשטיקער.

לעבלאַן איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך געשטעלט מיט'ן רוקען צו דער וואַנד און האָט געוואָרפען אַ בליק אַרום זיך. מאַדאַם זשאָנדרעט איז געשטאַנען ביי דער טהיר, די פיער אומבעקאַנטע זענען געזעסען שטום און אפילו נישט געקוקט אין זיין זייט. זשאָנדרעט האָט דערווייל ווידער גענומען רעדען מיט אַ וויינענדיגער שטים:

— איב איהר, מיין הערר, וועט נישט קויפען דאָס בילד, ווייס איך נישט, וואָס איך וועל טהון. עס קומט מיר אויס נאָר דאָס לעבען זיך נעהמען.

ער האָט פלוצים איבערגעריסען זיינע רייד. דאָס דאָזיגע ניהדריגע מענשעלע איז ווי אויסגעוואַקסען און איז געוואָרען שרעקליך. אין זיינע אויגען האָט זיך אָנגעצונדען אַ פייער. ער איז צוגעטראָטען נעהנטער צו לעבלאַנ'ען און האָט אויסגערופען מיט אַ דונערנדע שטים:

— נישט דאָס בין איך אויסען! דערקענט איהר מיך?..

## 20. אַלטע בעקאַנטע.

די טהיר פון צימער האָט זיך פלוצים ברייט געעפענט און אויף דער שוועל האָבען זיך באַוויזען דריי מענער אין לייווענטענע בלוזעס, אין מאַסקעס פון שוואַרצען פּאַפּיר. איינער, זעהר אַ מאָגערער, האָט געהאַלטען אַ דיקען שטעקען, געשמידט אין אייזען; דער צווייטער, אַגרעסערער ריז, האָט געטראָגען אַ האַק, און דער דריטער, נישט פעט און נישט מאָגער, איז געווען באַוואַפענט מיט אַ אומגעהויערן שליסעל.

זשאַנדרעט האָט, קענטיק, געוואַרט בלויז אויף זי. ער האָט שנעל געפֿרעגט:

— אַלעס פֿאַרטיג?

— אין דער אָרדנונג.

— די דראָשקע?

— נעבען דער טהיר.

— דער וואָגען?

— געשפּאַנט.

— גוטע פֿערד?

— אויסגעצייכענטע.

העררע לעבלאַן איז געווען בלאַס. ער האָט געקוקט אַרום זיך מיט ערשטױנען, ווי אַ מענש, וואָס האָט זיך ערשט געכאַפּט, וואוהין ער איז אַריינגעפֿאַלען, אָבער קיין שרעק איז אויף איהם נישט געווען צו באַמערקען. דער דאָזיגער מענש, וואָס האָט אַ מינוט פֿריהער אויסגעזעהן ווי אַן איינפֿאַכער, גוטמוטהיגער אַלטינקער, האָט זיך אויסגעגלייכט און זיך פּלוצים פֿערוואַנדעלט אין אַן אַטלעט. ער האָט געמאַכט פֿון טיש אַ מחיצה צווישען זיך און דער באַנדע און האָט אַוועקגעלעגט אויפֿן אָנלעהן פֿון שטוהל אַ מעכטיגען פֿויסט.

עס איז קענטיג געווען, אַז דאָס איז איינע פֿון יענע נאַטורען, וואָס זייער מוטה איז אַזוי איינפֿאַך און נאַטירליך, ווי זייער גוטס־קייט. מאַריוס האָט דאָס אַלץ צוגעזעהן און האָט שטאָלצירט מיט זיין „אורזולאַס" פֿאָטער.

די מענער, וואָס זשאַנדרעט האָט זיי אָנגערופֿען איוועמאַכער, זענען אויפֿגעשטאַנען און האָבען זיך אויסגעקליבען פֿון די אינסטרומענטען, וואָס זענען געלעגען אין ווינקעל, ווער אַ שער, ווער אַ צוואַנג, ווער אַ האַמער. מאַריוס האָט אויפֿגעהויבען זיין האַנד מיטן רעוואָלווער, זעענדיג זיכער, אַז באַלד וועט זיין נויטיג צו געבען דעם סיגנאַל.

דערווייל איז זשאַנדרעט צוגעגאַנגען צום טיש, האָט זיך איבער איהם אַריבערגעבויגען און קוקענדיג אויף לעבלאַנען, האָט ער געזאָגט:

— אַלזאָ, דערקענט איהר מיך נישט?

— ניין, — האָט לעבלאַן געענטפֿערט.

— מיין נאָמען איז נישט באַבאַנטו און נישט זשאַנדרעט! מיך רופֿט מען — טענאַרדיע! איך בין אַ שינקער פֿון מאָנפֿערמעיל! איהר הערט? טענאַרדיע! איצט ווייסט איהר שוין, ווער איך בין?

אַ שוואַכע פֿאַרב האָט זיך צוגאָסען איבער לעבלאַנס פּנים, אָבער געענטפֿערט האָט ער, ווי פֿריהער, געלאַסען און שטיל:

— ניין, איך ווייס נאָך איצט אויך נישט.

דעם ענטפֿער האָט מאַריוס נישט געהערט. ער איז געשטאַנען אַ צעטומעלטער, אַ דערשלאָגענער, ווי פֿון דונער געטראָפֿען. ביי זשאַנדרעטס אויסגעשריי: „מיך רופֿט מען טענאַרדיע!" — האָט מאַריוס אַ ציטער געטהון מיט אַלע אבֿרים און זיך אָנגעשפּאַרט אָן וואַנד. די אויסגעהויבענע האַנד מיטן רעוואָלווער אין איהר האָט זיך אַראָפּגעלאָזען פֿון זיך אַליין, און פֿאַר די אויגען האָט זיך אויף אַ סעקונדע ווי אַ נעבעל פֿערשפּרייט פֿון אויפֿרעגונג.

דער נאָמען טענאַרדיע, צו וועלכען לעבלאַן איז געבליבען גלייכגילטיג, האָט אויף מאַריוסען געמאַכט דעם שטאַרקסטען איינדרוק. ער האָט זיך דערמאָהנט זיין פֿאָטערס צוואה: „טענאַרדיע, אַ שינקער פֿון מאָנפֿערמעיל, האָט מיך געראַטעוועט פֿון טויט אויפֿן שלאַכט־פֿעלד ביי וואַטערלאָאָ. מיין זוהן וועט טהון פֿאַר איהם וואָס ער וועט נור קאָנען". אומזיסט האָט מאַריוס געזוכט דעם דאָזיגען טענאַרדיע און האָט שוין כמעט די האָפֿנונג פֿערלאָרען איהם ווען־עס־איז צו געפֿינען. און פּלוצים — טענאַרדיע איז דאָ, וואוינט שוין אַ צייט אין איין הויז, אַ צימער נעבען צימער מיט איהם, אָבער — וואָס פֿאַר אַ מענש איז ער, וואָס האָט זיין פֿאָטער פֿון טויט געראַטעוועט?... — אַ באַנדיט, וועלכער האָט זיך, קענטיג, געקליבען צו באַגעהן אַ מאָרד!... און וועמען וויל ער ערמאָרדען? — אורזולאַס פֿאָטער! וואָס טהוט מען איצט? וועמען פֿון די ביידע ראַטעוועט מען? זאָל ער לאָזען אומקומען דעם אונשולדיגען מיטהיגען אַלטען? זאָל ער אומגליקליך מאַכען זיין פֿאָטערס רעטער?... אַ שרעקליכע ברירה! פֿון אויפֿרעגונג איז ער שיער נישט געפֿאַלען אין אָהנמאַכט.

טענאַרדיע האָט דערווייל גענומען אַרומגעהן איבערן צימער, רעדענדיג הויך און מיט כעס:

— ט', גוטער ברודער, מיר האָבען אייך געפּאַקט — איצט וועט איהר זיך שוין ניט אויסדרעהען, אָבער גאָר לא! אַוי, אַוי, מיין הערר פילאָזאָף, מיין אָבגעפאָהרענער מיליאָנער — איהר דערקענט מיך ניט, הייסט עס?... פערשטעהט זיך, אַז ניין! ניט איהר זענט דאָך דאָס געוועזען ביי מיר אין מאָנבערמעיל אין אַ ווינטער־נאַכט מיט אַכט יאָהר צוריק?... ניט איהר האָט ביי מיר צוגענומען פאַנטינעס מיידעלע? ניט איהר האָט ביי מיר צוגענומען דאָס מיידעלע, פון וועלכער איך האָב געהאַט אַ פיינע הכנסה, און האָט מיר פאַר איהר אַ שליידער געטהון פופצעהן הונדערט פראַנק?... און וואַלד דעמאָלט זענט איהר געוועזען תקיף, ווייל איהר האָט געהאַט אַ שטעקען, און איך בין געוועזען אַליין, אָבער איצט, איצט בין איך אויפ'ן פערד, און — זייט רוהיג! — איהר וועט שוין פון מיר אַזוי לייכט ניט אָבשניידען!...

ער האָט גערעדט מיט שוים אויף די ליפּען, מיט'ן גיפטיגען כעס פון אַ שוואַכער, געמיינער בריאה, וואָס האָט ענדליך געפינען אַ געלעגענהייט אַ בריקע צו טהון דעם, פאַר וועמען זי האָט מורא געהאַט, בעליידיגען יענעם, וועמען זי האָט געחנפ'עט.

לעבלאַן האָט איהם געלאָזען ענדיגען און האָט געזאָגט:

— איך פערשטעה ניט, וואָס איהר רעדט. איהר האָט אַ טעות. איך בין ניט קיין מיליאָנער, איך בין אַן אָרימער מענש. איך בין ניט דער, וואָס איהר מיינט.

טענאַרדיע איז געוואָרען אויסער זיך פון כעס.

— אַ! — האָט ער אויסגעשריען. — ווידער דאָס זעלבע? דער ווייז געפעלט אייך. אַט אַזוי? איהר זעהט ניט, ווער איך בין?!

— ענטשולדיגט, מיין הערר, — האָט לעבלאַן העפליך געענטפערט, — איך זעה יאָ: איך זעה, אַז איהר זענט אַ באַנדיט.

טענאַרדיע איז אויפגעשפרונגען פון אָרט און האָט געכאַפּט אַ שטוהל.

## 21 צוויי הונדערט טויזענד.

פלוצים, איידער עמיצער האָט צייט געהאַט אַ פּיפּס צו טהון, האָט הערר לעבלאַן אַ שפּרינג געטהון צום פענסטער, האָט עס אַרויסגעזעצט מיט איין קלאַפּ און אַריבערגעוואָרפען די פיס איבער די וואַנד. אָבער אין דער מינוט האָבען איהם אָנגעכאַפּט זעקס הענד און אַריינגעשלעפּט צוריק אין צימער. אין דערזעלבער צייט האָט מאַדאַם טענאַרדיע זיך איינגעפּלאָנטערט איהם אין די האָהר, און עמיצער האָט אויפגעהויבען אַ שטיק אייזען איבער זיין קאָפּ.

„זיי מיר מוחל, טאַטע!" האָט מאַריוס אַ טראַכט געטהון און אויפגעהויבען די האַנד מיט'ן רעוואָלווער. ער האָט שוין געוואָלט אויסשיסען, ווען טענאַרדיע האָט אויסגעשריען: „ניין, טוט איהם ניט!" מאַריוס'עס האַנד האָט זיך ווידער אַראָבגעלאָזען: ווער ווייסט? אפשר וועט נאָך טרעפען עפּיס אַ נס, וואָס וועט איהם בעפרייען פון דער נויטווענדיגקייט אויסצוקלויבען צווישען זיין פאָטערס רעטער און זיין געליבטערס פאָטער!...

אין צימער דערווייל האָט זיך אָנגעהויבען אַ שרעקליכער קאַמפּף. לעבלאַן האָט מיט אַ זעץ פון זיין פויסט אָבגעוואָרפען אין אַ ווינקעל איינעם פון די באַנדיטען, די צוויי אַנדערע האָט ער אַ וואַרף געטהון צו דער ערד, און האָט זיי צוגעדריקט מיט זיינע קניה. אין דערזעלבער צייט אָבער זענען אויף איהם אַרויפגעפאַלען די אַנדערע פיער, און ענדליך האָט זיך זיי איינגעגעבען אַוועקצולעגען איהם אויף אַ בעט, צו וועלכען זיי האָבען איהם צוגעבונדען מיט אַ שטריק. מאַדאַם טענאַרדיע האָט גענומען אַ גאַנץ טהעטיגען אָנטהייל אין דער גאַנצער אַרבייט.

מ'האָט דעם אַלטען בעזוכט און געפינען אין זיינע קעשענעס ניט מעהר ווי זעקס פראַנק און אַ טיכעלע, וועלכעס טענאַרדיע האָט בעהאַלטען ביי זיך אין קעשענע.

טענאַרדיע איז פלוצים געוואָרען רוהיג און

אויך, ווי אַ פֿיטער, אָבער דאָס איז געווען אַ פֿערביסענע, גיפֿטיגע ווירקונג.

— טרעט נור אָב, — האָט ער געזאָגט צו די איבעריגע, — איך וויל מיט דעם העררן אַ ביסעל זיך דורכשמועסען.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט געגען געפֿאַנגענעם אויף אַ שטוהל און האָט אָנגעפֿאַנגען מיט אַ העפֿליכען טאָן:

— גנעדיגער הערר! ניט גלייך פֿון אייך צו וועלען שפּרינגען דורך דאָס פֿענסטער, — מ'קאָן זיך אַזוי צוברעכען אַ פֿוס. אויב איהר וועט ערלויבען, וועלען מיר בעסער שמועסען אַ ביסעל. אַלער־ערשטענס וואָלט איך וועלען אייך מיטטיילען, וואָס איך האָב בעמערקט: איהר האָט נאָך קיין איינציגען געשריי ניט אַרויסגעלאָזען.

ווירקליך, ערשט איצט האָט מאַריוס זיך געכאַפּט, אַז הערר לעבלאַן האָט די גאַנצע צייט געשוויגען, אַפֿילו בעת ער האָט זיך געראַנגעלט מיט די באַנדיטען. דאָס איז געווען זעהר מאָדנע.

— גאָט מיינער! — האָט טענאַרדיע ווייטער גערעדט. עס וואָלט גאָר קיין עולה ניט געווען, ווען איהר שרייט אויס: „מ'ראַבירט!" אָדער שרייען אין אַזאַ פֿאַל: „גוואַלד! ראַטעוועט!" עפּעס גערעדט, וואָלט איך כלל ניט געהאַט דאַגעגען: מ'מעג גאָר מאַכען אַ ביסעל יעלות, אַז מ'פֿאַלט אַריין אין אַ געזעלשאַפֿט, צו וועלכער מ'האָט קיין צוטרוי ניט. אמת, עס וואָלט אייך ניט געהאָלפֿען: פֿון דעם צימער הערט מען גאָרניט, האָטש שיס פֿון האַרמאַטען. זעהר אַ בעקוועם צימער, מ'קאָן ניט זאָגען. איהר האָט אָבער ניט געשריען. קומט אייך אַ יישר כח. אָבער — הייסט איהר, וואָס זיך האָב מיר דערפֿון אַרויסגעדרונגען? איך וועל אייך גלייך זאָגען. ווער קומט, אַז מ'שרייט נאָך הילף? די פּאָליציי, זעלבסטפֿערשטענדליך. און נאָך דער פּאָליציי? דאָס געריכט. מיין איך טאַקע דעריבער, אַז ווי באַלד איהר האָט ניט געשריען, בעווייזט עס, אַז איהר האָט מורא פֿאַר די פּאָליציי און פֿאַר דאָס געריכט ניט ווייניגער פֿון אונז. איך האָב דאָס שוין לאַנג חושד געווען. הייסט עס, איהר געפֿינט זיך אין דער־זעלבער לאַגע, וואָס מיר. הייסט עס, ווייטער, אַז מיר קאָנען נאָך ווי־עס־איז דורכקומען מיט אייך.

רעדענדיג, האָט טענאַרדיע שאַרף אָנגעקוקט דעם געבונדענעם. אָבער יענער האָט נאָך אַלץ געשוויגען און איז געבליבען גאַנץ רוהיג. טענאַרדיע איז אויפֿגעשטאַנען, האָט פֿאַנאַנדערגערוקט די קויהלען אויף דער פֿייערפּאַן און ענטפּלעקט דאָס אָנגעגליהטע שטעם־אייזען, כלומרשט אַזוי, כתם אין די וועלט אַריין, דערנאָך האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און ווידער אָנגעהויבען:

— אַלזאָ, דענק איך, אַז מיר'ן דורכקומען. איך האָב זיך פֿריהער אַ ביסעל געהיצט, אָבער איצט זעה איך איין, אַז דאָס איז געווען אַ נאַרישקייט. איצט איז אַזוי: כ'וועל ניט זאָגען, איהר זאָלט מיר אַוועקגעבען אייערע מיליאָנען, — איהר דאַרפֿט זיי אוודאי פֿאַר זיך, — אָבער איהר זענט אַ גרויסער בעל־צדקה, האָט מסתמא געלד ביי אייך אַ קנאַפּען ווערטה. איך, ווידער, האַלט דערפֿון דווקא יאָ פֿיעל־ווינציג, און אויבענדעם, פֿערשטעהט איהר דאָך אַליין, אַז דאָס שטיקעל אַרבייט דאָ מיט אייך האָב איך ניט אָרגאַניזירט צוליעב אַ פֿלעשעל רויטען וויין מיט אַ קאַלבסבראָטען. איך האָף דעריבער, אַז איהר וועט זיך ניט ענטזאָגען צו שענקען צוויי הונדערט טויזענד פֿראַנק פֿאַר אַן אָרימען פֿאַמיליען־פֿאָטער, ווי איך בין. איהר וועט זאָגען, איהר האָט ניט ביי זיך אַזוי פֿיעל געלד, — דאָס פֿערשטעה איך גאַנץ גוט, אָבער איך מיין גאָרניט באַלד קיין געלד, איך וויל בלויז, איהר זאָלט אָנשרייבען אַ פּאָר שורות, וועלכע איך וועל אייך דיקטירען.

טענאַרדיע האָט געשוויגען אַ סעקונדע, דערנאָך האָט ער מיט אַ אינקוויזיטאָרישען שמייכעל געוואָרפֿען אַ בליק אויף די פֿייערפּאַן און האָט צוגעגעבען:

— איך זאָג אייך אויף פֿריהער, אַז איך וועל ניט גלויבען, אויב איהר'ט מיר נעהמען דערצעהלען אַ מעשה, אַז איהר קאָנט ניט שרייבען.

ער האָט גענומען [illegible] דעם

געפאַנגענעם אין האַנט און האָט איהם דערלאַנגט פּאַפּיר, טינט און אַ פעדער.

— שרייבט, — האָט ער געזאָגט.

---

## 22 דאס שטום-אייזן.

דער געפאַנגענער האָט צום ערשטען מאָל געעפענט דאָס מויל.

— וואָס זאָל איך שרייבען? — האָט ער געפרעגט.

— איך וועל אייך גלייך דיקטירען.

דער געפאַנגענער האָט גענומען די פעדער.

טענאַרדיע האָט אָנגעפאַנגען:

„טאָכטער מיינע...“

הערר לעבלאַן האָט אַ ציטער געטהון און אויפגעהויבען די אויגען.

— ניין, שרייבט: „מיין ליבע טאָכטער“.

לעבלאַן האָט אָנגעשריבען. טענאַרדיע האָט געזאָגט:

— איהר האָט דאָך איהר „דו“, ניט אַזוי?

— וועמען?

— אַ שענע פראַגע! איהר, דעם מיידעל, דער... טאָכטער אייערער.

— איך פערשטעה אייך ניט, — האָט לעבלאַן רוהיג געזאָגט.

— נו, עס מאַכט ניט, שרייבט ווייטער: „קום תיכף צופאָהרען. איך דאַרף דיך האָבען. די פערזאָן, וואָס ברייננט דיר דאָס צעטעלע, וועט דיך פיהרען צו מיר. איך וואַרט אויף דיר“.

לעבלאַן האָט געענדיגט שרייבען.

— איצט שרייבט זיך אונטער, — האָט טענאַרדיע געזאָגט. ווי רופט מען אייך?

דער געפאַנגענער האָט אַוועקגעלעגט די פעדער.

— צו וועמען איז דער בריעף? — האָט ער געפרעגט.

— איהר ווייסט שוין צו וועמען. צום מיידעל. איך האָב דאָך אייך געזאָגט.

טענאַרדיע האָט דאָס ביים נאָמען ניט אָנגערופען, ניט וועלענדיג, אַז דינגע קאָלעגען זאָלען וויסען צו־פיעל.

— שרייבט זיך אונטער, — האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט. ווי רופט מען אייך?

— אורבאַן פאַבר.

טענאַרדיע האָט אַרויסגענומען דאָס טיכעלע פון קעשענע און האָט בעקוקט דעם אויסגענייהטען צייכען.

— או. פ., — האָט ער געזאָגט, — ריכטיג. אורבאַן פאַבר.

יענער האָט זיך אונטערגעשריבען.

— איצט שרייבט אָן דעם אַדרעס. איך ווייס, אַז איהר וואוינט ערגיץ נעבען דער קירכע סען־זשאַק.

דער געפאַנגענער האָט געקלערט אַ ווייל. דערנאָך האָט ער אָנגעשריבען: „מאַדמואַזעל פאַבר. די גאַס סען־דאָמיניק ד'אַנפער, נומער 17“.

טענאַרדיע האָט געכאַפּט דעם בריעף און אַ געשריי געטהון צו זיין פרוי:

— שנעל! פיהר אָב דעם בריעף און טהו, ווי איך האָב דיר אָנגעזאָגט. און דו, — האָט ער געזאָגט צום מענשען מיט דער האַק, — פאָהר מיט איהר.

אין אַ מינוט אַרום האָט מען געהערט, ווי אַ דראָזשקע איז אָבגעפאָהרען פון הויז.

מאַריוס איז געווען אינגאַנצען בּומיש.

וואָס טהוט מען איצט? דאָס מיידעל וועט מען באַלד ברייננען אַהער. מילא, וואָס עס וועט זיין — וועט זיין: ער מוז זי ראַטעווען, עס זאָל איהם אַפילו קאָסטען זיין לעבען. הייסט די שוין גאָרניט „אורזולאַ“ און דעם פאָטערס פאַמיליע איז ניט לעבלאַן, נאָר פאַבר!... וואָס נאָך וועט ער זיך דאָ הערוויסען? די גאַנצע געשיכטע איז געבליבען פאַר איהם טונקעל, ווי פריהער.

ביי טענאַרדיע'ן אין צימער איז געווען אינגאַנצען שטיל. מאַריוס'ן האָט זיך בלויז געדאַכט, אַז פונ'ם געפאַנגענעמס זייט הערט ער אַ שוואַך גערויש.

פלוצים האָט טענאַרדיע זיך געווענדט צום אַלטען:

— ווייסט איהר וואָס? מיר דאַכט, עס איז

גלייכער, איידער זאָלט זיך שוין דערוויסען, וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך. אייער טאָכטער וועט מען אַריינזעצען אין אַ וואָגען און אַוועקפיהרען אין אַ גוטען, זיכערען אָרט. אַז מיין פרוי וועט קומען און זאָגען, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג, לאָז איך אייך אַרויס, און איהר קאָנט זיך געהן אַהיים. אייער מיידעל וועט מען קיין שלעכטס נישט טהון, נאָר אַרויסלאָזען זי וועל איך נישט פריהער, ווי איהר וועט מיר אָבצעהלען צוויי הונדערט טויזענד פראַנק. טאָמער אָבער לאָזט איהר מיך אַרעסטירען, וועט מיין קאָלעגע דאָס מיידעל שחט'ענען. אָט דאָס איז גאָר.

דער געפאַנגענער האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט.

מאַריוס איז טויט געוואָרען. ווי! וועט מען זי אַדער נישט ברענגען?... מ'וועט זי ערגיץ פערפיהרען, און זי וועט זיין ביי יענעם שרעקליכען נפש אין די הענד?... איצט קאָן ער שוין פאַר קיין מאַל נישט תפסען די פּאָליציי, אויס מורא מ'זאָל דאָס מיידעל נישט הזיקען. די לאַגע, וואָס איז געוועזען שרעקליך פון אָנפאַנג אָן, איז געוואָרען ערגער פון מינוט צו מינוט.

פּלוצים האָבען זיך געלאָזען הערען טריט אין קאָרידאָר, און אין צימער זענען אַריינגעקומען מאַחאַם טענאַרדיע און איהר בעגלייטער.

— אַ פאַלשער אַדרעס! — האָט זי אויסגעשריען. אין יענער נומער איז נישטאָ קיין אורבאַן פאַבר, נישטאָ קיין מיידעל, עס הויבט זיך נישט אָן און לאָזט זיך נישט אויס!...

מאַריוס האָט פריי אָבגעאָטעמט.

טענאַרדיע האָט געשוויגען. ער האָט געשאָקעלט מיט אַ פּנים און פערטראַכט און ווילדע געוואָרפען בליקען אויף די פייערפאַן.

— אַ פאַלשער אַדרעס! — האָט ער ענדליך געזאָגט צום געפאַנגענעם מיט אַ שטילער, פערביסענער שטים. וואָס האָסטו געמיינט געווינען דערמיט?

— צייט! — האָט דער געפאַנגענער אַרויסגערעדט מיט אַ דונערדיגער שטים.

אין דעמזעלבען מאָמענט האָט ער אַראָבגעשליידערט פון זיך די שטריק. זיי זענען געווען איבערגעשניטען, און בלויז איין פוס זיינער איז נאָך געווען געבונדען.

איידער די באַנדיטען האָבען בעוויזען זיך אויף איהם צו וואַרפען, האָט ער זיך אָנגעבויגען, האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנד צו דער פייערפאַן מיט קוילען און אין אַ רגע ארום איז ער שוין געשטאַנען ווידער גלייך מיט'ן גליהענדען שטעם-אייזען הויך אויפגעהויבען איבער זיין קאָפּ. דער איבערראַשטער טענאַרדיע און זיין פרוי זענען אָבגעשפרונגען אַהינטער, קוקענדיג אויף איהם.

שפּעטער, ווען די פּאָליציי האָט אונטערזוכט דאָס צימער, האָט מען געפונען אויף דער ערד אַן אויסגעהייהלטע מאָנעטע, אין וועלכער מיט אַ שפּרינג-פעדער, וואָס האָט געאַרבייט ווי אַ זייגער-מעכאַניזם. מיט אַזעלכע פייל-אייזענס קאָן מען איבערשניידען דעם דיקסטען שטאָהלענעם דראָהט. דאָס שוואַכע גרילצען פון דעם דאָזיגען קליינינקען מעכאַניזם האָט עס מאַריוס געהערט, שטעהענדיג אויף יענער זייט וואַנד, נישט ווייט פונ'ם געפאַנגענעם.

די באַנדיטען זענען ענדליך געקומען צו זיך.

— האָט נישט מורא, — האָט איינער פון זיי געזאָגט, — ער וועט נישט אַנטלויפען, איין פוס זיינער איז נאָך געפּענטעט.

— איהר זענט לומפען, — האָט דער געפאַנגענער געזאָגט. מיין לעבען איז גאָר נישט ווערטה, איך זאָל עס אַזוי שטאַרק פערטיידיגען. אָבער אויב איהר מיינט, אַז איהר קאָנט מיך צווינגען צו זאָגען דאָס, וואָס איך וויל נישט, איז...

ער האָט פערקאַשערט זיינ'אַרבעל און אויסגעשריען:

— זעהט!

און האָט צוגעלעגט דאָס ברענענדע אייזען צו דער הוילער לינקער האַנד, האַלטענדיג מיט דער רעכטער פאַר דאָס הילצערנע הענטיל. דאָס פלייש האָט אָנגעהויבען צו הערען אונטערן

אַייזען, און אַ בייטשער געריך האָט זיך פאַרשפּרייט איבער׳ן צימער. מאַריוס האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן פון אימה, און אַפילו די באַנדיטען האָבען אויפגעציטערט. דאָס געזיכט פון דעם האָריגען אומגעוועהנליכען מענשען האָט זיך בלויז קוים פערקרימט פון ווערטאָג, און דער בליק, וועלכען ער האָט אָנגעשטעלט אויף טענאַרדיע׳ן, איז געוועזען קלאָר, רוהיג, מאַיעסטעטיש און אָהן דעם מינדסטען שפּור פון האַס.

— איהר זענט לומפּען! — האָט ער ווייטער געזאָגט. אָבער האָט נישט קיין מורא פאַר מיר, ווי איך האָב נישט קיין מורא פאַר אייך.

און אַרויסרייסענדיג פון דער וואונד דאָס שטעמ־אייזען, האָט ער עס אַרויסגעשלייַדערט דורכ׳ן פענסטער.

— און איצט טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט, — האָט ער געזאָגט.

— האַפּט איהם! — האָט טענאַרדיע באַפוילען.

צוויי באַנדיטען האָבען אַרויפגעלעגט זייערע הענד אויפ׳ן אַלטענס אַקסלען, און דער דריטער האָט זיך געשטעלט נעבען איהם מיט אַ שטיק אייזען אין דער האַנד.

## 23. דער גרעסטער מזיק.

טענאַרדיע האָט געעפענט דאָס טישקעסטיל און האָט פון דאָרטען אַרויסגענומען דאָס גרויסע מעסער, וואָס ער האָט פריהער געהאַלטען. מיט׳ן מעסער אין האַנד און עטוואָס פערטראַכט האָט ער זיך געלאָזט געהן צום געפאַנגענעם.

מאַריוס איז שיער פון זינען נישט אַראָב; וואָס טהוט מען פאָרט? ווי האַטעוועט מען איינעם, נישט מאַבענדיג אומגליקליך דעם צווייטען?...

פּלוצים האָט ער דערזעהן אויפ׳ן טיש ביי דער שיין פון דער לבנה דעם בויגען פּאַפּיר, אויף וועלכען טענאַרדיע׳ס טאָכטער האָט אין דער־פריה אָנגעשריבען די ווערטער: „די פּרעהים זענען געקומען“. אַ געדאַנק האָט אויפגעבליצט ביי איהם אין קאָפּ. ער האָט געכאַפּט דאָס פּאַפּיר, האָט איינגעוויקעלט דערין אַ שטיקעל האָלץ און האָט עס דורכ׳ן שפּאַלט אַריינגעשלייַדערט אין טענאַרדיע׳ס צימער.

— האַ! וואָס איז דאָס?... — האָט טענאַרדיע אויסגעשריען און האָט שנעל אויפגעהויבען דאָס פּאַפּיר׳ל. ער האָט עס פונאַנדערגעוויקעלט און דורכגעלעזען.

— דאָס איז פאָנינע׳ס האַנדשריפט! — האָט ער אויסגעשריען. שנעל, לאָזט דעם אַלטען הונט, מיר האָבען צו איהם קיין צייט נישט, און לאָמיר אַנטלויפען: פּאָליציי איז נעבען הויז!...

צווישען די באַנדיטען איז געוואָרען אַ שרעקליכער טומעל. און דעם געפאַנגענעם האָט מען גלייך פערגעסען.

— אָבער דורך וואַנען זאָלען מיר אַנטלויפען? — האָט עמיצער געפרעגט. די פּאָליציי האָט מסתמא אַרומגערינגעלט דאָס הויז פון אַלע זייטען!

— דאָס צעטעלע איז אַריינגעפלויגען דורך דאָס פענסטער, — האָט טענאַרדיע געענטפערט. דאָס בעוויזט, אַז יענע זייט איז פריי.

מ׳האָט אַריבערגעוואָרפען די שטריק־לייטער איבער דאָס פענסטער און פעסט צוגעבונדען דעם אויבערשטען ברעג.

— קום! — האָט טענאַרדיע אויסגעשריען צו זיין פרוי און האָט זיך אַלאַז געטהאָן צום פענסטער.

— וואַרט אַ ווייַלע! — האָט איינער פון די באַנדיטען אויסגערופען און אָנגעהאַפּט טענאַרדיע׳ן פאַר׳ן אַקסעל. פריהער וועלען מיר אַרויס!

— יאָ, יאָ! — האָבען די אַנדערע באַנדיטען געשריען. פריהער מיר!

— קינדערס זענט איהר! — האָט טענאַרדיע געזאָגט. פּאָליציי איז ביי דער טהיר, און איהר דינגט זיך און פערליערט צייט.

— טאָ לאָמיר וואַרפען גורל, ווער עס זאָל פריהער אַרויס, — האָט זיך עמיצער אָנגערופען.

— משוגע זענט איהר, צו׳ן אַל־די שוואַרצע יאָהר! — האָט טענאַרדיע אויסגעשריען.

געפינען א צייט! ווארפען גורל מיט שטרויעלעך אפשר? אדער אנשרייבען אנדערע נעמען אויף א פאפיר'ל און אריינלעגען אין א היטעל?!

— אפשר ווילט איהר מיין הוט? — האט זיך געלאזט הערען א שטים פון דער טהיר.

אלע האבען געווארפען א בליק צו דער שוועל. דארט איז געשטאנען זשאווער און האט מיט א שמייכעל פארגעלעגט זיין הוט.

ער האט זיך נישט געקאנט דערהאלטען אויף א כתנאל פון מאריוס'ן און איז געקומען אליין.

די דערשראקענע באנדיטען האבען געכאפט זייער געוועהר. מאהאם טענארדיע האט זיך בעוואפענט מיט א גרויסען שטיין.

זשאווער האט אנגעטהון דעם הוט און נישט ארויסנעהמענדיג דעם שווערד פון שייד, האט ער געמאכט צוויי טריט פאראויסטס.

— שטעהט! — האט ער געזאגט. וואס דארפט איהר לויפען דורך דאס פענסטער און שטעלען אייער לעבען אין געפאהר? אט קומט בעסער דורך די טהיר. איהר זענט הא זיבען פערזאן, און מיר — פופצעהן. עס לוינט נישט צו האבען איינע די אנדערע פאר'ן קארגעל. לאמיר זיין א ביסעל העפליכער.

איינער פון די באנדיטען האט ארויסגענומען זיין פיסטאלעט און איהם איבערגעגעבען טענארדיע'ן מיט די ווערטער:

— דאס איז זשאווער. איך וועל זיך נישט דערוועגען אין איהם צו שיסען. פיליכט וועסטו?...

— נאך ווי אזוי! — האט טענארדיע אויסגעשריען און אויפגעהויבען דעם פיסטאלעט.

זשאווער האט אויף איהם געווארפען א שארפען קוק און האט רוהיג געזאגט.

— אומזיסט דיין טרחה. עס וועט נישט שיסען.

טענארדיע האט א דריק געטהון דאס העמעריל. דער פיסטאלעט האט נישט אויסגעשאסען.

— איך האב דאך דיר פריהער געזאגט, — האט זשאווער זיך אנגערופען.

דער אייגענטימער פ״נ״ם פיסטאלעט האט אוועקגעווארפען זיין שטיק אייזען מיט'ן אויסרוף:

— דו ביזט דער אשמדאי אליין! איך גיב זיך אונטער.

די אנדערע האבען איהם נאכגעטהון.

— קומט אריין! — האט זשאווער אויסגערופען.

א גאנצע אבטהיילונג סערזשאנטען און פאליציאנטען האט זיך אריינגעריסען אין צימער. מ'האט די באנדיטען געבונדען.

— האנד-קייטען פאר אלעמען! — האט זשאווער בעפוילען.

— אט פרובט נור צו-געהן אהער! — האט אויסגעשריען א שטים, וואס האט קענטיג נישט געהערט צו קיין מאן, אבער אויך פאר קיין פרויען-שטים וואלט זי קיינער נישט אנגענומען.

דאס איז געווען מאהאם טענארדיע מיט א גרויסען שטיין אין האנד.

— פינגלינגען! — האט זי אויסגעשריען צו די באנדיטען, וואס האבען זיך געלאזען בינדען.

זשאווער איז ארויסגעטראטען איהר אנטקעגען.

— געה נישט! — האט זי אויסגעשריען, כ'וועל דיר צוברעכען דעם קאפ.

— א קאזאק א ווייבעל! — האט זשאווער געזאגט מיט א שמייכעל, געהענדיג צו איהר. נו, מוהמע, דו האסט א באָרד, ווי א מאנסביל, און איך האב נעגעל, ווי א פרוי.

מאהאם טענארדיע האט מיט א שרעקליכער קראפט א שליידער געטהון דעם שטיין. זשאווער האט זיך אנגעבויגען. דער שטיין איז אריבערגעפלויגען איבער זיין קאפ, האט א זעץ געטהון אן וואנד, האט אבגעבראכען פון איהם א שטיק לייהם און איז אראבגעפאלען צוריק צו זשאווער'ס פיס.

אין א סעקונדע ארום איז מאהאם טענארדיע געווען געבונדען.

— מיינע טעכטער! — האט זי אויסגעשריען מיט א געוויין.

— מ'האָט זיי שוין באַוואָרענט, — האָט זשאַפּיער געזאָגט.

ערשט איצט האָט ער באַמערקט דעם געפאַנגענעם, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען שטיל, נישט זאָגענדיג קיין וואָרט.

— בינדט אָפּ יענעם העררן, — האָט זשאַווער געזאָגט, — און זאָל קיינער נישט אַוועקגעהן!

ער האָט זיך געזעצט צום טיש און אָנגעהויבען שרייבען אַ פּראָטאָקאָל. אָנגעשריבען די ערשטע פּאָר פאָרמעלע שורות, האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— פירט מיר צו יענעם הערר, וועמען די באַנדיטען האָבען געבונדען.

די פּאָליציאַנטען האָבען זיך אַרומגעקוקט אין צימער.

— וואו־זשע איז ער? — האָט זשאַווער געפרעגט.

דער געפאַנגענער, הערר לעבלאַן אָדער אורבאַן פאַבר, איז פערשוואונדען. מ'איז צוגעלאָפען צום פענסטער: די שטריק־לייטער האָט זיך נאָך געטרייסעלט, אָבער גאַזעדקן האָט מען שוין קיינעם נישט.

— צום טייוועל! — האָט זשאַווער אַרויסגעברומט. יענער בחור איז, ווייזט אויס, געווען אַ גרעסערער מזיק פון זיי אַלעמען!...

## 24. דער קליינער טערנאַרדיע.

אויף מאָרגען נאָך די געשילדערטע פּאַסירונגען איז אַ יונגעל געגאַנגען איבער דער גאַס פּטי־באַנקיע. עס האָט אָנגעהויבען נאַכט צו ווערען. דאָס יונגעל איז געווען מאָגער, בלאַס, געקליידעט אין טראַנטעס, און ליינוואַנטענע הויזען, נישט קוקענדיג דעראויף, וואָס ס'איז געווען ערשט מאָנאַט פעברואַר. און דאָך האָט ער געזונגען אַ ליעדעל אויפ'ן קול.

אויף אַן עק פון דער גאַס איז געשטאַנען אַן אַלטע פרוי מיט אַ לאַמטערן אין האַנד, אָנגעבויגען איבער אַ הויפען מיסט, וועלכען זי האָט פונאַנדערגעשאַרט און געזוכט די אוצרות, וואָס אַרומגעלייט געפינען אין מיסט. פאַרבייגעהענדיג, האָט דאָס יונגעל זי אַ שטויס געטהון, און איז אָפּגעשפרונגען און האָט אויסגעשריען:

— טאַטעלעך מיינע! זאָגט איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַ גרויסער כלב, און אַהאַ גרוי־ווייסער כלב!

די צעוווילדעטע אַלטע האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— וואַרט נאָר, דו קליינער אָבטראָשניק! כ'וועל דיך כאַפּען, וועל איך דיר געבען אַ קלעצעל, אַז דו'סט מיך געדענקען!

דאָס יונגעל האָט זיך שוין אָבער אָבגעהוקט פון איהר אויף אַ היבשע שטרעקע.

— גז... גז!... — האָט ער זיך מיט איהר געריצט. אָהאָ, איך האָב, האַכט זיך, גאָר קיין טעות נישט געהאַט!

די פרוי האָט זיך אויסגעגלייכט שוין גאָר אין גרימצאָרן, און די שיין פון דעם לאַמטערן איז געפאַלען אויף איהר געזיכט, וואָס איז געווען צונויפגעצויגען פון קנייטשען און בלוי פון קעלט און כעס. דאָס יונגעל האָט אויף איהר אַ קוק געטהון.

— מאַדאַם! — האָט ער געזאָגט. שענקייט פון אייער טיפּ איז נישט נאָך מיין געשמאַק.

און איז זיך אַוועק ווייטער, זינגענדיג:

„אונזער קעניג איז געגאַנגען
אויף די יאַגד אין טיפען וואַלד,
שיסען קראָהען טיעף אין וואַלד..."

דאָס איז געווען דער „גאַמען", מיט וועלכען מיר האָבען זיך באַקענט אין אָנפאַנג פון דעם דאָזיגען טייל פון אונזער געשיכטע און וועלכע זיינע חברים האָבען גערופען גאַוראָש.

אין גיכען האָט ער דערגרייכט דאָס הויז, אין וועלכען זשאָנדרעט, אָדער טענאַרדיע, האָט געוואוינט, און זעהענדיג, אַז די טהיר איז פערשלאָסען, האָט ער גענומען זעצען אין איהר מיט זיינע קליינע פיסלעך, אָנגעטהון אין גרויסע שיך.

די זעלבע אַלטע, וועלכע ער האָט פּער־

טשעפּעט אויף דער נאָם פּטי-באַנקיע, איז געלאָפן צו איהם מיט אַ געפּילדער, מאַכענדיג מיט די הענד:

— גאָט אין הימעל! וואָס טהוסט דיך עס דאָ?... מ'ברעכט די טהירען! מ'ברעכט דאָס הויז!...

די קלעפּ אָן די טהיר האָבען זיך דער-חייל געשטאָטען און געשאָטען.

די אַלטע איז ענדליך צוגעלאָפען צו דער טהיר. פליצים האָט זי דעם הברה-מאַן דער-קענט.

— אַך, כ'איז ווידער דאָ, דער קליינער שד!

— זעהט נור, איהר וואָלט מיר געזונד זיין, — דאָס איז דאָך די אַלטע בּורגאָן! גוטען אָוענד, באָבעשי! איך בּין געקומען מיט אַ בּעזוך צו מיינע אָבות.

די אַלטע האָט געמאַכט אַ זעלטענע גרימאַסע.

— נישטאָ דאָ קיינער פון די דייניגע, שייגעץ!

— גאָר אַזוי? וואו איז דער טאַטע?

— אין דער טורמע לאַפאָרס.

— אָט האָסטו דיר! און די מאַמע?

— אין דער טורמע סען-לאַזאַר.

— אַזוי. און די שוועסטער?

— אין צוכט-הויז!

דאָס יונגעל האָט זיך אַ קראַץ געטהאָן הינטער'ן אויער, האָט אַ קוק געטהאָן אויף מאַדאַם בּורגאָן און געזאָגט:

— אַ

דערנאָך האָט ער זיך אומגעדרעהט אויף איין פוס און איז אַוועק צווישען די בּוימער פון דעם בּולוואַר, און די אַלטע האָט דערהערט זיין קלינגענדיגע, קינדערשע שטים, וועלכע האָט ווידער אָנגעהויבען:

אונזער קעניג איז געגאַנגען
אויף די יאַגד אין טיעפען וואַלד,
שיסען קראָהען טיעף אין וואַלד.:
האָט ער זיך געשטעלט אויף
שטאָלצען:
ווער ס'וויל הערנעהן צווישען זיי,
צאָהלט דערפאַר באַנטימלעך צוויי.



# פיערטער טייל.

## 1. זשאַן װאַלזשאַן און קאָזעטע.

איין חדר גאַס פּליטע איז געשטאַנען אַ הויז, װאָס איז שוין לאַנג געװען ליידיג, דאָס הויז האָט געהאַט אַרום זיך אַ גאָרטען. אַ בעזונדער געהיימער גאַנג האָט געפיהרט פון דעמזעלבען הויז צו אַ װײַטען װינקעל פון דער באַבילאָנער גאַס, כמעט שוין אין אַן אַנדער קװאַרטאַל.

אין אָקטאָבער 1829 האָט אַן עלטערער הערר געדונגען דאָס הויז. ער האָט געלאָזען פערריכטען די שלעכטער ביי אַלע טהירען און האָט זיך אַהין אַריבערגעצױגען מיט אַ יונג מיידעל און אַן עלטערער דינסט. געמאַכט האָט ער עס אָהן רעש, אַזוי אַז קיינער פון די שכנים האָט עס נישט באַמערקט. איבעריגענס, די גאַס איז זעהר אַ שטילע, און דער הערר האָט קיין שכנים כמעט גאָר נישט געהאַט.

דער דאָזיגער מאַן איז געװען זשאַן װאַלזשאַן און דאָס מיידעל — קאָזעטע. די דינסט האָט מען געהייסען טוסען; זי איז געװען אַן אַלטע מויד, װעלכע זשאַן װאַלזשאַן האָט געראַטעװעט פון אַ הונגער-טויט, און זי איז איהם דערפאַר געװען איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען.

פאַרװאָס האָט זשאַן װאַלזשאַן פערלאָזען דעם פראױען-קלױסטער?

דעם אמת געזאָגט, האָט זיך איהם זעהר נישט געװאָלט פערלאָזען דאָס זיכערע און רוהיגע װינקעלע, אָבער קאָזעטע איז אױפגעװאַקסען, און זשאַן װאַלזשאַן האָט געטראַכט: לאָזען קאָזעטען אין קלױסטער, זי זאָל מיט דער צייט װערען אַ מנזרתע? — װער װייסט, צי זי װעט נישט אַמאָל חרטה האָבען אױף דעם דאָזיגען שריט און אין האַרצען באַשולדיגען איהר אַלטען „פאָטער",

פאַרװאָס ער האָט עס דערלאָזען. ער האָט דעריבער באַשלאָסען אַװעקצוגעהן פונם קלױסטער. אויב קאָזעטע װעט אַליין װען עס איז װעלען, זיך אומקעהרען אַהין, װעט זי עס דאָך שטענדיג קאָנען אױספיהרען, אָבער אָפּטרייסען מיט איהר צו ליעב זיין רוה האָט ער נישט געװאָלט. ער איז דעריבער, גלייך נאָך דעם אַלטען פּאָשלעװאַנס טויט, אַװעק פונם קלױסטער און האָט זיך באַזעצט אין דעם הויז אויף דער גאַס פּליטע אונטערן נאָמען אולטים פּאָשלעװאַן.

אין דערזעלבער צייט האָט ער געדונגען נאָך צװיי װאױנונגען אין אַנדערע גאַסען, פּון זיכערהייט װעגען, מעגליך קומט איהם אויס נאָכאַמאָל זיך צו באַהאַלטען, װי דאַן, װען ער איז מיט קאָזעטען אויף די הענד אַנטלאָפען פון זשאַװערן. ער פלעגט דעריבער נישט װאױנען לאַנג אין איין קװאַרטאַל, נאָר פערבריינגען צו עטליכע װאָכען אין יעדער פון זיינע קװאַרטירען, אַזוי אַז ער זאָל נישט צופיעל זיך װאַרפען אין די אויגען פון די שכנים.

קאָזעטעס צימערן האָט ער געלאָזען רייך באַפּוצען, און אַליין האָט ער באַװאױנט אַ זעהר אָרים מעבלירט צימער אין דעם פליגעל פונם הויז.

פאַר די צייט איז אין פּאַריז הערװייל פאָרגעקומען די רעװאָלוציע פון יאָהר 1830. די אַלטע קעניגליכע פאַמיליע בורבאָן האָט צום צװייטען מאָל געמוזט פערלאָזען דעם פראַנצױזישען טראָהן, און די בורזשואַזיע האָט אויף איהם אַרױפגעזעצט דעם „בורזשואַזען" קעניג לואי פיליפּ פון אָרלעאַן, און װעהרענד דער לעצטער האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט רעכט זיך איינצוגעװױנען אױף דעם הױכען, זעהר נישט שטענדיג

בעקומען שטוהל, האט פראקריך ווידער אנגעהויבען צו קאכען, און אין דער לופט האט זיך שוין געשפירט די אויפרעגונג, וואס האט געפירט צו דער רעוואלוציע פון יאהר 1832, — א רעוואלוציע, שוין נישט פון דער בורזשואזיע, נאר פון פאלק, און וועלכע איז אזוי שנעל אונטערדריקט געווארען.

ווי זשאן וואלזשאן האט זיך נישט בעמיהט צו בלייבען אומבעמערקט, האט ער זיך דאך נישט געקאנט אויסדרעהען פון דער פאלקס־צעהלונג פון יאהר 1831 און האט געמוזט אריינטרעטען אין די נאציאנאלע גווארדיע, איבעריגענס, האט ער עס געטהון גאנץ גערן, און עטליכע מאל אין יאהר פלעגט ער אנטהון זיין מונדיר און זיך שטעלען צום דיענסט.

קאזעטע איז דערווייל געוואקסען און געוואקסען. אין יענער צייט פלעגען זיי עס בעזוכען דעם לוקסעמבורגער גארטען, וואו זיי האבען בעגעגענט מאריוס'ן. זשאן וואלזשאן האט בעמערקט, מיט וועלכע אויגען דער יונגער־מאן קוקט די לעצטע צייט אויף קאזעטע'ן און האט זיך אויפגעהערט צו בעווייזען מיט איהר אין גארטען, מורא האבענדיג, אז דאס איז עפיס א צילאזיגער יונג, וועלכער קאן לייכט בעקומען אן איינפלוס אויף די אונערפאהרענע נשמה פונים יונגען מיידעל. צו זיין גרויסען שרעק אבער האט ער בעמערקט, אז קאזעטע איז פון יענער צייט אן געווארען טרויעריג. אלזא, האט ער געליטען יאהרען־לאנג און אפגעגעבען זיין לעבען דערהיף, אז עס זאל קומען דער ערשטער בעסטער הברה־מאן מיט א שעהן פנים'ל, א ווילדע פרעמדער, און זאל ביי איהם צונעהמען קאזעטע'ס הארץ, ווי אויך די אליין?.. זשאן וואלזשאן האט שרעקליך געליטען פון א סארט פאטערליכער אייפערזוכט. ער האט געפרובט שמועסען איהר פרעגען, וואס מיט איהר איז, אבער ער האט פון איהר גארניכטס געקאנט דערגעהן.

די האריגע צוויי מענשען, וואס האבען אזוי ליעב געהאט איינער דעם צווייטען, האבען איצט געליטען איינער דורכ'ן צווייטען, געגען זייער אייגענעם ווילען.

זיי פלעגען אפט בעזוכען ניט־בעדערפטיגע

און זיי שמועסען מיט וואס זיי האבען געקאנט, און אזוי ארום האט זיך געטראפען די געשיכטע מיט'ן בעזוך ביי טענארדיע'ן אין הויז, פון וואנען זשאן וואלזשאן איז געקומען א רוהיגער, ווי שטענדיג, אבער מיט א שרעקליכער וואונד אויף דער האנד. ער האט ערקלערט זיין וואונד מיט א צופאל און האט זי בכלל געוואלט אוועקמאכען מיט דער האנד. אבער קאזעטע האט זיך ניט געלאזען איינשמועסען און איז געווארען זעהר אומרוהיג, ווייל די וואונד איז ווירקליך געווען א שווערע. קיין דאקטאר האט זשאן וואלזשאן ניט געוואלט רופען פאר קיין פאל, האט קאזעטע אליין גענומען גייהן ארום דעם קראנקען, וועלכער האט זיך סוף כל סוף געמוזט לעגען אין בעט אריין. א מאנאט צייט האט קאזעטע ניט אפגעטרעטען פון דעם קראנקענס בעט, און איהר נאהנטקייט האט אויף איהם אזוי גוט געווירקט, אז ער האט פערגעסען אן מאריוס'ן, פערגעסען זיין אייפערזוכט און איז געווען גליקליך.

נאך זיין געזונד ווערען האט ווידער געטראפען עפיס, — א קלייניגקייט, אויפ'ן ערשטען קוק, אבער אויף זשאן וואלזשאנ'ען האט עס געמאכט א שרעקליכען איינדרוק: געהענדיג איינמאל שפאצירען, האבען זיי בעגעגענט א פארטיע קאטארזשניקעס, און קאזעטע האט אויסגעשריען:

— א, ווי שרעקליך עס איז צו געפינען זיך נעבען אזעלכע מענשען!

זשאן וואלזשאן איז געווארען בלאס, ווי דער טויט...

אבער קאזעטע'ס ליעבע צו איהם האט געשטילט אלע זיינע וואונדען, און אין גיכען האט ער דעם אינצידענט אויך פערגעסען, בעסער געזאגט — מיט געוואלט פערטרייבען איהם פון זיין זכרון.

## 2. דער וואלף און נעץ.

דער קליינער גאווראש האט אין א געוויסען אווענד דערפיהלט, אז ער איז הונגעריג, ווייל ער האט שוין דעם צווייטען טאג נישט געגעסען. אמת, דאס האט זיך איהם

נעמאַכט ניט צום ערשטען מאָל, אָבער גאַווראָש האָט זעהר ריכטיג אַרגומענטירט, אַז קרעפּלעך עסען ווערט אויך מאוס, און דעריבער האָט ער בעשלאָסען צו קריגען עפּיס אויף וועטשערע, ווען אַפילו עס זאָל איהם קאָסטען אַ האַלבע מלוכה. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזען אין די אָבגעלעגענע גאַסען, וואו עס געהען ווענינער מענשען, ווייל פון דער פּראַקטיק האָט ער געוואוסט, אַז אין אַזעלכע פּלעצער קאָן מען אָפטמאָל גיכער אויסבעטען ביי אַ פאַרבייגעהער אַ פּאָר סו, איידער אין די בעלעבטע, בעשעפטיגטע געגענדען. אויף איינער פון די דאָזיגע גאַסען האָט ער שוין לאַנג בעמערקט אַ הייזעל מיט אַ שטיקעל גאָרטען, וואו עס איז געשטאַנען ניט קיין שלעכטער עפּעל-בוים; גאַווראָש האָט דעריבער בעשלאָסען, אויב ער וועט ניט קריגען ערגיץ אַ מטבע, זיך צו-רוקען צום דאָזיגען עפּעל-בוים און בעטען ביי איהם אַן עפּעל. גאַווראָש איז געווען זיכער, אַז יענער וועט ניט ענטזאָגען; וואָס אַנבעלאַנגט דעם פּלייט אַריבערקריכען, איז עס פאַר איהם געווען, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „אַ שפּיי“.

גערעדט און געטהון, גאַווראָש האָט גלייך געפונען דעם דאָזיגען גאָרטען און גענומען קלעטערן איבער׳ן פּלייט, ווען ער האָט דערהערט, אַז אין גאָרטען רייידען עפּיס מענשען. ער איז צוריק אַראָבגעקראָכען אויף די ערד און האָט פערקוקט אין גאָרטען.

ניט מעהר ווי צוויי טריט פון פּלייט איז געזעסען אויף אַ שטיין אַן׳אַלטער מאַן. נעבען איהם איז געשטאַנען אַן׳אַלטע פרוי און האָט געברומט עפּיס.

גאַווראָש איז געווען נייגיריג צו וויסען, וועגען וואָס דאָס פּאָר-פאָלק שמועסט, און האָט גענומען אונטערהערען.

— הערר מאַבעף! — האָט די אַלטע געזאָגט.

„מאַבעף? — האָט גאַווראָש געטראַכט, — אַ מאָדנער נאָמען“

— וואָס ווילט איהר, מוהמע פּלוטאַרך? — האָט דער אַלטער זיך אָבגערופען

„אָט האָסטו דיר ווידער אַ נאָמען אַ ביסעל — „מוהמע פּלוטאַרך“! — האָט גאַווראָש ווידער אַ טראַכט געטהון.

— הערר מאַבעף, — האָט די אַלטע גערעדט, — דער הויזווירטה בייזערט זיך.

— פאַרוואָס?

— דערפאַר, וואָס מיר האָבען איהם שוין פּאַר דריי טערמינען קיין דירה-געלד ניט געגעבען.

— אין דריי מאָנאַטען אַרום וועט ווערען פיער טערמינען.

— ער זאָגט, ער וועט אונז לאָזען נעכטיגען אויף דער גאַס.

— מילא, וועלען מיר געהן.

— קיין האָלץ צו הייצען איז אויך נישטאָ.

— דערפאַר איז פאַרהאַן אַ זון.

— דער קצב וויל מעהר קיין פלייש ניט געבען.

— אויסגעצייכענט: איך קאָן מאַכי קיין פלייש ניט פערדויען. עס איז צו-שווער פאַר מיין מאָגען.

— וואָס-זשע וועלען מיר עסען?

— ברויט.

— דער בעקער גיט ניט מעהר.

— זעהר גוט.

— וואָס פאָרט וועט איהר עסען?

— און וואו זענען אונזערע עפּעל?

— אָבער, מיין הערר, עס איז דאָך אונמעגליך אויסצוקומען גאָר אָהן געלד!

— וואו-זשע זאָל איך עס נעהמען?

די אַלטע איז אַוועקגעגאַנגען. דער אַלטער איז געבליבען זיצען אַליין, פערזונקען אין געדאַנקען.

דאָס איז געווען דער אַמאָליגער סטאַראָסטאַ פון דער קירך, פון וועמען מאַריוס האָט זיך אַמאָל דערוואוסט, וואָס פּאַר אַ מענש זיין פאָטער איז געווען. מאַבעף איז זעהר פעראָרימט געוואָרען, אָבער ער איז אויסגעקומען דערמיט, וואָס ער האָט גע-

האַט, דאָס הייסט, כּמעט מיט גאָרנישט.

נאַוראָש האָט זיך צוגעלעגט אויף דער ערד נעבען פּלייט און האָט זיך אויך פֿערטראַכט. ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבען צו דרימלען. אָבער נאַווראָש איז געווענליך געשלאָפֿען, ווי אַ קאַץ, מיט איין אויג, און דורכ'ן שלאָף האָט ער בעמערקט צוויי פֿאַרבייגעהער. איינער, אַן'אַלטער מאַן, איז געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע, שוואַכע טריט פֿאָראויס, און הינטער איהם האָט זיך בגנבֿה גערוקט אַ יונגע קרעפּטיגע פֿיגור, נאַוראָש איז פּלוציִם וואַכענדיג געוואָרען: אין דער צווייטער פֿיגור האָט ער דערקענט דעם געפֿעהרליכסטען באַנדיט, וואָס איז געוועזען בעוואוסט אין פּאַריזער אונטערוועלט אונטערן נאָמען מאָנפּאַרנאַס. דאָס איז געוועזען אַ בחור פֿון אַ יאָהר אַכצעהן—ניינצעהן, אַ גאַנצער פֿראַנט און אַ שענער, אָבער פֿויל, שטאַרק און ברוטאַל, ווי אַ טיגער. ער האָט נישט געטהון קיין פֿינגער אין קאַלט וואַסער, און געלעבט האָט ער בלויז פֿון גנבֿה און רציחה. נישט קוקענדיג, וואָס ער איז געוועזען אַזוי יונג, זענען שוין פֿיעל פֿאַרבייגעהער געפֿאַלען אויף פּאַריזער ברוק מיט מאָנפּאַרנאַס'עס מעסער אין האַרצען.

דערזעהענדיג מאָנפּאַרנאַס'עס מינע, האָט נאַווראָש גלייך פֿערשטאַנען, אַז דער אַלטער וועט נישט גוט אָבשניידען, און דאָס האָט איהם אָנגענומען פֿאַר'ן האַרצען. אָבער וואָס קאָן ער טהון? וואָס פֿאַר אַ מַמָשות האָט ער מיט'ן אַלטען צוזאַמען ביי אַ יענעם טיגער? און איידער ער האָט נאָך זיין געדאַנק געענדיגט, איז דער איבערפֿאַל שוין פֿאָרגעקומען מיט דער שנעלקייט פֿון אַ בליץ: מאָנפּאַרנאַס האָט אַ שפּרונג געטהון אויפֿ'ן אַלטען און אין אַ סעקונדע אַרום האָט שוין נאַווראָש געזעהען, איינעם פֿון די ביידע ליעגען אויף דער ערד און חריפּען אונטער דעם אַנדערנ'ס קניה. אָבער אַרויסגעקומען איז עס נישט ווי נאַוראָש האָט ערוואַרטעט: אויף דער ערד איז געלעגען מאָנפּאַרנאַס, און דער אַלטער איז געזעסען אויף איהם אַזוי פֿעסט, אַז דער באַנדיט האָט פֿערלוירען דעם אָטעם.

„נו אַנ'אַלטער!” האָט נאַוראָש אַ טראַכט געטהון און אַ פּאַטש געטהון פֿאַר פֿרייד מיט די הענד. די גענגער האָבען עס נישט געהערט, זענענדיג פֿערנומען מיט זייער שטרייט. דער אַלטער האָט די גאַנצע צייט קיין קלאַנג נישט אַרויסגעלאָזען. ענדליך איז ער אויפֿגעשטאַנען און האָט געזאָגט צו מאָנפּאַרנאַס'ן:

— שטעה אויף!

## 3. אַ מַתָּנה פֿון הימעל.

מאָנפּאַרנאַס איז אויפֿגעשטאַנען, אָבער דער אַלטער האָט איהם פֿון האַנד נישט אַרויסגעלאָזען, דער באַנדיט האָט אויסגעזעהן שרעקליך אין כּעס און ערנידריגט, ווי אַ וואָלף, וואָס דאָס שאָף האָט איהם מוֹכר געווען.

נאַוראָש האָט געקוקט און געהערט מיט אַלע אֵברים, דאָס יונגעל האָט משונה הנאה געהאַט. מיט ענטציקען האָט ער זיך צוגעהערט, ווי די צוויי האָבען גערעדט. דער אַלטער האָט געפֿרעגט, מאָנפּאַרנאַס האָט געענטפֿערט.

— ווי אַלט ביזטו?

— ניינצעהן יאָהר.

— ביזט אַ געזונדטער, קרעפּטיגער חברה־מאַן, פֿאַרוואָס אַרבייסטו נישט?

— ווייל עס געפֿעלט מיר נישט.

— ווער ביזטו?

— אַ פּוסטעפּאַסניק.

— ענטפֿער מיר ערנסט. קאָן איך עפּיס טהון פֿאַר דיר? וואָס וואָלסטו וועלען זיין?

— אַ גנב.

די ביידען אַנטשוויגען געוואָרען. דער אַלטער האָט געטראַכט, נישט אַרויסלאָזענדיג אין דערזעלבער צייט מאָנפּאַרנאַס'ן. צייטענווייז האָט דער יונגער, שטאַרקער און געשיקטער באַנדיט געציטערט, ווי אַ חיה אין דער קלאַם. ער האָט

זיך געוואָרפען, געדרעדט, געפּרובט זיך אַרויס־רייסען, אָבער דער אַלטער האָט עס אַזוי ווי ניט באַמערקט, האָט געהאַלטען מיט איין האַנד דעם באַנדיטס בײדע הענד און געשוויגען.

ענדליך האָט דער אַלטער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געזאָגט:

— הער, מיין קינד! דיין פוילקייט טרייבט דיך צו אַ שלעכטען, אומרוהיגען לעבען, ביזט, דאַכט, אַ פּוסטעפּאַסניק? זאָג איך דיר, אַז דיר וועט אויסקומען צו אַרבייטען פיעל מאָל מעהר הערץ, וואָס ווער עס פאַלט עם ניט אוים פויל־קייט, וועט עס מוזען פאַלען אַלס אַ שטראָף. ווילסט אַרומגעהן ליידיג? ווייס־זשע, אַז דו ווילסט אַרומגעהן ליידיג? ווייסט־זשע, אַז דו וועסט ניט האָבען קיין איין וואָך, קיין איין טאָג, קיין איינציגע מינוט אָהן שווערער אָנשטרענגונג פון דיינע קרעפטען. דו וועסט ניט קאָנען טהון וואָס דו ווילסט, זיין וואו דו ווילסט, געהן וואוהין דיר גלוסט זיך. אַז אַ מענש וויל ערגיץ געהן, וואָס טהוט ער? ער עפענט זיין טהיר און געהט: וואָס קאָן זיין איינפאַכער? איז אָט די ראָהיגע איינפאַכע מעגליכקייט וועט מען ביי דיר אַוועקנעהמען. אַז דו וועסט וועלען ערגיץ געהן, וועסטו זיין געצוואונגען צו רייסען ליילכער, בינדען פון זיי שטריק, אַראָבלאָזען זיך פון פענסטער און הענגען אין דער לופטען אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. ווילסט ניט אַרביי־טען, נור נוט עסען, טרינקען און שלאָפען? — וועסטו דערפאַר זיך שפּייזען מיט געקעלהאַפטען ברויט, וואָס קיין הינד ווילען איהם אין מויל ניט נעהמען, און שלאָפען אויף אַ געלעגער, וואו קיין הינד וואָלטען זיך ניט געלעגט. וועסט אַריין אין טורמע אַ צוואַנציג־יעהריגער יונגער־מאַן און אַרויס פון דאָרטען אַ צובראָכענער זקן. גנבה און ליידיג־געהן — דאָס איז די שווערסטע אַרבייט אין דער וועלט, די שווערסטע פּראָפעסיע. גלויב מיר: אַ לומפּ לעבט זעהר שלעכט, אַ נאָרענטליכען מענשען איז אַ סך ניט לייכטער. געה און געדענק, וואָס איך האָב דיר געזאָגט... יאָ, וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר? מיין בייטעלע? אָט איז עס...

דער אַלטער האָט מאָנפאַרנאַסן אָפּגעלאָזען און האָט איהם אַריינגערוקט אין האַנד זיין בייטעלע. דער יונגער באַנדיט האָט עס מיט געשיקטער האַנד אַראָבגעלאָזען אין די הינטער־קעשענע פון זיין ראָק.

דער אַלטער איז זיך דערווייל גאַנץ רוהיג אַוועק זיין וועגס.

— אידיאָט! — האָט מאָנפאַרנאַס אַרויסגעמורמעלט און מיט שטוינען נאָכגעקוקט דעם אַלטען, וועלכען דער לעזער האָט שוין מסתמא דערקענט. דאָס דאָזיגע נאָכקוקען האָט מאָנפאַרנאַסן געקאָסט טייער.

אַז דער אַלטער האָט אָנגעהויבען אַוועקגעהן, האָט גאַוראָש זיך דערנעהנטערט צו מאָנפאַרנאַסן, נאָר פריהער האָט ער געוואָרפען אַ בליק אין כאַרמען און זיך איבערצייגט, אַז מאַבעף זיצט נאָך אַליין אויפן שטיין אין האַלבען דרימעל. גאַוראָש האָט זיך שטיל אונטערגעגנבעט צום באַנדיט, האָט געשיקט אַריינגעלעגט זיין האַנד צו יענעם אין די הינטער־קעשענע און די גלייך אַרויסגענומען צוריק. אַזוי שטיל ווי פריהער האָט ער זיך אָבגערוקט צום פלויט פון גאָרטען און אַריבערגעוואָרפען אַהין עפּיס אַ זאַך. דערנאָך האָט זיך גאַוראָש אָבגעטראָגען פון דעם פּלאַץ, איידער מאָנפאַרנאַס האָט איהם באַמערקט.

פּינים קלאַפּ האָט זיך מאַבעף אויפגעכאַפּט און האָט דערזעהן נעבען זיינע פיס עפּיס אַ זאַך. דאָס איז געוועזען דאָס בייטעלע מיט געלד, וואָס זשאַן וואַלזשאַן האָט געגעבען דעם באַנדיט. דער דערשראָקענער מאַבעף איז אַוועק אין הויז און געוויזען די מציאה דער מוהמע פּלוטאַרך.

— דאָס האָט אונז גאָט פון הימעל אַראָבגעוואָרפען, — האָט די אַלטע איינפאַך געזאָגט.

---

## 4. מאַריוס און פאַנינאַ.

נאָך דער געשיכטע מיט זשאַן וואַלזשאַנ'ען ביי טענאַרדיע'ן אין צימער האָט מאַריוס פערלאָרען דאָס הויז און האָט זיך איבערגעצויגען צו קורפעיראַק'ן אין די וואוינונג. צו זעהן דאָס מיידעל, וועלכע ער האָט גערופען אורסולאַ, האָט ער שוין

פערלירען יעדע האָפנונג. טרויקייט און חמורנע האָט זיך זיין לעבען געצויגען.

איינמאָל האָט ער שפּאַצירט איבערן בולוואַר כמעט אַליין מיט זיינע נישט־פרעהליכע געדאַנקען. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ שטים:

— אַהאַ, אָט איז ער!

ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און דערזעהן פאַר זיך מאַניאַן, טענאַרדיע'ס עלטערע טאָכטער. זי האָט אויסגעזעהן נאָך אָרימער, אויב עס איז נור מעגליך, אָבער פיעל שענער. אירע קליידער זענען געווען נאָך מעהר צוריסען, די שטים הייזעריג ווי פריהער, דער בליק דרייסט, נאָר נישט פעסט און בלאָנקענדיג — נאָר אַ נייער אויסדרוק איז גענויכט, אַ רחמנות'דיגער אויס־דרוק האָט איהר צוגעגעבען אַ געהיימען חן. אין אירע האָר האָבען געשטעקט אַ פּאָר שטרוי־עלעך: פון צייט־הייט האָט מען זי אַרויסגעלאָ־זען, אָבער אַזוי ווי די האָט ניט געהאַט קיין מקום מנוחה, איז זי געשלאָפען וואו עס האָט זיך געמאַכט, ערגיץ אין אַ שטאַל אָדער אַ היי־שפּייכלער.

זי איז געבליבען שטעהן אַנטקעגען מאַריוס'ן, און אַ בלאַסע פרייד האָט זיך צוגאָסען אי־בער איהר פּנים.

— נו, ווייך פאָרט אַמאָל באַגעגענט! — האָט זי אָנגעפאַנגען. — דער אַלטער מאַבעף האָט מיר געזאָגט, אַז ער זעהט אייך אַמאָל שפּאַצירען דאָ אויפ'ן בולוואַר. אַך, איהר זאָלט נור וויסען, ווי איך האָב אייך געזוכט!.. איך בין דאָך געזעסען אין טורמע גאַנצע צוויי וואָכען... איהר האָט עס נישט געוואוסט?.. יאָ. זיי האָבען מיך אַרויס־געלאָזען, ווייל זיי האָבען געזעהן מיר גאָרנישט נעקאָנט בעווייזען, דערצו בין איך נאָך נישט מינ־דיג... זעקס וואָכען שפּין, זינט איך זוך אייך אַרום! איהר וואוינט שוין דאָרט נישט מעהר?

— ניין, — האָט מאַריוס געענטפערט.

— אָ, כ'פערשטעה: איבער יענער גע־שיכטע... יאָ, יעדער אומאַנגענעהם אַזעלכע גע־שיכטען... אָבער זאָגט נור, פאַרוואָס טראָגט איהר אַזאַ אַלטען הוט? אַזאַ יונגער־מאַן ווי איהר דאַרף זיין שאָן געקליידעט... מאַבעף רופט אייך באַראָן, — פאַרוואָס רופט ער אייך אַזוי? איהר זענט דאָך נישט קיין באַראָן? אַלע באַראָנען זענען זייער אַלטע־לייט, וואָס זיצען אין ליקסעמ־בורגער גאָרטען, וואַרימען זיך געגען דער זון און לעזען דעם „זשורנאַל“... וואו וואוינט איהר איצט?

מאַריוס האָט נישט געענטפערט.

— אַך, — האָט זי געזאָגט, — אייער העמד איז צוריסען, — איך וועל עס פערניהען... אָבער — מיר האָבט, איהר זענט אונצופרידען פון אונזער בעגעגעניש? — האָט די צוגעגעבען מיט אַ טאָן פון דערשלאָגענקייט.

מאַריוס האָט אַלץ געשוויגען. די איז געווען שטיל אַ ווייַלע, דערנאָך האָט די אויסגערופען:

— ווען איך וויל נור, ווערט איהר גלייך פרעהליך!

— וואָס מיינט איהר דערמיט? — האָט דער יונגער־מאַן געפרעגט.

— פריהער פלעגט איהר מיר זאָגען „דו“, פאַרוואָס האָט איהר עס איצט פערביטען אויף „איהר“?

— נו, גוט, — וואָס־זשע האָסטו געוואָלט זאָגען?

זי האָט זיך אַ ווייַלע געשלאָגען מיט חצה דעה, דערנאָך האָט זי אויסגערופען:

— יאָ, סוועט זיין — וועט זיין!.. איך וויל אייך זעהן פרעהליך און צופריעדען. איהר גע־דענקט, אַז איהר האָט מיר צוגעזאָגט געבען וואָס איך וועל נור פערלאַנגען?

— איך געדענק, איך געדענק! אָבער רייד שוין גיכער, וואָס האָסטו מיר געוואָלט זאָגען?

זי האָט איהם אַ קוק געטהון גלייך אין די אויגען און האָט לאַנגזאַם אַרויסגערעדט:

— איך האָב דעם אַדרעס...

מאַריוס איז בלאַס געוואָרען.

— וואָסער אַדרעס?..

— דעמזעלבען, וואָס איהר האָט בייַ מיר געבעטען. איהר ווייסט אַליין וועלכען.

מאַריוס האָט די אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנד.

— פיהר מיך אַהין! פערלאַנג פון מיר וואָס די ווילסט, אָבער זאָג גיכער: וואו איז עס?..

— איך ווייס נישט פּונקטליך די נומער, אָבער איך וועל דערקענען דאָס הויז. קומט, איך

וועל איך אַהין פֿוהרען.

זי האָט בײַ איהם אַרויסגעריסען איהר האַנד און געזאָגט מיט אַ בעזונדערן אויסדרוק:

— אַך, ווי איהר זענט צופֿריעדען!

מאַריסעס פּנים איז פֿינסטער געוואָרען. ער האָט זי ווידער געכאַפּט פֿאַר אַ האַנד.

— שווער מיר!..

— וואָס ווילט איהר?..— האָט זי ערשטוינט געפֿרעגט.— וואָס זאָל איך שווערען?

— דײַן פֿאָטער... פֿאַנינאַ, שווער מיר, אַז דו וועסט דעם האָזיגען אַדרעס ניט געבען דײַן פֿאָטער!..

זי האָט איהם אָנגעקוקט דערפֿרעהט און פֿערוואונדערט.

— פֿאַנינאַ!.. פֿון וואַנען ווייסט איהר, אַז איך הייס פֿאַנינאַ?..

— זאָג מיר צו, וואָס איך בעט בײַ דיר.

זי האָט ניט געהערט און ווײַטער גערעדט:

— ווי גוט איהר זענט! איהר האָט מיך גערופֿען „פֿאַנינאַ“!..

— אָבער שווער מיר, שווער מיר, אַז דו וועסט דײַן פֿאָטער ניט זאָגען, וואו דו וואוינסט.

— ניין, ניין, איך שווער...

זיי האָבען געמאַכט עטליכע טריט. פֿאַנינאַ איז געבליבען שטעהן:

— ניין, געהט אַ ביסעל אָבגערוקט פֿון מיר: מ׳דאַרף אײַך ניט זעהן צוזאַמען מיט אַזאַ פֿרוי, ווי איך בין...

אַ ביסעל ווײַטער האָט זי זיך ווידער אָבגעשטעלט.

— געדענקט איהר, אַז איהר האָט מיר פֿערשפּראָכען צו געבען עפּיס?

ער האָט אַ זוך געטהון אין זײַנע קעשענעס. ער האָט מעהר ניט געהאַט ווי פֿינף פֿראַנק, און די האָט ער אַרײַנגעלעגט צו איהר אין האַנד.

זי האָט דאָס געלד געלאָזען אַראָבפֿאַלען אויף די ערד, האָט אויף איהם געוואָרפֿען אַ פֿינסטערן בליק און געזאָגט צווישען די צייהן:

— איך דאַרף אײַער געלד ניט האָבען...

## 5. אַ האַרץ אונטער אַ שטיין.

קאָזעטעס אומגליק האָט זיך אַ ביסעל אײַנגעשטילט. איז דאָס פֿײַער פֿערלאָשען געוואָרען אָדער עס האָט זיך נור מיט אַ דינעם אַש פֿערצויגען? זי האָט עס אַליין ניט געוואוסט.

פּלוצים האָט אָנגעהויבען עפּיס פֿאָרקומען אַרום הויז. איינמאָל בײַ־נאַכט האָט זי געהערט מענשענס טריט אין גאָרטען. זי איז צוגעגאַנגען צום פֿענסטער, אָבער זי האָט קיינעם ניט געזעהן, אויף מאָרגען האָט זיך איהר אויסגעדאַכט עפּיס אַ פֿיגור צווישען די ביימער. קאָזעטע איז געוואָרען אומרוהיג. און האָט עס דערצעהלט דעם „פֿאָטער“, זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך פֿערוואָלקענט און אַרויסגעמורמעלט: „עפּיס מוז דערין שטעקען“. קאָזעטע איז געוואָרען נאָך מעהר אומרוהיג.

אין אַ געוויסען פֿאַרנאַכט האָט זי אַרומגעשפּאַצירט אין גאָרטען, דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און זיך פֿערטראַכט. עפּיס איז זי געוועזען נערוועז און האָט זיך אומגעקוקט פֿון צײַט צו צײַט, ווי זי וואָלט שפּירען עמיצען הערנעבען. זי איז אויפֿגעשטאַנען, האָט ווידער געמאַכט אַ פּאָר שפּאַציר־גענג איבער דער אַלעע און האָט זיך ווידער אומגעקעהרט צו דער באַנק, דאַסמאָל איז זי פֿערקיהלט געוואָרען פֿון שרעק: אויף דער באַנק איז געלעגען אַ היבשער שטיין, וועלכער איז מיט אַ מינוט פֿריהער דאָ ניט געווען!

אין איין שרעק איז זי אַוועקגעלאָפֿען אַהיים. זשאַן וואַלזשאַן איז דעמאָלט אין פּאַריז ניט געווען: פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער ערגיץ אַוועק אויף צוויי־דרײַ טאָג. דאָס פֿלעגט טרעפֿען דעמאָלט, ווען אין הויז איז געווען ווייניג געלד,— קענטיג, ער פֿלעגט פֿאָהרען ערגיץ נאָך געלד. קאָזעטע האָט פֿערבראַכט אַ שלעכטע נאַכט, אָבער אין דער־פֿריה האָט זי שוין געלאַכט פֿון זיך אַליין: מסתמא האָט זיך איהר אויסגעדאַכט די גאַנצע געשיכטע, און די האָט גאָר קיין שטיין ניט געזעהן, זי האָט זיך אויף דער גיך אָנגעטהון און איז אַרויס אין גאָרטען. אונגעהעגדיג צו

דער באַנק, האָט זי דערזעהן דעם נעכטיגען שטיין...

דאַסמאָל האָט זי זיך ניט דערשראָקען: דער העלער טאָג האָט בערוהיגט איהרע נערווען. „וואָס איז דאָס פאַר אַ שטיין?“ האָט זי זיך געפרעגט און האָט איהם אויפגעהויבען פון דער באַנק. אונטערן שטיין איז געלעגען אַ קאָנווערט, אָהן אַדרעס, אָבער אינווייניג זענען געלעגען פערשריבענע פאַפירען. קיין אונטערשריפט איז אויך נישט געווען.

קאָזעטע האָט דערפיהלט אַ בעזונדערע אונרוהיגקייט. דאָס איז געווען נישט קיין שרעק און נישט קיין נייגיריגקייט, נאָר עפּיס אַזעלכעס, פאַר וועלכעס זי האָט קיין נאָמען נישט געוואוסט. זי האָט זיך געשלאָגען מיט דער דעה: לעזען אָדער נישט לעזען?.. און האָט בעשלאָסען — לעזען...

דאָס איז געווען אַ מאָדנע ווערק: אַ בריעף, אַ געדיכט, אַ טאָג-בוך — אַלעס צוזאַמען. דאָס איז, קענטיג, אָנגעשריבען געוואָרען נישט אין איין מאָל, נאָר אין פערלויף פון פיעל טעג און נעכט. גערעדט האָט זיך אין די פאַפירען פון ליעבע. אין פערקווירדיג! — קאָזעטען איז דאָס אַלעס געווען בעקאַנט, האָטש זי האָט די געדאַנקען געלעזען צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען.

נאָכ'ן לעזען דעם בריעף איז קאָזעטע אַרומגעגאַנגען דעם גאַנצען טאָג ווי אין אַ חלום. ווער האָט עס געשריבען?.. צו וועמען האָט מען עס געשריבען?.. שוין-זשע?.. יאָ, — האָט זי פּלוצים בעשלאָסען, — דאָס האָט געשריבען „ער“, יענער, וועמען זי האָט אָנגעהויבען צו פערגעסען, און צו איהר, און — האָט זי איהם ווירקליך אָנגעהויבען פערגעסען? ניין! דאָס האָט זיך איהר נאָר אויסגעדאַכט, זי האָט אַליין נישט געוואוסט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי איז! דאָס איז פון איהם צו איהר... פון איהם צו איהר...

ביי-טאָג איז זשאַן וואַלזשאַן געקומען צופאָהרען, אָבער דאַסמאָל האָט זי איהם וועגען דעם שטיין נישט דערצעהלט. און וואָלט ער געוואוסט, מיט וואָס פאַר אַ אונגעהויער זי האָט געווארט אויפ'ן אָוונט, וואָלט ער געציטערט פון שמערצען.

אין אָוונט איז זשאַן וואַלזשאַן ערגיץ אַוועקגעגאַנגען. קאָזעטע האָט זיך אָנגעקליידט און איז אַרויס אין גאָרטען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק און אַרויפגעלעגט איהר האַנד אויפ'ן שטיין, וועלכער איז נאָך אַלץ דאָרט געלעגען. פּלוצים האָט זי דערפיהלט עפּיס אַזוי ווי עמיצער וואָלט זיך געפונען נישט ווייט פון איהר. זי האָט זיך אויסגעקעהרעוועט און איז אויפגעשפרונגען פון שרעק: „ער“ איז געווען אין גאָרטען.

ער איז געווען בלאַס און טרויעריג. זיין הוט איז געלעגען הינטער'ן אויפ'ן גראָז. קאָזעטע איז שיער נישט געפאַלען אין אָהנמאַכט.

ער האָט אָנגעהויבען רייהדען:

— ענטשולדיגט, וואָס איך געפין זיך דאָ. מיין האַרץ איז פערמאַטערט; איך קאָן מעהר נישט ליידען, בין איך געקומען. האָט איהר געלעזען דאָס, וואָס איך האָב נעכטען אַוועקגעלעגט אויף די באַנק? דערקענט איהר מיך?.. געדענקט איהר יענעם בליק, וואָס איהר האָט אַמאָל אויף מיר געוואָרפען אין לוקסעמבורגער גאָרטען? שוין באַלד אַ יאָהר. ווי לאַנג איך האָב אייך נישט געזעהן! איך האָב אייך נאָכגעשפירט די גאַנצע צייט, — וואָס האָב איך געזאָלט טהון?.. איך קום אַהער אָפט צוגעהן, אָבער קיינער זעהט מיך נישט. איך קום אַ קוק צו טהון אויף אייערע פענסטער. וואָס קאָן עס אייך שאַדען? ערלויבט מיר אייך צו זעהן פון צייט צו צייט. איך בין נאָהענט צום טויט... ווען איהר וואָלט וויסען, ווי איך בעטער אייך! ענטשולדיגט, איך הער כמעט אַליין נישט, וואָס איך רייד. אפשר פערדריסט אייך, וואָס איך בין דאָ? וואָס איך רייד? זאָגט, עס פערדריסט אייך? יאָ?

— אָ, מאַמע! — האָט קאָזעטע הוממפף אַרויסגעקרעכצט, האָט זיך אַ טרייסעל געטהון און איז שיער נישט געפאַלען.

ער איז צוגעלאָפען און האָט זי אונטערגעכאַפּט. זי איז צוגעפאַלען צו איהם און האָט צו-

געדריקט זײַן האַנד צו איהר ברוסט. ער האָט דערפֿילט אַ פּאַפּיר אויף איהר ברוסט,— זײַן בריעף, און האָט שטיל געזאָגט:

— איז עס מעגליך, אַז איהר ליעבט מיך?..

זי האָט אַראָבגעלאָזען איהר קאָפּ אויף זײַן אַקסעל.

זײ זענען געזעסען און האָבען געציטערט. דערנאָך איז געקומען דער ערשטער קוש, זײ האָבען אַלײן נישט געוואוסט ווי אַזוי. ערשט דעמאָלט האָבען זיך זײערע ליפּען געעפֿענט, און אַלץ, וואָס בײַ זײ האָט זיך אָנגעזאַמעלט אויף די הערצער, האָבען זײ איבערגעגעבען אײנער דעם צווײטען. לסוף האָט זי געפֿרעגט:

— ווי הייסט מען אײַך?

— מאַריוס,— האָט ער שטיל געענטפֿערט.— און אײַך?

— קאָזעטע.



## 6. דער וואַך־הונד.

אײנמאָל פֿאַרנאַכט האָט מאַריוס, גײענדיג צו קאָזעטע'ן, דערזעהן פֿון ווײַטענס פּאַנינאַ'ן, און נישט וועלענדיג, אַז טענאַרדיע'ס טאָכטער זאָל וויסען, האָט ער זיך אָבגעקעהרט אין אַ זײַט און איז אַוועק מיט אַן אַנדער וועג. פּאַנינאַ האָט איהם אָבער אויך בעמערקט, און דוקא ווײַל ער האָט זי אויסגעמיטען, האָט זי איהם נאָכגעשפּירט ביז דער גאַס פּלימע. זי האָט געזעהן, ווי ער האָט אַרויסגענומען אַ שטעקעל פֿון פּלויט און איז אַרײַן אין גאָרטען. פּאַנינאַ'ס פּנים האָט זיך פֿערוואָלקענט.

— אַזוי גאָר!— האָט זי געזאָגט.— ער געהט אַהער אַלע טאָג... און איך האָב איהם נאָך אַלײן דעם אַדרעס געגעבען!..

ווי אַזוי האָט זיך פּאַנינאַ דערוואוסט פֿון זשאַן וואַלזשאַנ'ס וואוינונג?

די גאַנצע קאָמפּאַניע מיט טענאַרדיע'ן אין דער שפּיץ, וועלכע זשאַווער האָט אַרעסטירט, האָט נאָך זיצענדיג אין טורמע אָנגעהויבען צו פּראָעקטירען נײַע פֿערברעכענס. אײנער פֿון דער חברה האָט זיך דערוואוסט, אַז אין אַ הויז אויף דער גאַס פּלימע וואוינט אַן אַלטער ראַנטיע מיט אַ טאָכטער און מיט אַ דיענסט, און די חברה האָט בעשלאָסען צו „מאַכען דעם הויז אַ וויזיט", ווײַל דער אײגענטימער האָט זיי אויסגעוויזען צו זײַן אַ פֿערמעגליכער מענש,— נאָר, נאַטירליך, פֿריהער האָט מען געדאַרפֿט אַנטלויפֿען פֿון טורמע; און וועהרענד זײ האָבען זיך גענומען צו זוכען פּלענער, ווי אַזוי צו אַנטלויפֿען, האָט טענאַרדיע דערווײַל צוגעשיקט דער עלטערער טאָכטער אַ בריעף, אין וועלכען ער האָט איהר געהייסען אויסצופֿאָרשען דאָס הויז אויף דער גאַס פּלימע. פּאַנינאַ האָט דערקענט דעם אײגענטימער פֿונ'ם הויז און האָט געבראַכט די ידיעה, אַז דאָס זענען אָרימע מענשען, אַז אין הויז איז נישטאָ וואָס צו נעהמען, און אַלײן האָט זי געגעבען דעם אַדרעס מאַריוס'ן.

איצט איז זי געזעסען נעבען פּלויט פֿון גאָרטען, וואוהין מאַריוס איז אַרײַן, מיט'ן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן בײדע הענד. אין איהר האַרצען האָט געברענט אַ פֿײַער. פֿון צײַט צו צײַט האָט זי געמורמעלט עפּיס אַזוינס, און אין איהר טאָן איז געווען עטוואָס דראָהענדעס.

עס איז שוין געווען רעכט פֿינסטער, אין פּאַנינאַ איז נאָך אַלץ געזעסען און האָט געטראַכט, און מאַריוס איז נאָך אַלץ צוריק נישט געקומען. פּלוצים האָט פּאַנינאַ אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ. אויף דער גאַס האָבען זיך בעוויזען זעקס מענשען, וואָס האָבען זיך בגנבה גערוקט איבער דער גאַס אײנער נאָכ'ן צווײטען. זײ האָבען זיך אָבגעשטעלט נעבען הויז, נישט בעמערקענדיג פּאַנינאַ'ן.

— דאָ איז עס,— האָט אײנער געזאָגט.

— איז פֿאַרהאַן אין גאָרטען אַ הונד?— האָט אײנער געפֿרעגט.

— כ'ווײס נישט,— האָט אַ צווײטער געענטפֿערט,— אויף יעדען פֿאַל האָב איך אָנגעגרײט אַזאַ מאכל, וואָס אַז אַ הונד שלינגט איהם אײַן, פֿערליערט ער דאָס לשון.

אײנער פֿון דער חברה האָט גענומען אַראָבמאַכען דעם פּלויט. פּלוצים האָט איהם

גמיצער א קלאפ געטהון איבער דער האנד, און א הייזעריגע שטים האט שטיל געזאגט:

— דא איז פארהאן א הונד.

און אין דערזעלבער צייט האט דער מאן דערזעהן פאר זיך א מיידעלשע פיגור. דער מאן איז אבגעשפרונגען אהינטער און האט ארויסגעברומט:

— וואס איז דאס פאר א נ׳אנשיקעניש?..

— אייער טאכטער, — האט דאס מיי־

פאנינא איז געשטאנען פנים אל פנים מיט איהר פאטער. די אנדערע באנדיטען זע־נען צוגעגאנגען נעהנטער. טענארדיע האט מיט כעס געזאגט:

— וואס פאר א שווארץ יאהר האט דיך אהער געבראכט? ווי קומסטו אהער?..

פאנינא האט זיך פונאנדערגעלאכט און האט זיך געווארפען דעם פאטער אויפ׳ן האלז.

— טאטעלע! — האט זי שטיפעריש גע־זאגט. — איך בין דא, ווייל איך בין נישט ערגיץ אנדערש. אבער וואס טהוט איהר דא? איך האב דאך אייך געזאגט, אז דא איז נישטא וואס צו טהון, וואס־זשע זוכט איהר דא ווידער? וואס גיט איהר נישט אייער טאכ־טער א קוש?.. מיר האבען זיך דאך אזוי לאנג נישט געזעהן. אזוי, זענט איהר ווי־דער פריי, — אך, ווי גליקליך איך בין!..

טענארדיע האט זיך בעמיהט זיך ארויס־צודרייסען פון פאנינא׳ס ארעמס און האט גע־ברומט, ווי א חיה:

— מוחל, מוחל, מיר׳ן זיך ארומלע־קען אנאנדערס מאל. איצט געה וואוהין דו ווילסט און לאז אונז צו־רוה.

— אבער וואס זוכט איהר דא? איך האב דאך אייך געלאזען וויסען, אז אין דעם הויז איז נישטא וואס צו נעהמען, און איהר ווייסט דאך, אז אויף מיר קאן מען זיך פערלאזען.

— פערלאזען זיך אויף דיר קאן מען טאקע, פונדעסטוועגען האבען מיר בעשלאסען א חק צו טהון אליין.

פאנינא האט זיך ווידער גענומען אבצו־צורייהען ווי דערפון, ביז ביי טענארדיע׳ן האט געפלאצט די געדולד, און ער האט אויסגע־שריען:

— אוועק פון דאנען, צו אל־די שווארצע יאהר, דו הערסט וואס מ׳זאגט דיר?..

פאנינא האט זיך אוועקגעשטעלט מיט׳ן רוקען צום פלויט.

— ווילט איהר טאקע, הייסט עס, דורכ־אויס אריינגעהן אין הויז?

— א ביסעלע, — האט איינער לאכענדיג געזאגט.

— ט׳, וויל איך עס נישט און וועל איך נישט לאזען געהן.

די גאנצע קאמפאניע האט געעפענט מויל און אויערן.

פאנינא האט ווייטער געזאגט:

— איך זאג אייך אין פאראויס: אויב גמיצער פון אייך וועט זיך צורירען צום פלויט, וועל איך דא מאכען אזא געפילדער, אז די גאנצע גאס וועט זיך צונויפלויפען.

— די קליפה איז דערויף פעהיג! — האט טענארדיע געזאגט.

— געווים, — האט פאנינא זיך אבגע־רופען, — איך וועל מאכען, אז מ׳זאל אייך דא אלע פאקען, אזוי ווי די מייז, טאקע מיט מיין פאטער צוזאמען.

טענארדיע איז צוגעגאנגען צו איהר.

— קריך נישט, דו, אלטער! — האט זי אויסגעשריען.

טענארדיע איז אבגעשפרונגען.

— וואס איז עס מיט איהר געווארען! — האט ער מיט כעס געזאגט.

פאנינא האט זיך ביזן פונאנדערגעלאכט.

— טהוט וואס איהר ווילט, נאר אהער אין הויז וועט איהר נישט אריינקומען. פרובט נור צוגעהן, הויב איך תיכף אן צו בילען. איהר זענט אפילו זעקס און איך בין איינע, אבער איך שפיי אויף אייך אלע! מיר איז לחלוטין אלץ איינס, צי איך לעב, צי מ׳וועט מיך געפינען א געקוילעטע אדער א דערטרונ־קענע אין טייך. איך זאג אייך: טראגט זיך אב פון דאנען, וועט איהר בעסער מאכען!

טענארדיע האט געפרובט מיט גוטען:

— טאכטער, פארוואס שטערסטו אונז? מיר מוזען דאך לעבען! האסט גאר קיין רחמנות

נישט אויף דײַן אַלטען טאַטען?..

— הער־אויף צו פּלוידערן נאַרישקייטען! — האָט זי פּערעכטליך געזאָגט.

— איך פרעג דיך נור: פון וואַנען וועלען מיר לעבען?

— אויב איהר האָט נישט פון וואַנען צו לעבען — פּגר'ט אויס.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט אַריינגעלעגט אַ פּוס איבער אַ פּוס און האָט אָנגעהויבען אונטערצווינגען אַ ליעדעל.

די קאָמפּאַניע איז געווען אין גרויס פערלעגענהייט. איינער פון דער חברה, וועלכען מיר קענען שוין אונטערן נאָמען מאָנפּאַרנאַס, האָט געזאָגט:

— וואָס וועלען מיר דאָ מיט איהר טענה'ן?.. איך וועל איהר צו־לעגען מײַן מעסער און פּאַרטיג...

טעאַנאַרדיע האָט געשוויגען: ער איז, קענטיג, געווען גרייט אויף אַלץ. דאָ האָט זיך אָבגערופען אַנאַנדערער, וועלכער איז געווען דער אָנפיהרער פון דער באַנדע:

— ניין, אין דער־פריה האָב איך געזעהן צוויי שוואַלבען זיך שלאָגען און איצט האָב איך בעגעגענט אַ מויז, וואָס בילט. דאָס זענען שלעכטע סימנים. דערצו האָב איך נישט ליעב צו טשעפּען ווייבער.

זיי זענען אַוועקגעגאַנגען בייז און צורייצט. אויפ'ן וועג האָט איינער געפרעגט:

— וואוהין געהען מיר נעכטיגען?

— אונטער פּאַריז.

— טענאַרדיע, האָסט דעם שליסעל?

— געווים.

פּאָנינאַ איז זיי נאָכגעגאַנגען פון דער ווייטענס און האָט זיי נאָכגעקוקט, ביז זיי זענען פערשוואונדען אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט.

## 7. אַ התראה.

ווערענד פּאָנינאַ האָט געהיט דעם גאָרטען פון דרויסען, איז אינווייניג פאָרגעקומען גאַר אַנאַנדערע סצענע.

מאַריוס האָט געטראָפען קאָזעטע'ן אַ בערוויינטע. אויף זײַן פראַגע, וואָס דאָס בעטייט, האָט זי געענטפערט, אַז זיי מוזען זיך שיידען, ווייל איהר פאָטער האָט איהר געגעבען צו וויסען, אַז אין גיכען פאָהרען זיי אַוועק קיין ענגלאַנד.

דערהערענדיג די דאָזיגע בשורה, איז מאַריוס געוואָרען בלאַס, ווי דער טויט. דערנאָך איז ער געוואָרען אין כעס. ביי איהם איז אויסגעקומען, אַז איהם ווערט דאָ געטהון די גרעסטע עולה, וואָס מענשען קאָנען נור בעגעהן. ער האָט שטיל געפרעגט:

— ווען פאָהרסטו?

— איך ווייס נישט.

— און ווען קומסטו צוריק?

— ווייס איך אויך נישט.

מאַריוס איז אויפגעשטאַנען און האָט קאַלט געזאָגט:

— וועט איהר טאַקע פאָהרען?

זי האָט איהם דערשראָקען אָנגעקוקט:

— וואוהין?

— קיין ענגלאַנד, — פאָהרט איהר טאַקע?

— נאָך וואָס זאָגסטו מיר „איהר"?

— איך פרעג: איהר פאָהרט?

— אדרבה, וואָס דען זאָל איך טהון? — האָט זי אויסגעשריען, צונויפלעגענדיג די הענד.

— הייסט עס, פאָהרט איהר?..

— ווי באַלד אַז דער טאַטע...

— אָבער איך וויל וויסען: איהר פאָהרט, צי איהר פאָהרט נישט?

זי האָט שווייגענדיג אָנגעהאַפּט זײַן האַנד און זי שטאַרק צוזאַמענגעדריקט.

— גוט, — האָט מאַריוס געזאָגט, — אויב אַזוי, פאָהר איך אויך, אָבער ערגיץ אַנדערש...

זי האָט גיכער דערפיהלט, איידער פערשטאַנען די בעדייטונג פון זײַנע ווערטער און איז בלאַס געוואָרען.

— וואָס מיינסטו דערמיט?

— גאָרנישט.

— ווייסטו גאָר וואָס: פאָהר אונז נאָך.

— פאָהרען נאָך איך?.. איך האָב אפילו

נישט פון וואַנען דאָ צו לעבן, זאָגסטו איך זאָל דיר נאָכפאָהרען. וואו וועל איך נעהמען אויף הוצאות? אויסערדעם, בין איך אָבגעריסען און אָבגעשליסען. דו האָסט מיך ליעבּ דערפאַר, וואָס דו זעהסט מיך נור ביי־נאַכט, — זאָלסט מיך זעהן ביי־טאָג, וואָלסטו מיר צוגעוואָרפען אַ נדבה...

ער האָט זיך צוגעדריקט מיט זיין ברעגענדען שטערן צו אַ בוים און איז אַזוי געשטאַנען עטליכע מינוט, נישט וויסענדיג, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. פּלוצים האָט זיך געלאָזען הערען אַ געוויין: דאָס האָט קאָזעטע געוויינט. אין אַ סעקונדע אַרום איז שוין מאַריוס געלעגען ביי איהרע פיס, און די יונגע לייט האָבען זיך צום טויזענדען מאָל געשוואָרען ליעבע און טרייהייט. דערנאָך האָט מאַריוס געזאָגט:

— דאַכט זיך, איך האָב עפּיס אַ פּלאַן. מאָרגען זאָלסטו זיך אויף מיר נישט ריכטען.

— פאַרוואָס? — האָט קאָזעטע געפרעגט.

— אַזוי, איך דאַרף ערגיץ געהן, וועסט שוין שפּעטער וויסען וואָס און ווען. איך מוז נאָך מאַכען אַ פּראָבע צו פערזיכערן אונזער גליק. אויף יעדען פאַל, וועל איך דאָ איבערלאָזען מיין אַדרעס.

ער האָט אויסגעקריצט אויף דער הויט פונ'ם בוים: „די גאַס ווערערי, נומער 16“.

— און איך וועל בעטען גאָט, אַז דו זאָלסט אויספיהרען, וואָס דו ווילסט, — האָט קאָזעטע געזאָגט — אַך, ווי לאַנג עס איז צו וואַרטען! ווען, זאָגסטו, וועסטו דאָ זיין?

— איבערמאָרגען אָווענד, ניין אַ זייגער.

— גוט, פּונקט ניין וועל איך זיין אין גאָרטען.

מאַריוס איז אַוועקגעגאַנגען.

אויף מאָרגען ביי־טאָג איז זשאַן וואַלזשאַן געשטאַנען נעבען בוים און האָט מיט אַ פערוואָלקענט געזיכט בעטראַכט די אויפשריפט: „די גאַס ווערערי, נומער 16“. וואָס זאָל עס בעטייטען? די אויפשריפט איז געווען נאָך פריש, זי איז נישט לאַנג געמאַכט געוואָרען, — אָבער צו וואָס האָט מען זי געמאַכט? יעדענפאַלס, עס איז קלאָר, אַז זייטיגע מענשען זענען געווען דאָ אין גאָרטען. אויסערדעם, איז זשאַן וואַלזשאַן געווען אונרוהיג נאָך צוליעב אַנאַנדער סבה: ער האָט שוין עטליכע מאָל בעגעגענט אין דער נאַכבאַרשאַפט טענאַרדיע'ן. אמת, זשאַן וואַלזשאַן האָט געטראָגען אַרבייטער־קליידער, און טענאַרדיע האָט איהם נישט דערקענט, אָבער טענאַרדיען פאַר אַ שכן איז סיי־ווי־סיי געפעהרליך. ער האָט קאָזעטע'ן פון די אַלע זאַכען גאָרנישט געזאָגט, אָבער ער האָט נאָך פריהער בעשלאָסען אַוועקצופאָהרען פון פראַנקרייך, ווייל די פּאָליטישע לאַגע איז געוואָרען אַלץ געפעהרליכער, אין דער לופט האָט געשמעקט מיט אַ נייעם אויפשטאַנד, און די פּאָליציי איז געוואָרען זעהר פערדעכטיג: זוכענדיג רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַטאָרען, קאָן זי גאַנץ לייכט זיך אָנשטויסען אויף זשאַן וואַלזשאַן. ער האָט דעריבער געגעבען צו וויסען קאָזעטען, אַז זי זאָל זיך גרייטען אין וועג אַריין.

שטעהענדיג אַזוי פערטראַכט, האָט זשאַן וואַלזשאַן פּלוצים בעמערקט נישט ווייט פון זיך אַ שאָטען פון אַ מענשען, און איידער ער האָט צייט געהאַט דעם קאָפּ אומצודרעהען, איז אַ שטיקעל פּאַפּיר געפאַלען צו זיינע פיס. זשאַן וואַלזשאַן האָט עס אויפגעהויבען און פונאַנדערגעוויקעלט. אויפ'ן פּאַפּיר'ל זענען געווען אָנגעצייכענט מיט אַ בלייַשטיפט די ווערטער: „ציהט זיך אַרויס“.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אומגעקעהרט דעם קאָפּ און האָט דערזעהן אַ פיגור, וואָס האָט זיך דערווייטערט מיט שנעלע טריט. די פיגור איז געווען גרעסער פון אַ קינד און קלענער פון אַ דערוואַקסענעם, געקליידט אין אַ גרויער בלוזע און הויזען פון דערוועלכער פאַרב. אין אַ פּאָר סעקונדען אַרום איז זי פערשוואונדען.

---

## 8. דער קבלת פּנים.

דער אַלטער זשילנאָרמאַן איז ביטלעכווייז געוואָרען אָבגעלאָזען, אָבער דאָס איז נישט

געקומען דערפון, וואָס ער איז שוין אַלט געווען איין און נײַנציג יאָהר, נאָר די בענקשאַפט נאָך מאַריוס'ן האָט אונטערגעבראָכען דעם דאָזיגען דעמב. פיער יאָהר האָט ער געוואַרט אויף מאַריוס'ן, געוואַרט, אַז יענער וועט קומען, וועט פאַלען צו די פיס און איהם איבערבעטען, אָבער דער „שנעק" האָט זיך נישט געוויזען, און דעם אַלטען איז אויסגעגאַנגען דאָס היות נאָכ'ן אייניקעל. פון דעם אָפיציה טעאָדיול, וועמען מאַדמאַזעל זשילנאָרמאַן האָט פּרובירט שטעלען אויף מאַריוס'עס אָרט, האָט ער נישט געוואָלט וויסען.

אין אָווענד פון 4-טען יוני 1832 איז דער אַלטער געזעסען בײַ זיך אין צימער. פּלוצים איז אַרײַנגעקומען דער דינער באַסק און האָט געזאָגט:

— העהר מאַריוס בעט ערלויבניש זיך מיט אײַך צו זעהן.

זשילנאָרמאַן איז געוואָרען בלוי און איז אויפגעשפּרונגען פון שטוהל.

— ווי? וואָס? העהר מאַריוס?.. — האָט ער קוים אויסגערעדט. — ט, זאָל ער אַרײַנקומען.

די טהיר האָט זיך געעפענט, און מאַריוס איז אַרײַנגעקומען. ער איז געבליבען שטעהן בײַ דער שוועל, ווי ער וואָלט וואַרטען, מ'זאָל איהם אײַנלאַדען צו צוגעהן נעהנטער. מיט איין בליק האָט דער זיידע אַרומגענומען דאָס אייניקעל פון קאָפּ ביז די פיס און האָט געפינען, אַז ער איז געוואָרען מענישער, שענער, ווהאַלט זיך פײַנער און איז נאָך מעהר אַנציהענד ווי פריהער. איהם האָט זיך זעהר געוואָלט עפענען זײַנע אָרעמס, צורופען דעם יונגען-מאַן אָדער אַליין צולויפען צו איהם. אינערליך האָט ער זיך געצאַפּעלט פון פרייד און צערטליכקייט, און לסוף האָט זיך די גאַנצע ליעבשאַפט זײַנע אויסגעדריקט, ואדאנק זײַן לההכעיס-דיגען כאַראַקטער, אין אַ גראָבער פאָרם.

— וואָס דאַרפט איהר דאָ? — האָט ער טרוקען געפרעגט.

מאַריוס האָט אין פערלעגענהייט אַרויסגעמורמעלט:

— מײַן העהר....

זשילנאָרמאַן האָט געוואָלט, אַז מאַריוס זאָל זיך אַוואַרף טהון צו איהם אויף די ברוסט, און אַזוי ווי יענער האָט עס נישט געטהון, איז ער געוואָרען בייז.

— אויב אַזוי, וואָס-זשע ווענט איהר געקומען אַהער? — האָט ער געפרעגט מיט אַ רויהען טאָן. דער „אויב אַזוי" האָט בעטײַט: „אויב דו ווילסט מיך נישט אַרומנעהמען".

מאַריוס האָט ווידער געזאָגט:

— מײַן העהר...

— איהר ווענט געקומען בעטען ענטשולדיגונג? זיך מודה זײַן, אַז איהר האָט געגרײַזט? — האָט זשילנאָרמאַן איהם איבערגעשלאָגען, מײַנענדיג מיט די ווערטער צו ערמוטהיגען „דאָס קינד".

אויסגעקומען איז פונקט פערקעהרט. זיך מודה זײַן, אַז ער האָט „געגרײַזט", האָט פאַר מאַריוס'ן געהייסען אָבזאָגען זיך פון זײַן פאָטער.

— ניין! — האָט ער פעסט געזאָגט.

— וואָס-זשע ווילט איהר פון מיר?! — האָט דער אַלטער מיט וועהטאָג אויסגעשריען.

מאַריוס איז צוגעטראָטען נעהנטער און האָט געזאָגט מיט אַ שטילער, ציטערנדער שטים:

— דערבאַרימט אײַך איבער מיר.

דער אַלטער האָט זיך פּלוצים אָנגעצונדען.

— אַ, דערבאַרימען זיך איבער אײַך?!— האָט ער אויסגערופען. — אַ יונגעל בעט רחמים בײַ אַ נײַנציג-יעהריגען זקן! איהר הויבט ערשט אָן אײַער לעבען, און איך בין שוין בײַם סוף פון מײַנעם. איהר געהט אין טעאַטער, בעזוכט בעלער, רעסטאָראַנען, ביליאַרד-זאַלען, געפעלט פרויען, — און איך זיץ בײַ אַ וואַרימען אויווען אין מיטען זומער. איהר האָט אַלײַ צוויי און דרײַסיג צייהן, אַ גוטען מאָגען, שאַרפען בליק, ווענט מונטער און פרעהליך, —

און איך האָב פערלוירען די ציהן, פערליערט די האָהר, די פיס און דעם זכרון. איהר זענט אודאי פערליעבט און געליעבט, און מיך האָט קיינער אין דער וועלט נישט ליעב, — און נאָך דעם אַלעם קומט איהר צו מיר נאָך רחמנות!.. נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכען, אויף מיין וואָרט!

ער האָט אָבגעצויגען דעם אָטעם און צורייצט געפרעגט:

— הכלל, וואָס אייגענטליך ווילט איהר פון מיר?

— מיין העהר, — האָט מאַריוס ענדליך געזאָגט, — איך זעה, אַז איך בין אייך שווער, איך וועל אייך נור עפּיס בעטען, און גלייך אַוועק.

— איהר זענט אַ טיפש! — האָט זשילנאָרמאַן אויסגעשריען. — ווער הייסט אייך דען אַוועקגעהן?

דאָס זענען געווען אין אַ גראָבער איבערזעצונג די צערטליכע ווערטער, וואָס האָבען זיך געריסען ביים אַלטען פון האַרצען: „בעט שוין אַמאָל ענטשולדיגונג! וואַרף זיך צו מיר אויף דעם האַלז!" ער האָט געפיהלט, אַז מאַריוס וועט ווירקליך באַלד אַוועקגעהן, און איז געווען אין פערצווייפלונג. וואָס יענער פערשטעהט איהם נישט, פערשטעהט נישט די הייסע ליעבשאַפט, וואָס בעהאַלט זיך אונטער דער שטרענגער אויפנאַהמע, — און אַזוי די יסורים האָבען זיך ביי זשילנאָרמאַנ'ען שטענדיג אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון כעס, איז זיין צאָרן געוואַקסען אַלץ מעהר און שטאַרקער. ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— איהר האָט זיך ערלויבט צו ווייזען מיר אַזוי פיעל אום־כבוד, צו פערלאָזען מיין הויז און זיך אפילו נישט בעוויזען! אַלעב טהון האָט זיך אייך געוואָלט, הולטאַיעווען אַ ביסעל. איהר האָט מסתמא אָנגעמאַכט אַ שיין ביסעל חובות און אפילו נישט געקומען צום אַלטען זיידען בעטען, ער זאָל זיי פאַר אייך בעצאָהלען. איצט, אין פיער יאָהר אַרום, זענט איהר געקומען צו מיר און געפינט אפילו נישט וואָס מיר צו זאָגען!..

מאַריוס האָט נאָך אַלץ נים פערשטאַנען. דער אַלטער האָט אינגאַנצען פערלוירען די געדולד.

— אָבער — אַ סוף זאָל עס נעהמען, — האָט ער געזאָגט, — איהר זאָגט, איהר ווילט מיך עפּיס בעטען. רעדט.

— מיין העהר, — האָט מאַריוס געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ מענשען, וואָס וואַרפט זיך אין אַ תהום אַריין, — איך בין געקומען בעטען ביי אייך ערלויבניש צו הייראַטען.

זשילנאָרמאַן האָט אָנגעקלינגען. באַסק האָט זיך בעוויזען אין טהיר.

— בעט אַריין אַהער מיין טאָכטער.

מאַדמואַזעל זשילנאָרמאַן איז אַריינגעקומען. דערזעהענדיג מאַריוס'ן, איז זי געבליבען שטעהן איבערראַשט. זשילנאָרמאַן האָט געשפּאַנט איבער'ן צימער, און געהענדיג האָט ער אַ זאָג געטהון צו דער טאָכטער:

— אָ, קיינע עקסטרא־נייעס. דאָס איז הערר מאַריוס, גריסט זיך מיט איהם. דער יונגער העהר ווינשט צו הייראַטען. דאָס איז גאָר. איהר קאָנט געהן.

זיין הייזעריגע שטים האָט געוויזען, אַז ער ברענט פון כעס. די מומע האָט געוואָרפען אויף מאַריוס'ן אַ דערשראָקענעם קוק און האָט זיך אָבגעטראָגען.



## 9. דער סוף פון קבלת פנים.

זשילנאָרמאַן האָט גענומען אויסברייזען זיין כעס:

— האָט איהר, הייסט עס, בדעה חתונה צו האָבען? צו איין און צוואַנציג יאָהר! נו, מילא, איז שוין מסתמא אַלץ פאַרטיג, נאָר מיין ערלויבניש פעהלט אייך?.. אָבער דאָס איז דאָך אַ פּוסטע פאָרמאַליטעט, פון וועלכער עס לוינט זיך נישט צו רייהדען... יעצט... יאָ, האָט איהר דאָ געהאַט דערווייל אַ רעוואָלוציע און די רעוואָלוציאָנערען האָבען געזיגט? איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַ שמחה ביי אייך איז דאָס דאָרט געווען! איהר

זענט דאָך, האַלט זיך, אַ רעפּובליקאַנער, זינט איהר זענט געוואָרען אַ באַראָן, אַז בײַ אײַך קומט דאָך אויס, אַז אײנס שאַדט ניִשט דעם צווייטען. יאָ, ווילט איהר, הייסט עס, הייראַטען, — איז מיר ערלויבט צו פרעגען: מיט וועמען? הייסט עס, איהר זענט פערמעגליך? וויפיעל, אַ שטייגער, פערדיענט איהר מיט אייער אַדוואָקאַטעריי?

— גאָרניִשט, — האָט מאַריוס געענטפערט.

— גאָרניִשט? פערמאָגט איהר, הייסט עס, גאָרניִשט, אויסער די צוועלף הונדערט פראַנק אַ יאָהר, וואָס איך גיב אײַך?

מאַריוס האָט פערשטאַנען, אַז דער אַלטער ווייסט ניִשט, אַז ער האָט זיך ענטזאַגט פונ'ם געלד, וואָס די מומע האָט איהם צוגעשיקט, — אָבער ער האָט גאָרניִשט געזאָגט.

זשילנאָרמאַן האָט ווייטער געפרעגט:

— איך פערשטעה: איהר האָט חתונה מיט אַ רייך מיידעל?

— זי איז אַזוי רייך ווי איך.

— ווי, אָהן נדן?

— יאָ.

— ווער איז איהר פאָטער?

— איך ווייס ניִשט.

— ווי רופט מען זי?

— מאַדמואַזעל פאָשלעוואַן.

— פאָש... ווי אַזוי זאָגט איהר?

— פאָש—לע—וואַן.

— פּ—ו!.. — האָט דער אַלטער אַרויסגעפּייפט.

— מיין הער..., — האָט מאַריוס פרובירט עפּעס צו זאָגען. אָבער זשילנאָרמאַן האָט זיך ווייטער גערעדט:

— פיין, זעהר פיין: איין און צוואַנציג יאָהר אַלט, קיין פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט און צוועלף הונדערט פראַנק אַ יאָהר רײַנע הכנסה, אַזוי אַז די מאַדאַם באַראָנעסע פּאָנמערסי וועט מוזען אַליין געהן אויפ'ן מאַרק קויפען פאַר צוויי סו גרינס אין די זופּ אַרײַן.

— מיין הער, — האָט מאַריוס געזאָגט, — איך בעט אײַך זעהר, איך בעשווער אײַך בײַ אַלעם הייליגען, איהר זאָלט מיר ערלויבען מיט איהר צו הייראַטען!

דער אַלטער האָט זיך צולאַכט מיט אַ שנײַדענדען געלעכטער.

— אַך, ווי ריהרענד דאָס איז! איך שטעל מיר פאָר, ווי איהר האָט געזאָגט צו זיך אַליין: „מ'וועט מוזען, צום שוואַרצען יאָהר, געהן צו דעם אַלטען גולם בעטען ערלויבניש! אַ שאָד, וואָס איך בין נאָך ניִשט אַלט קיין פינף און צוואַנציג יאָהר, וואָלט איך פערשפּאָרט אָנקומען צו זײַן ערלויבניש. איך וואָלט איהם שוין דעמאָלט געוויזען, אַז איך דאַרף איהם אויף כפּרות! מילא, מוז מען געהן און זאָגען: „הער, דו אַלטער טפּש, דו דאַרפסט זײַן גליקליך, וואָס דו זעהסט מיך אין די אויגען. זאָלסט וויסען, אַז איך וויל הייראַטען אַ מיידעל, וואָס שטאַמט איך ווייס אַליין ניִשט פון וועמען. איך האָב ניִשט קיין שטיוועל, זי האָט ניִשט קיין העמד אויפ'ן לײַב, — ווילען צוויי מתים געהן טאַנצען". ניין, מיין ליעבער, געה וואוהין דו ווילסט, האָב חתונה מיט דײַן מאַדמואַזעל פוכלעוואַן, קופּלעוואַן צי ווי מ'רופט זי דאָרט, — נאָר איך וועל דערצו מיין צושטימונג קיינמאָל ניִשט געבען. קיינמאָל ניִשט — דו הערסט?!

— טאַטע! — האָט מאַריוס געבעטען.

— קיינמאָל אין דער וועלט! — האָט דער אַלטער ווידערהאָלט.

מאַריוס האָט פערלוירען די לעצטע האָפנונג. ער האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, ווי אַ דערשלאָגענער, און האָט זיך געלאָזען צו דער טהיר. דער אַלטער האָט איהם נאָכגעקוקט, און אַז מאַריוס איז שוין געווען אין טהיר, האָט ער פּלוצים אַ שפּרונג געטהון צו איהם, האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאָלנער, אַרײַנגעשלעפּט איהם צוריק אין צימער און איהם אַ שטויס געטהון צו אַ שטוהל.

— דערצעהל מיר נור אַלץ ווי געהעריג! — האָט ער שטיל געזאָגט.

דאָס וואָרט „טאַטע", וואָס האָט זיך

בײַ מאַריוס'ן אַרויסגעריסען, האָט פּלוצים פֿערלאָשען זשילנאָרמאַנ'ס כעס, און האָטש ער האָט נאָכאַמאָל אויסגעשריען „קײנמאָל נישט", איז ער שוין געווען ווײך, ווי אַ טײג, און זײַן פּנים האָט אויסגעדריקט גוטמוטהיגקײט אָהן אַ גרענין, הגם אַ ביסעל גרעבליכע. מאַריוס האָט געקוקט אויף איהם זעהר צוטומעלט.

— דערצעהל, דערצעהל, לעג נור אַרויס דײַן פּעקעל. שעם זיך נישט און בעהאַלט פֿון מיר נישט קײן זאַך... אַך, יונגע־לײַט, יונגע־לײַט, וואָס פֿאַר אַ טפּשים איהר זענט, נאָך אַלעם!..

— טאַטע...— האָט מאַריוס געוועזן אָנגעהויבען און האָט זיך פֿערהאַקט.

זשילנאָרמאַנ'ס פּנים האָט געשײַנט:

— נו, נו! — האָט ער אונטערגעמונטערט. — דו רופֿ מיך נור זעמטער טאַטע, וועלען מיר זיך שנעלער צוזאַמענרײדען.

ערשט איצט האָט ער בעמערקט, ווי אָרים מאַריוס איז געקלײדעט, און האָט געקוקט אויף איהם מיט שטױנען און רחמנות.

— ביזטו טאַקע אין דער אמת'ן אַזוי אָרים? — האָט ער געזאָגט. — זעהסט דאָך גאָר עפּיס אויס ווי אַ נאָבגעבלאַקירטער בעל עבירה'ניק!

ער האָט אַרויסגענומען פֿון טישקעסטעל אַ פּעקעלע און עס אַוועקגעלעגט נעבען מאַריוס'ן.

— דאָ האָסטו הונדערט גאָלדשטיקער; קויף זיך וועניגסטענס אַ נײַעם הוט.

מאַריוס האָט איהם דערצעהלט די געשיכטע פֿון זײַן בעגעגעניש מיט קאָזעטע'ן. דער אַלטער האָט געהערט און האָט די גאַנצע צײַט געשײַנט פֿון פֿערגניגען.

— אַזוי, אַזוי! — האָט ער געזאָגט, ווען דער יונגער־מאַן האָט געענדיגט. — אויף דער נאָם פּלימע, זאָגסטו? יאָ, יאָ, איך האָב געהערט פֿון דעם מײדעל, דײַן שוועסטערקינד טעאָדיול האָט זי עפּיס אַמאָל געזעהן. מ'זאָגט, זי איז אַ שעהן מײדעל. זעהר גוט, זײַ פֿערליעבט, אַ יונגער־מאַן דאַרף לעבען אויף דער וועלט. ס'איז פֿיעל גלײַכער צו זײַן פֿערליעבט, אײדער זײַן אַ רעוואָלוציאָנער. זײַ פֿערליעבט אפּילו אין צוואַנציג מײדלעך, נאָר נישט אין ראָבעספּיער'ן. איך, פֿון מײַן זײַט, האָב פֿון אַלע מאַנקילאָטען *) אָנערקענט בלויז פֿרויען. היינסטו עס, קומסטו צו איהר אין גאָרטען בגנבה פֿון איהר פֿאָטער? דאָס איז אויך נאַטירליך. איך האָב געהאַט אַ סך אַזעלכע געשיכטען. ווייסטו אָבער, ווי מ'דאַרף זיך האַלטען אין אַזאַ פֿאַל? ערשטענס, דאַרף מען דערפֿון נישט מאַכען קײן טראַגעדיע; צווײטענס, איז נישטאָ וואָס צו אײַלען זיך מיט דער הייראַט. האָב הנאה פֿון דער וועלט, נאָר מיט'ן התונה האָבען וואַרט־צו אַ ביסעל. בײַ אַזעלכע מעשׂות קאָן מען זעהר פֿײַן אויסקומען אָהן דעם הײראַטס־פֿינגעריל.

מאַריוס איז פּלוצים אויפֿגעשטאַנען פֿון אָרט, האָט גענומען זײַן הוט און האָט זיך געלאָזען אַוועקגעהן. בײַ דער טהיר האָט ער זיך אויסגעקעהרעוועט, האָט זיך פֿערנויגט פֿאַר'ן זײדען און שטאָלץ געזאָגט:

— מיט פֿינף יאָהר צוריק האָט איהר בעלײדיגט מײַן פֿאָטער. איצט, ווידער, האָט איהר בעלײדיגט מײַן פֿרוי. מעהר וועל איך בײַ אײַך קײנמאָל קײן זאַך נישט בעטען; אַדיע.

דער צוטומולטער אַלטער האָט געעפֿענט דאָס מויל, זאָגע מאַריוס איז שוין פֿערשוואונדען. זשילנאָרמאַן איז געזעסען עטליכע מינוט אָהן לשון, דערנאָך האָט ער זיך אָנגעהויבען וואַרפֿען צו דער טהיר און צו די פֿענסטער, שרײַענדיג:

— לויפֿט איהם נאָך! שטעלט איהם אָב! וואָס האָב איך איהם געטהון?!. ער איז משוגע... אַנטלאָפֿען! כ'וועל איהם שוין מעהר נישט זעהן!.. אָ, גאָט מײַנער... מאַריוס!.. מאַריוס!..

---

* דאָס איז טײַטש „אָהן הויזען"; אַזוי האָט מען גערופֿען די רעוואָלוציאָנערען בעת דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע.

## 10. פאַר'ן שמורים.

מאַריוס איז אַוועק פון זיין זיידען אַ פערצווייפעלטער. געגאַנגען צו אים איז ער אויך מיט אַ שוואַכער האָפנונג, נאָר אומגעקערט האָט ער זיך גאָר אַ דערשלאָגענער.

ער האָט געטהון, וואָס אַלע מענשען טהוען, בעת זיי האָבען יסורים, — ער האָט זיך גענומען אַרומבלאָנקען איבער די גאַסען אָהן אַ שום צוועק. אַרומגעשלעפט האָט ער זיך ביז אַ זייגער צוויי אין דער נאַכט, דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט צו קורפעיראַק'ן אין צימער און האָט זיך אין די קליידער אַוועקגעטהון אויף זיין מאַטראַץ. אַנטשלאָפען געוואָרען איז ער ערשט מיט'ן טאָג, און דערצו מיט אַ שווערען שלאָף, וואָס איז געווען דורכגעוועבט מיט פּוּסטע־אַפּגעריסענע חלומות.

אַז ער האָט ערוואַכט, האָט ער דערזעהן אין צימער קורפעיראַק'ן, אַנזשאָלראַס'ן, פעלי און קאָמבפער'ן. זיי זענען געווען שוין אַלע אָנגעקליידט און פאַרטיג צו געהן אין גאַס אַריין און האָבען אויסגעזעהן צו זיין זעהר צוטראָגען פון עפּיס.

— געהסט אויף דער לויה פון גענעראַל לאַמאַרק? — האָט קורפעיראַק געפרעגט ביי מאַריוס'ן.

מאַריוס האָט אַ קוק געטהון אויף קורפעיראַק'ן מיט אַזאַ מינע, ווי יענער וואָלט צו אים רעדען כינעזיש, און האָט גאָרנישט געענטפערט. אין אַ קורצער צייט נאָכ'ן אַוועקגאַנג פון די יונגע־לייט, איז ער אויך אַרויסגעגאַנגען פון הויז, נאָר פריהער האָט ער אַריינגעלעגט צו זיך אין קעשענע די צוויי רעוואָלווערען, וואָס זשאַווער האָט אים געגעבען אין דעם טאָג פון דעם אָנפאַל ביי טענאַרדיע'ן אויף זשאַן וואַלזשאַנ'ען און וועלכע זענען ביי אים פערבליבען. די רעוואָלווערען זענען נאָך אַלץ געווען געלאַדען. עס איז שווער צו זאָגען, וואָס פאַר אַ טונקעלער געדאַנק האָט בעוואויגען דעם יונגען־מאַן צו נעהמען זיי מיט זיך.

דעם גאַנצען טאָג האָט ער זיך אַרומגעשלעפט איבער דער שטאָדט, נישט וויסענדיג, וואָס ער טהוט און וואו ער געפינט זיך. איינמאָל האָט ער זיך זאָגאַר אָפּגעבאָדען אין טייך, נישט טראַכטענדיג און נישט וויסענדיג, אַז ער באָדט זיך. אין אַ בעקעריי האָט ער געקויפט אַ זעמעל פאַר אַ סו, האָט עס אַריינגעלעגט אין קעשענע און גלייך דערנאָך פערגעסען. פאַרהאַן מינוטען, ווען ביי אַ מענשען איז אונטער'ן שאַרבען עפּיס אַ־עולם־התהו, און מאַריוס האָט איבערגעלעבט גראָדע אַזעלכע מינוטען. נעכטיגער אָוועגט האָט ווי מיט אַ בעזים אַרויסגעקעהרט פון זיין קאָפּ און האַרצען די האָפנונג ווי די מורא, ער האָט דעריבער איצט מעהר אויף גאָרנישט נישט געהאָפט און זיך פאַר קיין זאַך נישט געשראָקען. איין געדאַנק איז נאָך פעסט געבליבען שטעקען ביי אים אין קאָפּ: ניין אַ זייגער אין אָוועגט וועט ער זעהן קאָזעטע'ן. זיין גאַנצע צוקונפט האָט זיך פאַר אים קאָנצענטרירט אין דעם דאָזיגען לעצטען גליק.

הענדיג איבער איינינגע פון די שטילסטע בולוואַרען, האָט ער צייטענווייז געהערט עפּיס אַ מאָדנעם גערויש, וואָס האָט געגרייכט אַהער פון דער שטאָדט. דאָס האָט אויף אַ מינוט צוגעצויגען זיין אויפמערקזאַמקייט.

„מ'שלאָגט זיך דאָרט, צי וואָס?“ האָט ער אַ טראַכט געטהון און איז גלייך ווידער אַריינגעפאַלען אין אַ האַלב בעוואוסטלאָזען צושטאַנד.

פונקט ניין אַ זייגער איז ער געווען אויף דער גאַס פּלומע. איצט האָט ער פערגעסען אָן אַלעס. אַכט און פערציג שטונדען האָט ער נישט געזעהן קאָזעטע'ן, — איצט וועט ער זי זעהן. דאָס איז געווען דער איינציגער געדאַנק, וואָס האָט אים איצט בעהערשט און אָנגעפילט זיין האַרץ מיט טיעפער פרייד.

ער איז אַריין אין גאָרטען. קאָזעטע'ן האָט ער נישט געפינען אויפ'ן פּלאַץ, וואו זי פלעגט אים געוועהנליך ערוואַרטען. „זי איז נעבען גאַנעק“, האָט ער צו זיך געזאָגט

גאָרטען — און האָט קיינעם נישט געפֿונען. דאַן האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק צום הויז און האָט פֿערצווייפֿעלט גענומען קלאַפּען אָן די לאָדען פֿון די פֿענסטער, מיט שרעק און אַנגסט, ווי איינער, וואָס האָט זיך אומגעקעהרט צו זיך אַהיים אין אַ בייזער שעה. געקלאַפּט האָט ער לאַנג. יעדע מינוט האָט זיך געקאָנט עפֿענען אַ פֿענסטער, און דורך איהם זאָל אַרויסקוקען דאָס שטרענגע געזיכט פֿון קאָזעטע'ס פֿאָטער מיט אַ געשריי: „וואָס דאַרפֿסט איהר דאָ?“ נאָר דאָס איז געווען גאָרנישט אין פֿערגלייך מיט דעם, וואָס מאַריוס האָט ערוואַרטעט. „קאָזעטע!“ — האָט ער אויסגעשריען. שטיל. „קאָזעטע!“ — האָט ער נאָכאַמאָל אויסגערופֿען מיט אַ בעפֿעהלענדען טאָן. קיינער האָט זיך נישט אָבגערופֿען. אַ סוף. דאָס הויז איז, קענטיג, געווען ליידיג.

מאַריוס האָט אַ קוק געטהון אויף דאָס אומבעוואוינטע, אומבעלויכטענע הויז, דערנאָך אויף די שטיינערנע באַנק אין גאָרטען, וואו ער האָט פֿערבראַכט אַזוי פֿיעל גליקליכע שטונדען נעבען קאָזעטע'ן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ טרעפּעל פֿון גאַנעק. אין זיין האַרצען, וואָס איז געווען פֿול מיט צערטליכקייט און ענטשלאָסענהייט, האָט ער געבענשט זיין ליעבע. איצט, אַז קאָזעטע איז אַוועקגעפֿאָהרען, בלייבט פֿאַר איהם נור צו שטאַרבען.

פּלוצים האָט ער דערהערט אַ שטים פֿון גאַס:

— הערר מאַריוס!

— וואָס איז? — האָט ער געפֿרעגט, אויפֿשפּרינגענדיג פֿון אָרט.

— הערר מאַריוס, איהר זענט דאָ?

— דאָ.

— אייערע פֿריינד, — האָט די שטים פֿאָרטגעזעצט, — וואַרטען אויף אייך ביי דער באַריקאַדע אויף דער גאַס שאַנווערי.

די שטים איז מאַריוס'ן געווען נישט גאָר אומבעקאַנט: זי האָט דערמאָהנט אָן די הייזעריגע און גראָבע שטים פֿון עפּאָנינאַ'ן. מאַרי־יוס איז צוגעלאָפֿען צום פּלויט און האָט דערזעהן עפּיס אַ יונגען מענשען, וועלכער האָט זיך שנעל דערווייטערט צו דער שטאָדט און איז באַלד פֿערטרונקען געוואָרען אין דער פֿינסטערניש.

---

## 11 מאַבּעף.

מאַבּעף'ן האָט קיין נוצען נישט געבראַכט זשאַן וואַלזשאַנ'ס בייטעלע מיט געלד, וועלכעס גאַווראָש האָט אַוועקגעגנב'עט ביי מאָנפּאַרנאַס'ן און עס אַריבערגעוואָרפֿען צום אַלטען אין גאָרטען. מאַבּעף איז געווען שטרענג ערהרליך און האָט די דאָזיגע מתנה נישט אָנגענומען. ער האָט נישט געדענקט, ווי די מוהמע פּלוטאַרך, אַז שטערען קאָנען זיך פֿערוואַנדלען אין גאָלדענע מטבעות; דאָס געלד, אַלזאָ, האָט איהם אונטערגעוואָרפֿען אַ מענש. אָבער אַזוי ווי מאַבּעף האָט נישט געוואוסט, אויב עס קומט פֿון אַן ערהרליכער קוועלע, האָט ער עס אָבגעטראָגען אין די פּאָליציי און האָט זיך זאָגאַר ענטזאַגט פֿון דעם דריט-חלק, וואָס דעם געפֿינער קומט פֿון דער מציאה לויט'ן געזעץ. דאָס בייטעלע איז געבליבען אין דער פּאָליציי, און מאַבּעף איז געוואָרען אַלץ אָרימער און אָרימער.

אין הויז האָט מען שוין אַלעס לאַנג אויסגעפֿערקויפֿט, נאָר ביים אַלטען איז נאָך געבליבען אַ גאַנץ היבשע ביבליאָטעק, פֿון וועלכער איהם איז שווער געווען זיך צו שיידען. איינמאָל האָט איהם די מוהמע פּלוטאַרך געזאָגט:

— איך האָב נישט פֿאַרוואָס צו קאָכען מיטאָג.

„מיטאָג“ האָט געהייסען אַ שטיקעל ברויט און אַ פּאָר קאַרטאָפֿעל.

— און באָרגען? — האָט מאַבּעף געפֿרעגט.

— מ'באָרגט אונז מעהר נישט.

מאַבּעף האָט געעפֿענט דעם ביכער-שאַנק

און האָט גענומען בעקוקען זײַנע ביכער, ווי אַ פאָטער, וואָס מוז אַוועקגעבען איינס פון זײַנע קינדער צו דער תּליה און ווייסט נישט, וועלכעס אויסצוקלויבען, ווײַל אַלע זענען איהם גלײַך טײַער. ענדליך האָט ער אַרויסגעהאַפּט אַ בוך און איז אַוועק פון הויז. אין צוויי שטונדען אַרום האָט ער געבראַכט דרײַסיג סו און זיי געגעבען דער אַלטער אויף מיטאָג. אויף זײַן פּנים, וואָס איז שטענדיג געווען קינדערש-לויטער, האָט איצט געהויערט אַ וואָלקען, וואָס איז שוין מעהר פון דאָרט נישט אַראָב.

די ביכער האָבען אָנגעהויבען פערשווינדען איינס נאָכ'ן צווייטען. די בוכהענדלער האָבען פערשטאַנען, אַז דער אַלטער פערקויפט אויס נויט, און האָבען געצאָהלט צו צוואַנציג—דרײַסיג סו פאַר ביכער, פאַר וועלכע זיי אַליין האָבען בײַ איהם גענומען צו צוואַנציג — דרײַסיג פראַנק.

איינמאָל האָט ער פערקויפט אַ בוך פאַר פינף און דרײַסיג סו און האָט איינגעהאַנדעלט אַנ'אַנדערם פאַר פערציג. קומענדיג אַהיים האָט ער געזאָגט צו דער אַלטער דינסט מיט אַ שײַנענדיגען געזיכט:

— איך האָב הײַנט אָנגעמאַכט רווחות אויף פינף סו.

דערפאַר האָט ער יענעם טאָג גאָרנישט געגעסען.

ביסלעכווײַז זענען די ביכער פערשוואונדען. געבליבען זענען בײַ איהם בלויז די ווערק פון דיאָגענעס לאַערציוס. אַלע אָוענד פאַר'ן שלאָף פלעגט דער אַלטער לעזען אַ ביסעל לאַערציוס'ן. דאָס איז געווען אַ זעלטענע און טײַער-קאָסטענדע אויסגאַבע.

עטליכע וואָכען זענען פאַרבײַ. פּלוצים איז די מוהמע פלוטאַרך קראַנק געוואָרען. עס איז פאַרהאַן נאָך ערגערס פון נישט האָבען וואָס צו עסען, דאָס איז, — נישט האָבען אויף אַ רפואה פאַר אַ קראַנקען. איינמאָל האָט דער דאָקטאָר פערשריבען עפּיס אַ טײַערע רפואה און שטרענג בעפוילען צו נעהמען אַ קראַנקען-וועכטערין. מאַבעף האָט געעפענט דעם ביכער-שאַנק. ליידיג. פאַרהאַן בלויז די ווערק פון דיאָגענעס לאַערציוס. מאַבעף האָט געטראַכט אַ ביסעל, דערנאָך גענומען דאָס בוך און איז אַרויס פון הויז. אומגעקעהרט האָט ער זיך מיט גאַנצע הונדערט פראַנק. אויפ'ן טישעל נעבען בעט פון זײַן קראַנקער דינסט האָט ער אַוועקגעשטעלט דאָס זײַלעכעל פון זילבערנע פינף-פראַנק-שטיק און איז שווײַגענדיג אַוועק צו זיך אין צימער. דאָס איז געווען דעם 4-טען יוני.

אויף מאָרגען איז ער מיט'ן טאָג צוגלײַך אַרויס אין גאָרטען, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן שטיין, וואָס האָט געדינט פאַר אַ באַנק, און מיט אַנ'אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ איז ער אָבגעזעסען דעם גאַנצען פריה-מאָרגען. צײַטענווײַז האָט געריגענט, אָבער דער אַלטער האָט עס, דאַכט זיך, נישט געמערקט.

נאָך האַלבען טאָג האָט זיך איבער גאַנץ פּאַריז אויפגעהויבען אַנ'אויסערגעוועהנליך גערויש. עס איז געווען ענליך צו אַ שיסערײַ פון ביקסען.

מאַבעף האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ. בעמערקענדיג דעם גערטנער, וועלכער איז געגאַנגען פאַרבײַ, האָט דער אַלטער בײַ איהם געפרעגט:

וואָס איז עס דאָרט געשעען?

## 12 דער בונט.

דער גערטנער, מיט זײַן גראָב-אײַזען אויף די אַקסלען, האָט זיך גאַנץ געלאַסען געענטפערט:

— אַ בונט.

— ווי? וואָס הייסט אַ בונט?

— גאַנץ איינפאַך, מ'שלאָגט זיך.

— פאַרוואָס?

— וואָס ווייס איך, — האָט דער גערטנער געזאָגט.

— וואו איז עס?

— בײַם אַרסענאַל.

מאַבעף האָט זיך אומגעקעהרט אין הויז, האָט אָנגעטהאָן זײַן הוט און איז אַרויס פון הויז.

פון וואָס בעשטעהט אַ בונט? פון אַלעם און פון גאָרנישט. פון די העכסטע שטרעבונגען און פון די געמיינסטע, נידריגסטע מאָטיווען. דאָס איז אַ סאָרט שטורם אין דער געזעלשאַפטליכער אַטמאָספערע, וואָס בילדעט זיך בײַ אַ געוויסער טעמפּעראַטור, פערדאַמפט די גרעסטע נאַטורען, ווי די נישטיגסטע, און טרײַבעלט-דורך די גאַנצע לופט.

שוין אין פריהלינג פון יאָהר 1832 איז פּאַריז געווען אינגאַנצען פאַרטיג פאַר אַ רעוואָלוציע, האָטש די חאָלערע, וואָס האָט דאָרט געהערשט שוין דרײַ מאָנאַטען, האָט צײַטווײַליג געהאַלטען די אויפרעגונג אין אַ פערגליווערטען צושטאַנד. די גרויסע שטאָדט איז דעמאָלט עהנליך געווען צו אַ געלאָדענער קאַנאָנע, פאַר וועלכע עס איז גענוג איין-איינציגער פונקט, אום זי זאָל אויסשיסען. די ראָליע פונ'ם דאָזיגען פונקט האָט געשפּיעלט דער טויט פונ'ם גענעראַל לאַמאַרק.

דער גענעראַל לאַמאַרק איז געווען אַן אמת'ער פּאַטריאָט און אַ מוטהיגער בירגער. בעת נאַפּאָלעאָנ'ס אימפּעריע האָט ער אַרויסגעוויזען מוטה אויפ'ן שלאַכט-פעלד, נאָך דער אימפּעריע האָט ער געוויזען נאָך אַ גרעסערן מוטה אויף דער רעדנער-טריבונע. דאָס פאָלק האָט איהם ליעב געהאַט. זײַן טויט האָט אין פאָראויס געשראָקען: דאָס פאָלק — אַלס פערלוסט, די רעגירונג — אַלס אַן אויסרייד און געלעגענהייט צו אונרוהען. און אַזוי איז עס טאַקע געווען.

נאָך פריהער מיט אַ טאָג, אין דעם פריה-מאָרגען פון 5-טען יוני האָט די פאָרשטאָדט סענט-אַנטואַן אָנגענומען אַ שרעקענדען האַראַקטער. די געדיכט-בעפעלקערטע גאַסען פון דעם קוואַרטאַל האָבען אָנגעהויבען עפּיס מאָדנע צו רוישען.

דאָס וועטער יענעם טאָג האָט געוויזען קאַפּריז. אָט האָט גערעגענט און באַלד האָט פון הינטער די וואָלקענס אַרויסגעקוקט די זון, דערנאָך האָט ווידער גענומען רעגענען. די טרויער-פּראָצעסיע איז געגאַנגען איבער פּאַריז מיט מיליטערישען פּאַראַד, וואָס איז נאָך פערשטאַרקט געוואָרען אויס פאָרזיכטיגקייט. נאָך דער טרונע זענען נאָכגעגאַנגען צוויי באַטאַליאָנען פון רעגולערען מיליטער, דערנאָך צעהן טויזענד מאַן פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע מיט די שווערדען בײַ דער זײַט און די אַרטילעריע-באַטאַרייען פון דער דאָזיגער גוואַרדיע. דעם טרויער-וואָגען האָבען געפיהרט יונגע-לײַט. און דאָס אַלעס איז בעגלייט געוואָרען פון אונגעהויערע מאַסען פון פאָלק, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען די מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט „פאָלקס-פרײַנד", פון פערשיעדענע געהיימע אָרגאַניזאַציעס, קינדער פון פערשיעדענע פעלקער. איבער דער מאַסע האָבען געוויהט שפּאַנישע, איטאַליענישע, דײַטשע, פּוילישע און פיעל אַנדערע פאָהנען. דאָ זענען געגאַנגען קינדער, אַרומגעגאַרטעלט מיט גרינע צווײַגען, שטיין-העקער, הײַזער-בויער, סטודענטען, דרוקער און זעצער. געגאַנגען איז מען ווי עס האָט זיך געגלוסט, און דאָך איז אַ געוויסער אָרדנונג: צו צוויי, צו צוואַנציג, קאָלאָנען-ווײַז, מיט שטעקענס, אַנדערע — מיט שווערדען. די באַלקאָנען פון די הײַזער, די פענסטער, די דעכער — אַלץ איז געווען באַלאַגערט מיט מענשען. אין דער לופט האָט זיך געשפּירט אַ גרויסע אונרוהיגקייט.

די רעגירונג פון איהר זײַט האָט פון פאָלק קיין אויג נישט אַראָפּגענומען און האָט געהאַלטען דאָס שווערד גרייט, אַרויסגעצויגען פון שייד. אויפ'ן פּלאַץ פון לואי דעם פופצעהנטען זענען געשטאַנען פיער עסקאַדראָנען קאַראַבינערען אויף די פערד גרייט מיט האַק און פּאַק צו געהן אין שלאַכט. אין לאַטײַנישען קוואַרטאַל האָט געוואַרט די מוניציפּאַל-וואַך, אין אַנדערע ערטער זענען געווען צושטעלט אַנדערע אָבטיילונגען. די אַדמיניסטראַציע איז געווען אונרוהיג און האָט געהאַלטען גרייט פיער און צוואַנציג טויזענד מאַן

מיליטער אין פּאַריז גופא און דרייסיג טויזענד — הינטער דער שטאָט.

אין דער מאַסע זענען אַרומגעגאַנגען פֿאַרשיידענע קלאַנגען. עס האָבען זיך אַרומגעדרעהט שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרען, צווישען מענשען, ערדהאַבענע און בעגייסטערטע, האָבען זיך געזעהן אויך אַבשטויסענדע, געמיינע פּנים'ער, אויף וועלכע עס איז דייטליך געווען אָנגעשריבען: „מיר'ן חאַבירען".

די פּראָצעסיע האָט דערגרייכט די אויסטערליץ־בריק און איז געבליבען שטעהן. לאַפּאַיעט, דער העלד פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט זיך דאָרט געזעגענט מיט'ן פֿאַרשטאָרבענעם. דאָס איז געווען אַ רירענדע מינוט. פּלוצים האָט זיך באַוויזען עפּיס אַ מענש אין שוואַרצען, רייטענדיג אויף אַ פֿערד, מיט אַ רויטער פֿאָהן אין דער האַנד. לאַפּאַיעט האָט זיך אָפּגעקעהרט אָן אַ זייט.

די רויטע פֿאָהן האָט אויפגעהויבען אַ שטורם און איז אין שטורם דערטרונקען געוואָרען. די מאַסען האָבען אָנגעהויבען קאָכען אויף דער גאַנצער לענג פֿון בולוואַר בורדאָן ביז דער אויסטערליץ־בריק. צוויי מעכטיגע אויסרופֿען האָבען געדונערט אין דער לופֿט: „לאַמאַרק אין פּאַנטעאָן אַריין!" „לאַפּאַיעט'ן אין ראָטהויז!" די יונגע־לייט האָבען זיך איינגעשפּאַנט און האָבען גענומען פֿיהרען לאַמאַרק'ס גוף איבער די בריק און לאַפּאַיעט'ן אין אַ דראָשקע איבערן מאָרלאַן־ברעג.

דערווייל איז אָנגעקומען פֿון לינקען ברעג טייך די מוניציפּאַל־וואַך און האָט פֿאַרצוימט די בריק, און פֿון רעכטען ברעג האָבען זיך באַוויזען דראַגונער, וועלכע זענען געגאַנגען מיט אַ פֿינסטערער מינע. די, וואָס האָבען געפֿיהרט לאַפּאַיעט'ן, האָבען זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט די דראַגונער. אַז לאַפּאַיעט'ס דראָשקע איז צוגעקומען צו זיי, האָבען די געמאַכט אַ וועג, זיך דורכגעלאָזען און דערנאָך ווידער געשלאָסען די רייהען. אין דעם מאָמענט האָט זיך די מאַסע צונויפגעטאָכען מיט די דראַגונער. פֿרויען האָבען זיך געלאָזען לויפֿען אין איין שרעק.

וואָס אין דער האַסטיגער מינוט איז פֿאָרגעקומען, קאָן קיינער נישט זאָגען אויף זיכער. דאָס איז געווען איינער פֿון יענע פֿינסטערע מאָמענטען, ווען צוויי וואָלקענס שטויסען זיך צוזאַמען. איינציגע דערצעהלען, אַז פֿון אַרסענאַל האָט מען געגעבען אַ סיגנאַל מיט אַ טרומייט צו אַטאַקירען דאָס פֿאָלק, — אַנדערע, ווידער, ווילען האָבען אַז אָנגעפֿאַנגען האָט זיך עס דערפֿון, וואָס אַ יונגעל האָט אַ זעץ געטהון מיט אַ מעסער איינעם פֿון די סאָלדאַטען. ווי די מעשה איז — עס האָט זיך אָנגעהויבען. עס האָבען אָנגעהויבען פֿליהען שטיינער, די ביקסען האָבען גענומען דונערן, דער עולם שיסט פֿון פּיסטאָלעטען, רייסט גראַטעס פֿון די הייזער און נעהמט בויען באַריקאַדען. עס לויפֿען־אָן נאָך סאָלדאַטען און נעהמען האַקען מיט די שווערדען וועמען עס מאַכט זיך. דער עולם צעלויפֿט זיך איבער אַלע פֿיער זייטען פֿון פּאַריז מיט אַ געשריי: „צו די וואָפֿען, בירגער!" און גלייך דערויף האָט זיך דער אויפֿשטאַנד אָנגעצונדען אין פֿאַרשיעדענע פּונקטען פֿון דער שטאָט.

פֿאַר די לעצטע צוויי יאָהר האָט שוין פּאַריז געזעהן אַ היבש ביסעל מעהר פֿון איין אויפֿשטאַנד און ווערט געוועהנליך ווייניג נתפּעל: אויך מיר אַנ'עסק, אַ בונט! בעת די פּויקען הויבען אָן צו קלאַפּען און די ביקסען צו הילכען, מאַכט זיך דער בעל־הבית אַ באַמערקונג: „דאַכט זיך, מ'שלאָגט זיך ערגיץ אַרום דער גאַס סען־מאַרטען". אַז די שיסעריי ווערט שטאַרקער, זאָגט ער: „אָהאָ! מען קנאַקט דאָרט פֿיין!" מיט אַ מינוט שפּעטער, אויב דער בונט דערנעהנטערט זיך, פֿאַרשליסט ער זיין געוועלבעל, קריכט אַריין אין זיין מונדיר און געהט זיך שלאָגען — פֿאַר די רעוואָלוציאָנערען אָדער געגען זיי.

אין אַ ווינקעל פֿון גאַס שיסט מען, מען נעהמט באַריקאַדען און מען גיט זיי ווידער אַוועק, — און נישט ווייט פֿון דאָרט אין די קאַפֿע־הייזער הערט מען אַ קנאַקעריי פֿון ביליאַרד־באַלען.

די טעאַטערן זענען אָפֿען און פֿיהרען אויף וואָדעווילען. דראָשקעס פֿאָהרען, מענשען

געהען געכען מיטאָג. אין יאָהר 1831 האָט מען אין איין פּלאַץ אויפגעדערט צו שיכען, אום חירכצולאָזען אַנ'עולם מהותנים, וואָס האָבען גע-פירט אַ חתן-כלה צו דער קירך. בעת'ן אויפ-שטאַנד דעם 12-טען מאַי אין יאָהר 1839 האָט עמיצער אַנ'אַלטער קאַליקע אַרומגעפּירט איבער דער גאַס פון-מאַרטען אַ וועגעלע, איבער וועל-כען ער האָט געפלאַטערט עפּיס אַ רויטע שמאַ-טע; אין וועגעלע זענען געווען פלעשער מיט קאַלטע געטראַנקען. דער אַלטער האָט געשלעפּט דאָס וועגעלע הין און צוריק פונ'ם מיליטער צו די באַריקאַדען און פון די באַריקאַדען צום מיליטער און האָט דערלאַנגט גלעזער מיט זיינע משקאות אַמאָל די פאַרשטעהער פון דער רעגירונג, אַמאָל די אַנאַרכיסטען.

אַזוי איז זיך פאַריז געוועהנליך נוהג. אין דאָך, דאָכמאָל, בעת'ן אויפשטאַנד דעם 5-טען יוני 1832, האָט פאַריז דערפיהלט עפּיס אַזוינס, וואָס איז געווען שטאַרקער פון איהם. פאַריז האָט זיך דערשראָקען. אומעטום, אַפילו אין די ווייט-סטע קוואַרטאַלען, האָט מען אָנגעהויבען פאַר-שליסען די געשעפטען און זיך פערבאַריקאַדי-רען אין די הייזער. מוטהיגע מענשען האָבען זיך בעוואָפענט, שרעקענדיגע — בעהאַלטען. פערשיעדענע קלאַנגען זענען געגאַנגען איבער דער שטאָדט, קלאַנגען, וואָס האָבען כותר געווען איינער דעם אַנדערן. פּאַטרולען זענען אַרומגע-פאָהרען איבער די גאַסען ביז, צוריי, האָבען בעזוכט די פאַרבייגעהער, אַרעסטירט פערדעכ-טיגע. ניין אַ זייגער זענען שוין געווען אַרע-סטירט העכער אַכט הונדערט מענשען.

ווייבער און מוטערס זענען געווען אומרוהיג, און אין פיעל ערטער האָט מען געהערט: „ער איז נאָך אַלץ נישטאָ!" פון ווייטען האָט מען געהערט אַ גערויש. „דאָס פאָהרט קאַוואַלעריע", האָט מען גערעדט. אויף די עקען פון די גאַסען האָבען זיך געוויזען עפּיס מענשען, געשריען: „געהט אַריין אין די הייזער!" און זענען ווידער פערשוואונדען. וואָס מעהר די נאַכט האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די שטאָדט, האָט דאָס פייער פונ'ם אויפשטאַנד אַרומגעהאַפּט פאַריז אַלע ברייטער און ברייטער.

## 13. דער שטורם וואַקסט.

נאָכ'ן צוזאַמענשטויס צווישען דעם פאָלק און דעם מיליטער האָט אויסגעבראָכען אַ שרעק-ליכע פּאַניק צווישען דער מאַסע. אַלע האָבען זיך געלאָזט לויפען, אייניגע מיט'ן אויסרוף: „צו די וואָפען!" אַנדערע — בלאָס פון שרעק. אין דערזעלבער מינוט איז איבער דער גאַס מעניל-מאָנטאַן געגאַנגען אַ יונגעל אין צוריסענע קליי-דער, מיט אַ צווייגעל אין האַנד. פאַרבייגעהענ-דיג נעבען אַ קרעמעל, וואו אַ הענדלערין האָט אַרויסגעלעגט פערשיעדענע אַלטע זאַכען צום פערקויף, האָט ער דערזעהן צווישען זיי אַן אַ-אַלטען פּיסטאָלעט. דאָס יונגעל האָט אַוועק-געוואָרפען דאָס צווייגעל און האָט אויסגעשריען:

— מאַמעשי, איך באָרג ביי דיר אָט דיין צאַצקע!

מיט די ווערטער האָט ער געהאַפּט דעם פּיסטאָלעט און האָט געמאַכט פיס. ער איז גע-לאָפען, האָט געפּאַקט אין דער לופט מיט'ן פּיסטאָלעט און געזונגען אַ ליעדעל, אין וועל-כען אַ וואָרט האָט זיך נישט געקלעפּט צו אַ וואָרט.

דאָס איז געווען דער קליינער גאַווראָש, וועלכער איז אויך געגאַנגען האַלטען מלחמה. ערשט צוגעהענדיג צום בולוואַר, האָט ער בע-מערקט, אַז דער פּיסטאָלעט האָט קיין צינגעל נישט.

ווער ס'איז געווען דער פערזאָנע פונ'ם קופּלעט, אונטער וועלכען גאַווראָש האָט מאַר-שירט, ווי אויך פון די אַנדערע ליעדער, וואָס ער פלעגט זינגען ביי יעדער געלעגענהייט, — דאָס איז שווער צו זאָגען. ווערה מעגליך, אַז דער מחבר איז געווען גאַווראָש אַליין. ער איז געווען גוט בעקאַנט מיט אַלע גאַסגאַסענע פאָלקס-ליעדלעך און צו זיי פלעגט ער צוגעבען וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט, נישט קוקענדיג, אויב עס פּאַסט זיך אָדער נישט. זענענדיג אַ פרייער פויגעל און צו גלייכער צייט אַ פרי, וואָס איז אויסגעוואַקסען אויף פאַריזער ברוק, פלעגט ער מישען דעם פויגעלשען רעכענערטמאַר, מיט'ן רע-

פּערטוואַר פֿון די ווערק־הײַזער און צוזאַמענשטעלן מוזיקאַלישע ווערק פֿון נאַטור־שטימען מיט די קלאַנגען פֿון פּאַריז. דערצו איז גאַווראָש געווען אַ געלערנט יונגעל: גאַנצע דרײַ מאָנאַטן האָט ער געאַרבײַט אין אַ דרוקערײַ און אײנמאָל איז ער געגאַנגען אַ גאַנג פֿאַר אײנעם פֿון די פּאַריזער אַקאַדעמיקער.

אַלזאָ, איז זיך גאַווראָש געגאַנגען איבער דער גאַס מיט'ן פּיסטאָלעט אין דער האַנד. אויף אײן גאַס האָט ער באַמערקט אַן אָפֿען קרעמעל. דאָס איז געווען אַ קרעמעל פֿון צוקער־געבעקס, און גאַווראָש האָט עס אויסגעטײַטשט אַזוי, אַז גאָט'ס רצון איז, אַז ער, גאַווראָש, זאָל נאַשען אַ שטיקעל עפּעל־שטרודעל, אײדער ער וואַרפֿט זיך אַרײַן אין קאַמפֿף. גאַווראָש איז געבליבען שטעהן, האָט זיך גוט אַרומגעטאַפּט, האָט געזוכט אין די קעשענעס, האָט זײ זאָגאַר איבערגעקעהרט אײנע נאָך דער צווײטער — נישטאָ, קײן אײנציגער סאַנטים! אום אויסצודריקען זײַן פֿערדרוס, האָט ער אויסגעשריען מיט אַלע זײַנע קרעפֿטען:

— געוואַלד! מ'האָט מיך בגזל'ט!

דערנאָך איז ער אַוועק זײַן וועגס. אַ ביסעל ווײַטער האָט ער דערפֿיהלט, אַז ער מוז זיך מיט וואָס־עס־איז פֿערגעלטען פֿאַר'ן נישט דערגרײכטען עפּעל־שטרודעל, און האָט זיך גענומען אַראָפּרײַסען די טעאַטער־אַפֿישען פֿון די ווענד; דאָס האָט אים פֿערשאַפֿט גרויס פֿערגעניגען.

פֿאָכען מיט אַ פּיסטאָלעט אָהן אַ צינגעל אין מיטען גאַס — דאָס איז אַזאַ וויכטיגע געזעלשאַפֿטליכע אַרבײַט, אַז גאַווראָש האָט זיך פֿון איהר צוהיצט אַלץ מעהר און מעהר. ער האָט געוועזן אָנגעהויבען זינגען די מאַרסעליעזע, אַרײַנשטעלענדיג אין איהר מאָנאָלאָגען, פֿערפֿאַסט פֿון אים אַלײן. נאָר אין גיכען האָט זיך אים דער עסק צוגעגעסען, און ער האָט זיך צוגעשעפּעט צו עטליכע אַלטע ווײַבער, וואָס זענען געשטאַנען נעבען אַ הויז און געשמועסט פֿון זײערע געשעפֿטען. דערנאָך האָט ער זיך געכעיעט נאָך אַ דינג, האָט אַרײַנגעשלײַדערט

אַ שטײן אין פֿענסטער צו אַ פֿאַריקמאַכער, אויף וועלכען ער האָט געהאַט אַ האַרץ, און בכלל אַרויסגעוויזען אַ גרויסע און פֿערשידענאַרטיגע טהעטיגקײט.

אויפ'ן מאַרק סען־זשאַק איז גאַווראָש צוגעשטאַנען צו אַן'עולם מענשען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפֿינען אונזערע באַקאַנטע: אַנזשאָלראַס, קורפֿעראַק, קאָמבפֿער און פֿײַלי. כמעט די גאַנצע קאָמפּאַניע איז געווען באַוואָפֿענט, ווער מיט אַ ביקס, ווער מיט אַ שווערד, ווער מיט אַ שטעקען, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַ קינזשאַל פֿערבאָרגען. געווען זענען זײ אַלע אָהן היטלען, אָהן האַלזטיכער, דורכגענעצט פֿון רעגען, מיט צעבלאָזענע האָהר און מיט בליצען אין די אויגען. גאַווראָש איז צוגעגאַנגען צו זײ און האָט רוהיג געפֿרעגט:

— וואוהין געהען מיר?

— קום, וועסטו וויסען, — האָט קורפֿעראַק געענטפֿערט.

הינטער פֿײַלי'ן איז געגאַנגען, בעסער — געשפּרונגען, באַנאָרעל, וועלכער האָט זיך געפֿיהלט בעת אַ בונט, ווי אַ פֿיש אין וואַסער. ער האָט געטראָגען אַ רויטע וועסט און האָט געשאָטען מיט קנאַקענדיגע ווערטער. פֿאַרבײַגעהענדיג, האָט ער דערזעהן אויף אַ וואַנד אָנגעקלעפּט אַ בלעטעל מיט אַ זעהר פֿרײַדליכען אינהאַלט. דאָס איז געווען אַ היתר צו עסען אײער, אַ רעליגיעזע שריפֿט פֿון פּאַריזער ערצבישאָף צו זײַן עדה.

— אַן'עדה! — האָט באַנאָרעל אויסגעשריען. דאָס איז אַ העפֿליכע פֿאָרם אויף אויסצודריקען: „אַ סטאַדע גענז".

מיט די ווערטער האָט ער אַראָפּגעריסען דאָס בלעטעל פֿון דער וואַנד. גאַווראָש'ן האָט ער דערמיט אינגאַנצען אָפּגעקויפֿט. פֿון דער מינוט אָן האָט זיך דאָס יונגעל גענומען צו שטודירען באַנאָרעל'ן.

— באַנאָרעל! — האָט אַנזשאָלראַס געזאָגט. צו וואָס האָסטו דאָס געטהון? האָסט נישט בעדאַרפֿט אַראָפּרײַסען דאָס דאָזיגע בלעטעל. דאָס

דאָט עס צו טהון מיט אונז? הערצו בריינגסטו אויס אומזיסט דיין פּולווער. מ'האָרך ניט שיסען סתם אין דער וועלט אַריין.

— איטליכער האָט זיך זיין געשמאַק, — האָט באַהאָרעל געענטפערט, — מיך האָט די דאָזיגע שריפט צורייצט. איך וויל זעהן איינער אָהן אַ שום היתר. דו ביזט אַ מענש מיט אַ געליהענדיגען, נאָר אַ צורייגעהאַלטענעם האַראַקטער, איך, ווידער, האָב ליעב אַ שטיק צו טהון. און וואָס דו זאָגסט, איך פערשווענד מיינע קרעפטען, האָסטו אַ טעות: איך צוואַרים זיך מיט אַזעלכע זאַכען. איך שווער דיר ביי הערקולעס'ן, דאָס פּאַפּיר'ל האָט מיר נור געמאַכט אַפּעטיט.

גאַווראָש'ן האָט פערינטערעסירט דאָס אינבעקאַנטע וואָרט.

— ווער איז דאָס הערקולעס? — האָט ער געפרעגט.

— דאָס בעדייט „דער אשמדאי" אויף לאַטיין, — האָט באַהאָרעל געענטפערט.

באַהאָרעל'ן מיט זיינע חברים האָבען בעגלייט סטודענטען, קינסטלער, אַרבייטער, מייסטענס יונגע־לייט. צווישען זיי האָט זיך אָבער געפונען אויך אַן אַלטער מאַן, זעהר אַ שוואַכער אויס'ן קוק.

— ווער איז דאָס? — האָט גאַווראָש געפרעגט קורפעיראַק'ן.

— זעהסט דאָך, אַן אַלטיטשקער.

דאָס איז געווען מאַבעף. די קאָמפּאַניע האָט איהם בעגעגענט מיט אַ פּאָר גאַסען פריהער. קורפעיראַק האָט איהם געקענט, ווייל ער האָט ניט איינמאַל בעגלייט מאַריוס'ן, וועלכער פלעגט צום אַלטען אַריינקומען. דער יונגער־מאַן האָט זיך צו איהם געווענדעט:

— הער מאַבעף, געהט אַהיים.

— פאַרוואָס?

— ס'וועט זיין אַ מהומה אין גאַס.

— אויסגעצייכענט.

— מ'וועט בעגינען שלאָגען און שיסען.

— אויסגעצייכענט.

— מ'וועט שיסען פון האַרמאַטען.

— אויסגעצייכענט. און וואוהין געהט איהר?

— אַלץ צושטערען.

— אויסגעצייכענט.

און דער אַלטער איז אַוועק מיט דער חברה.

די מאַסע איז געוואַקסען מיט יעדען טריט. ביי דער גאַס בילעט איז צו זיי צוגעשטאַנען אַ הויכער מאַן מיט גרויליכע האָאָר. קורפעיראַק, אַנזשאָלראַס און קאָמבפער האָבען גלייך בעמערקט זיין שטרענגע, ענטשלאָסענע פיזיאָנאָמיע, אָבער קיינער פון זיי האָט איהם ניט געקענט. גאַווראָש האָט אויף איהם קיין אַכט ניט געגעבען.

מ'איז פאַרביי'געגאַנגען קורפעיראַק'ס וואוינונג. דער יונגער־מאַן איז אַריינגעלאָפען אין הויז, האָט געכאַפּט זיין בייטעלע, האָט אָנגעטהון אַ הוט אויפ'ן קאָפּ און האָט מיטגענומען עפּעס אַ היבש קעסטעל מיט זיך. ווען ער איז אַראָפּגעלאָפען צוריק פון די טרעפּ, האָט איהם די הויז־וועכטערין אָנגעשטעלט.

— הער קורפעיראַק, אַ מענש וויל אייך זעהן.

— ווער?

— איך ווייס ניט.

— וואו איז ער?

— אין מיין צימער.

— אַך, נעהמט איהם דאָס שוואַרץ יאָהר!

— שוין העכער אַ שטונדע וואַרט ער אויף אייך.

אין דער מינוט איז אַרויס פון דער וועכטערינס צימער עפּעס אַ בריאה, ענדליך צו אַ יונגען מייסטער־געזעל, קליין, מאָגער, בלאַס, אין אַ לעכעריגער בלוזע און פערלאַטעטע הויזען. ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ מיידעל אין מענער־קליידער. ער איז צוגעגאַנגען צו קורפעיראַק'ן און געזאָגט מיט אַ פרויען־שטים:

— קען איך פיליכט זעהן הער מאַריוס?

— ער איז ניטאָ אין דער־היים.

— וועט ער זײַן אין אָוונט?

— איך ווײס נישט. וואָס מיך אָנבאַלאַנגט, וועל איך געוויס נישט זײַן.

דער יונגער־מאַן האָט אים שאַרף אָנגעקוקט.

— פאַרוואָס?

— אַזוי.

— וואוהין גייט איהר?

— וואָס גייט עס דיך אָן? איך גיי אויף די באַריקאַדען.

— ווילט איהר, וועל איך אויך מיטגיין.

— ווי דו ווילסט.

די זענען אַוועק.

---

## 14. גראַנטער פּילאָזאָפירט.

אויף דער נאָכט שאַנוועררי איז געשטאַנען אַ שײַנקעל, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען קאָרינטהעס און האָט געהערט צו מאַראַם גישלו, — אַן אַלטער און שרעקליך הײַמליכער פרוי. צווײ דינסטען, מאַטלאָטע און זשיבלאָטע, וועלכע קענען געווען נישט שענער פון זייער ווירטהין, האָבען באַדינט די געסט. דאָס שײַנקעל איז באַשטאַנען פון צוויי שטאָק: אין אונטערשטען איז געווען דאָס עס־צימער, און אויבערשטען זענען געשטאַנען ביליאַרד־טישען. אויסערדעם, איז אין אויבערשטען שטאָק געווען נאָך אַ קליין צימער, אין וועלכען מאַדאַם גישלו האָט געוואוינט.

ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, פלעגען זיך דאָרט צונויפקומען אונזערע באַקאַנטע פון דער חברה „אלף־בית": אַנזשאָלראַס, קורפעיראַק און די אַנדערע. דאָס שײַנקעל האָט ענטדעקט גראַנטער, וועלכער האָט געוואוסט פון אַלע בעסטע, ווי אויך פון אַלע ערגסטע פלעצער, וואו מ'קריגט צו עסען און צו טרינקען.

אַרום צעהן אַ זייגער אין דער פרי זענען אין קאָרינטהעס אַרײַנגעקומען לעגל פון מאָ און זשאָלי.

די צוויי יונגע־לײַט האָבען געוואוינט צוזאַמען, געגעסען צוזאַמען, געשלאָפען צוזאַמען. דאָס איז געווען אַ מין צווילינג. מיט אַלעם האָבען זיי זיך געטיילט. יענעם פרי־מאָרגען האָט זשאָלי געהאַפּט אַ נאַז־קאַטאַר, וועלכער האָט זיך אין גיכען איבערגעוואָרפען צו לעגל'ן.

די יונגע־לײַט זענען אַרויף אויף דעם צווייטען שטאָק דורך די אינווייניקסטע טרעפּ. מאַטלאָטע און זשיבלאָטע זענען זיי געקומען אַנטקעגען.

— אויסטערס, קעז און געריכערט פלייש, — האָט לעגל באַפוילען.

אין אַ מינוט אַרום זענען זיי געזעסען בײַם טיש. קיין אַנדערע געסט זענען אין שײַנק נישט געווען. זשיבלאָטע האָט אַוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש אַ פלאַש ווײַן. פּלוצים האָט זיך באַוויזען אַ קאָפּ אין דעם לאָך פון די טרעפּ און אַ שטים האָט זיך געלאָזט הערען:

— איך גיי פאַרבײַ. איך שפּיר — עס שמעקט קעז. נו, בין איך אויך דאָ.

דאָס איז געווען גראַנטער. ער האָט גענומען אַ בענקעל און זיך צוגעשטעלט צום טיש. זשיבלאָטע האָט דערלאַנגט נאָך צוויי פלעשער ווײַן.

— וועסט אויסטרינקען בײַדע פלעשער ווײַן? — האָט לעגל געפרעגט גראַנטער'ן.

— ביזט נאַאיוו, ווי אַ טויב, — האָט גראַנטער געענטפערט. — ווער נאָך, אויסער דיר, קאָן נתפּעל ווערען פון צוויי פלעשער?

לעגל און זשאָלי האָבען אָנגעהויבען פרישטיקען, גראַנטער — גלייך פונ'ם ווײַן, פון וועלכען ער האָט אויסגעזאָפּט די ערשטע האַלבע פלאַש.

— דו מוזט האָבען אַ לאָך אין מאָגען! — האָט לעגל זיך געשטויסען.

— ווי בײַ דיר אויפ'ן עלענבויגען, — האָט גראַנטער אָפּגעענטפערט.

מ'האָט געגעסען, געטרונקען און געשמועסט אַ ווײַלע. דערנאָך האָט לעגל געפרעגט:

— גראַנטער, דו קומסט פונ'ם בולוואַר?

— ניין.

— און איך מיט זשאָלי'ן האָבען נאָר וואָס געזעהן דעם אָנפאַנג פון דער לויה. און זעהסט נור, ווי שטיל עס איז דאָ אויף דער גאַס: מען וואָלט גאָר געקאָנט זאָגען, זיצענדיג דאָ,

אַז פּאַריז האָט זיך געשטעלט מיט'ן קאָפּ אַראָב!

— טפו, סאַר אַ געמיינע אויסטער איך האָב איינגעשלונגען! — האָט גראַנטער אויסגעשפּיגען. אין אַלע מקומות מיז וועלען זויער אויף דער נשמה: פוילע אויסטערס, מאוסע דיענסט־מיידלעך... איך האָב פיינט די גאַנצע מענשליכע חברה. נאָר־וואָס גייע איך פאַרביי דער עפענטליכער ביבליאָטעק. נו, עס שלאָגט צום האַרצען פון דער האָזיגער געביידע: בערעכענט נור, וואָס דאָרט טוט זיך פאַפיר, טינט, פעדער־שמירעריי! וואָס פאַר אַ בהמה האָט עס אויסגעקלערט, אַז דער מענש איז אַ חיה אָהן פעדערן?... דערנאָך האָב איך בעגעגענט אַ מיידעל, וואָס איז שען, ווי דער פריהלינג. די בחירטע שיינט פון גליק, וואָס עפּיס אַ באַנקיר מיט אַ פּאַקען־ציפּרע־מענעם פּנים האָט בעוויליגט זי צו פערפיהרען. מיט צוויי מאָנאַטען צוריק האָט זי זיך שטיל־קערהייד געוואוינט ערגיץ אויף אַ בוידעם. אין דאָס געלעכט פון צו־ניידען מעשענע רינגעלעך צו קאָרבעטען. געשלאָפען אויף אַ שטריק־בעטעל, פערמאָגט אַ פּאָר בלומען און געווען צופריעדען. איצט איז זי, פערשטעהט איהר מיך, אַ באַנקירשע! אין איין נאַכט איז זי עס געוואָרען. איך זאָג דאָך אייך, איך האָב היינט בעגעגענט דעם האָזיגען קרבן שיינענדיג פון קאָפּ ביז די פיס. און גאַרנישט: זי איז היינט אַזוי שען, ווי פריהער. דעם באַנקיר טראָגט זי נישט אויפ'ן פּנים. טפו! וויפיעל ווילדע חיות גיס זאָגען עס פערהאַן אויף דער וועלט! וויפיעל רויבפויגעל, וויפיעל אָדלערס!

ער האָט זיך אָנגעגאָסען אַ גלאָז וויין, האָט אויסגעטרונקען און ווייטער גערעדט:

— ברענן, וואָס האָט אויפגענומען רום איז אַן אָדלער; אַ באַנקיר, וואָס האָט איינגענומען אַ מיידעל — איז אויך אַן אָדלער. דאָס איז אַלץ בלאָטע, דער איינציגער אמת איז אַ רעכטע כוסה. וואָס פאַר אַ איבערצייגונגען איהר זאָלט נישט האָבען — טרינקט! איהר רעדט מיט מיר וועגען בולוואַר, וועגען דער פּראָצעסיע און וועגען נאָך נאַרישקייטען. איבעריגענס, איך קריטיקיר בלויז, איך בעליידיג נישט. די וועלט איז ווי זי איז. דאָס אַלץ זאָג איך, אָהן אַ שלעכטער כונה, כהם אַזוי... אָבער איך בין, אויף נאמנות, נישט בעשאַפען געוואָרען אויף אַרומצופליהען צווישען צוויי לאַגערן פון רימפען און סקאַנדאַליסטען. איך בין געבוירען געוואָרען צו זיין אַ טערק און צו קוקען גאַנצע טעג אויף עגיפּטישע טענצערינס. אימזיסט האַלט מען נישט פון די טערקען און מאַהמעדין. איסלאַם איז די איינציגע רעליגיאָן, וואָס האָט אַריינגענומען אין איהר קולטוס פרויען פון לייכטער אויפפיהרונג... נו, איז עס נישט אַ משוגעת: געהן זיך שלאָגען, זיך בייבען די נעזער, אָנשטאָט פערברייגען דעם טאָג ערגיץ הינטער דער שטאָדט מיט אַ שענער זינגערין?... איך האָב ערשט געזעהן אין אַ קרעמעל פון אַלטוואַרג אַ צובראָכענעם לאַמטערן, איז מיר גלייך איינגעפאַלען, אַז עס וואָלט שוין צייט געווען אַריינצוטראָגען אַ ביסעל ליכט אין די פינסטערע מוחות פון דער מענשהייט... נאַט איז מיר ווידער געוואָרען אומעטיג אויפ'ן האַרצען. און עס איז גאָר קיין וואונדער נישט: עס איז אַ קאַטאַוועס איינצושלינגען מיט אַמאָל אַ פוילע אויסטער און אַ נאַרישע רעוואָלוציע!...

גראַנטער האָט זיך פערדומט און האָט איבערגעריסען זיין דרשה. זשאָלי האָט זיך פלוצים דערמאָהנט אָן מאַריוסן.

— הערט נור, — האָט ער געזאָגט, — מאַריוס איז, קענטיג, פערליעבט. מאַכט נישט אויף קיין קאַטאָוועס.

— אין וועמען? — האָט לעגל געפרעגט.

— איך ווייס נישט.

— איך שטעל מיר פאָר, — האָט גראַנטער געזאָגט, — וואָס פאַר אַ קוריאָז פאַר דאָס מוזען זיין, מאַריוס מיט זיין מאַריע, מערי, מאַריעטע אָדער מאַריאָן. זיי זיצען מסתמא ביידע אין זיפצען, און פערגעסען אפילו, אַז עס עקזיסטירט אַ קוש אויף אונזער זינדיגער ערד.

גראַנטער האָט זיך גענומען פאַר די צווייטע פלאַש, וועלכע וואָלט אידם וואַהרשיינליך בעגייסטערט אויף אַ צווייטע דרשה, נאָר אין דער מינוט האָט זיך אין טרעפּ־לאָך בעוויזען אַ נייַ פּנים.

דער פּראָצעסיע: איך שריי: „נידער מיט מאַליניאַקן!" אַ דאַנק. אַדיע!

ער האָט אַ שאַר געטהון מיט'ן פיסעל און איז פערשוואונדען.

לעגל האָט אַרויסגעמורמעלט:

— א. ב. ג. — דאָס הייסט: לאַמאַרקס לויה...

— און דער „הויכער בלאָנדער הערר" איז אַנזשאָלראַס?

— געזעהן מיר? — האָט לעגל געפרעגט.

— עס רעגענט, — האָט זשאָלי געענטפערט, — איך האָב געשוואָרען צו געהן אין פייער, אָבער נישט אין וואַסער, און האָב קיין חשק נישט צו חאַפּען אַ פערקיהלונג.

— און איך אויך נישט, — האָט גראַנטער געזאָגט, — דערצו האַלט איך מעהר פון אַ פריהשטיק, איידער פון אַ טרונע.

— נו, בלייבען מיר אַלע, — האָט לעגל געזאָגט, — מ'קאָן פערשפּעטיגען די לויה און דאָך קומען צום בונט.

— אָ, וואָס אַנבעלאַנגט דעם בונט, — האָט זשאָלי אויסגעשריען, — וועל איך זיך אין איהם זיכער בעטייליגען!

לעגל האָט געריבען די הענד פון פערגעניגען:

— הייסט עס, האָט מען זיך טאַקע פאָרט גענומען פערריכטען אַ ביסעל די רעוואָלוציע פון יאָהר 1830. אַ גלייכע זאַך: זי האָט אונז אַ ביסעל געדריקט אונטער די פּאַכוועס

— און מיך אינטערעסירט אייער רעוואָלוציע כלל נישט, — האָט גראַנטער געזאָגט, — איך פיהל נישט קיין האַס צו דער איצטיגער רעגירונג, וואָס שטעלט זיך מיר פאָר אַלס אַ קרוין פערמאַסקירט מיט אַ נאַכטמיצעל און אַ סצעפּטער, צו וועלכען עס איז צוגעשרויפט אַ רעגענשירם. היינט איז אַ שלעכט וועטער, און לואי פיליפּ קאָן געברויכען ביידע עקען פון זיין קעניגליכען סצעפּטער: מיט'ן שטעקען זיך וועהרען געגען פאָלק און מיט'ן שירם — געגען רעגען...

## 15. דער שליח.

דאָס איז געווען אַ יונגעל פון אַ יאָהר צעהן, קליין, מאָגער, געל, אָבגעריסען, מיט אַ שאַרף פּיסקעל און מיט לעבעדיגע אויגלעך, נאָס פון רעגען, ווי אַ האָהן, נאָר מיט אַ צופריעדענער מינע.

ער האָט, קענטיג, קיינעם פון די אַנוועזענדע נישט געקענט, נאָר ער האָט געוואָרפען אויף אַלע אַ דורכדרינגענדען בליק און האָט זיך גלייך געווענדט צו לעגל'ען:

— זענט איהר אפשר הערר באָסועט?

— יאָ, דאָס איז מיין צונעמעניש. וואָס האָסטו מיר צו זאָגען?

— עפּיס אַ הויכער בלאָנדער הערר האָט מיך אָבגעשטעלט אויפ'ן בולוואַר און האָט מיר געזאָגט: „קענסט דאָס שיינקעל פון דער מוהמע גישלו? געה אַהין, זוך דאָרט אויף דעם העררן באָסועט און זאָג איהם: „א. ב. ג." (דאָס איז גאָר. און דערפאַר האָט ער מיר געגעבען צעהן סו.

— זשאָלי, גיב מיר צעהן סו, — האָט לעגל געזאָגט, — און דו, גראַנטער, גיב מיר אויך אַזויפיעל.

לעגל האָט אַוועקגעגעבען דעם יונגעל די צוואַנציג סו.

— איך דאַנק, מיין הערר, — האָט דער קליינער אַרויסגעפּוטשעט.

— ווי רופט מען דיך? האָט לעגל געפרעגט.

— נאַוועל. איך בין גאַווראָשעס אַ חבר.

— בלייב דאָ מיט אונז, — האָט לעגל פאָרגעשלאָגען.

— וועסט דערווייל עפּיס איבערבייסען, — האָט גראַנטער צוגעגעבען.

— איך קאָן נישט, — האָט דאָס יונגעל געזאָגט, — איך בין בעשעפטיגט - אין

גראַנטער האָט אָנגעהויבן ווערן רעכט שכּור. זײַנע צוויי פֿרײַנד זענען אויך געווען אונטערן גלעזל, אָבער זיי האָבן געטרונקען פֿיעל ווייניגער פֿון אים און האָבן זיך געהאַלטן פֿעסטער.

אין שײַנק און אויף דער גאַס איז געווען שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם: אַלע ווענען אַוועקגעלאָפֿן ,,קוקן אויף די פּאָליטיק". לעגל איז געזעסן אויפ'ן פֿענסטער מיט'ן רוקן צו דער גאַס און האָט געקוקט אויף גראַנטער'ן און זשאַלי'ן. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ ווײַטן גערויש און געשרייען פֿון דער גאַס: ,,צו די וואָפֿן! צו די וואָפֿן!" לעגל האָט אומגעקערט דעם קאָפּ און האָט דערזעהן אויפ'ן ווינקעל פֿון די גאַסן סען־דעני און שאַנוורערי אַנזשאָלראַס'ן מיט אַ ביקס און גאַווראָש'ן מיט אַ פּיסטאָלעט, נעבן זיי פֿעלי'ן, קורפֿעיראַק'ן, זשאַן פּרובער'ן, קאָמבעפֿער'ן און באַגאָרעל'ן, און נאָך זיי אַ גאַנצע מחנה מענשען, אַלע בעוואָפֿענט ווער מיט וואָס.

לעגל האָט צוגעשטעלט די הענד צום מויל ווי אַ טרומייט און האָט אויסגעשריען:

— עה, קורפֿעיראַק!..

קורפֿעיראַק האָט דערהערט דעם רוף, האָט דערזעהן לעגל'ן און האָט זיך געלאָזט געהן איבער דער גאַס שאַנוורערי. צוקומענדיג נעהנטער, האָט ער הויך געפֿרעגט:

— וואָס ווילסטו?

— וואוהין געהסטו?

— בויען אַ באַריקאַדע.

— נו, מאַך זי דאָ: דער אָרט איז אַ גאַנץ פּאַסענדער.

— ריכטיג, — האָט קורפֿעיראַק געזאָגט.

ער האָט געגעבן אַ סיגנאַל, און די גאַנצע חברה האָט זיך אַרײַנגעלאָזן אין די גאַס שאַנוורערי.

---

## 16. גראַנטער שלאָפֿט אײַן.

דער פּלאַץ איז ווירקליך געווען ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר אַ באַריקאַדע: די גאַס שאַנ־ווערי האָט זיך געענדיגט נישט ווײַט פֿונ'ם שײַנק קאָרינטהעס מיט אַ וואַנד, וואָס האָט געשלאָסן דעם אַרויסגאַנג פֿון איהר, די גאַס מאָנדעטור, וועלכע האָט זי איבערגעשניטן. האָט מען לײַכט געקאָנט פֿערצאַמען פֿון ביידע זײַטען, און נור צו סען־דעני איז געבליבן אַ פֿרײַער פֿראָנט, און פֿון דאָרט האָט מען זיך געדאַרפֿט בעשיצען מיט אַ באַריקאַדע. לעגל'ס אויג איז געווען גוט און שאַרף, הגם ער איז געווען שכּור.

דאָס אָנקומען פֿון דער בעוואָפֿענטער מחנה האָט אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק אויף אַלע אײַנוואוינער פֿון דער גאַס שאַנוורערי. די אַזוי אויך זעלטענע פֿאַרבײַגעהער זענען אינגאַנצען פֿערשוואונדען. מאָמענטאַל האָבען זיך פֿערהאַקט די טהירען פֿון די קראָמען, וואוינונגען און קעלערס, די טויערן האָט מען פֿערשלאָסען, די פֿענסטער פֿערמאַכט און אַראָבגעלאָזען די פֿאָרהאַנגען און לאָדענס. נור דאָס שײַנקעל איז געבליבען, ווײַל די גאַנצע באַנדע האָט זיך אַהין אַרײַנגעריסען.

— אַך, מײַן גאָט, מײַן גאָט! — האָט מאַדאַם גישלו הילפֿלאָז געזיפֿצט.

לעגל איז אַרויס אַנטקעגען קורפֿעיראַק'ן. זשאַלי האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורך דאָס פֿענסטער און האָט אויסגעשריען:

— קורפֿעיראַק, פֿאַרוואָס האָסטו קיין שירם נישט מיטגענומען? קאָנסט זיך נאָך חלילה פֿערקיהלען!

דערווײַל האָט מען אין אַ וועלכע צוויי מינוט אַרויסגעריסען די אײַזערנע גראַטעס פֿון די פֿענסטער פֿון אונטערשטען שטאָק אין שײַנק און אַראָבגעריסען דאָס שטײנערנע ברוק אויף אַ שטיק גאַס. גאַווראָש און באַגאָרעל האָבען גענומען געפֿאַנגען אַ וואָגען, אין וועלכען מ'האָט געפֿיהרט עטליכע פֿעסלעך מיט קאַלך, האָבען דעם וואָגען איבערגעקעהרט און די פֿעסלעך אַוועקגעשטעלט אַלס ,,שטיצען" און אַרום זיי האָבען זיי אָנגעשאָטען שטײנער. אַנזשאָלראַס האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון מאַדאַם גישלו'ס קעלער אַלע ליידיגע פֿעסער, און פֿעלי האָט די

פּעמער מיט'ן איבערגעקעהרטען וואגען ארומגעשאטען מיט א אונגעהויערן הויפען צוקלאפּטע שטיינדלעך, וואס קיינער האט נישט בעמערקט, פון וואנען זיי האבען זיך גענומען. אויבען אויף די פּעסער האט מען ארויפגעוואלגערט דיקע באלקענס, וועלכע מ'האט אראבגעריסען פון פּאסאד פון צווייטען הויז. אז לעגל און קורפעיראק האבען זיך ארומגעקוקט, איז שוין א האלבע גאס געווען פערשטעלט מיט א באריקאדע א מאן די הויך.

מאטלאטע און זשיבלאט'ן האבען געהאלפען די ארבייטענדע. די אייביג שלעפעריגע זשיבלאטע האט, קוים שלעפענדיג די פיס, געטראגען שטיינער און שירץ. זי האט געהאלפען בויען די באריקאדע פּונקט מיט אזא פערמאטערטער מינע, מיט וועלכער זי פלעגט דערלאנגען פלעשער וויין די געסט פון שיינק.

אויפ'ן ווינקעל פון גאס איז פארבייגעפאהרען אן אמניבוס, געשפּאנט צו א פּאר ווייסע פערד. לעגל איז איבערגעשפּרונגען איבער די הויפענס שטיינער, האט אפּגעשטעלט דעם אמניבוס, האט געצוואונגען אלע פּאסאזשירען ארויסצוגעהן, העלפענדיג דערביי אליין די דאמען, האט אוועקגעטריבען דעם קוטשער און צוגעפיהרט דעם אמניבוס צו דער באריקאדע. אין א מינוט ארום האבען זיך שוין די פערד ארומגעבלאנקעט איבער דער גאס מאנטעדור, נישט וויסענדיג וואו זיך אהינצוטהון, און דער אמניבוס האט מיט זיך פערענדיגט די באריקאדע.

מאדאם גישלו האט זיך בעהאלטען אויף דעם אויבערשטען שטאק. מיט פערנעבעלטע, בלאנדזשענע אויגען האט זי געקוקט ארום זיך, אבער זי האט נישט אנגעהויבען צו זעהן.

— די וועלט קעהרט זיך איבער! — האט זי געמורמעלט אין טויט-שרעק.

זשאלי האט א קוש געטהון מאדאם גישלו אין רויטען, דיקען און געקנייטשטען האלז און האט געזאגט צו גראנטער'ן:

— ווייסטו וואס, מיין פריינד, איך בין איבערצייגט, אז א פרויען-האלז איז די איידעלסטע זאך אין דער וועלט.

גראנטער איז שוין צו יענער צייט פערקראכען גאר אין די הויכע דרכים. אז מאטלאטע איז צוריק ארויפגעקומען פון גאס, האט ער זי ארומגעהאפּט פאר די טאליע און האט אלע ווילדע געלאזען אין פענסטער אריין א הילכיג געלעכטער.

— מאטלאטע איז העסליך! — האט ער געשריען פון איין געלעכטער צום צווייטען. — מאטלאטע איז דער אידעאל פון העסליכקייט. איך וועל אייך דערצעהלען דאס געהיימניש פון איהר ערשיינען אויף אונזער וועלט. א געוויסער מאכער פון רינשטאקען האט זיך אין א שענעם פריה-מארגען פערליעבט אין די מאוסטע פון זיינע בעשעפעניש'ען. דאן האט ער זיך געווענדעט צו אמור'ן מיט א ביטע דעם רינשטאק לעבעדיג צו מאכען, און דערפון איז ארויסגעקומען די שענע מאטלאטע. זי איז אבער א וואויל מיידעל, און איך פערזיכער אייך, בירגער, אז זי וועט זיך שלאגען אויסגעצייכענט העלדיש. פון דער מוהמע גישלו שמועסט מען שוין נישט — יענע איז אן עכטער קריגס-מאן. איהר בעטראכט נור איהרע וואנצען, וואס זי האט בירושה פון איהר מאן! בכלל איז זי אן עכטער הוזאר. זי וועט זיך אויך שלאגען אויסגעצייכענט: זי מיט מאטלאטע'ן צוזאמען וועלען אנווארפען א שרעק אויף די גאנצע געגענד. מאטלאטע, גיב מיר א קוש...

— ווער שוין אנשטומט אמאל, תשבור — האט קורפעיראק איהם איבערגעשלאגען.

אין דערזעלבער צייט האט אנזשאלראס, וועלכער איז געשטאנען אויף דער באריקאדע מיט דער ביקס אין האנד, אומגעקעהרט צו צו גראנטער'ן זיין שטרענג און שען געזיכט.

— גראנטער! — האט ער אויסגעשריען מיט צארן. — געה אויספריינגען דעם אויסגעטרונקענעם וויין ערגיץ אנדערש-וואו.

די דאזיגע ווערטער האבען געווירקט אויף גראנטער'ן אזוי, גלייך מען וואלט איהם א פליוך געטהון א גלאז קאלטע וואסער אין פּנים

צײַן. ער האָט זיך פּלוצים ווי אויפגעניכטערט, האָט זיך אַוועקגעזעצט, זיך אָנגעשפּאַרט אָן טישעלע נעבען פענסטער און, אַ קוק געבענדיג אויף אַנזשאָלראַסן מיט אַ אונבעשרייבליכער ווייכקייט, האָט ער געזאָגט:

— ערלויב מיר זיך אויסצושלאָפען דאָ.

— גייה! גייה שלאָפען ערגיץ אַנדערש! האָט אַנזשאָלראַס געענטפערט.

— שטער מיר דאָ נישט צו שלאָפען, איידער איך שטאַרב.

אַנזשאָלראַס האָט געוואָרפען אויף איהם אַ פערדעכטליכען בליק.

— גראַנטער! — האָט ער געזאָגט. — דו ביזט נישט פעהיג נישט צו גלויבען, נישט צו דענקען, נישט צו וועלען, נישט צו לעבען, נישט צו שטאַרבען

— וועסט שוין זעהן, צי דאָס איז אַזוי! — האָט גראַנטער ערנסט געענטפערט.

ער האָט נאָך אַרויסגעמורמעלט עטליכע אונפערשטענדליכע ווערטער, דערנאָך איז זיין קאָפּ אַראָבגעפאַלען אויפ'ן טיש, און ער איז פערזונקען געוואָרען אין אַ טיעפען שלאָף.



## 17. באַריקאַדען און ליעבע־לידער.

באַגאָרעל האָט גאָר אַנגעקוואָלען פון דער באַריקאַדע:

— אָט ווי מיר האָבען עס אויסגעפּוצט די גאַס! אַ נחת צו קוקען!

קורפעיראַק האָט ביסלעכווייז צושטאָרגען דעם גאַנצען שיינק און דערביי פּראָבירט צו טרייסטען מאַדאַם גישלו.

— מוהמע גישלו, — האָט ער גערעדט, — מיר דאַכט, איהר האָט זיך געוועזן בעקלאָגט ניט לאַנג צוריק, אַז מ'האָט אייך שטראָפירט, דערפאַר וואָס זשיבלאָטע האָט אויסגעטרייסעלט אייער קאָבריצעל דורך דאָס פענסטער?

— יאָ, יאָ, דאָס איז אמת, — מיין גוטער הערר קורפעיראַק! — האָט די מוהמע גישלו געענטפערט. — אַך, מיין גאָט! דאָס טיש נעהמט איהר אויף צו?.. יאָ, נישט נור פאַר דאָס קאָבריצעל, מ'וויל מיך נאָך בעשטראָפען פאַר אַ בלומען־טעפּעל, וואָס איז אַרויסגעפאַלען פון פענסטער. הונדערט פראַנק האָט די רעגירונג פון מיר אַראָבגעשונדען. איז עס נישט אַ רציחה?

— געוויס אַ רציחה, מאַדאַם גישלו; און דאָס ווילען מיר טאַקע דיך נוקם זיין פאַר אייך.

עס איז אָבער קענטיג געווען, אַז מאַדאַם גישלו פערשטעהט שוואַך דעם נוצען פון דער נקמה פאַר איהר און אַז דער אופן ווי אַזוי מ'וויל זיך נוקם זיין געפעלט איהר נישט.

דער רעגען האָט אויפגעהערט צו געהן. די צאָהל פון די פערטיידיגער פון דער באַריקאַדע איז דערווייל געוואַקסען. מ'האָט צוגעבראַכט די איינציגע לאַמטערן פון דער גאַס שאַנווערי און אגב אורחא, פון פרעהליכקייט, נאָך אַ פּאָאַר לאַמטערנס פון די שכנישע גאַסען. ביסלעכווייז זענען פאַרטיג געוואָרען ביידע באַריקאַדען: די גרעסערע, וואָס האָט פערצאַמט די גאַס שאַנווערי, און די קלענערע, וועלכע האָט פערשלאָסען דעם אַריינגאַנג פון דער גאַס מאָנטעדור. ביידע באַריקאַדען האָבען בעריהרט מיט איינער פון זייערע זייטען דאָס שיינקעל קאָרינטהעס. דאָס צווייטע ווינקעל פון דער גאַס מאָנטעדור איז געבליבען אָפען: פאַר דאָס מיליטער איז סיי־ווי שווער געוועזן דורך יענע פערפלאָנטערטע, געדרעהטע געגענד אַריינצודרינגען, און די באַריקאַדיסטען האָבען דערווייל געלאָזען פאַר זיך אַ וועג צו קאָמוניקירען מיט דער אויסערער וועלט און מיט אַנדערע אָבטיילונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמעע.

אָנגעפיהרט די אַרבייט האָבען אַנזשאָלראַס, קאָמבפער און קורפעיראַק. דער לעצטער האָט געעפענט דאָס קעסטעל, וואָס ער האָט געבראַכט פון זיין וואוינונג: עס איז געווען געפּאַקט מיט פּאַטראָנען, וועלכע ער האָט פונאַנדערגעטיילט צווישען די באַריקאַדיסטען.

דער הויכער עלטערער מאַן, וואָס איז

צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערען אויף דער גאַס בילעט, האָט געהאָלפען ביים בויען די באַריקאַדען. דער יונגער-מאַן, וואָס האָט זיך אָנגעפרעגט ביי קורפעיראַק'ן אויף מאַריוס'ן, איז פערשוואונדען.

גאַווראָש האָט אַליין געאַרבייט און מיט פערשידענע מיטלען געצוואונגען אַנדערע צו אַרבייטען. ער האָט געשיינט פון פערגניגען, איז אַרומגעפלויגען הין און צוריק, אומעטום איז ער געווען און איבעראַל האָט מען זיין שטים געהערט; ער האָט אַנדערע נישט געלאָזט רוהען און האָט אַליין אויך נישט גערוהט. עס האָט אויסגעזעהן, פונקט ווי אָהן איהם וואָלט זיך די אַרבייט אפילו נישט אָנגעהויבען.

איין זאַך נור האָט איהם אַרויסגעבראַכט פון די כלים: וואָס זיין פיסטאָלעט האָט קיין ציינגעל נישט געהאַט. ער האָט די עלטערע ניט געלאָזט לעבען מ'זאָל איהם געבען אַ ביקס.

— דיר אַ ביקס? — האָט זיך קאָמבפער פערוואונדערט.

— פאַרוואָס דען נישט? — האָט דאָס יונגעל איבערגעפרעגט.

— אַז אַלע דערוואַקסענע וועלען בעוואָרגט ווערען מיט ביקסען, — האָט זיך אַנזשאָלראַס אַריינגעמישט, — וועט מען די איבעריגע צוטיילען צווישען די קינדער.

גאַווראָש האָט אומגעווענדט צו איהם דעם קאָפּ מיט אַ שטאָלצער מינע און האָט געזאָגט:

— אַז מ'וועט דיך דערהרג'ענען, וועל איך נעהמען דיין ביקס.

— שייגעץ! — האָט אַנזשאָלראַס אויסגעשריען.

— שנעק! — האָט גאַווראָש געענטפערט.

אויף דער באַריקאַדע האָט מען אַרויסגעהאָנגען אַ רויטע פאָהן, אַלע האָבען אָנגעלאָדען די ביקסען און גענומען וואַרטען; אַנזשאָלראַס האָט אַכטונג געגעבען אויף די לייט, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער וואַך. אין דערוועלכער צייט האָבען זיך די אַנדערע אונזערע בעקאַנטע יונגע-לייט, — קאָמבפער, קורפעיראַק, זשאַן פּרובער, פעילי, לעגל, זשאָלי און באַגאָרעל, — צוזאַמענגעקליבען אין אַ ווינקעל פונ'ם שיינק, האָבען אַוועקגעשטעלט נעבען זיך די אָנגעלאָדענע ביקסען און האָבען גענומען פערברייננגען די צייט ווי אין די פריידליכסטע טעג פון זייער סטודענטען-לעבען: געפּלוידערט פון פערשידענע זאַכען, דעקלאַמירט ליעבע-לידער און דערגלייכען. די צייט, דער אָרט, די שטערען, וואָס האָבען אָנגעהויבען זיך אָנצוצינדען אויפ'ן הימעל, די זכרונות פון די קינדער-יאָהרען, וואָס זענען ביי אַלעמען אַרויסגעשוואומען, די אומפערמיידליכקייט פון די אָנקומענדע האַרטע געשעהענישען — דאָס אַלץ האָט צוגעגעבען אַ בעזונדערן האַראַקטער און טאָן צו די לידער, וואָס דער צאַרטער פּאָעט זשאַן פּרובער האָט געלאָזען פליסען פון זיינע ליפּען שטיל און בעהאַרצט.

דערווייל האָט מען אָנגעצונדען אויף דער גרויסער באַריקאַדע אַ פאַקעל און איהם אַריינגעשטעקט צווישען די שטיינער אַזוי, אַז די גאַס און די באַריקאַדע זענען געבליבען אין דער פינסטער, און נור די רויטע פאָהן, בעגאָסען מיט אַנאימה'דיגער שיין, האָט שטיל געפלאַטערט אין דער לופט פון דער נאַכט...

## 18. דער שפּיאָן.

די נאַכט האָט זיך שוין אינגאַנצען אַראָבגעלאָזען אויף פּאַריז, און קיינער איז נאָך נישט געקומען אָנפאַלען אויף די באַריקאַדען. פון ווייטען האָט מען געהערט בלויז אַ אונבעשטימט געדודער, פון צייט צו צייט — אַ קנאַקעריי פון ביקסען, אָבער זעלטען און שוואַך. דער לאַנגער אָפּרוה האָט געוויזען, אַז די רעגירונג זאַמעלט קרעפטען. די פופציג בונטאָווששטשיקעס פון דער גאַס שאַנווריערי האָבען געקאָנט ערוואַרטען זעכציג טויזענד געגנער.

אַנזשאָלראַס האָט זיך געלאָזען זוכען גאַווראָש'ן. גאַווראָש איז צו יענער צייט געווען שטאַרק פערטאָגה'ט. דער אונבעקאַנטער,

וואָס איז צוגעשטאַנען צו די יונגע־לײַט אויף דער גאַנם בילעט, איז נאָר־וואָס אַרײַנגעגאַנגען אין שײַנקעל און האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ טיש, וואָס איז געשטאַנען אין אַ פּערשאָמענט ווינקעל. אויף זײַן חלק איז אָנגעקומען אַ גרויסע ביקס, וועלכע ער האָט איצט געהאַלטען צווישען די קניה. גאַווראָש, זענענדיג די גאַנצע צײַט „פּערטאַראַמט", האָט איהם ביז איצט נישט בעמערקט. נאָר איצט, אַז יענער איז אַרײַן אין שײַנק, האָט גאַווראָש מאַשינאַל איהם נאָכגעקוקט אַ ווײַלע, דערנאָך איז ער פּלוצים אויפגעשפּרונגען פֿון אָרט. ווער עס וואָלט זיך נור צוגעקוקט צום דאָזיגען מענשען פֿריהער, וואָלט געקאָנט בעמערקען, אַז ער בעקוקט שאַרף די רעוואָלוציאָנערען און אַלין, וואָס זיי טהוען, — איצט אָבער האָט ער זיך פֿערטראַכט און האָט נישט געזעהן, וואָס אַרום טהוט זיך. גאַווראָש האָט זיך גענומען דרעהען אַרום איהם אויף די שפּיץ פֿינגער, ווי ער וואָלט מורא האָבען איהם אויפוועקען. און דערבײַ האָבען זיך אויף זײַן קינדערש פּנים, וואָס איז געווען צו גלײַכער צײַט חוצפּהדיג און ערנסט, לײַכטזיניג און טיעף, פֿרעהליך און טרויעריג, געוויזען גרימאַסען, וואָס פּאַסען זיך מעהר צו אַן אַלטען געזיכט און וועלכע דריקען אויס אונגעפֿעהר אַזעלכע געדאַנקען: „שאַ, וואָס איז דאָס?.. ניין, עס קאָן נישט זײַן!.. דאָס דאַכט זיך מיר נור אויס!.. און אפשר יאָ?.. ניין, ניין, אונמעגליך!.." גאַווראָש איז געווען צוטומעלט, איבערראַשט, ממופק, פֿערבלענדט. גאַווראָש האָט זיך אָנגעשטויסען אויף אַ וויכטיגע ענטדעקונג.

אין דערזעלבער מינוט האָט ער דערהערט אַנזשאָלראַ'ס שטים:

— גאַווראָש, דו ביזט אַ קלײַנער, ווערט דיך קיינער נישט בעמערקען. געה נור אַרויס פֿון הינטער דער באַריקאַדע, שלעפּ זיך אַ ביסעל איבער די גאַסען און קום דערצעהלען, וואָס דו וועסט זעהן.

גאַווראָש האָט זיך אויסגעגלײַכט.

— אַהאַ! — האָט ער געזאָגט. — הײַסט עס, קלײַנוואַרג טויג אויך אויף עפּיס?... זעהר אַנגענעהם!.. גוט, איך געה. נור ביז עפּיס וואָב, האָבענדיג צוטרוי צו די קלײַנע, גיט זיך דערווײַל פֿאַר די גרויסע...

ער האָט געוואָרפֿען אַ בליק אויפ'ן אונבעקאַנטען און האָט שטיל צוגעגעבען:

— איהר זעהט דאָרט יענעם מענשען?

— נו?

— דאָס איז אַ שפּיאָן.

— ווייסט עס אויף זיכער?

— מיט צוויי וואָכען צוריק האָט דער דאָזיגער מענש מיך אַראָבגעשלעפּט פֿאַר אַן אויער פֿונ'ם געזימס פֿון דער קעניגליכער בריק, וואו איך האָב זיך געזעצט אַ ביסעל שעפּען פֿרישע לופֿט.

אַנזשאָלראַס איז געשווינד צוגעגאַנגען צו אַן אַלטען האָפֿען־אַרבײַטער און האָט איהם געזאָגט אַ פּאָר ווערטער. יענער איז אַרויס פֿון שײַנק און האָט זיך אומגעקעהרט מיט דרײַ קאָלעגען. די פֿיער ברייטביינערדיגע טרעגער האָבען זיך אַוועקגעשטעלט הינטער'ן שטוהל, אויף וועלכען עס איז געזעסען דער מאַן פֿון דער גאַנם בילעט. אַנזשאָלראַס איז צוגעגאַנגען צו דעם אונבעקאַנטען און האָט געפֿרעגט:

— ווער זענט איהר?

בײַ דער דאָזיגער אומגעריכטער פֿראַגע האָט דער פֿרעמדער זיך אַ צאַפּעל געטהון. ער האָט אַ קוק געטהון אַנזשאָלראַס'ן טיעף אין די אויגען און האָט דאָרטען מסתמא איבערגעלעזען זײַן מיין. ער האָט אַ שמײַכעל געטהון אויסדריקליך און פֿעראַכטליך, דערנאָך האָט ער שטאָלץ געזאָגט:

— איך שטוים מיך, וואָס איהר מיינט... יאָ, דאָס איז ריכטיג!

— איהר זענט אַ שפּיאָן?

— איך בין אַן אַגענט פֿון דער רעגירונג.

— אײַער נאָמען?

— זשאַווער.

אַנזשאָלראַס האָט געגעבען אַ וואונק צו די טרעגער, און איידער זשאַווער האָט בעווי־

ווען זיך אומצוקוקען, האט מען איהם אוועקגעלעגט, געבונדען און בעזוכט. מ'האט געפונען ביי איהם א קארטע מיט אנ'אויפשריפט: „זשאוועער, פאליציי-אינספעקטאר, צוויי און פופציג יאהר אלט". אין די קעשענעס האט ער געהאט א זייגער, א בייטעלע מיט עטליכע גאלדענע מטבעות. דאס אליין האט מען נישט געריהרט, נאר פון אונטער'ן זייגער האט מען ארויסגעשלעפט א פאפיר אין א קאנווערט. אנזשאלראס האט געעפענט און דורכגעלעזען פאלגענדע שורות, אונטערגעשריבען פון פאליציי-פרעפעקט אליין:

„ערפילענדיג זיין פאליטישע שליחות, דארף דער אינספעקטאר זשאוועער אויסערדעם זיך איבערצייגען מיט זיינע אייגענע אויגען, צי עס איז ריכטיג, אז אויפ'ן רעכטען ברעג פון טייך, נעבען דער יענא-בריק, בעהאלטען זיך פערברעכער".

די ארבייטער האבען זשאוועער'ן צוגעבונדען צו איינער פון די זיילען, וואס האבען אונטערגעשפארט דעם באלקען פון שיינק.

גאווראש האט שווייגענדיג צוגעקוקט די גאנצע סצענע און צייטענווייז צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ, ווי איינער רעדט: „יישר כח". דערנאך איז ער צוגעגאנגען צו זשאוועער'ן און האט איהם געזאגט:

— דאסמאל האט די מויז געפאקט דעם קאטער.

דאס אליץ איז פארגעקומען אזוי שנעל, אז די איבעריגע רעוואלוציאנערען האבען עס בעמערקט ערשט ווען עס איז שוין געווען נאך אלעם. דערוויסענדיג זיך פון דער געשיכטע, זענען זיך די סטודענטען צוזאמענגעלאפען אין זאל פון שיינק.

דער געהיים-אגענט איז געשטאנען, האלטענדיג דעם קאפ הויך און גלייך, ווי א מענש וואס האט קיינמאל קיין ליגענה נישט געזאגט.

— דאס איז א שפיאן, — האט אנזשאלראס ערקלערט די ארומיגע און דערנאך האט ער זיך געווענדט צו זשאוועער'ן: — איך וועט מען דערשיסען מיט צעהן מינוט איידער די בארריקאדע וועט גענומען ווערען.

— פארוואס נישט תיכף? — האט זשאוועער רוהיג געפרעגט.

— וויל מיר זשאלעווען איצט דעם פולווער.

— דאן טוט מיך מיט א מעסער.

— שפיאן, — האט אנזשאלראס געזאגט, — מיר זענען ריכטער, נישט קיין מערדער!

דערנאך האט ער צוגערופען גאווראש'ן און געזאגט:

— געה-זשע אין דיין שליחות און געדענק, וואס איך האב דיר אנגעזאגט.

— איך געה! — האט גאווראש אויסגעשריען און האט זיך געלאזען צו דער טהיר, נאר אין מיטען וועג איז ער געבליבען שטעהן: — יא, גיט מיר אוועק זיין ביקס. דעם כלי-זמר לאז איך איבער פאר אייך, נאר דעם קלארנעט האב איך נויטיג פאר זיך.

אין עטליכע סעקונדען ארום איז ער אריבערגעשפרונגען איבער די בארריקאדע און איז אוועק צו ערפילען זיין שליחות.



## 19. דער פּראוואקאטאר.

אין היכען נאך גאווראש'עס אוועקגאנג האט זיך ביי דער בארריקאדע אבגעשפיעלט א קורצע, נאר אימהדיגער עפיזאד.

מענשען, וואס לויפען זיך צוזאמען ביי א וועלכען עס איז געזעלשאפטליכען געשעהעניש, פרעגען נישט איינער ביים צווייטען, ווער זיי זענען. צווישען דער מחנה, וואס די „חברה אלף-בית" האט איינגעפיהרט, האט זיך געפונען א פארשוין אין אנ'אבגעטראגען רעקעל פון אנ'ארבייטער, וואס האט די גאנצע צייט געשריען, געמאכט מיט די הענד און זיך געהאלטען ווי א שכור. דער מענש האט זיך גערופען קאביוק. ער איז געווען שכור אדער ער האט זיך געמאכט פאר שכור און האט

דערביי אלע מאל אונטערגערוקט א נדערע ציים טרינקען. פון צייט צו צייט האט ער געווארפען בליקען אויף א הויך הויז, וואס איז געשטאנען אין דער טיפעניש פון דער גאס שאטהרעדי, פונקט געגענאיבער דער גאס סעןדעני. פלוצים האט ער אויסגעשריען:

— הנרדה! איהר ווייסט, אז פון יענעם הויז איז זעהר בעקוועם צו שיסען? ווען מיר זעצען זיך אוועק מיט אונזערע ביקסען ביי יענע פענסטער, וואלט שוין קיין שד אין דער וועלט נישט געקאנט אפילו א נאז אריינשטעקען אין די גאס.

— ריכטיג, — האט זיך עמיצער אפגעחפען, — אבער וואס קומט ארוים — דאס הויז איז פערשלאסען.

— איז וואס? מיר'ן אנקלאפען!

— און אז מען וועט נישט עפענען?

— וועלען מיר אויסברעכען דאס טויער!

קאביזק איז צוגעגאנגען צום טויער, אויף וועלכען עס איז געהאנגען א שווערער קלאפער, און האט גענומען קלאפען, — קיינער עפענט נישט; ער האט אנגעקלאפט א צווייטעס מאל — מ'ענטפערט נישט; צום דריטען מאל — דאסזעלבע רעזולטאט.

— עה, איהר, פארהאן עמיצער אין הויז? — האט קאביזק אויסגערופען.

א טויטע שטילקייט האט געהערשט אין הויז און אין הויף.

קאביזק האט געהאפט זיין ביקס און האט אנגעהויבען קלאפען מיט איהר אן טויער. דאס טויער איז געוועזען אלט-מאדיש, מאסיוו געוועלבט און פון שטארקען דעמב; דאס גאנצע הויז האט זיך געטרייסעלט פון די קלעפ, אבער דאס טויער האט זיך נישט גערירט.

פונדעסטוועגען זענען די איינוואוינער קענטיג, געווארען אונרוהיג, דען אויפ'ן דריטען שטאק האט זיך פלוצים געעפענט א קליין פענסטעריל; אין פענסטעריל האט זיך בעוויזען א ליכט און נעבען דעם דאס דערשראקענע געזיכט פון א גרויסען הויז-וועכטער.

קאביזק האט אויפגעהערט צו קלאפען.

— וואס ווילט איהר, מיינע הערען? — האט דער וועכטער געפרעגט.

— עפען! — האט קאביזק אויסגעשריען.

— ניין, מיינע הערען, מ'קאן נישט.

— מ'זאגט דיר, זאלסט עפענען!

— אונמעגליך!

קאביזק האט גענומען זיין ביקס און האט געצילעט אויפ'ן אלטען. דרויסען איז געווען פינסטער, און דער אלטער האט עס פון אויבען ניט געזעהן.

— דו עפענסט, צי ניין? — האט קאביזק געפרעגט.

— ניין.

— זאגסטו — ניין?

— אבער, מיין הערר...

דער וועכטער האט נישט געענדיגט, א שאס האט אפגעהילכט, די קויל איז אריין דעם אלטען אונטער די בארד און איז ארוים דורכ'ן נאקען. ער איז געשטארבען אהן א זיפץ אפילו. דאס ליכט איז אראבגעפאלען און האט זיך אויסגעלאשען; דער גרויער קאפ איז געפאלען אויף די שוועל פון פענסטער און האט פון דארט געווייכעלט אראב. אנטקעגען איהם ארויף האט זיך געהויבען א ווייסליך וואלקענדיל פון פולווער-רויך.

— אט דאס איז נאר! — האט קאביזק געזאגט און האט אנגעשפארט זיין ביקס אן די ערד.

קוים האט ער אויסגערעדט די דאזיגע ווערטער, האט ער דערשפירט אויף זיין אקסעל א שווערע האנד און א בעפעהלענדע שטים האט אויסגערופען נעבען זיין אויער:

— אויף די קניה!

דער מערדער האט אומגעקעהרט דעם קאפ און האט דערזעהן דאס בלאסע, קאלטע געזיכט פון אנזשאלראס, וועלכער איז געשטאנען מיט א פיסטאלעט אין דער פרייער האנד.

דערהערענדיג דעם שאס, איז אנזשאל

ראַם געקומען צולויפען. ער האָט אָנגענומען מיט זיין לינקער האַנד קאַבּיוקס קאָלנער און האָט געזאָגט:

— אויף די קניה!

און דאָס מאָגערע, שוואַכע אויפ'ן קוק צוואַנציג-יעהריגע בחור'ל האָט צוגעבויגען צו דער ערד דעם געזונדען „יאָרערדיגען" קאַבּיוק'ן, ווי מען בויגט-צו אַ גרעזיל, און האָט איהם אַוועקגעשטעלט אויף די קניה גלייך אין בּלאָטע אַריין. קאַבּיוק האָט פּרובּירט זיך ווערען, אָבער אומזיסט; די האַנד, וואָס האָט איהם געהאַלטען, האָט עפּיס ווי בּעזעסען אַן איבּערנאַטירליכע קראַפט. אַ בּלאַסער, מיט אַ הוילען האַלז, אַ צאַרטען פרויען-געזיכט און פלאַטערנדע האָהר, האָט אַנזשאָלראַס דערמאָהנט די געטין פון גערעכטיגקייט טעמידאַ, ווי די אור-אַלטע פעלקער פלעגען זי שילדערן: מיט אַן אויסדרוק פון צאָרן און צניעות אויף איהר שטרענגען און שענעם פּראָפיל.

אַלע בּאַריקאַדיסטען זענען זיך צונויפגעלאָפען און האָבּען זיך אַרומגעשטעלט אין אַ האַלבּ-רינג; אַלע האָבּען געפיהלט די אונמעגליכקייט צו זאָגען האָטש אַ וואָרט געגען דעם, וואָס דאָ מוז בּאַלד געשעהן.

דער בּעזיעגטער קאַבּיוק האָט זיך שוין נישט געראַנגעלט און האָט בּלויז געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער. אַנזשאָלראַס האָט איהם אָבּגעלאָזען און האָט אַרויסגענומען זיין זייגער.

— שטאַרק זיך, — האָט ער געזאָגט. — איך גיב דיר איין מינוט צייט אויף ודוי זאָגען.

— דערבּאַרימט איך! — האָט קאַבּיוק גע־ווען אַרויסגעמורמעלט, דערנאָך האָט ער אַראָבּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַרויסגעבּרומט עטליכע קללות.

אַנזשאָלראַס האָט פונ'ם זייגער קיין אויג נישט אַראָבּגענומען; אַז די מינוט איז פאַרבּיי, האָט ער אַריינגעלעגט דעם זייגער צוריק אין קעשענע, האָט אַ האַפּ געטהון קאַבּיוק'ן, וועלכער האָט זיך מיט אַ קלאָגענדען בּרום צוגעדריקט צו זיינע קניה, פאַר די האָהר און האָט איהם צוגעשטעלט דעם פּיסטאַלעט צום אויער.

פיעל פון די דערבּייששטעהענדע, וואָס האָבּען זיך אָהן דעם מינדסטען שרעק אַריינגעוואָרפען אין אַזאַ ריזיקאַלישע אונטערנעהמונג, ווי די רעוואָלוציע, האָבּען אָבּגעווענדט זייערע קעפּ פון דער שרעקליכער סצענע. עס האָט זיך געלאָזט הערען אַ שאָס, און קאַבּיוק איז געפאַלען צו דער ערד. אַנזשאָלראַס האָט זיך אויסגעגלייכט און האָט אַלעמען בּעקוקט מיט אַ שטרענגען, איבּערציינגטען בּליק. דערנאָך האָט ער אַ שטויס געטהון מיט'ן פוס דעם גוף און האָט געזאָגט:

— וואַרפט עס אַרויס!

דריי אַרבּייטער האָבּען אויפגעהויבּען דעם קערפּער, וואָס האָט נאָך געצוקט אין דער גסיסה, און האָבּען איהם אַריבּערגעוואָרפען איבּער די קליינע בּאַריקאַדע אויף די גאַס מאָנדעטור.

אַנזשאָלראַס איז געשטאַנען אונבּעוועגליך, ווי אַ מאַרמאָר-סטאַטוע, אויפ'ן אָרט, וואו ער האָט נאָר-וואָס בּלוט פערגאָסען.

ער איז געווען פערזונקען אין געדאַנקען. זיין רוהיגע לויטערקייט האָט זיך ווי פערצויגען מיט אַ פינסטערן שלייער.

שפּעטער האָט מען בּיים געטויטען קאַבּיוק'ן געפונען אַ קאַרטע פון אַ פּאָליציי-אַגענט. אין דער פּאָליציי גופא האָט עקזיסטירט אַ לעגענדע, אַז דער דאָזיגער אַגענט איז צו גלייכער צייט געווען איינער פון די בּעריהמטעסטע פערבּרעכער, וואָס איז געווען בּעוואוסט אין דער פּאַריזער אונטערוועלט אונטער'ן נאָמען קלאַקסו.

נאָך איידער די גרויסע רעוואָלוציאָנערען האָט זיך בּערוהיגט נאָך דער טראַגישער געשיכטע, האָט קורפּעיראַק שוין ווידער בּעמערקט דעם אונבּעקאַנטען, וואָס האָט איהם אין דער-פריה געפרעגט אויף מאַריוס'ן. צו נאַכט-צו האָט זיך דער מוטהיגער יונגער-מאַן אומגעקעהרט צו דער בּאַריקאַדע.



## 20 צו דער באַריקאַדע!

פֿאַר מאַריוסן איז די שטים, וואָס האָט אים גערופֿן אין דער פֿינסטער צו דער באַריקאַדע אויף דער גאַס שאַנוורערי, געווען די שטים פֿונים שיקזאַל זעלבסט. ער האָט געוואָלט שטאַרבן, און דאָ האָט ער געקראָגן די בעסטע געלעגנהייט דערצו. ער איז אַרויס פֿון קאָזעטעס גאָרטן און זיך געלאָזן גיין.

זשאַווערס פּיסטאָלעטן, וועלכע ער האָט מיטגענומען מיט זיך, אַרויסגעהענדיק אין דער פֿריה פֿון הויז, וועלן אים איצט צו-ניץ קומען. ער האָט דורכגעשניטן דעם בולוואַר, די אינוואַלידן-בריק, די עליזעען-פֿעלדער און דורכן פּלאַץ פֿון לואי דעם פֿופֿצעהנטן האָט ער דערגרייכט די גאַס ריוואָלי. דאָ זענען די קראָמען געווען אָפֿן, דער גאַז האָט געברענט, דער עולם האָט געקויפֿט און פֿערקויפֿט; אין די קאַפֿע-הייזער האָט מען געטרונקען קאַווע, אין די קאָנדיטעריען — גענאַשט.

אויף דער גאַס סענט-אָנאָרע זענען שוין די מאַגאַזינען געווען האַלב-געשלאָסן, און די אייגענטימער זענען געשטאַנען אויף די טראָטואַרן און געשמועסט איינע מיט די צווייטע, פֿאַרבייגעהער האָבן געשוועבט אַהין און אַהער, און די הייזער זענען געווען באַלויכטן. אָבער וואָס מעהר מאַריוס האָט זיך דערווייטערט פֿונים פּאַלע-ראָיאַל, האָט זיך דאָס בילד פֿון די גאַסן געענדערט און אָנגענומען אַלץ טונקעלערע טענער: די פֿענסטער אין די הייזער אומבאַלויכטן, די קראָמען געשלאָסן פֿעסט, דער עולם אָבער איז געוואַקסן און געוואַקסן, און אין מאַנכע פּלעצער איז שוין שווער געווען זיך דורכצושטופּן, גערעדט האָט מען ניט, נאָר עפּיס אַ מאָדנע, פֿערהילכט גערויש האָט זיך ווי אַרומגעטראָגן צווישן די געדיכטע מאַסן מענשן. קיילעכדיגע היט און שוואַרצע רעק האָט מען שוין דאָ כמעט ניט געזעהן: דאָ האָבן געהערשט אַרבייטער-בלוזן, געוועהנליכע היטלען און גאָלע, צעשויבערטע קעפּ.

אַ ביסעל ווייטער איז דער עולם אינגאַנצן פֿערשוואונדן: דאָ האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די מלוכה פֿונים מיליטער. מאַריוס האָט זיך ווי-נעם-אין דורכגעשטופּט דורך די מאַסע, האָט אויסגעמיטן די פּאַטרולען מיט זייטיגע געסלעך און איז ענדליך אַריינגעדרונגען אין עפּיס אַ געסיל, וואו ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף די סימנים פֿון אַ באַריקאַדע, וועלכע מ'האָט אויפֿגעוואָרפֿן אין מיטן בויען. ער איז פֿאַרביי די באַריקאַדע און איז אַוועק ווייטער.

דער קוואַרטאַל, וועלכן די רעוואָלוציאָנערן האָבן פֿערנומען, האָט אויסגעזעהן ווי אַ הייהל, וואָס פֿיהרט צום קבר, צו דער אונטער-וועלט. אומעטום טויט, שטיל, פֿינסטער — אַ שרעקליכע פֿינסטערניש, פֿיל מיט געהיימע געפֿאַהרען, וואוהין עס איז אַ מורא אַריינצודרינגען און אַ פּחד צו בלייבן. אין דער פֿינסטערניש האָט מען געשפּירט, אַז דאָס איז — אַ סוף, אַז ס'איז נישטאָ קיין האָפֿנונג אויף קיין אַנדער ליכט, אויסער דער בליץ-שיין פֿון ביקסען-שאָס, — אַז אידר קאָנסט דאָ קיינעם נישט באַגעגענען, אויסער טויט. דער צוזאַמענשטויס איז געווען אַזוי אומפֿערמיידליך, אַז די מוטהיגסטע האָט אָנגענומען אַנגאַימה, און די גרעסטע פּחדנים זענען געוואָרען ביי זיך שטאַרק. מאָרגען האָט מען געמוזט וועריגען, אַהער אָדער אַהין. דער דאָזיגער מוז איז געהאַנגען אין דער לופֿט און האָט זי געשפּאַנט, ווי אַ פֿול-געלאָדענעם האַרמאַט.

און נאָר איין-איינציגער קלאַנג האָט געגרייכט אַהער, אָבער דאָס איז געווען אַ נידעריגער, פֿערשטיקטער קלאַנג, ווי אַ קללה פֿון אונטער דער ערד: דאָס האָט די גלאָק פֿון דער קירכען-מערי געגעבען צו וויסען, אַז אַנאַימגליך הענגט איבער פּאַריז, און האָט פֿערצווייפֿעלט גערופֿען צו-הילף...

ענדליך איז מאַריוס אַריינגעקומען אין די גאַס מאָנטעדור און האָט פֿון ווייטן דערזעהן די קליינע באַריקאַדע און אין אַ זייט — די גרעסערע, איבער וועלכער עס האָט געפֿלאַטערט די רויטע פֿאָהן, באַלויכטן פֿונים רויכערנדען פֿאַקעל צווישען די שטיינער. די רעוואָלוציאָנערן

האָבען געשמועסט צווישען זיך אין דער שטיל, און הויך איבער זייערע קעפּ, ביי אַ פענסטער פון דריטען שטאָק פון אַ הויז, האָט אַרויסגעקוקט אַ קאָפּ שוין אַ ביסעל צו-אויפמערקזאַם, לויט מאַריוסעס מיינונג. דאָס איז געווען דער הויז-וועכטער, וועמען קאַביזיק האָט דערשאָסען. אַ לאַנגער שטראָם בלוט האָט זיך אַראָבגעלאָזען פון'ם דאַזיגען קאָפּ, איז זיך פונאַנדערגעגלאָסען אין רויטע שנירלעך און האָט דערגרייכט דעם ערשטען שטאָק, וואו ער איז געבליבען פערגליווערט, און דער קאָפּ האָט אַלץ געקוקט און געקוקט.

מאַריוס האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין און גענומען טראַכטען וועגען זיין פערשטאָרבענעם פאָטער. איין טראָפּ איז געבליבען צווישען איהם און דעם אַבגרונד.

---

## 21 דער ערשטער אַקט.

ערגיץ נישט ווייט האָט איינער פון די שטאָדט-זייגערס געשלאָגען צעהן. אַנזשאָלראַס און קאָמבפער, מיט די ביקסען אין די הענד, זענען שווייגענדיג געזעסען נעבען דער גרויסער באַריקאַדע און האָבען זיך צוגעהערט צום ווייטען גערויש פון פּאַריז. פּלוצים האָט אין דער אומגעטיילטער שטילקייט אַ קלינג געטהון אַ יונגע, פרישע, פרעהליכע שטים, וואָס האָט זיך געהערט אַזוי ווי פון דער גאַס סען-דעני און האָט געזונגען עפּיס פערזען אויפ'ן מאָטיוו פון'ם אַלטען פאָלקס-ליעד „ביי דער שיין פון דער לבנה״.

אַנזשאָלראַס און קאָמבפער האָבען געדריקט איינער דעם צווייטען די האַנד.

— דאָס איז גאַווראָש, — האָט דער ערשטער שטיל געזאָגט.

— יאָ, ער וואָרענט אונז, — האָט דער צווייטער צוגעגעבען.

שנעלע טריט האָבען איבערגעריסען די שטילקייט פון דער וויסטער גאַס. באַלד דערנאָך האָט זיך באַוויזען אַ קליינע פיגור, וואָס האָט געשווינדער און געשיקטער פון'ם בעסטען קלאָון אַריבערגעקלעטערט דעם אָמניבוס. דאָס איז זיכער געווען גאַווראָש. אַז ער האָט זיך געפונען אויף דער אייבערשטער זייט פון דער באַריקאַדע, האָט ער אויסגעשריען:

— גיט מיר אַ ביקס! מ'געהט!

אַלע האָבען זיך אַ צאַפּעל געטהון און זיך אַ כאַפּ געטהון צום געוועהר.

— ווילסט מיין קאַראַבין? — האָט אַנזשאָלראַס געפרעגט. — ער איז לייכטער.

— איך וויל אַ גרויסע ביקס, — האָט גאַווראָש געענטפערט און האָט גענומען זשאַווערס ביקס.

כמעט אין דערזעלבער צייט זענען ערשינען די וואַכליַיט פון צוויי גאַסען. אַ דריטער וואַכמאַן, פון דער גאַס פרושער, איז נישט געקומען: פון יענער זייט, הייסט עס, איז פאָרלויפיג נישט געווען פאַר וואָס מורא צו האָבען.

אַלע דריי און פערציג רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך אַוועקגעשטעלט אויף זייערע ערטער, גרייט צו דער שלאַכט. זעקס פון זיי, אונטער פעיליס קאָמאַנדע, האָבען בעזעצט די פענסטער פון'ם שענק, מיט די ביקסען אין די הענד.

אין עטליכע מינוט אַרום האָט זיך געלאָזען הערען פון דער ווייטען אַ גערויש פון פיעל, שווערע, געמאָסטענע טריט. דאָס דאַזיגע גערויש, וואָס איז תחילת געווען שוואַך, האָט זיך געשטאַרקט, געענדערט, לאַנגזאַם, רוהיג און שטרענג-רעגולער. אויסער די דאַזיגע פעסטע טריט האָט מען קיין זאַך נישט געהערט. עס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ גאַנצער לעגיאָן מאַרמאָר-סטאַטועס וואָלט געגאַנגען אַדורך. ענדליך זענען די טריט שטיל געוואָרען ביים בריעג פון דער גאַס. עס האָט זיך געהערט דער מעכטיגער אָטעם פון אַ גאַנצער מחנה, נאָר געזעהן האָט מען די מחנה נישט, און בלויז עפּיס אַזעלכע דינגע מעטאַלענע נאָדלען האָבען דורכגעשטאָכען די פינסטערניש פון דער נאַכט: דאָס זענען געווען ביקסען און שפּיזען, צו וועלכע עס האָט קוים דערגרייכט די שיין פון'ם פאַקעל אויף דער באַריקאַדע.

אויף אַ קורצע צייט איז געוואָרען שטיל. ביידע צדדים האָבען געוואַרט אויף עפּיס. פּלוצים האָט פון דער טיעפער פינסטערניש אַרויסגעקלונגען אַ שטים, חיה און שטרענג:

— ווער איז דאָרט?

און דערצו אַ געקלאַנג פון ביקסען, וועלכע מ'מאַכט פאַרטיג צום שיסען.

— די פראַנצויזישע רעוואָלוציע! — האָט אַנזשאָלראַס געענטפערט הויך און אויפגעהעכט.

— פייער! — האָט די ערשטע שטים בעפוילען.

אַ פייער־בליץ האָט אויגענבליקליך בעשיינט די פאַסאַדען פון די הייזער; פונקט ווי עס וואָלט זיך אַנגעעפענט געטהון און באַלד ווידער פערהאַקט אַ טהיר פון אַ גליהענדען קאַלך־אויווען. אַ שרעקליכער הילך האָט זיך אַריבערגעקייקעלט איבער דער באַריקאַדע. די רויטע פאָהן איז אַראָבגעפאַלען. די קוילען זענען אָבגעשפרונגען פון די ווענד פון די הייזער, זענען פערפלויגען אין די באַריקאַדע און האָבען פערוואונדעט עטליכע מענשען.

די ווירקונג פון דעם האָגען שאָס איז געוועזען שרעקליך. די אַטאַקע איז געווען אַזוי שאַרף, אַז אפילו די מוטהיגסטע זענען געוואָרען זעהר ערנסט. קענטיג, דאָרט אין דער פינסטער איז געשטאַנען אַ גאַנצער פאָלק.

— חברים! — האָט קורפעיראַק אויסגעשריען. — איילט זיך נישט צו שיסען אומזיסט. מיר וועלען דעם פולווער נאָך האָבען נויטיגער איידער איצט.

— און די ערשטע זאַך דאַרף מען ווידער אויפשטעלען די פאָהן, — האָט אַנזשאָלראַס געזאָגט.

ער האָט זיך אָנגעבויגען און אויפגעהויבען די פאָהן, וועלכע איז געפאַלען נעבען זיינע פיס.

אויפ'ן צווייטען עק גאַס האָט מען געקלאַפט מיט די ביקסען: די סאָלדאַטען האָבען ווידער אָנגעלאָדען.

— חברים! — האָט אַנזשאָלראַס ווידער אויסגערופען. — ווער פון אייך וועט זיך אונטערנעהמען אַוועקצושטעלען אונזער פאָהן אויפ'ן פריהערדיגען אָרט.

קיינער האָט נישט געענטפערט. אַרויפ־קלעטערן אויף די שאַרף פון דער באַריקאַדע אין דער מינוט, ווען אַהין האָט געציעלט פיליכט אַ גאַנצער פאָלק, האָט געהייסען געהן אויף אַ זיכערען טויט. אפילו אַנזשאָלראַס אַליין האָט אַ ציטער געטהון.

ער האָט ווידערהאָלט זיין פראַגע, און אויך איצט האָט זיך קיינער נישט אָבגערופען. פלוצים האָט זיך בעוויזען אין דער טהיר פון שיינק אַ גרייז־גראָהער מאַן.

דאָס איז געווען מאַבעף. די גאַנצע צייט איז ער געזעסען אין שיינק מיט אַנאַראָבגעלאָזטען קאָפּ, כמעט אין אַ בעוואוסטלאָזען צושטאַנד. דער ערשטער שרעקליכער שאָס האָט אידם געבראַכט צו זיינע געדאַנקען. ער איז אויפגעשפרונגען פון אָרט און איז אַרויס פון שיינק. נישט זאָגענדיג קיין וואָרט, איז ער צוגעגאַנגען צו אַנזשאָלראַסן, האָט אַרויסגעריסען די פאָהן פון יענעמס האַנד און מיט לאַנגזאַמע פעסטע טריט האָט ער גענומען קלעטערן אַרויף אויף די באַריקאַדע.

## 22. אין דער רעכטער צייט.

אַלע זענען געשטאַנען ווי פערגליווערטע: קיינער האָט נישט געשטערט, קיינער האָט נישט געהאָלפען דעם אַכציג־יעהריגען זקן, וועלכער איז אַרויף אויף די באַריקאַדע און האָט זיך אויסגעשטעלט געגען אַ גאַנצען טויזענד ביקסען, געגען דעם טויט אַליין, ווי ער וואָלט זיין שטאַרקער פון אידם. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ ריעזיגע, איבערנאַטירליכע פיגור האָט זיך דערהויבען איבער דער באַריקאַדע. טרייסלענדיג די פאָהן הויך איבער זיין קאָפּ, האָט דער אַלטער אויסגעשריען:

— עס לעבע די רעפובליק און... דער טויט!

אין עק גאַס האָט זיך געהערט עפּעס אַן איינגעהאַלטענע געריידעריי, דערנאָך האָט די פריהערדיגע שטים אויסגערופען:

— געדט וואַך!

... דער אַלטער האָט אַ פּינקעל געטהון מיט פײַעריגע אויגען און האָט נאָכאַמאָל אויסגעשריען:

— עס לעבע די רעפּובליק!

— פײַער! — האָט די שטים קאָמאַנדירט.

אַ צווייטער שאָס ווי אַ האָגעל האָט פערשטיסען די באַריקאַדע מיט טויזענד בײַטשען.

דער אַלטער איז געפאַלען אויף די קניה, דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבען, האָט אַרויסגעלאָזען די פאָהן און איז אַראָבגעפאַלען אויפ'ן ברוק, וואו ער איז געבליבען ליעגען, ווי אַ שטיין, מיט די הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט. פון אונטער איהם האָבען באַלד אַ פליס געטהון גאַנצע שטראָמען בלוט. דאָס אַלטליכע, בלאַסע און טרויעריגע געזיכט האָט געקוקט אַרויף, צום הימעל. די רעוואָלוציאָנערען האָט אַרומגענומען יענע שטאַרקע אויפרעגונג, בײַ וועלכער אַ מענש פערגעסט אָן די גרעסטע געפאַהר, און מיט אַ הײַליגען שוידער אין זייערע גליעדער האָבען זיי זיך אַלאָ געטהון צום טויטען קערפּער.

— וואָסערע מענשען צווישען די רעוואָלוציאָנערען זענען פאַראַן! — האָט אַנזשאָלראַס ערשטוינט אויסגערופען.

קורפעיראַק האָט זיך צוגעבויגען צו זיין אויער:

— כ'וועל דיר זאָגען אַ סוד: דער אַלטער איז גאָר קיין רעוואָלוציאָנער נישט געוועזען. איך האָב איהם געקענט. איך פערשטעה נישט, וואָס מיט איהם איז היינט געשעהן. יעדענפאַלס האָט ער זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ מוטהיגען מענשען. זעה, וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט!

אַנזשאָלראַס האָט זיך אָנגעבויגען, האָט אויפגעהויבען דעם טויטען, גרויען קאָפּ און איהם אַ קוש געטהון אין שטערן.

פון ביקסען האָט מען געמאַכט אַ „מטה“, אַרויפגעלעגט אויף איהר מאַבעף'ס קערפּער, איהם צוגעדעקט מיט אַ שאַל און איהם איבערגעטראָגען אין שיינק אַריין, און דער גאַנצער עולם איז נאָכגעגאַנגען אָהן הוטלען. אַלע האָבען פערגעסען אָן די געפאַהר, וואָס איז איבער זיי געהאַנגען.

ווען מ'האָט פאַרבײַגעטראָגען דעם גוף נײַ-בען זשאַווער'ן, וועלכער האָט רוהיג געוואַרטעט וואָס מיט איהם וועט זיין, האָט איהם אַנזשאָלראַס געזאָגט:

— איצט האַלט עס בײַ דיר.

אין דערזעלבער צייט האָט גאַווראָש בעמערקט עפּיס טונקעלע פיגורען, וואָס האָבען זיך בגנבה גערוקט איבער דער גאַס צו דער באַריקאַדע, און האָט הויך אויסגערופען:

— גיט אַכט!...

אַלע זענען אַרויסגעלאָפען פון שיינק. און עס איז געווען די רעכטע צייט: איבער דער באַריקאַדע האָט שוין געפינקעלט אַ געדיכטער וואַלד פון שפּיזען. די הויכגעוויקסיגע סאָלדאַטען פון דער מוניציפּאַל-גוואַרדיע האָבען געקלעטערט איבער דער באַריקאַדע, איבער'ן אָמניבוס, דורך די לעכער, וואו מ'האָט נור געקאָנט דורכקריכען, און האָבען זיך גערוקט אויפ'ן קליינעם גאַווראָש, דעם איינציגען פון די פערטיידיגער, וואָס האָט די באַריקאַדע נישט פערלאָזען די גאַנצע צייט. גאַווראָש איז ביסלעכווייז אָבגעטרעטען אַהינטער, אָבער נישט אַנטלאָפען.

דאָס איז געווען אַ קריטישע מינוט. דאָס האָט אויסגעזעהן ווי דער ערשטער אָנהאַנג פון אַ פערפלייצונג, ווען דער שטראָם שטייגט העכער פון דער דאַמבע און דאָס וואַסער הויבט אָן צו שמייסען אַריבער. נאָך איין אויגענבליק — און די באַריקאַדע וועט גענומען ווערען.

באַזאָרעל האָט זיך אַ וואָרף געטהון צום ערשטען סאָלדאַט, וואָס איז אַריין דורך די באַריקאַדע, און האָט איהם דערשאָסען, און היכף איז ער אַליין דערהרג'עט געוואָרען דורך דעם שפּיז פונ'ם צווייטען סאָלדאַט. דער דריטער האָט אַ שלײַדער געטהון צו דער ערד קורפעיראַק'ן, וועלכער האָט אויסגעשריען: „צו מיר!“ דער פערטער, אַ הויכער, אַ גרויסער, אַנ'עכטער ריעז, איז געגאַנגען גלייך אויף גאַווראָש'ן מיט'ן שפּיז אין דער האַנד. דאָס יונגעל האָט גענומען זשאַווער'ס שווערע ביקס אין זיינע שוואַכע הענד, האָט געציעלט אין דעם גיגאַנט און אַ דריק גע-

טהון דאָס צינגעל, נאָר די ביקס האָט נישט אויסגעשאָסען: זי איז, קענטיג, גאָרנישט געווען געלאָדען. דער סאָלדאַט האָט זיך צולאַכט און האָט אויפגעהויבען דעם שפּיז איבער גאַוראָש'ן.

נאָר איידער דער שפּיץ פון שפּיז האָט בערירט דאָס קינד, איז דאָס געוועהר אַרויסגעפאַלען פון סאָלדאַטס האַנד, און ער אַליין האָט זיך אַוואַלגער געטהון צו דער ערד מיט אַ קויל אין שטערן. די צווייטע קויל האָט געלעכערט די ברוסט פון יענעם סאָלדאַט, וואָס האָט אַוועקגעלעגט קורפעיראַק'ן, און אויך דער איז געפאַלען אַ טויטער.

די ביידע קוילען זענען אַרויס פון מאַריוס'עס פּיסטאָלעטען. דער יונגער־מאַן איז נאָר וואָס אַרויסגעשפּרונגען אויף די באַריקאַדע.

## 23. דאָס פּעמעל פּולווער.

שטעהענדיג אין דעם פינסטערן געסעל מאָנדעטור, האָט מאַריוס צוגעקוקט די ערשטע אַטאַקע און אין דער קריטישעסטער מינוט איז ער געקומען זיינע חברים צו־הילף און מיט זשאַווער'ס פּיסטאָלעטען האָט ער געראַטעוועט פון טויט גאַוראָש'ן און קורפעיראַק'ן.

די שיסערייען און די געשרייען פון די פערוואונדעטע סאָלדאַטען האָבען געצוואונגען זייערע חברים צו אַטאַקירען די באַריקאַדע ענערגישער און שטורמישער, און באַלד האָט זיך אַ וואָרף געטהון אויף איהר אַ גאַנצע מאַסע מוניציפּאַל־און נאַציאָנאַל־גוואַרדיע און אינפאַנטעריע מיט ביקסען אין די הענד. זיי האָבען שוין פערנומען צוויי דריטעל פון דער באַריקאַדע, נאָר אַריינדרינגען אינעווייניג האָבען זיי נאָך מורא געהאַט און האָבען מיט חשד פערקוקט אַראָב, ווי אין אַ פינסטערע לייבען־גרוב. דער פאַקעל האָט באַלויכטען זייערע שפּיזען, די האָריגע היטלען און צורייצטע פּנימ'ער.

מאַריוס האָט אַוועקגעוואָרפען די אויסגעלאָדענע פּיסטאָלעטען, האָט געשיקט אַ שנעלען בליק אַרום און דערזעהן נעבען דער טהיר פון שיינק אַ פעקעל מיט פּולווער. וועהרענד ער האָט געקוקט אויף דאָס פעסעל, האָט איינער פון די סאָלדאַטען געצילעט אויף איהם און זוימגעשאָסען, נאָר אין דערזעלבער סעקונדע האָט זיך עפּיס אַ האַנד אַוועקגעלעגט אויף דאָס מויל פון דער ביקס. די האַנד האָט געהערט צום יונגען אַרבייטער, וואָס האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף מאַריוס'ן. גלייך נאָכ'ן שאָס איז דער יונגער־מאַן געפאַלען.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי מאָמענטאַל, אַז קיינער האָט עס נישט געזעהן, און אַפילו מאַריוס אַליין, וועלכער איז אַריין אין זאַל פון שיינק, האָט עס אויך קוים בעמערקט. אמת, ער האָט געזעהן די ביקס, געריכטעט אויף איהם, די האַנד, וואָס האָט זי פערשטעלט, און געהערט דעם שאָס, — אָבער אין אַזעלכע מינוטען גיט מען זיך נישט אָב קיין חשבון פון דעם, וואָס עס קומט פאָר פאַר די אויגען.

די רעוואָלוציאָנערען זענען דערווייל געקומען צו זיך און האָבען זיך שנעל געשטעלט אין אַ פערטיידיגונגס־פּאָזיציע. אַנזשאָלראַס האָט אויסגעשריען: „האַלט זיך אויף! שיסט נישט בחנם אין די וועלט אַריין!" און וואַרקליך: אין טומעל וואָלט מען געקאָנט טרעפען אין די אייגענע חברים. דער גרעסטער טייל פון די באַריקאַדיסטען האָט פערנומען די פענסטער פון ביידע שטאָק פון שיינק, פון וואַנען זיי האָבען געהערשט איבער די אַטאַקירענדע, וועהרענד די אונערשראָקענסטע צווישען זיי — קורפעיראַק, זשאַן פּרוּבער און קאָמבפער — האָבען זיך צוגעשפּאַרט צו די וואַנד פון די הייזער אין דער טיפעניש פון דער גאַס, שטעהענדיג אינגאַנצען אָבגעדעקט געגען די ביקסען פון די סאָלדאַטען, וואָס האָבען באַזעצט די באַריקאַדע.

די סאָלדאַטען האָבען געמאַכט זייערע הכנות נישט געאיילט, מיט יענער רוהיגער און שרעקענדער לאַנגזאַמקייט, וואָס קומט פאַר אַנ'ערנסטער אַטאַקע. ביידע צדדים זענען געווען אַזוי נאָהנט איינער פון צווייטען, אַז זיי האָבען לייכט געקאָנט פיהרען אַ שמועס צווישען זיך.

ענדליך האָט דער אָפיציר אויסגעשטרעקט זיין שווערד און האָט אויסגעשריען:

— נידער די וואָפֿען!

— פֿייער! — האָט אַנזשאָלראַס געפֿוילען.

דערזעלבער בעפֿעהל איז געקומען פֿון אָפּיצירס זײַט, און אַ פֿיעל-פֿאַכער קנאַל האָט זיך געלאָזט הערען פֿון ביידע צדדים. אַ געדיכטער רויך האָט פֿערצויגען די באַריקאַדע, און דורך איהם האָבען זיך געשניטען די קרעכצען פֿון די פֿערוואונדעטע און שטאַרבענדע.

אַז דער רויך איז צעשוואומען, האָט מען ווידער גענומען לאָדען די ביקסען. פּלוצים האָט אַ הינער געטהון אַ הויכע שטים:

— אַוועק פֿון האַנען, וואָרום איך רייס אויף די באַריקאַדע!

אַלע האָבען אומגעקעהרט די קעפּ. דאָס איז געווען מאַריוס. ער האָט געבראַכט פֿון שײַנק דאָס פֿעסעל פּולווער, האָט מאָמענטאַל אַרויסגעכאַפּט דעם פֿאַקעל פֿון די שטיינער און צוגעטראָגען איהם נאָהנט צום פֿעסעל פּולווער.

די סאָלדאַטען זענען געבליבען אַ ווײַלע פֿערבליפֿט. דערנאָך האָט איינער פֿון זיי אויסגעשריען:

— וועסט אויפֿרייסען די באַריקאַדע? וועסט אָבער אַליין אויך אַרויספֿליהען אין די לופֿט!

— איך ווייס עס, — האָט מאַריוס רוהיג געזאָגט. נאַ, זעה.

ער האָט צוגעטראָגען דעם ברענענדען פֿאַקעל נאָך נעהנטער צום פּולווער.

אין אַ מינוט אַרום איז שוין אויף דער באַריקאַדע קיינער נישט געווען: די אַטאַקירענדע האָבען אַ פֿלײַץ געטהון צוריק אויס'ן וועג פֿון גאַס, איבערלאָזענדיג די טויטע און פֿערוואונדעטע.

## 24 פּרובער'ס לעצטער פּערז.

אַלע האָבען אַרומגערינגעלט מאַריוס'ן. קורפֿעיראַק איז איהם געפֿאַלען אויפֿ'ן האַלז.

— ביזט דו גאָר דאָ! — האָט ער אויסגעשריען.

— ביזט געקומען פּונקט צו דער צייט! האָט לעגל בעמערקט.

— אָהן דיר וואָלט איך שוין איצט געווען אַ טויטער! — האָט קורפֿעיראַק ווייטער גערעדט.

— ווען נישט איהר, וואָלט מען מיך אויך צוגעהרגעט! — האָט גאַווראָש געהילכט.

— ווער איז דאָ אָנפֿיהרער? — האָט מאַריוס געפֿרעגט.

— איצטער דו, — האָט אַנזשאָלראַס געענטפֿערט.

דעם גאַנצען טאָג האָט מאַריוס ווי געברענט אין פֿייער, און איצט האָט זיך עפּיס אַ שטורם אין זײַן מוח אויפֿגעהויבען. דער שטורם, וואָס איז פֿאָרגעקומען אינווייניג אין איהם, האָט אויף איהם געמאַכט אַזאַ אײַנדרוק, ווי ער וואָלט געקומען ערגיץ פֿון דרויסען און מיטגעשלעפּט איהם, מאַריוס'ן, מיט זיך ערגיץ אין די וועלט אַרײַן. די צוויי גליקליכע חדשים נעבען קאָזעטען, איהר פֿערשווינדען, די באַריקאַדע, מאַבעפֿ'ס טויט אין נאָמען פֿון אַ רעפּובליק און זײַן אייגענע ראָליע אַלס אָנפֿיהרער פֿון די רעוואָלוציאָנערען, — דאָס אַלץ האָט איהם אויסגעוויזען ווי אַ ווילדער חלום.

אין דעם טומעל האָט מאַריוס נישט דערקענט זשאַווער'ן. דער פּאָליציי-אַגענט, צוגעבונדען צו דער זייל, איז געשטאַנען די גאַנצע צייט, נישט רירענדיג אפילו מיט'ן קאָפּ, און האָט צוגעקוקט וואָס דאָ קומט פֿאָר מיט דער אונטערגעבענהייט פֿון אַ מאַרטירער און מאַיעסטעטישער רוהיגקייט פֿון אַ העכערן שופֿט.

די אַטאַקירענדע האָבען דערווייל נישט גע-

מאַכט מען קיין פּראָבען צו נעהמען די באַריקאַדע. מ'האָט געהערט, ווי זיי האָבען זיך גערודערט אויבען ווען פון גאַס, נאָר צו דער באַריקאַדע האָבען זיי זיך ניט דערנעהנטערט: מסתמא האָבען זיי געוואַרט אויף אַ נייעם בעפעהל אָדער אויף נאָך סאָלדאַטען, וואָס זאָלען זיי העלפען נעהמען די מעכטיגע באַריקאַדע.

די רעוואָלוציאָנערען האָבען אויך געשטעלט עטליכע מענשען אויף די וואַך-פּונקטען און האָבען זיך גענומען באַנדאַזשירען די פערוואונדעטע, וועלכע מ'האָט אַוועקגעלעגט אויף די מאַטראַצען פון דער אַלמנה הישלו, וועלכע האָט זיך צוזאַמען מיט איהרע דיענסטען בעהאַלטען אין קעלער.

די שמחה צוליעב דעם, וואָס די באַריקאַדע האָט פּאָרלויפיג אַזוי גלענצענד אָפּגעשטיסען דעם אָנפאַל פון דעם מיליטער, איז אין גיכען געשטערט געוואָרען: עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס איז פערשוואונדען געוואָרען איינער פון די חברים, און דערצו נאָך דער מוטהיגסטער און בעליעבטעסטער — זשאַן פּרובער. מ'האָט איהם געזוכט צווישען די פערוואונדעטע — ניטאָ; צווישען די טויטע האָט מען איהם אויך ניט געפונען. באַלד אַלעמען איז קלאָר געוואָרען, אַז ער איז אַריינגעפאַלען צו די סאָלדאַטען אין די הענד.

— ער איז געוויס ביי זיי, — האָט קאָמבפער געזאָגט צו אַנזשאָלראַסין, — און זייערער איז ביי אונז. האָסט דו ניטיג דעם שפּיאָנס טויט?

— יאָ, אָבער ניט אַזוי שטאַרק, ווי פּרובערס לעבען.

— אויב אַזוי, — האָט קאָמבפער געענטפערט, — וועל איך אָנבינדען אַ ווייס טיכעל אויף אַ שטעקען און וועל געהן אַלס פּאַרלאַמענטער זיי פאָרצולעגען זיך איבערצוטוישען מיט די געפאַנגענע.

— וואַרט נור! וואָס איז דאָרט געשעהן?— האָט אַנזשאָלראַס געזאָגט, אַוועקלעגענדיג זיין האַנד אויף קאָמבפערס אַקסעל.

פון עק גאַס האָט דערגרייכט אַהער אַ קלאַפּעריי פון ביקסען און זשאַן פּרובערס פעסטע שטים:

— עס לעבע פראַנקרייך! עס לעבע די צוקונפט!

דערנאָך האָט עס אַ בליץ געטהון און אַ שאָס האָט אַ חנער געטהון אין דער פינסטער. עס איז ווידער שטיל געוואָרען.

— זיי האָבען איהם דערהרג'עט!— האָט קאָמבפער אויסגעשריען.

אַנזשאָלראַס האָט אַ קוק געטהון אויף זשאַווערי און האָט געזאָגט:

— דיינע פריינד אַליין האָבען דיך דערשאָסען.

---

## 25. פּאָנינאַ.

אַלע האָבען אַכטונג געגעבען בלויז אויף די גרויסע באַריקאַדע, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ גרעסערער געפאַהר, נאָר איין מאַריוס האָט זיך דערמאָהנט אָן די קליינע באַריקאַדע ביי דער גאַס מאָנטעהיר און איז אַוועק אַהין זי בעטראַכטען. אַז ער האָט שוין געוואָלט אַוועקגעהן צוריק, האָט ער דערהערט אין דער פינסטער אַ שטילע שטים:

— הערר מאַריוס!

ער האָט אַ ציטער געטהון: ער האָט דערקענט דיזעלביגע שטים, וואָס האָט איהם מיט צוויי שטונדען צוריק גערופען דורך די גראַטעס פון

קאָמעטעס גאָרטען צו דער באַריקאַדע. איצט אָבער איז די שטים געווען שוואַך, ווי דער בלאָז פון אַ שטיל ווינטעל, און נישט זעהענדיג קיינעם, האָט ער בעשלאָסען, אַז עס האָט זיך אויסגעדוכט. אַז ער האָט זיך אָבער געלאָזען אַוועקגעהן, האָט ער ווידער דערהערט די שטים:

— העדר מאַריוס! טהוט אַ קוק אַראָב.

ער האָט געוואָרפען אַ בליק אַראָב און האָט דערזעהן עפּיס אַ פיגור, וועלכע איז צו איהם געקראָכען איבער דער ערד. דאָס איז געווען דער יונגער-מאַן אין דער אַרבייטער-בלוזע און אין די פליושענע הויזען. נעבען איהם האָט מאַריוס בעמערקט עפּיס גלאַנצען אין דער פינסטער: דאָס איז געווען אַ שטעהענדיג טייכעל פון בלוט.

— איהר דערקענט מיך נישט?—האָט דער יונגער-מאַן געפרעגט.

— ניין.

— איך בין עפּאָנינאַ.

מאַריוס האָט זיך שנעל אָנגעבויגען צו דער פיגור.

— ווי קומט איהר אַהער? וואָס טהוט איהר דאָ?!

— איך שטאַרב, — האָט זי שוואַך געענטפערט.

מאַריוס איז פּלוצים ווי אויפגעטרייסעלט געוואָרען.

— איהר זענט פערוואונדעט!—האָט ער אויסגעשריען. — איך וועל אייך איבערטראָגען אין שיינק. אַך, מיין גאָט! צו וואָס זענט איהר אַהער געקומען?

ער האָט זי אָנגענומען פאַר אַ האַנד. זי האָט אַ קרעכץ געטהון פון וועהטאָג.

— וואָס איז?—האָט ער געפרעגט.

זי האָט אויפגעהויבען די האַנד און איהם געוויזען: די האַנד איז געווען דורכגעשאָסען.

— ווי אַזוי איז דאָס געשעהן?—האָט מאַריוס געפרעגט.

— מ'האָט אויף אייך געצילט...

— יאָ, און עפּיס אַ האַנד האָט פערשטעלט די ביקס.

— אָט דאָס איז די האַנד.

מאַריוס האָט אויפגעציטערט פון קאָפּ ביז די פיס.

— משוגענע!—האָט ער אויסגעשריען.— ווי טהוט מען גאָר אַזאַ זאַך?.. נו, נאָך אַ דאַנק גאָט, וואָס נישט ערגער. איך נעהם אייך גלייך אין שיינק אַריין, וועט מען אייך איבערבינדען די וואונד.

זי האָט אַ שאָקעל געטהון מיטן קאָפּ.

— עס איז ניצלאָז, — האָט זי אַרויס-גערעדט. — די קויל האָט דורכגעלעכערט די האַנד און איז אַריין צו מיר אין די ברוסט. איך וועל שוין לאַנג נישט ציהען... איהר אַליין קאָנט מיר העלפען בעסער פונ'ם בעסטען דאָק-טאָר: זעצט אייך נעבען מיר.

מאַריוס האָט ערפילט איהר פערלאַנג. עפּאָנינאַ האָט אַוועקגעלעגט איהר קאָפּ אויף זיינע קניה און האָט אַרויסגעמורמעלט:

— גוט... איך לייד שוין נישט מעהר...

זי האָט געשוויגען אַ ביסעל און ווידער אָנגעהויבען:

— איהר ווייסט, העדר מאַריוס — מיך האָט זעהר פערדראָסען, ווען איך האָב זיך דער-וואוסט, אַז איהר קומט אָפט אַהין אין גאָר-טען... איאָ, איהר האַלט מיך פאַר אַ מאַוסיגע?..

זי האָט ווידער געשוויגען אַ ווייַלע און דער-נאָך געזאָגט:

— איהר ווייסט, אַז דאָ ערוואַרטעט אייך דער טויט? קיינער וועט פון דאַנען לעבעדיג נישט אַרויס. און איך אַליין האָב אייך אַהער געריפען, יאָ, איך!... און דאָך, אַז איך האָב דערזעהן די ביקס אָנגעשטעלט אויף אייך, האָב איך נישט געקאָנט... אַ מאָדנע זאַך! יאָ... געדענקט איהר דעם טאָג, ווען איך בין געווען ביי אייך אין צי-מער און געקוקט אין שפּיעגעל?... גוט געזעהן דעמאָלט. נישט געווען אַזוי קאַלט, ווי איצט... אַלע וועלען שטאַרבען היינט, אַלע! אָ, איך בין גליקליך!...

זי האָט גערעדט אין היץ, און דער שמערצ-ליכער אויסדרוק אויף איהר געזיכט האָט מאַ-ריוס געשניטען ביים האַרצען.

נישט ווייט פון דעם אָרט האָט זיך פּלוי-

צים געלאָזט הערען די שטים פון גאַוראָש'ן, וועלכער האָט געזונגען אַ פרעהליך ליעדעל, אָנלאָדענדיג זיין ביקס. פאַנינאַ האָט געעפענט די אויגען.

— דאָס איז ער, — האָט זי געזאָגט, — מיין ברודער.

— אייער ברודער? — האָט מאַריוס האַסטיג איבערגעפרעגט. — גאַוראָש איז אייער ברודער?...

— יאָ.

מאַריוס האָט מיט וועהטאָג אַ קלער געגעטהון, ווי ווייניג ער האָט געטהון פאַר די פאַמיליע פון טענאַרדיע'ן, וועלכער האָט געראַטעוועט זיין פאָטער פון טויט.

פאַנינאַ האָט זיך אַ ווייל'ע ווי געשלאָגען מיט דער דעה, דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— הערט, איך וויל אייך מעהר נישט נאַרען... איך האָב אַ בריעף פאַר אייך. מ'האָט מיר געהייסען איהם אָבטראָגען אויף פּאָסט, און איך האָב איהם געלאָזען ביי זיך. איך וויל נישט, איהר זאָלט אויף מיר בייז זיין אויף יענער וועלט, וואו מיר וועלען זיך אין גיכען טרעפען. נעהמט איהם אַרויס פון מיין קעשענע.

ער האָט געפאָלגט.

— און איצט... זאָגט מיר צו, אַז איהר וועט פערפילען מיין ביטע?...

— גוט, איך זאָג-צו, — האָט מאַריוס געענטפערט. — וואָס ווילט איהר?

— אַז איהר... וועט מיך אַ קוש טהון אין שטערן, ווען איך וועל שטאַרבען... טויטערהייד וועל איך עס אויך דערפיהלען.

זי האָט געשלאָסען די אויגען, האָט זיי ווידער געעפענט און געזאָגט:

— מיר דאַכט... הערר מאַריוס... איך האָב אייך אַ ביסעל ליעב געהאַט...

זי האָט אַ שמייכעל געטהון און מיט דאָזיגען שמייכעל אויף די ליפּען איז זי שטיל אויסגעגאַנגען.



## 26. גאַוראָש מאַכט אָרדנונג.

מאַריוס האָט געהאַלטען וואָרט: ער האָט אָבגעשטעמפּעלט אַ קוש אויפ'ן קאַלטען שטערן פון דעם פערשטאָרבענעם אומגליקליכען מיידעל.

דערנאָך האָט ער געעפענט קאָזעטע'ס בריעף. ער איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדע פאָר שורות: „טייערער מיינער! לייַדער פערלאַנגט מיין פאָטער, מיר זאָלען גלייך אַוועקפאָהרען. היינט אָווענד וועלען מיר זיין אין נומער זיעבען פון דער גאַס פון „בעוואָפענטען מענשען”, און אין אַ וואָך אַרום — שוין אין ענגלאַנד. קאָזעטע. 4-טען יוני”.

די געשיכטע פון'ם בריעף קאָנען מיר דערצעהלען אין עטליכע ווערטער.

דאָס אַלץ איז געווען פאַנינאַ'ס אַרבייט. זי האָט עס געוואָלט זשאַן וואַלזשאַנ'ען, אַז ער זאָל זיך אַרויסציהען פון דער גאַס פּלומע. געטהון האָט זי עס צוליעב צוויי טעמים: ערשטענס, כדי איהר פאָטער מיט זיינע חברים די באַנדיטען זאָלען נישט אָנפאַלען אַ צווייטען מאָל אויף מאַריוס'עס געליעבטע, און צווייטענס — כדי צו דערווייטערן מאַריוס'ן פון קאָזעטע'ן. איינער פון די מאָטיווען האָט, אַלזאָ, געשטאַמט פון איהר ליעבע, דער צווייטער — פון אייפערזוכט.

דערנאָך האָט זי זיך איבערגעטהון אין די קליידער פון אַ נ'אַרבייטער און האָט גענומען זיך אַרומדרעהען אַרום הויז אויף דער גאַס פון „בעוואָפענטען מענשען”, וואוהין זי האָט נאָכגעשפּירט קאָזעטע'ן, און די לעצטע האָט עס געבעטען דעם „אַרבייטער” אָבטראָגען דעם בריעף אויף פּאָסט; אַליין האָט זי עס ניט געקאָנט טהון, ווייל זשאַן וואַלזשאַן איז געווען אין דער-היים. פאַנינאַ האָט צוגענומען דעם בריעף און האָט איהם אָבגעגעבען ערשט דאַן, ווען זי איז געווען זיכער, אַז מאַריוס וועט שטאַרבען ביי דער באַריקאַדע, און ווען זי אַליין האָט שוין גע'גוס'עט

מאַריוס'ן האָט דער בריוו געבראַכט אַ פּאָר גליקליכע מינוט. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז קאָזעטע ליבט אים נאָך, נאָר אַזוי ווי זי פאָרט אַוועק מיט איהר פאָטער, האָט זיך זיין לאַגע, הייסט עס, נישט געענדערט. ער האָט דעריבער באַשלאָסן צו שטאַרבן, נאָר פריהער האָט ער נאָך געוואָלט דורכפיהרן צוויי זאַכען: געבען צו וויסען קאָזעטע'ן וועגען זיין טויט און ראַטעווען גאַווראָש'ן. ער איז געפאַלען אויף אַ המצאה, ווי אַזוי צו דערגרייכען די ביידע צוועקען מיט איין מאָל.

ער איז אַוועק אין שיינק, האָט גענומען אַ שטיקעל פּאַפּיר און אויפגעשריבען דערויף מיט אַ בליישטיפט:

„אונזער חתונה איז אוממעגליך. איך האָב געבעטען ביי מיין זיידען אַנ'ערלויבניש, ער האָט מיר אָבער ענטזאַגט. פון איהם בין איך אַוועק צו דיר און האָב דיך שוין נישט געטראָפען. איך קען אָהן דיר נישט לעבען, דעריבער שטאַרב איך. אַז דו וועסט לעזען די דאָזיגע צייַלען, וועט שוין מיין נשמה שוועבען מיט אַ שמייכעל איבער דיין קאָפּ".

נישט האָבענדיג קיין קאָנווערט, האָט ער צונויפגעלעגט דאָס שטיקעל פּאַפּיר און אָנגעשריבען דערויף איהר אַדרעס. דערנאָך האָט ער אָנגעשריבען נאָך אַ צעטעלע: „מ'רופט מיך מאַריוס פּאָנמערסי. איך בעט, מ'זאָל אָפּפיהרען מיין קערפּער צו מיין זיידען, הערן זשילנאָרמאַן, די גאַס פיל-דע-קאַלוועער נומער זעקס". דאָס צווייטע צעטעלע האָט ער באַהאַלטען אין זיין פּאָרטפעל און מיט'ן בריוו צו קאָזעטע'ן אין האַנד האָט ער אויפגעזוכט גאַווראָש'ן.

— גאַווראָש, ווילסט מיר טהון אַ טובה?

— אַלץ אין דער וועלט! — האָט דאָס יונגעל אויסגעשריען. — ווי הייסט, נישט וועלען? ווען נישט איהר, וואָלט איך שוין לאַנג געפּגר'ט!

— גוט. נעהם דעם בריוו און טראָג איהם אָב אויף די גאַס פון „בעוואָפענטע מענשען" נומער זיבען.

גאַווראָש האָט זיך אָנגעהויבען צו קראַצען אונטער'ן אויער.

— אַוועקגעהן פון האַנען?... און טאָמער נעהמט מען אָהן מיר די באַריקאַדע?

— האָב נישט קיין מורא, — האָט מאַריוס מיט אַ שמייכעל געענטפערט, — ביז אין דער-פריה וועט מען, קענטיג, מעהר אויף אונז נישט אָנפאַלען. וועסט נאָך באַוויזען צו קומען צוריק אין דער צייט.

און אין האַרצען האָט ער געהאָפט, אַז גאַווראָש וועט מאָרגען נישט קימען ביי-צייטענס צוריק און וועט אויף אַזאַ אַרט ניצול ווערען פון טויט.

גאַווראָש האָט זיך געקווענקעלט אַ ביסעל, דערנאָך האָט ער אויסגעשריען:

— נו, מילא, זאָל זיין אַזוי!

ער האָט געכאַפּט דעם בריוו, איז אַריבערגעשפּרונגען איבער די באַריקאַדע און איז פערשוואונדען.

אין אַ האַלבע שעה אַרום איז ער שוין געווען אויף דער גאַס פון „בעוואָפענטע מענשען". ער האָט אָבגעזוכט דאָס הויז נומער זיבען. עס איז געווען שטיל און אונבעלויכטען. גאַווראָש האָט גענומען אַרומטאַפּען די לאָדען. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ שטים:

— וואָס איז מיט דיר, קליינער?

ער האָט דערזעהן שטעהן נעבען טויער אַנ'עלטערן מענשען.

— איך וויל עסען, — האָט גאַווראָש געענטפערט און האָט תיכף צוגעגעבען: — איהר זענט אַליין אַ קליינער!

זשאַן וואַלזשאַן — דאָס איז געווען דער עלטערער מאַן — האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ פינף-פראַנק-שטיק. גאַווראָש איז דערווייל אויפמערקזאַם געוואָרען אויף די ברענענדיגע גאַס-לאַמטערן נישט ווייט פון הויז.

— עהע! — האָט דער קליינער אויסגעשריען. — איהר האָט נאָך דאָ לאַמטערנס! ניין, אַזעלכע אונאָרדנונגען קען איך נישט ערלויבען.

ער האָט אַ שליידער געטהון אַ שטיין אין די לאַמטערן. טראַך! — און אויף דער גאַס איז

צעהאַקטן אינאַנצן פֿינצטער.

זשאַן וואַלזשאַן איז צוגעגאַנגען צום יונגעל און האָט אים אַרײַנגעריקט די זילבערנע מאָנעטע אין האַנד. גאַווראָש האָט אויפגעהויבן די נאָז מיט ערשטוינונג: ער האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ גרויסע מטבע נישט געקראָגן.

— אַהאָ! — האָט ער געזאָגט. לאָמיר נאָר בעקוקן דעם האָזגען פּיפּערנאָטער!

ער האָט בעטאַפּט די מאָנעטע, דערנאָך האָט ער די אויסגעשטרעקט צוריק צו זשאַן וואַלזשאַנ'ען און האָט מיט גדלות געזאָגט:

— בירגער, מיר געפעלט בעסער צו ברעכען לאַמטערנס, אײַדער נעהמען אַזוי פיעל געלד אומזיסט און אומנישט. נעהמט אײַך אײַער געלד צוריק: מיך וועט איהר נישט אונטערקויפען.

— האָסט אַ מוטער? — האָט זשאַן וואַלזשאַן געפרעגט.

— אַ שענערע פון אײַערער, — האָט גאַווראָש געענטפערט.

— נו, גיב עס אַוועק דײַן מוטער.

דאָס האָט שוין גאַווראָש'ן אַ ביסעל גערירט. דערצו האָט ער בעמערקט, אַז דער אַלטער איז אָהן אַ היטעל, און האָט געקראָגן צו איהם מעהר צוטרויען דערפאַר.

— הייסט עס, איהר האָט מיר געגעבען דאָס געלד נישט כדי איך זאָל אויפהערען ברעכען די לאַמטערנס?

— כלל נישט, — האָט דער אַלטער געזאָגט, — קאָנסט ברעכען וואָס דײַן האַרץ גלוסט.

— איהר זענט אַ וואוילער מענש! — האָט גאַווראָש בעשלאָסען מיט אַ טאָן פון אַן אויטאָריטעט און האָט אַראָבגעלאָזען דאָס געלד אין קעשענע. דערנאָך האָט ער געפרעגט: — איהר וואוינט דאָ ערגיץ?

— יאָ. וואָס איז דען?

— וואו איז נומער זיבען?

— צו וואָס האַרפסטו די נומער זיבען?

— סתם אַזוי, — האָט גאַווראָש געענטפערט.

— אפשר האָט מען דיך געשיקט צו מיר מיט אַ בריעף, אויף וועלכען איך וואַרט? — האָט זשאַן וואַלזשאַן געפרעגט.

— מ'האָט מיך געשיקט צו אַ פרוי, איהר זענט דען אַ פרוי? — האָט גאַווראָש מיט חוזק געזאָגט.

— נו, יאָ, צו מאַדמואַזעל קאָזעטע אַ בריעף, וואָס נײַן?...

גאַווראָש איז געבליבען פערבליפט.

— יאָ, — האָט ער זיך מודה געווען, — אויפ'ן בריעף איז, דוכט זיך, טאַקע פאַראַן אָט דער קאָמישער נאָמען. איהר ווייסט דען, אַז מ'האָט מיך געהייסט שיקען פון דער באַריקאַדע?

— געוויס. גיב מיר דעם בריעף.

— איהר זעהט מיר ווירקליך אויס צו זײַן אַ פאַרנעמליכער מענש. נאַט אײַך דעם בריעף.

— ענטפער דאַרף מען שיקען צו סען־מערי, האַלט זיך? — האָט זשאַן וואַלזשאַן געפרעגט.

— געטראָפען, ווי אַ בלינדער אין גראָב! דער בריעף איז פון דער באַריקאַדע אויף דער גאַס שאַנווערי, נישט סען־מערי. זײַט מיר געזונד, בירגער!

און אַ מינוט אַרום האָט מען שוין געהערט, ווי מיט אַ קוואַרטאַל ווײַטער האָבען געפּלאַצט אײַן לאַמטערן נאָך דער צווייטער. דאָס האָט גאַווראָש אײַנגעפיהרט זײַן „אָרדנונג" אויפ'ן וועג צו דער באַריקאַדע.

## 27. לעש־פּאַפּיער רעדט.

וואָס איז דאָס פאַרגעקומען מיט זשאַן וואַלזשאַנ'ען? ווי קומט ער אויסצוטאַן דעם בריעף ביי גאַווראָש'ן?

אַ בלאַט לעש־פּאַפּיר האָט אָנגעמאַכט אין זשאַן וואַלזשאַנ'ס האַרצען אַ שטורם נישט קלענער פון דעם, וואָס איז פאַרגעקומען אין פּאַריז.

אַהיימגעהענדיג אין דער־פריה הין אין צוריק איבער'ן עס־צימער פון זײַן וואוינונג אויף דער גאַס פון „בעוואַפענטען מענשען", האָט

ער פּלוצים דערזעהן עפּיס אַ מאָדנע זאַך: זײַנע אױגען האָבען װי פֿון זיך אַלײן איבערגעלײענט אין שפּיגעל פֿאָלגענדע װערטער: „טײַערער מײַנער! ליבער פֿערלאַנגט מײַן פֿאָטער, מיר זאָלען גלײַך אַװעקפֿאָהרען. הײַנט אָװענד װעלען מיר זײַן אין נומער זיעבען פֿון דער גאַס פֿון „בעװאָפֿענטען מענשען". און אין אַ װאָך אַרום — שױן אין ענגלאַנד. קאָזעטע. 4-טען יוני".

זשאַן װאַלזשאַן איז געבליבען שטעהן איבערראַשט.

אױף דער נײַער װאױנונג האָט קאָזעטע אַװעקגעלעגט איהר לעש-פּאַפּיר-בוך אין עסצימער אױפ'ן טיש נעבען שפּיגעל. דאָס בוך איז געבליבען אָפֿען גראָד אױף דעם בלאַט, אױף װעלכען זי האָט אָבגעקלעקט איהר בריעף צו מאַריוס'ן. די װערטער, װאָס האָבען זיך אױפ'ן פּאַפּיר אָבגעשטעמפּעלט פֿערקעהרט, זענען אין שפּיגעל אױסגעקומען ריכטיג און דײַטליך, װי זײ װאָלטען האָרט געװאָרען אָנגעשריבען.

תּחלת האָט זשאַן װאַלזשאַן נישט געגלױבט זײַנע אײגענע אױגען. נאָר ביסלעכװײַז האָט ער זיך איבערצײַגט, אַז ער זעהט ריכטיג. ער האָט בעטראַכט דאָס בלאַט, װאָס איז געלעגען געגען שפּיגעל, און האָט צונומען די װערטער. עס איז קלאָר: דאָס האָט געשריבען קאָזעטע.

ער האָט זיך אַ שאָקעל געטהון און איז געפֿאַלען אױף אַ שטוהל, װאָס איז געשטאַנען דערנעבען.

די פֿיעל נסיונות, װאָס זשאַן װאַלזשאַן איז ביז איצט אױסגעשטאַנען, האָבען איהם נאָך נישט געבראָכען. ער האָט אַלץ איבערגעטראָגען, האָט מיט אַלעם געקאָמפּפֿערט; און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז זײַן געװיסען איז שטאַרק און װי געשמידט אױף אײביג. דאָ אָבער, אונטער'ן לעצטען קלאַפּ, איז אַלץ אינװײַניג אין איהם אױפֿגעטרײסעלט געװאָרען, און זײַן נשמה האָט װי פֿערדומפּפֿען געשריען אין דעם טיעפֿען חשך, װאָס האָט זי אַרומגערינגעלט. פֿערליערען דעם מענשען, װעמען מ'האָט ליעב, איז פּאָרט שטענדיג געװען און װעט בלײַבען דער שרעקליכסטער נסיון.

דער אַלטער האָט געליעבט קאָזעטע'ן נור װי אַ פֿאָטער ליעבט זײַן קינד, אָבער זײַן עלענדקײַט און פֿער'יתומ'טקײַט האָט פֿערפּאַרבט די דאָזיגע ליעבע מיט די קאָליר'ן און טענער פֿון אַלע אַנדערע צערטליכע געפֿיהלען. ער האָט קײנמאָל נישט געהאַט קײן פֿרױ אָדער קײן געליעבטע, אָבער די נאַטור װיל פֿון קײנע תּרוצים נישט װיסען, און דערבײַער האָט אין זײַן האַרצען געלעבט אין בעצוג צו קאָזעטע'ן דאָס שטאַרקסטע פֿון אַלע געפֿיהלען, — דאָס געפֿיהל פֿון אַ מאַן צו אַ פֿרױ, אָבער דאָס געפֿיהל איז געװען אונקלאָר און האָט אַלײן װעגען זיך נישט געװאוסט. דאָס געפֿיהל איז געװען דורך און דורך רײן, װײַל עס איז געװען אינגאַנצען בלינד, און עס האָט זיך געשלענגעלט דורך זײַן פֿאָטערליכע צערטליכקײַט, װי אַ גאָלד-אָדער דורך אַ האַרטען שטײן.

נאַטירליך, זשאַן װאַלזשאַן האָט קײן האָפֿנונג נישט געהאַט װען עס איז צו בעטראַכטען קאָזעטע'ן אַנדערש, װי אַ טאָכטער, און האָט גאָר דערפֿון נישט געקלערט, און דאָך זענען זײַערע לעבענס געװען אַזױ אײנג פֿערבונדען, אַז זשאַן װאַלזשאַנ'ס לעבען האָט אָהן קאָזעטע'ן להלוטין קײן זינען נישט געהאַט. דערבײַער, אַז ער האָט זיך דערװאוסט, אַז אַן אַנדערער האָט פֿערנומען קאָזעטע'ס האַרץ, האָבען זײַנע יסורים גאָר קײן ברעג נישט געהאַט. ער איז װי אינגאַנצען צושמעטערט געװאָרען פֿונ'ם דאָזיגען לעצטען קלאַפּ.

איהם איז פּלוצים אַלץ קלאָר געװאָרען. ער האָט פֿערשטאַנען, פֿאַרװאָס קאָזעטע האָט זיך געענדערט די לעצטע צײַט, ער האָט אױך פֿערשטאַנען, װער „יענער" איז: דאָס איז דער יונגער-מאַן פֿון לוקסעמבורגער גאָרטען, װעלכען ער האָט שױן גאָר געװען פֿערגעסען. װי אַזױ ער האָט עס געװאוסט, האָט ער זיך קײן רעכנונג נישט אָבגעגעבען, נאָר ער האָט שױן געפֿיהלט, אַז זײַן אינסטינקט נאַרט איהם נישט. און דערזעלבער זשאַן װאַלזשאַן, װאָס האָט אַזױ פֿיעל געאַרבײַט איבער זיך און געזיעהט אין זײַן אײגענעם האַרצען ליעבע צו אַלעמען, האָט מאַריוס'ן

פֿײַנד געקראָגן, געקראָגן אַ שאַרפֿע ביטערע שׂנאה צום מענשען, וועמעס נאָמען אַפֿילו איז אים געווען נישט באַקאַנט.

ווי הויך אַ חלום האָט ער געהערט דעם ווײַטען גערויש, וואָס האָט זיך געטראָגען איבער פּאַריז. איינמאָל איז די דינסט אַרײַנגעקומען מיט דער נאַכריכט, אַז „אין שטאָדט שיסט מען זיך“, אָבער זשאַן וואַלזשאַן האָט די ווער־טער געהערט מיט אַזאַ מינע, ווי ער פֿערשטעהט נישט, וואָס מ׳רעדט צו אים. ערשט פֿאַר־נאַכט האָט ער פּלוצים אַ פֿרעג געטהון בײַ דער מוהמע טוסען:

— אין וועלכער געגענד איז עס?

טוסען האָט אים אָנגעקוקט מיט ווער־שטוינען.

— וואָס ווילט איהר, בעל־הבית?

— איהר האָט דאָך, דאַכט זיך, געזאָגט, אַז מ׳שלאָגט זיך ערגיץ?

— אַך, יאָ, טאַקע!... דאָס איז ערגיץ נעבען סען־מערי...

זשאַן וואַלזשאַן האָט שוין ווידער קוים געהערט, וואָס די דינסט רעדט. אָהן אַ היטעל איז ער אַרויס פֿון הויז און האָט זיך אַוועקגע־שטעלט בײַם טויער, פֿערזונקען אין געדאַנקען. אַזוי איז ער געשטאַנען עטליכע שטונדען, ביז ער האָט דערזעהן גאַווראָש׳ן טאַפּען די לאָדען פֿון זײַן וואוינונג.

אַז ער האָט געקראָגען דעם אָפּענעם בריעף אין זײַנע הענד, איז ער אַרויף צו זיך אין צי־מער און האָט אים דורכגעלעזען. אַ שטראָם פֿון פֿרייד האָט אַ פֿלײַץ געטהון איבער זײַן האַר־צען. „איך שטאַרב...“ — האָט ער געלעזען — „אַז דו וועסט לעזען די דאָזיגע צײַלען, וועט שוין מײַן נשמה שוועבען מיט אַ שמייכעל איבער דײַן קאָפּ“.

ער האָט שיער נישט אַרויסגעלאָזען אַ ווילד פֿריידען־געשריי. „יענער מענש“ שטאַרבט, מעגליך, ער איז שוין געשטאָרבען!

ער האָט גענומען רעכענען די צײַט. ניין, „יענער“ מוז נאָך לעבען. דער שרײַבער פֿון בריעף האָט מסתמא גערעכענט, אַז קאָזעטע וועט אים לעזען ערשט אין דער־פֿריה. זינט מ׳האָט געהערט שיסען די לעצטע צוויי מאָל, זענען שוין פֿאַרבײַ אַ פּאָר שטונדען, און די גאַנצע צײַט איז שטיל. עס איז קלאָר, אַז מ׳האָט אָבגעלעגט די אַטאַקע ביז אין דער־פֿריה.

„איבעריגענס, — האָט ער ווײַטער גע־טראַכט,— ווי באַלד „יענער“ האָט זיך אַרײַנגע־פּלאָנטערט אין אַזאַ געשיכטע, וועט ער שוין כּי־ווי־סי אומקומען“.

ווי אַ באַרג האָט זיך פֿון אים אַראָבגע־קײַקעלט. דעם בריעף וועט ער קאָזעטע׳ן נישט ווײַזען, וועט זי גאָר אַפֿילו נישט וויסען, וואָס פֿון „יענעם“ איז געוואָרען. מען דאַרף עס לאָזען געהן ווי עס געהט, וועט שוין ממילא אַלץ ריכט ווערען. „יענעם“ קאָן שוין כּי־ווי קיינער נישט העלפֿען: אויב ער איז נאָך נישט געשטאָרבען, וועט ער שטאַרבען. אָ, סאַר אַ גליק!

און דאָך האָט זיך זײַן געוויסען אין אַ ווײַלע אַרום ווידער פֿערוואָלקענט.

ער האָט געטראַכט אַ ביסעל, דערנאָך איז ער אַרײַן צו זיך אין צימער, האָט אָנגעקליידעט זײַן מונדיר פֿון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע און האָט זיך באַוואָפֿענט.

אַרויסגעהענדיג פֿון הויז, האָט ער זיך גע־לאָזען צו דער זײַט פֿון מאַרק.

---

## 28 גאַווראָש אַרבײַט מעשׂים.

גאַווראָש איז הערווײַל געגאַנגען אַלץ ווײַ־טער און ווײַטער, און כּדי צו פֿערברײַטען די צײַט פֿרעהליכער, האָט ער געבראָכען לאַמ־טערנס. אַרײַנקומענדיג אין אַ שטילער גאַס און נישט געפֿינענדיג אין איהר אַפֿילו קיין „קאַץ“, האָט ער באַשלאָסען, אַז דאָ איז דער בעסטער פּלאַץ צו „פּראַווען חזנות“, און האָט אָנגע־הויבען אַ ליעד מיט אַזאַ שרעקליכער שטים, אַז אין די פֿענסטער האָבען געציטערט די שויבען, און אין די בעטען — די דערשראָקענע אײַנוואוי־

נער. דאָס ליעד האָט קיין ענדע נישט געהאַט, איין קופּלעט האָט זיך נישט געקלעפּט צום צווייטען און קיין הענען האָט מען אין זיי אויך נישט געקאָנט געפינען, דערפאַר אָבער האָבען זיי געהאַט אין זיך גענוג פרעהליכקייט און זאָרגלאָזען „ברען״.

זינגענדיג, האָט גאַוראָש געמאַכט מיט די הענד און געקרימט דעם פּרצוף אין אַזעלכע גרימאַסען, וואָס קומען אַרויס אויף אַ געלעכטער ליזענד, ווען די ווערט אויפגעבלאָזען פון ווינד. צום בעדויערן, איז זיין טאַלאַנט אינגאַנצען פערלוירען געגאַנגען, ווייל עס איז נישט געווען ווער ס'זאָל זעהן דאָס זעלטענע שפּיעל פון זיין געזיכט.

אין איין פּלאַץ האָט זיך גאַוראָש אָבגעשטעלט און געזאָגט צו זיך אַליין:

— גענוג וועט זיין צו רייסען דעם גאַרגעל. לאָמיר נור זעהן, וואָס איז עס דאָרט אַהינס.

זיינע שאַרפע אויגען האָבען בעמערקט אין אַ טויער עפּיס אַ טונקעלן הויפען. גאַוראָש איז צוגעגאַנגען נעהנטער. דאָס איז געווען אַ האַנדוועגעלע, אויף וועלכען עס איז געשלאָפען דער אייגענטימער פונ'ם דאָזיגען „עקיפּאַזש״, דער געפּעק-פיהרער, לויט אַלע סמנים, וועלכע גאַוראָש האָט גוט געוואוסט, אַ בחור פון דער פּראָווינץ אָווערן. גאַוראָש איז געווען נישט אַזוי אַלט, ווי געניט, און האָט גלייך דערקענט, אַז דער חברה-מאַן איז שכור, ווי לוט.

— נו, דער זומער טויג פּאָרט אויף עפּיס,— האָט גאַוראָש פילאָזאָפירט. — דער אָווערגנער שלאָפט זיך אויף זיין וועגעלע אין מיטען גאַס, ווי ביי זיין טאַטען אין וויינגאָרטען. דאָס וועגעלע וואָלט זיך זעהר גוט געפּאַסט צו אונזער באַריקאַדע. דעריבער קאָן מען דאָס וועגעלע נעהמען און דעם אָווערגנער לאָזען דאָ.

דאָס איז געווען זעהר ריכטיג, און גאַוראָש האָט עס באַלד בעוויזען. ער האָט אַראָבגעשלעפּט דעם געפּעק-פיהרער פון וועגעל, און אין אַ סעקונדע אַרום איז יענער שוין געשלאָפען אויף דער ערד מיט דעמזעלבען זיסען שלאָף, וואָס פריהער. גאַוראָש, וועלכער האָט שטענדיג געהאַט גאַנצע אוצרות ביי זיך אין די קעשענעס, האָט אַרויסגעשלעפּט אַ שטיקעל פּאַפּיר מיט אַ בלייַשטיפט און האָט אָנגעשריבען אויפ'ן שטיקעל פּאַפּיר:

„דיין וועגעלע האָב איך מקבל געווען. גאַוראָש״.

דאָס קוויטעלע האָט ער אַריינגעלעגט צום שלאָפענדען אין קעשענע, דערנאָך האָט ער געכאַפּט דאָס וועגעלע און מיט נצחון זיך אַ לאָז געטהון איבערן ברוק מיט אַ גרילץ און אַ קנאַקעריי. און טאַקע דער דאָזיגער האַרמידער, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט, האָט איהם געשטעלט אין געפאַהר.

נעבען דער קעניגליכער דרוקעריי איז געשטאַנען אַ מיליטער-פּאָסט, פון וועלכען גאַוראָש האָט נישט געוואוסט. די סאָלדאַטען זענען שוין לאַנג געוואָרען אויפמערקזאַם: עפּיס מעשים האָבען זיך געטהון אין די דאָזיגע גאַסען. דאָס גערויש פון די צוקלאַפּטע לאַמטערנס, דאָס הויכע געזאַנג — דאָס אַלץ איז געווען אַנאויסערגעוועהנליכע ווערשיינונג אין דער דאָזיגער געגענד, וואו די איינוואוינער האָבען אַ רגילות צו געהן שלאָפען גלייכצייטיג מיט דער זון, אַ שטונדע נאָכאַנאַנד האָט דער קליינער חברה-מאַן געלאַרמט אינ'ם שטילען קוואַרטאַל, ווי אַ פליעג אין אַ ליידיגער פלאַש.

דער סערזשאַנט פונ'ם פּאָסט האָט זיך אַ לאַנגע צייט צוגעהערט און געוואַרט, וואָס ווייטער וועט זיין. ער איז געווען אַ געזעצטער מענש און האָט נישט ליעב געהאַט צו האַנדלען סתם אין דער וועלט אַריין, איידער ער ווייסט ווער און וואָס. אָבער אַז דאָס וועגעלע האָט גענומען טראַסקען איבערן שטיינערנעם ברוק, האָט זיין געדולד געפּלאַצט, און ער האָט זיך בעשלאָסען צו מאַכען אַן אויסקוק-עקספּעדיציע.

— דאָ האַלט זיך אויף, קענטיג, אַ גאַנצע באַנדע!—האָט ער אַ מורמעל געטהון אונטער דער נאָז און האָט זיך שטילערהייד געלאָזען געהן געגען די „אַנאַרכיסטען״.

און דאָ האָט זיך גאַוראָש פּלוצים אָנגעשטויסען מיט זיין וועגעלע אָן אַ פּאַרשוין אין אַ מונדיר, אין אַ היטעל מיט אַ קיטאַס פון אויבען און בעהאַנגען מיט געווער. דאָס איז געווען אַ שטיקעל מניעה אין וועג, און גאַוראָש איז געבליבען שטעהן.

— אַהאַ, אָט ווער דאָס איז! — האָט ער געזאָגט. — גוטען אָווענד, העררר היטער פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג!

— וואוהין טראָגט דיך דער שד, דו מאוסיגער יונגאַטש? — האָט דער סערזשאַנט אויסגעשריען.

— בירגער, איך האָב דאָך אייך נאָך דערווייל נישט געזידעלט, פאַרוואָס, אַלזאָ, בעלידיגט איהר מיך? — האָט גאַוראָש אָבגעענטפערט.

— וואוהין געהסטו, טויגעניכטס?

— מיין העדר, נעכטען זענט איהר פיילייכט געווען אַ גאַנץ קלוגער מענש, אָבער היינט זענט איהר צו אַזעלכען נישט ענהליך.

— איך פרעג ביי דיר, וואוהין געהסטו, באַנדיט!

— סאַר אַ ריין לשון איהר האָט עס! — האָט גאַוראָש אויסגערופען. — עס איז, כליבין, שווער צו גלויבען, אַז איהר זענט שוין אַזוי אַלט. איהר וואָלט געמעגט פערקויפען אייערע האָהר צו הונדערט פראַנק אַ שטיק, וואָלט איהר גלייך געקראָגען אַ פערמעגען פון עטליכע הונדערטער...

— לומפּ איינער, דו ווייסט מיר זאָגען אַמאָל, וואוהין דו געהסט, צי ניין!

— פע, דאָס איז שוין גאָר אַ מאוס וואָרט! אַז מ'וועט אייך נאָך אַמאָל געבען צו זויגען, זאָלט איהר בעטען פריהער, מ'זאָל אייך אָבווישען די ליפּען.

דער סערזשאַנט איז געוואָרען ווילד פון כעס. ער האָט צוגעשטעלט זיין שפּיז צום יונגעלס ברוסט און האָט געזאָגט קריצענדיג מיט די צייהן:

— איך פרעג דיך צום לעצטען מאָל: וואוהין געהסטו, דו נישטיגע בריאה?...

— איער עקסעלענץ, איך פאָהר נאָך אַ דאָקטאָר פאַר מיין פרוי, וועלכע קלויבט זיך צו שענקען דער וועלט אַזאַ קנאַקער, ווי איהר זענט...

— צו אַל־די טייוועל! — האָט דער סערזשאַנט אויסגעשריען, נישט ווייסענדיג אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז פון גרימצאָרן.

גאַוראָש האָט געמאַכט אַ חשבון, אַז אַזוי ווי דאָס וועגעלע איז שולדיג אין זיין איצטיגער אומאַנגענעהמער לאַגע, איז עס מחויב טאַקע אַליין איהם פון איהר אַרויסצושלעפּען. ער האָט דערביי אויפגעהויבען דאָס וועגעלע און פונקט ווען דער סערזשאַנט האָט זיך גענקליבען צו „האַגדלען", האָט ער עס אַ שליידער געטהון דעם מוטהיגען קריעגס־מאַן אין בויך אַריין, אַזוי אַז יענער האָט זיך אַ וואַלגער געטהון גלייך אין די בלאָטע, זיין ביקס איז געפאַלען און האָט אויסגעשאָסען פון זיך אַליין. צווישען די סאָלדאַטען האָט זיך אויפגעהויבען אַ טומעל און אַ שיסעריי, וועלכע האָט אָנגעהאַלטען אַ גוט פערטיל שעה און האָט צושמעטערט נישט איין אומשולדיגע שויב אין די אַרומיגע הייזער.

גאַוראָש האָט זיך דערווייל געטראָגען אַהין, ווי אַ ווינד. ערשט מיט עטליכע גאַסען ווייטער האָט ער זיך געשטעלט אָבצוזיהען אַ ביסעל דעם אָטעם און האָט דערביי אַרויסגעשטעלט אַ „נאָז" אין די זייט, פון וואַנען עס האָט זיך געהערט די שיסעריי. דערנאָך האָט ער זיך ווידער געלאָזען אין וועג אַריין.

לויפענדיג, האָט ער זיך דערמאָהנט, אַז ער האָט נישט געענדיגט זיין ליעד. ער האָט אָנגעפאַנגען פונקט פונים קופּלעט, וואו ער האָט דאָס געזאַנג איבערגעריסען, און אין דער שטילקייט פון דער־נאַכט האָט ווידער געקלונגען איבער אַלטען פּאַריז זיין מונטערע, פרישע קינדערשע שטים.



# פֿינפֿטער טייל.

## 1 די נאַכט צו ענד.

פֿון פֿאַנינאַ'ס טויט אָן איז מאַריוס געווען אינגאַנצען פֿערטהון אין זיך און האָט זיך אין קיין זאַך נישט געמישט, דעריבער האָט אַנזשאָלראַס ווידער איבערגענומען די אָנפֿיהרערשאַפֿט איבער די באַריקאַדיסטען, און אַלע צוזאַמען האָבען זיי אויסגענוצט די נאַכט אויף צו פֿערריכטען די באַריקאַדע. זי איז זאָגאַר אויסגעוואַקסען נאָך אויף צוויי פֿיס אין דער הויך. אייזערנע פּרענטעס, אַריינגעשלאָגען צווישען די פּרענטעס פֿון ברוק, האָבען געבילדעט אַ רייהע גראַטעס, פֿון אַלע זייטען האָט מען אָנגעשלעפּט מיסט און בעפֿעסטיגט די באַריקאַדע. די וואַנד האָט בעפֿריעדיגט אַלע פֿאָדערונגען פֿון דער וויסענשאַפֿט: פֿון דער אינוויינינגסטער זייט גלייך און גלאַט — און צוגראָבען און שטעכיג פֿון דרויסען. נישט מעהר, פֿון אינווייניג האָט מען געמאַכט אַ טרעפּ פֿון שטיינער, און אַזוי אַרום איז לייכט געווען, ווען נויטיג, אַרויפֿצוגעהן אויף דער מויער פֿון דער „פֿעסטונג".

דערנאָך האָט מען זיך פֿערנומען מיט'ן ווירטשאַפֿטליכען טייל פֿונ'ם לאַגער. די קיך פֿון שיינק האָט מען פֿערוואַנדעלט אין אַ שפּיטאָל, די פֿערוואונדעטע פֿערבאַנדאַזשירט, די טויטע אַוועקגעטראָגען אין געסעל מאָנטעדור. צווישען די געהרג'עטע זענען געווען פֿיער סאָלדאַטען פֿון דער נאַציאָנאַל-גוואַרדיע. אַנזשאָלראַס האָט בעפֿוילען אַראָפּצוציהען פֿון זיי די מונדירען און אַוועקלעגען אָן אַ זייט.

אין קיך אויף די מאַטראַצען זענען געלעגען פֿינף שווער פֿערוואונדעטע. צוויי פֿון זיי זענען געווען מוניציפּאַל-גוואַרדיער, און זיי האָט מען באַנדאַזשירט די וואונדען פֿריהער פֿאַר די „אייגענע".

אין אינטערשטען זאַל זענען פֿערבליבען בלויז מאַבעף'ס גוף אויפֿ'ן טיש, בעדעקט מיט אַ שוואַרצען טוך, און זשאַווערט צוגעבונדען צו דער זייל.

— דאָ וועט זיין דאָס טויטען-צימער...— האָט אַנזשאָלראַס געזאָגט.

מ'האָט ווידער אַרויסגעהאַנגען אַ פֿאָהן איבער דער באַריקאַדע: מאַבעף'ס צושאָסענע און פֿערבלוטיגטע קליידער.

עסען איז נישט געווען וואָס. די פֿופֿציג פֿערטיידיגער פֿון דער באַריקאַדע האָבען זיך שוין דאָ געפֿונען אין פֿערלויף פֿון זעכצעהן שטונדען און האָבען פֿערצעהרט די גאַנצע פּראָוויזיע, וואָס האָט זיך געפֿונען אין שיינק. דער הונגער איז אַ צושפּיעל ביים סוף פֿון יעדער באַריקאַדע. דעמזעלבען פֿאַרטאָג פֿון 6-טען יוני האָבען די רעוואָלוציאָנערען אויף אַן'אַנדער באַריקאַדע ביי סען-מערי געשריען: „עסען!" דער אָנפֿיהרער זשאַן האָט זיי דערויף געענטפֿערט:

— צו וואָס? איצט איז דריי אַ זייגער, פֿיער — וועלען מיר שטאַרבען.

און אַזוי ווי עס איז ניט געווען וואָס צו עסען, האָט אַנזשאָלראַס פֿערבאָטען טרינ-

קען אויף. דעם ווײַן האָט מען אינגאַנצען אַוועקגעטראָגן, נאָר דעם בראַנפן האָט מען איינגעטיילט אין קליינע פּאָרציעס.

אין קעלער האָט מען געפונען פופציקן גוט-פֿאַרקאָרקעווטע פלעשער אַלטען ווײַן.

— גאָט, וואָס גראַנטער שלאָפּט, — האָט לעגל בעמערקט: — פון אידם וואָלט שווער געווען צו ראַטעווען די דאָזיגע פלעשער.

דער עולם איז געווען אַ ביסעל אומצופרידען, אָבער אַנזשאָלראַס האָט דערויף ניט געאַכטעט און האָט געהייסען אַוועקשטעלען די פלעשער אונטער'ן טיש, אויף וועלכען מאַבעף איז געלעגען: זיי זענען דאַדורך ווי געוואָרען אַ סאָרט „קדשי", וועלכעס מ'טאָר נישט בערירען.

אַרום צוויי אַ זייגער האָט מען איבער-געציילט די „קעפּ"; עס זענען נאָך געבליבען זיבען און דרייסיג קאַמפּס-פעהיגע מענשען.

עס האָט אָנגעהויבען צו גרויען אויף טאָג. מ'האָט אויסגעלאָשען דעם פאַקעל, וואָס האָט געשטעקט צווישען די שטיינער אינ-וויינוויג אין הויפעל, וואָס די באַריקאַדע מיט די הײַזער האָבען געבילדעט, איז נאָך געווען פינסטער און די מענשען אין אידם האָבען זיך אַרומגעבלאָנקעט ווי שאָטענס. אַ ביסעל העכער האָבען געוויַסעלט די ווענד פון די שטומע הײַזער, און דאָס האַך פונ'ם הויכסטען הויז האָט שוין אָבגעשלאָגען עטוואָס ראָזיג. אונטער דעם פענסטער-פאַרבינען די-מעל זענען פויגעל געפלויגען מיט פרעהליכע געשרייען. אין פענסטער פון דריטען שטאָק האָט דאָס מאָרגען-ווינדטעל בעוועגט די גרויע האָר אויפ'ן קאָפּ פון טויטען וועכטער...

— גוט, וואָס מ'האָט פערלאָשען דעם פאַקעל, — האָט קורפעיראַק געזאָגט צו פעי-לי'ן, — די ציטערנדע שײַן האָט זיך מיר צו-געגעסען; זי איז עהנליך צו דער חכמה פון פחדנים: זי לײַכט שלעכט, ווײַל זי האַלט אין איין ציטערן.

שטילע געשפּרעכען האָבען זיך געוועבט צווישען די יונגע-לײַט. קאָמבפער האָט גערעדט פון די טויטע, פון זשאַן פּרוּבער'ן, באַגאָרעל'ן, מאַבעף'ן, קאַבוק'ן און פונ'ם האַרטען אומעט פון אַנזשאָלראַס'ן...

אַנזשאָלראַס איז אַוועק אויף אַ קורצע צײַט אויסקוקען די פּאָזיציעס פון דעם מיליטער. אַלעמענס הערצער זענען געווען פול מיט האָפנונג אַדאַנק דעם, וואָס זיי איז געלונגען אָבצוּוואַרפען די אַטאַקע בײַ-נאַכט. אין גיכען האָט זיך אַנזשאָלראַס בעוויזען צוריק אויף דער באַריקאַדע, פריש און ראָזיג אין דעם שײַן פונ'ם שטײַגענדען מאָרגען. ער האָט הויך אויס-גערופען:

— די גאַנצע אַרמעע פון פּאַריז איז אויף די פיס. אַ דריטעל פון דער אַרמעע שטעהט בײַ דער באַריקאַדע, וואו איהר געפינט זיך איצט. אויסערדעם, די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע. אין אַ שטונדע אַרום וועלען זיי אײַך אַטאַקירען. וואָס אָנבעלאַנגט דאָס פאָלק, איז עס נעכטען טאַקע געווען אויפגערעגט, אָבער הײַנט האָט זיך עס בערוהיגט. איהר האָט נישט פון וואַנען צו ערוואַרטען הילף. אין דער גאַנצער פאָרשטאָדט זענען פאַרהאַן בלויז סאָלדאַטען.

די ווערטער זענען געפאַלען ווי אַ דו-נער אויף די קעפּ פון די אַרומיגע.

אַ טויטע שטילקײַט האָט געהערשט אַרום.

אָבער נישט אויף לאַנג.

ערגיץ פון די הינטערשטע רייהען האָט זיך אָבגערופען אַ שטים:

— גוט. לאָמיר אויפהויבען די באַריקאַ-דע נאָך אויף צוואַנציג פיס און איבערבלײַבען דאָ.

דער פינסטערער וואָלקען איז פערשוואונ-דען. אַלע האָבען געענטפערט מיט פרײַדען-געשרײַען. ווער עס האָט געזאָגט די ווערטער — ווייסט מען ניט ביז הײַנטיגען טאָג.

דער בעשׂלום נישט אָבצוטראָגען האָט זיך יענעם טאָג אַרומגעטראָגען אין דער לופט. כמעט אין דערזעלבער צייט האָבען די רעוואָלוציאָנערען אויף דער באַריקאַדע סען-מערי אַרויסגעלאָזען אַ'אויסגעשריי, וואָס איז געוואָרען היסטאָריש: „ווען מען זאָל קומען אונז צו-הילף אָדער נישט — אַלץ איינס! מיר'ן זיך שלאָגען ביז'ן לעצטען מענשען!"

עס זעגען, הייסט עס, געווען צוועלף פּעדים, וואָס האָבען פעראייניגט די צוויי באַריקאַדען, נישט קוקענדיג אויף די שטרעקע צווישען זיי.

## 2 דער פינפטער מונדיר.

די שטימונג איז ווידער געוואָרען אַ געהויבענע. אָבער אפילו אַנזשאָלראַס'ן האָט אָנגעהויבען באַנג צו טהון, וואָס אַלע מוזען אומקומען. ער איז אַוועק אין שיינק און האָט געבראַכט פון דאָרט צוטראָגען די מונדירען פון די פיער טויטע סאָלדאַטען. קאָמבפער האָט געטראָגען די אַמוניציע און די היטלען.

— פערקליידט אין די דאָזיגע מונדירען, — האָט אַנזשאָלראַס געזאָגט, — קאָן מען זיך איבערמישען מיט די סאָלדאַטען און אַוועקגעהן פון דאַנען. דאָ האָט איהר אַלץ, וואָס נויטיג איז, פאַר פיער פערזאָן.

ער האָט אַוועקגעוואָרפען די מונדירען אויף די ערד. קיינער האָט זיך נישט גערידהרט פון אָרט. דאַן האָט קאָמבפער אָנגעהויבען צו ריידען:

— נו, מ'דאַרף דאָך האָבען אין זיך האַטש אַ טראָפּעלע רחמנות. דאָ האַנדעלט זיך וועגען די פרויען, איהר פערשטעהט? הערט: האָט איהר מאַמעס, ווייבער, קינדער, — פּוצלעך קינדער? אַ, איהר ווילט דאָ אַלע געטויט ווערען, — איך וויל עס אויך, איך וואָלט אָבער נישט וועלען, אַז פרויען זאָלען ברעכען מיט די הענד אַרום מיר. איהר ווילט שטאַרבען — שטאַרבט, אָבער וואָס פאַר אַ רעכט האָט איהר צו פערמשפּט'ן אַנדערע צום טויט? ביי געוויסע בעדינגונגען קאָן זיך אַ מענש ערלויבען צו בעגעהן אַ זעלבסט-מאָרד, אָבער ווען ער בעריהרט דערמיט אַנדערע, איז עס שוין נישט זעלבסט-מאָרד, נאָר מאָרד. אַנזשאָלראַס האָט ערשט געזעהן, געהענדיג אין גאַס, דורך אַ פענסטער דעם ציטערנדען שאָטען פון אַן אַלטער פרוי, וואָס האָט זיך, קענטיג, נישט געלעגט שלאָפען די נאַכט. זי וואַרט אויף עמיצען. דאָס איז אַ מאַמע, איהר פערשטעהט? אפשר געפינט זיך איהר זוהן דאָ? נו, זאָל ער געהן און זאָגען: „מאַמע, אָט בין איך!" און זאָל ער זיין רוהיג, מ'וועט שוין דאָ אָהן איהם טהון אַלץ, וואָס דאַרף געטהון ווערען. אָדער איהר האָט טעכטער, שוועסטער, ליעבע יונגע מיידלעך. וואָס וועלען זיי טהון? פריהער הונגער, דערנאָך — איהר ווייסט דאָך, מען האַנדעלט מיט מענשליכען קערפּער, וועלען זיי זיך פערקויפען, און איהר ווייסט עס פון „דאָרטען" נישט קאָנען דערלאָזען. זאָלען די, וואָס האָבען פאַמיליעס, ווייזען, אַז זיי זענען מענשען: דריקט אונז די הענד און געהט אַהיים. אַ, איך ווייס ווי'פיעל מוטה מ'דאַרף האָבען אויף אַוועקגעהן פון דאַנען, אָבער וואָס שווערער דאָס איז, אַלץ נויטיגער איז עס צו טהון. איך האָב געאַרבייט אין אַ שפּיטאָל, האָב איך דאָרט געזעהן אַ יתומ'ל, וואָס האָט אַזוי לאַנג געגעסען לייהם — ער האָט קיין ברויט נישט געהאַט — ביז מ'האָט איהם געבראַכט צו אונז מיט אַן אויפגעבלאָזען בייכעלע און מיט אַ בלוי פנימ'ל. דאָס קינד איז געשטאָרבען. אין מאָגען ביי איהם האָט מען געפונען בלאָטע. נו, אויב עמיצער פון אייך ווייסט פונם גליק צו געהן אין אַ זונטאָג שפּאַצירען, האַלטענדיג אַ שוואַך קינדערש הענדטיל אין זיין פעטער האַנד, זאָל יענער געהן אַהיים, כדי זיין קינד זאָל נישט שטאַרבען אין אַ שפּיטאָל מיט בלאָטע אין מאָגען. איך ווייס, אַז איהר זענט שטאַרקע הערצער, מוטהיגע מענשען. וועגען דעם איז גאָר נישטאָ וואָס צו ריידען. אָבער ווער עס איז

נישט עלענד — געהט אַהײם. מ'טאָר נישט זײַן קײן עגאָאיסטען.

און װידער איז אַ שװערער פינסטערער װאָלקען געהאַנגען איבער אַלעמענס פּנים'ער.

קאָמבפער אַלײן, װעלכער האָט אַנדערע דערמאָהנט אָן זײַערע מאַמעס, האָט פערגעסען אָן זײַן אײגענער. מאַריוס, אַ הונגעריגער, אַ פערמאַטערטער, מיט אַ צעװאונדעטע האַרץ, האָט געגאַרט נאָכ'ן טויט און איז אַרומגעגאַנגען װי פער'חלומ'ט, װי שוין האַלב אויף יענער װעלט, — אָבער קאָמבפער'ס רעדע האָט איהם אויך צורודערט. נו האָט זיך אָבגערופען:

— אַנזשאָלראַס און קאָמבפער זײַנען גערעכט. דאָ איז שוין געזאָגט געװאָרען אַלץ, װאָס מ'קען נור זאָגען. װער עס האָט אַ פאַמיליע, זאָל אַרויסטרעטען פון די רײהען.

קײנער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— איך בעפעהל! — האָט אַנזשאָלראַס אויסגעשריען.

— איך בעט! — האָט מאַריוס געזאָגט.

אויפגעטרײסעלט פון קאָמבפער'ס רעדע, פון אַנזשאָלראַס'עס בעפעהל, פון מאַריוס'עס בעטע, האָבען די דאָזיגע מענשען אָנגעהויבען טײַטען מיט די פינגער אײנער אויפ'ן צװײטען.

— יאָ, דאָס איז ריכטיג, — האָט אַ יונגערמאַן געזאָגט צו אַן עלטערען מענשען, — דו ביזט אַ פאַמיליען-פאָטער, געה אַהײם.

— נײן, — האָט יענער געענטפערט, — געה דו בעסער, דו ערנעהרסט צװײ שװעסטער, איך װײס.

און מען האָט זיך אָנגעהויבען דינגען פאַר דאָס רעכט אויפ'ן קבר.

— שנעלער, — האָט קורפעיראַק געזאָגט, — אין אַ פערטעל שטונדע אַרום װעט זײַן צו-שפּעט.

— קלויבט אַלײן אויס, װער עס זאָל אַװעקגעהן, — האָט אַנזשאָלראַס ענטשײדען.

מען האָט איהם געפאָלגט און אויסגעקליבען פינף מענשען.

— פינף! — האָט מאַריוס אויסגעשריען, — עס איז מעהר נישט געװען װי פיער מונדירען...

איצט האָט מען בעדאַרפט אויסקלויבען, װער פון די פינף עס זאָל בלײַבען, און װידער האָט מען זיך אָנגעהויבען דינגען.

— גיכער, אום גאָטעס װילען! — האָט קורפעיראַק אונטערגעשטופּט.

עמיצער האָט אויסגעשריען צו מאַריוס'ן:

— בעשטימט איהר אַלײן, װער עס זאָל בלײַבען!

די אַנדערע האָבען אונטערגעהאַלטען. מאַריוס האָט געמײנט, אַז קײן זאַך אין דער װעלט קען איהם שוין נישט רירען, נאָר איצט, אַז ער האָט געדאַרפט בעשטימען װעמען פון די דאָזיגע מענשען צו פער'משפט'ן צום טויט, האָט זײַן גאַנץ בלוט צוגעשטראָמט צום האַרצען.

ער איז צוגעגאַנגען צו די פינף און דאָס זײ גענומען צעהלען: פינף. ער האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען צו די מונדירען: פיער.

אין דעם מאָמענט איז װי פון הימעל אַראָבגעפאַלען אַ פינפטער מונדיר.

מאַריוס האָט אויפגעהויבען די אויגען און האָט דערזעהן זשאַן װאַלזשאַנען.

זשאַן װאַלזשאַן איז געקומען מיט אַ פּאָאָר מינוט פריהער. קײנער האָט איהם נישט בעמערקט. דער װאַכמאַן פון דער גאַס מאָנטעדור האָט איהם דורכגעלאָזען, פערשטעהענדיג, אַז װען אַ נאַציאָנאַל-גװאַרדיער געהט צו דער באַריקאַדע אײנער אַלײן, איז ער אַ פרײַנד, נישט קײן פײַנד. זשאַן װאַלזשאַן האָט אַלץ געזעהן און געהערט. ער האָט אויסגעטהון זײַן מונדיר און איהם אַרײַנגעװאָרפען אין הויפען פון די אַנדערע מונדירען.

עס האָט אַרויסגערופען אַ גרויסע אויפרעגונג.

— ווער איז דאס? — האט לעגל געפרעגט.

— דאס איז א מענש, — האט קאמבפער געענטפערט, — וואס האט געראטעוועט אנדערע מענשען.

מאריוס האט צוגעגעבען מיט א פעסטער שטים:

— איך קען איהם.

דאס האט אלעמען צופרידענגעשטעלט.

אנזשאלראס האט זיך געווענדט צו זשאן וואלזשאנ'ען:

— זייט אונז ווילקאמען!

דערנאך האט ער צוגעגעבען:

— ווייסט איהר, אז דא ריכטען זיך אלע אויפ'ן טויט?

זשאן וואלזשאן האט נישט געענטפערט און האט גענומען העלפען דעם געראטעוועטען „פינפטען" אראפציהען זיין מונדיר.

## 3 די קאנאנע.

די פינף אויסערוועהלטע זענען אוועקגעגאנגען פון דער באריקאדע דורך די גאס מאנדעטור; מיט זייער אויסזעהן האבען זיי זיך נישט אונטערשיידט פון געוועהנליכע נאציאנאל-גווארדיער. ביים געזעגענען זיך האבען זיי ארומגענומען די חברים. איינער פון זיי האט געוויינט.

ווען זיי זענען שוין אינגאנצען פערשוואונדען, האט זיך אנזשאלראס דערמאהנט אן דעם פערארטיילטען צום טויט זשאווערן. ער איז אוועקגעגאנגען צו איהם. יענער איז געשטאנען געבונדען דער זייל פערטראכט.

— האדפכט אפשר עפיס? — האט אנזשאלראס געפרעגט.

זשאווער האט געענטפערט:

— ווען וועט איהר מיך טויטען?

— ווארט א ביסעל. מיר האבען איצט נויטיג די פאטראנען.

— אויב אזוי, גיט מיר א טרינק.

אנזשאלראס האט געבראכט א גלאז וואסער, און אזוי ווי זשאווער איז געווען געבונדען, האט ער געהאלטען דאס גלאז נעבען גע-בינדענעמים מויל בעת יענער האט געטרונקען.

— מעהר גארנישט? — האט אנזשאלראס געפרעגט.

— מיר איז זעהר אונבעקוועם צו שטעהן דא ביי דער זייל, — האט זשאווער געענטפערט. — נישטא וואס צו ריידען, נישט זעהר פיין געווען פון אייער זייט מיך לאזען אויסשטעהן די גאנצע נאכט אויף די פיס אין אזא פאזע. בינדט מיך ווי איהר ווילט נור אליין, אבי לעגט מיך אוועק אויף א טיש, אט ווי יענעם.

ער האט אנגעוויזען מיטין קאפ אויפ'ן טויטען גוף פון מאבעפן.

אויף אנזשאלראס'עס בעפעהל האט מען זשאווערס פערלאנג ערפולט. פיער פון די רעוואלוציאנערען האבען דעם געפאנגענעם אבגעבונדען און א פינפטער האט די גאנצע צייט געהאלטען א שפיז נעבען זיין ברוסט. דערנאך האט מען איהם צוגעפיהרט צו א טיש, איהם אנידערגעלעגט און פעסט צוגעבונדען צום ברעט.

בעת מען האט זשאווערן געבונדען, איז א מענש געשטאנען אויף דער שוועל פון שיינק און האט צוגעקוקט די סצענע. זשאווער האט בעמערקט עפיס א שאטען, האט אומגעווענדט דעם קאפ און האט גלייך דערקענט זשאן וואלזשאנ'ען, ער האט אפילו קיין ציטער נישט געטהון, האט שטאלץ אראבגעלאזען די ברעמען און געזאגט:

— קיין חדוש נישט.

צווישען א רעוואלוציאנער און א געוועהנליכען פערברעכער האט פאר זשאווערן נישט עקזיסטירט להלוטין קיין שום אונטערשיעד: ביידע האבען געבראכען דאס געזעץ, און פון קיין העכערער זאך ווי דאס געזעץ האט זשאווער נישט געוואוסט.

דרויסען איז געווארען אלץ ליכטיגער און ליכטיגער, אבער מ'האט נאך אין ערגיץ נישט געעפענט קיין טהיר אדער פענסטער. אויפ'ן עק פון דער גאס שאנווערי, געגען-איבער דער באריקאדע, איז איצט קיין מיליטער נישט געווען. די גאס איז געווען שטום, טויט און האט אויסגעזעהן מאדנע-טרויעריג אונטער די שטראה-

גלען פון דער אויסגעהאָלטער הון.

אָבער האָטש מען האָט גאָרנישט געזעהן, האָט מען דערפאַר גענוג געהערט. נישט ווייט פון דאָרט איז אָנגעגאַנגען אַ שטאַרק געוודער. קענטיג, דער קריטישער מאָמענט האָט זיך דערנעהנטערט. די באַריקאַדיסטען, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער וואַך, האָבען זיך אַלע אומגעקעהרט צו זייערע חברים אין לאַגער אַריין.

די באַריקאַדע האָט איצט אויסגעזעהן נאָך שטאַרקער: מ'האָט זי געמאַכט אַ ביסעל העכער. אויסערדעם, האָט אַנזשאָלראַס איבערגעטהון אַ וויכטיגע זאַך: ער האָט בעפוילען צו פערצאַמען דאָס געסיל מאָנדעטור אויך פון דער צווייטער זייט, וועלכע איז ביז איצט געווען אָפען. דער לאַגער פון די רעוואָלוציאָנערען איז איצט געווען בעשיצט פון אַלע זייטען. דערפאַר אָבער האָט ער נישט געהאַט קיין אַרויסגאַנג, דורך וואַנען מ'וואָלט קאָנען אָבטרעטען, אויב נויטיג.

— אונזער פעסטונג זעהט אויס ווי אַ פּאַסטקע פאַר מייז, — האָט קורפעראַק מיט אַ געלעכטער בעמערקט.

מ'האָט יעדען געגעבען זיין פּאָרציע בראָנפן. דאָרט, פון וואַנען מען האָט געקאָנט ערוואַרטען אַן איבערפאַל, איז געווען אַזוי שטיל, אַז אַנזשאָלראַס האָט בעפוילען דעם עולם זיך אַוועקשטעלען אויף די ערטער און זיין גרייט: שוין צו שטיל איז געווען אין שונאים זייט.

און עס איז געווען די רעכטע צייט.

אין עק גאַס האָט זיך געלאָזט הערען אַ גערויש, אָבער עפּיס גאָר אַ נייעס, נישט ענליך צו די קלאַנגען פון ביי-נאַכט: אייזען-געשמידיגע רעדער האָבען געקנאַקט איבער די שטיינער און געטראָגען אויף זיך עפּיס אַ שווערע מאַשינע. מען האָט געפיהלט, ווי עס ציטערט דער באָדען פון די דאָזיגע שטילע גאַסען, וועלכע מ'האָט דאָ דורכגעשביטען פון אַלעמענ'ס טובה וועגען און אין די אינטערעסען פון פרידליכען פּראָגרעס, און כלל נישט צוליעב דעם, כדי איבער זיי זאָלען גרילצען די רעדער פון שווערע מאָרד-אינסטרומענטען.

אויף די געזיכטער פון די פערטיידיגער פון דער באַריקאַדע האָט זיך געלעגט אַ פינסטערער וואָלקען.

אַ קאַנאָנע האָט זיך בעוויזען אויף דער גאַס.

---

## 4. דער מאַמראָן.

די קאַנאָנע איז געווען גרייט צום שיסען. די אַרטילעריסטען זענען געשטאַנען אַרום איהם, דער קנויט איז געווען אָנגעצונדען.

— פייער! האָט אַנזשאָלראַס אויסגערופען.

די באַריקאַדיסטען האָבען אָבגעפייערט אַלע צוזאַמען. אַ וואָלקען פון רויך האָט אויף אַ ווייַלע פערדעקט די קאַנאָנע און די מענשען. ווען דער רויך איז זיך צעגאַנגען, האָט מען ווידער געזעהן די אַרטילעריסטען, וועלכע האָבען רוהיג געאַרבייט אַרום דער קאַנאָנע. קיינער פון זיי איז אַפילו פערוואונדעט נישט געוואָרען. דער ציעלער האָט אָנגעשטעלט די קאַנאָנע געגען דער באַריקאַדע מיט דער געלאַסענהייט פון אַן אַסטראָנאָם, וואָס אָרדענט איין זיין טעלעסקאָפּ.

— בראַוואָ! — האָט לעגל אויסגעשריען, און די גאַנצע באַריקאַדע האָט אַפּלאָדירט דעם מוטה פון די אַרטילעריסטען.

— געטראָפען! — האָט אַ פרעהליכע שטים אויסגערופען.

און אין דעמזעלבען מאָמענט, וואָס די קויל האָט אַ זעץ געטהון אין די באַריקאַדע, איז פון דער באַריקאַדע אַראָבגעשפּרונגען עפּיס אַ בעשעפעניש. דאָס איז געווען גאַוראָש. זיין ערשיינונג האָט געמאַכט מעהר אויפזעהן איידער די קויל, וועלכע האָט אַ זעץ געטהון אין דעם הויפען מיסט, און האָט זיך אין איהם איינגעגראָבען.

— ווייטער! — האָט לעגל אַ געשריי געטהון צו די סאָלדאַטען.

אַלע האָבן אַרומגערינגלט גאַוראָשן, אָבער מאַריוס האָט אים גלייך אַוועקגעפירט אין אַ ווינקעל.

— וואָס ביסטו אַהער ווידער געקומען?

— הם...— האָט דאָס יונגעל געענטפערט.— און איהר?

ער האָט געוואָרפן אויף מאַריוסן איינעם פון זיינע בליקן, וואָס זענען געווען פול מיט חוצפה און אמת'ן מוטה צו גלייכער צייט. זיינע אויגן האָבן געפינקעלט פון אינערליכען פייער.

מאַריוס האָט ווייטער געפרעגט מיט אַ שטרענגען טאָן:

— אָבער ווער האָט דיר געהייסן זיך אומקעהרן אַהער? דעם בריעף האָסטו חאָטש אָפּגעגעבן וואוהין מ'האָט געהייסן?

בנוגע צום בריעף האָט גאַוראָש געהאַט נישט גאָר קיין ריין געוויסן. ווילענדיג אומקעהרן זיך וואָס שנעלער, האָט ער איהם ווי עס איז אַראָפּגעפּטר'ט פון די הענד, האָט איהם נישט געגעבן צו אַן אונבעקאַנטן מענשען, וועלכען ער האָט אפילו רעכט נישט בעקוקט אין חצר פינסטער. אמת, יענער מאַן איז געווען אָהן אַ היטעל,— אַ שטיקעל רעקאָמענדאַציע ביי גאַוראָשן אין די אויגן,— אָבער דאָס איז ווייניג מילא, האָט גאַוראָש געמוזט זאָגן אַ ליגן.

— איך האָב אָפּגעגעבן דעם בריעף צום הויז-וועכטער. די דאַמע איז שוין געשלאָפן. מוועט איהר איבערגעבן דעם בריעף, גלייך ווי די וועט אויפשטעהן.

אַוועקשיקענדיג גאַוראָשן, האָט מאַריוס געהאַט אַ דאָפּעלטען מיין חערבי: געזעגענען זיך מיט קאָזעטע'ן און ראַטעווען גאַוראָשן פון טויט. איצט, הייסט עס, האָט ער דערגרייכט נור איין ציעל. פלוצים איז איהם אַריין עפּיס אַ חשד אין קאָפּ: ווי קומט „פּאָשלעוואַן" גראָדע איצט צו דער באַריקאַדע?

— קענסט דעם דאָזיגען מענשען?— האָט ער געפרעגט ביי גאַוראָשן, אָנווייזענדיג אויף זשאַן וואַלזשאַנען.

גאַוראָש האָט דעם אַלטען נישט דערקענט און האָט געענטפערט:

— ניין.

מאַריוס'עס חשד איז פערשוואונדען.

גאַוראָש איז אַוועקגעלאָפען און האָט היי־דער גענומען זיין ביקס.

די סאָלדאַטען זענען, קענטיג, נישט געווען צופריעדען פון זייער שאָס; דען זיי האָבען מעהר קיין החיסען קוילען נישט געשלייידערט, נאָר אַנזשאָלראַס האָט בעמערקט, אַז מ'מאַכט עפּיס ניייע הכנות. פּלוצלונג האָט ער אויסגע־שריען:

— בוקט זיך אַן! שטעלט זיך אַלע אויף די קניה!

מען האָט איהם מאָמענטאַל געפאָלגט, און באַלד האָט זיך געלאָזט הערען אַ שאָס. אַ האָגעל מיט קוילען האָט אַ שפּריץ געטהון אויף די באַריקאַדע, עטליכע זענען אָפּגעשפּרונגען פון די וואַנד און האָבען פערוואונדעט דריי מענשען און צוויי געטויט אויפ'ן אָרט. דאָס האָט מען געשאָסען מיט קאַרטעטש. די זאַך איז געוואָרען ערנסט.

— מ'טאָר זיי נישט דערלאָזען אויסשיסען צום צווייטען מאָל,— האָט אַנזשאָלראַס געזאָגט און האָט גענומען ציעלען אויפ'ן ווערקער, וואָס איז געשטאַנען אין עק גאַס.

דער פייערווערקער איז געווען אַ שעהנער יונגער-מאַן מיט אַ קלוג געזיכט. קאָמבפער האָט אַ קוק געטהון אויף איהם און האָט געזאָגט:

— אַך, וואָס פאַר אַ געמיינהייט די גאַנצע בלוט-פערגיסונג איז! אַנזשאָלראַס, דו ציעלסט אויפ'ן פייערווערקער, טו אָבער פריהער אַ קוק אויף איהם: ער איז שעהן, מוטהיג און קלוג; אַלע אַרטילעריסטען זענען געבילדעטע מענשען; ער האָט געוויס אַ פאָטער, אַ מוטער, פיליכט איז ער פערליעבט; אַלט איז ער נישט מעהר פון פינף און צוואַנציג יאָהר און וואָלט געקאָנט זיין דיין ברודער.

— ער איז אַזוי אויך מיין ברודער,— האָט אַנזשאָלראַס געענטפערט.

— יאָ,— האָט קאָמבפער געענטפערט,— און מיינער אויך. און ווי באַלד אַזוי, לאָמיר איהם נישט הרג'ענען.

— לאָז מיך אָב. וואָס מען מוז טהון — זאָל געטהון ווערען.

אין איבער אַנזשאָלראַס'עס מאַרמאָר-בלאַסער באַק איז אַראָבגעפאַלען אַ טרער. אין דערזעלבער צייט האָט ער אַ דריק געטהון דאָס צינגעל פון דער ביקס. אין אַ סעקונדע אַרום האָט דער אַרטילעריסט אויפגעהויבען ביידע הענד, האָט זיך איבערגעדרעהט און איז צוריק שנעפאַלען צו דער קאַנאָנע. ער איז געווען טויט.

אויף זיין אָרט האָט מען בעדאַרפט אויסגעפינען פאַנאַטערן, און אַזוי אַרום האָבען די באַריקאַדיסטען געוואונען עטליכע מינוט.

די רעוואָלוציאָנערען האָבען אָבגעהאַלטען אַ בעראַטונג. אין גיכען וועט מען ווידער אָנהויבען צו שיסען מיט קאַרטעטש. מ'וואָלט בעדאַרפט מיט עפּעס אָבשוואַכען די קראַפט פון די קוילען.

— פאַרקלעבען אַ מאַטראַץ, — האָט אַנזשאָלראַס אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג.

— קיין מאַטראַץ איז נישטאָ, — דאָט קאָמבפער געענטפערט, — די פערוואונדעטע ליעגען אויף איהם.

זשאַן וואַלזשאַן איז די גאַנצע צייט געזעסען מיט זיין ביקס צווישען די פיס און האָט גאָרנישט געטהון. עמיצער האָט אַ זאָג געטהון: „דאָס יענע ביקס שיסט גאָר נישט", אָבער ער האָט דערויף קיין אַכט נישט געגעבען. איצט אָבער, דערהערענדיג אַנזשאָלראַס'עס ווערטער, איז ער אויפגעשטאַנען פון אָרט.

צוריק מיט עטליכע קאַפיטלען האָבען מיר דערצעהלט, אַז איינע פון די שכנות אונטער'ן באַמע האָט פערהאַנגען איהר פענסטער מיט אַ מאַטראַץ, וועלכער האָט זיך געהאַלטען אויף צוויי שטריק.

— קאָן מיר עמיצער געבען אַ צוויי-רעהרעדיגע ביקס? — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט.

אַנזשאָלראַס האָט איהם דערלאַנגט זיין אייגענע. זשאַן וואַלזשאַן האָט געצילט אויף דאָס דאַך-שטיבעל און האָט אויסגעשאָסען. איינע פון די שטריק האָט פלוצים געפּלאַצט, ווי איבערגעשניטען מיט אַ מעסער. דער מאַטראַץ האָט זיך איצט געוויגט אויף איין שטריק. זשאַן וואַלזשאַן האָט אויסגעשאָסען צום צווייטען מאָל. דער מאַטראַץ איז אַראָבגעפאַלען אויף די גאַס.

די באַריקאַדיסטען האָבען געענטפערט דערויף מיט דונערדיגע אַפּלאָדיסמענטען. איצט האָט מען געדאַרפט ברענגען דעם מאַטראַץ אַהער. די סאָלדאַטען, צוזייט דורך דעם פייערווערקער'ס טויט, האָבען געהאַלטען אין איין שיסען פון די ביקסען. אָדער אַריבער די באַריקאַדע האָבען זיי נישט געטראָפען, אָבער אויף דער גאַס איז געווען זעהר געפעהרליך. זשאַן וואַלזשאַן איז פונדעסטוועגען אַרויסגעגאַנגען פון דער באַריקאַדע און אונטער אַ האָגעל פון קוילען האָט ער געבראַכט דעם מאַטראַץ און איהם אַוועקגעלעגט, וואו מ'האָט געדאַרפט.

אין גיכען האָט מען ווידער אויסגעשאָסען אין די באַריקאַדע מיט קאַרטעטש. אָבער דאָס-מאָל זענען די קוילען געזונקען אין מאַטראַץ, זענען נישט אָבגעשפּרונגען צוריק און האָבען קיינעם נישט בעריהרט. פאָרלויפיג איז די באַריקאַדע געווען אויסער געפאַהר.

— בירגער! — האָט אַנזשאָלראַס געזאָגט צו זשאַן וואַלזשאַנ'ען. — די רעפּובליק דאַנקט אייך.

לעגל האָט געטאַנצט פאַר שמחה און געטענה'ט:

— עס איז איינפאַך אוממאָראַליש, אַ מאַטראַץ זאָל בעזיצען אַזאַ מאַכט. נאָר נעהמט עס דער וואַטענמאַכער: אורא פאַר'ן מאַטראַץ!

---

## 5. אַנזשאָלראַס'עס געליעבטע.

די סאָלדאַטען האָבען אַלץ געשאָסען און געשאָסען, אַמאָל מיט קאַרטעטש, אַמאָל פון די ביקסען, אָבער קיין גרויסען שאָדען האָבען זיי נישט אָנגעמאַכט. געליטען האָט בלויז דער איבערשטער טייל פון שיינק, און די פענצ-

דיגער פון דער באַריקאַדע, וואָס האָבן האַרט געוועזן פערטומען פלעצער, זענען געצוואונגען געווען פון דאָרט אַרויס. אָבער די באַריקאַדע האָט נישט געענטפערט.

ביי יעדן אונגעלונגענעם שאָס פון די סאָלדאַטן האָט גאַוראָש זיי אַרויסגעשטעלט אַ צונג און קורפעראַק האָט געמאַכט חוזק פון דער קאַנאָנע.

— פּלאַפּעלסט סתּם אין דער וועלט אַריין, נשמה מיינע! — האָט ער געשריען.

דאָס שווייגן פון דער באַריקאַדע האָט ערוועקט אַ חשד ביי די סאָלדאַטן. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר אַן אומגעריכטן אָנפאַל פון דער זייט און האָבן איינגעזעהן די נויטווענדיגקייט צו האָפּן אַ קוק, וואָס טוט זיך אינווייניג, אין לאַגער פון די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע ענטפערן נישט אויף די שיסעריי. און פּלוצים האָבן די בעלאַגערטע בעמערקט אויפן דאַך פון אַ שכנישן הויז דעם מעשענעם העלם פון אַ פייערלעשער.

— נו, אָט דאָס פערקוקן אַהער געפעלט מיר שוין נאַרישט, — האָט אַנזשאָלראָס געזאָגט.

נישט רידענדיג קיין וואָרט, האָט זשאַן וואַלזשאַן געצילט אויפן פייערלעשער, און אין אַ סעקונדע אַרום איז דער גלאַנציגער העלם אַראָפּגעפלויגן פונים פייערלעשער'ס קאָפּ, און דער דערשראָקענער אייגענטימער פונים מעשענעם היטעל האָט זיך אָפּגעטראָגן פונים געפערליכן פּלאַץ. אַנשטאָט איהם האָט זיך באַוויזן אַן אָפיציר. זשאַן וואַלזשאַן, וועלכער האָט דערווייל אָנגעלאָדן זיין ביקס, האָט ווידער אויסגעשאָסן, און דעם אָפיציר'ס העלם האָט געהאַט אַזאַ מזל ווי דעם סאָלדאַט'ס. דאָסמאָל האָט מען פערשטאַנען דעם וואונק: „קריכט נישט אין פייער" — און די אויסקוקער זענען פערשוואונדען.

— פאַרוואָס האָט איהר זיי נישט געטויט? — האָט לעגל געפרעגט ביי זשאַן וואַלזשאַנען.

זשאַן וואַלזשאַן האָט נישט געענטפערט.

אויף אַ קורצע צייט האָט זיך ביי די בעלאַגערטע אין האַרצן געוועזן אָנגעצונדן אַ פונק פון האָפנונג.

— הערט זיך איין, — האָט אַנזשאָלראַס פּלוצים געזאָגט, — דאַכט זיך, פּאַריז וואַכט...

און ווירקליך, אין פערלויף פון אַ שטונדע אָדער צוויי האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דער אויפשטאַנד וואַקסט זיך פונאַנדער. דאָס געקלאַנג פון שטורם-גלאָק אויף דער קירך סען-מערי האָט דעם עולם אַ ביסעל אויפגערעגט. די מיליטער-קאָמאַנדירען זענען געוואָרען אונרוהיג. מ'האָט בעשלאָסן וואָס שנעלער צו דערשטיקן דאָס פייער. מ'האָט אָפּגעלעגט די אַטאַקע פון די גרעסערע באַריקאַדען, ביז מ'וועט איינשטילן די קלענערע אויסברוכען, אום מ'זאָל נאָכדעם האָבן פרייע הענד צו מאַכן אַ סוף פון דער גאַנצער בעוועגונג מיט איין קלאַפּ. דערווייל האָט מען צושיקט סאָלדאַטן אין די אונרוהיגע גאַסען, וועלכע מ'האָט גענומען רייניגען. די סאָלדאַטן האָבן אַריינגעדרונגען אין די הייזער, פון וואַנען מ'האָט געשאָסן, די קאַוואַלעריע האָט געטריבען דעם עולם פון די בולוואַרען. דאָס אַלץ האָט אָנגעמאַכט אַ געוויסן רעש אין שטאָדט, און דאָס האָט אַנזשאָלראַס דערהערט. פון דער באַריקאַדע האָט מען דערזעהן, אַז אין דער ווייטען טראָגט מען פערוואונדעטע אויף „מטות" פון צייט צו צייט, און אַנזשאָלראַס האָט געזאָגט צו קורפעראַקן:

— דאָס טראָגט מען נישט פון אונזער זייט.

אין גיכען אָבער איז די לעצטע האָפנונג אויסגעלאָשען געוואָרען. און גאַס איז געוואָרען שטיל, און די רעוואָלוציאָנערן האָבן געשפירט, ווי אַ שווערע בלייערנע דעק וואָלט זיי צוגעדריקט צו דער ערד. דאָס פאָלק איז געבליבן גלייכגילטיג און האָט אינגאַנצען פערלאָזען די עטליכע עקשנים, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. דער קריגס-מיניסטער און די גענעראַלען האָבן איצט געהאַט אַ מעגליכקייט צו שענקען זייער גאַנצע

אויפמערקזאַמקייט די דריי־פיער נאָך נישט צו־שטערטע באַריקאַדן.

די זון האָט זיך אויפגעהויבן העכער, איינער פון די באַריקאַדיסטן האָט געזאָגט צו אַנזשאָלראַסן:

— אַלע ווילן עסן. וועלן מיר טאַקע מוזן שטאַרבן הונגעריקערהייד?

אַנזשאָלראַס האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

קורפייראַק האָט זיך אַלץ געוויצלט אי־בער דער קאַנאָנע:

— דו ביסט נעבעך, מיזראַלט! איהר אפשר בעדאַרפסט געבן אַ שטיקל קאַנדעל־צוקער...

דער עולם האָט געלאַכט.

לעגל האָט זיך געווענדט צו קורפייראַקן:

— הערסטו? איך בין ענטציקט פון אַנ־זשאָלראַסן. זיין רוהיגער מוטה איבערראַשט מיך. ער איז דאָך אַזוי עלענד! מיר אַלע, אוי־סער איהם, האָבען פרויען, געליבטע, וואָס מאַ־כען אונז משוגע,— איך מיין מוטהיג. אַז מען ליבט ווי אַ טיגער, איז קיין חידוש ניט, וואָס מען שלאָגט זיך ווי אַ לייב. אונזער גאַנצע העל־דישקייט שטאַמט פון די ווייבער. אַ מאַן אָהן אַ פרוי איז אַ פּיסטאָלעט אָהן אַ צינגל; די פרוי מאַכט דעם מאַן שיס־פעהיג. אַנזשאָלראַס האָט קיינעם נישט. דאָס איז אונבעגרייפליך: ווי קאָן מען זיין קאַלט ווי אייז און צו גלייכער צייט געוואַגט ווי פייער!

אַנזשאָלראַס האָט, דאַכט זיך, נישט גע־הערט, וואָס מען רעדט וועגען איהם, נאָר אויב עמיצער וואָלט געשטאַנען נעבען איהם, וואָלט יענער געהערט, ווי ער האָט אַרויסגעמורמעלט: „פּאַטריאַ". *)

6. גאַווראָש.

פלויצים האָט לעגל אויסגעשריען:

— נאָך איינע!

און ווירקליך: אויף דער כּצענע האָט זיך בעוויזען אַ נייע „פּערזאָן": נאָך אַ קאַנאָנע.

דאָס האָט געשמעקט מיט שיסען בי־נאַל.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבען ביידע קאַ־נאָנען אָנגעהויבען צו רעגענען מיט פייער אויף די באַריקאַדע, איינע מיט גרויסע קוילען, די אַנ־דערע מיט קאַרטעטש. אַ ביסעל ווייטער האָט מען געהערט דעם הילך פון אַנדערע צוויי קאַנאָנען: דאָס האָט מען געשטורמט די באַריקאַדע סען־מערי.

— מיר מוזן די קאַנאָנען אַ ביסעל איינשטי־לען,— האָט אַנזשאָלראַס געזאָגט,— שיסט אויף די אַרטילעריסטען.

ערשט איצט האָט די גאַנצע באַריקאַדע, וואָס האָט אַזוי לאַנג געשוויגען, אָבגעפייערט זעקס־זיבען מאָל נאָכאַנאַנד. אַז דער רויך־שלייער האָט זיך פונאַנדערגעריסען, האָט מען געזעהן צוויי דריטעל פון די אַרטילעריסטען ליגען אונטער די רעדער פון די קאַנאָנען. די איבעריגע האָבען געאַרבייט געלאַסען, ווי פריהער, אָבער די שיסערייַ פון די קאַנאָנען איז פיעל שוואַכער געוואָרען.

— אויסגעציכענט!— האָט לעגל גע־זאָגט.— דאָס איז אַ ערפאָלג.

אַנזשאָלראַס האָט אַ שאָקעל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— נאָך אַ פערטיל שטונדע ערפאָלג, בלייבען מיר אָהן פּאַטראָנען.

גאַווראָש איז געשטאַנען דערנעבען און האָט אַלץ געהערט.

*) דאָס פאָטערלאַנד.

פּלוצים האָט קורפּעראַק דערזעהן עמיצן דריסען נעבן דער באַריקאַדע, אונטער דער שיסערײַ פֿון די סאָלדאַטן. דאָס איז געווען גאַווראָש מיט אַ קערביל, אין וועלכן מ'טראָגט ביער־אָדער ווײַן־פֿלעשער, אין האַנט. ער איז אַרומגעגאַנגען צווישען די געהרגעטע סאָלדאַטן, וואָס זענען געלעגן נעבן דער באַריקאַדע, האָט אויסגעליידיגט זייערע פּאַטראָנטאַשן און זיך גאַנץ רוהיג געזאַמעלט די פּאַטראָנען אין זײַן קערביל.

— וואָס טוסטו דאָרט? — האָט קורפּעראַק געפֿרעגט.

גאַווראָש האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— איך קלויב די פּאַטראָנען.

— זעהסט דען נישט די קאַרטעטשן?

— יאָ, עפּיס אַזוי ווי עס רעגנט. מילא בכן?

— גיי צוריק! — האָט קורפּעיראַק אויסגעשריגן.

— די מינוט! — האָט גאַווראָש געענטפֿערט און האָט אַ שפּרונג געטהון אויף די מיט פֿון גאַס.

אויפ'ן ברוק, אין פֿערשיעדענע פּלעצער, זענען געלעגן אַ צוואַנציג טויטע סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן האָבן געהאַט בײַ זיך פּאַטראָנטאַשן. גאַווראָש איז געווען איבערצייגט, אַז אין די פּאַטראָנטאַשן זענען פֿאַראַן פּאַטראָנען, און וועלכע די באַריקאַדע האָט זיך גענויטיגט.

דער הויך פּונים פּולווער האָט געדיכט אָנגעפּילט די גאַס און האָט זאָגאַר פֿערשטעלט די שיין פֿון דער זון. די קאָמאַנדירען פֿונם מיליטער זענען פֿון דער דאָזיגער פֿינסטערניש געווען צופֿרידען, ווייל זי איז געווען גינסטיג פֿאַר די אַטאַקע, וועלכע זיי האָבן זיך געקליבן צו מאַכען. דאָסזעלבע פֿינסטערניש האָט געדיענט גאַווראָשן אויך. ער איז זיך אַרומגעגאַנגען צווישען די טויטע און געקליבן די „בלייערנע יאַגדעס". פֿון דער באַריקאַדע האָט מען מורא געהאַט איהם צו רופֿען, אום די סאָלדאַטן זאָלען איהם נישט באַמערקען. ער איז אָבער אַליין פֿערקראָכען אַזוי ווייט, אַז די סאָלדאַטן האָבן איהם דערזעהן. בעת ער האָט געליידיגט דעם פּאַטראָנטאַש פֿון אַ סערזשאַנט, האָט אַ קויל אַ זעץ געטהון אין טויטן קערפּער.

— שאַ, — האָט גאַווראָש געזאָגט, — זיי שיסען שוין גאָר אין די טויטע.

און ער האָט ווײַטער געטהון זײַן אַרבייט. אַ צווייטע קויל האָט געטראָפֿען אין האַנד נעבען איהם, אַ דריטע האָט איהם אַרויסגעשלאָגען דאָס קערביל פֿון האַנד. גאַווראָש האָט זיך אויסגעגלייכט, האָט אַ קוק געטהון אויף די סאָלדאַטן, וואָס האָבן אין איהם געשאָסען, האָט זיך גענומען בײַ די זײַטען און הויך אָנגעהויבן זינגען אַ ליעדעל. הערנאָך האָט ער אויפגעהויבען דאָס קערביל, צונויפגעקליבן די צושאָטענע פּאַטראָנען ביז'ן לעצטען און איז צוגעגאַנגען צו אַ טויטן קערפּער, וואָס איז געלעגן נאָך נעהנטער צו די סאָלדאַטן. ווידער איז פֿאַרבײַגעפֿלויגען אַ קויל. גאַווראָש האָט אַליין געזונגען.

אַ שרעקליכע שפּיעל האָט זיך אָנגעהויבען צווישען דעם יונגעל און די סאָלדאַטן. די האָבן געשאָסען און געשאָסען, און ער איז אַרומגעשפּרונגען, ווי אַ פֿויגעלע, האָט געזונגען, אויך ווי אַ פֿויגעלע, און האָט אַלץ געקליבען פּאַטראָנען. די סאָלדאַטן האָבן געלאַכט; ציעלענדיג אויף איהם. די רעוואָלוציאָנערען זענען געשטאַנען אָהן אָטעם און האָבן פֿון איהם קיין אויג נישט אַראָפּגענומען. אַלע האָבן געציטערט פֿון שרעק, און ער האָט געזונגען.

ווי בינען זענען די קוילען אַרומגעפֿלויגען אין דער לופֿט, און דאָס קינד האָט זיך אַרומגעדרעהט צווישען זיי און זיך ווי מיט זיי געשפּיעלט. און סוף כל סוף האָט איהם איינע פֿון זיי באַרט געטראָפֿען. גאַווראָש האָט זיך אַ שאָקעל געטהון און איז געפֿאַלען מיט'ן פּנים צו דער ערד. די אונערשראָקענע נשמה פֿונים קליינעם העלד איז אַוועקגעפֿלויגען.

ערשט איצט האָט מען אויף דער באַריקאַדע ערוואַכט, ווי פֿון אַ שלאָף. מיט איין שפּרונג איז מאַריוס אַריבערגעפֿלויגען איבער די

באַריקאַדע, און קאַמבפער נאָך איהם. אָבער עס איז שוין געוועזען צו־שפּעט. גאַווראָש איז געווען טויט. קאַמבפער האָט גענומען דאָס קערביל מיט די פּאַטראָנען; מאַריוס האָט געטראָגען דאָס קינד.

אַז מאַריוס האָט זיך אומגעקעהרט צו דער באַריקאַדע מיט גאַווראָש'ן אויף די הענד, איז זיין געזיכט, ווי בייַם קינד, געווען פערגאָסען מיט בלוט. בעת ער האָט זיך אָנגעבויגען איבער גאַווראָש'ן, איז אַ קויל פאַרבייַגעפלויגען און האָט איהם אַ שניט געטהון אין שטערן, אָבער יענער האָט דעמאָלט הערויף קיין אַכט נישט געגעבען. קורפעיראַק האָט אויסגעטהון זיין האַלזטוך און האָט מאַריוס'ן אַרומגעבונדען דעם שטערן.

גאַווראָש'ן האָט מען אַוועקגעלעגט אויפ'ן טיש נעבען מאַבעפ'ן און איהם צוגעדעקט מיט דערזעלבער שאַל, די האָט געקלעקט פאַר'ן זקן און פאַר'ן קינד.

---

## זשאַן־וואַלזשאַנ'ס נקמה.

קאַמבפער האָט צוטיילט צווישען עולם די פּאַטראָנען, פאַר וועלכע גאַווראָש האָט בעצאָהלט מיט זיין לעבען. דאָס האָט געגעבען יעדען אַ מעגליכקייט אויסצושיסען נאָך אַמאָל פופצעהן.

זשאַן וואַלזשאַן איז די גאַנצע צייט געזעסען אונבעוועגליך. אַז קאַמבפער האָט איהם פאָרגעלעגט זיין חלק פּאַטראָנען, האָט ער אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ אויף ניין.

— אַ מאָדנער מענש! — האָט קאַמבפער שטיל געזאָגט אַנזשאָלראַס'ן. — נעהמט נישט קיין אָנטייל אין דער שלאַכט און בלייבט פונדעסטוועגען אויף דער באַריקאַדע.

— און דאָס שטערט איהם כלל נישט זי צו פערטיידיגען, — האָט אַנזשאָלראַס געענטפערט.

פּלוצים, צווישען איין שאָס און דעם צווייטען, האָט מען דערהערט שלאָגען ערגיץ אַ זייגער.

— האַלבער טאָג, — האָט קאַמבפער געזאָגט.

נאָר נאָך איידער דער זייגער האָט געענדיגט צו שלאָגען, האָט אַנזשאָלראַס, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער באַריקאַדע, אויסגעשריען:

— טראָגט שטיינער אין הויז אַריין און פערלעגט די פענסטער. האַלב אַ טייל פון די מענשען, בלייבען דאָ מיט ביקסען אין די הענד און דער צווייטער טייל זאָל זיך פערנעהמען מיט די שטיינער. שנעלער! מיר האָבען קיין איין מינוט נישט צו פערליערען.

אויפ'ן עק פון גאַס האָט זיך בעוויזען אַן אַבטיילונג פון פייערלעשער מיט העק אויף די אַקסלען. דאָס האָט דייטליך געוויזען, אַז דער ענטשיידענדער מאָמענט קומט אָן. די פייערלעשער האָבען צושטערען די באַריקאַדע אָהנע ווענינסטענס מאַכען אין איהר אַ לאָך. דערנאָך קומט אַן אַלגעמיינע אַטאַקע.

אַנזשאָלראַס'עס בעפעהל איז ערפילט געוואָרען מיט אַזאַ געשווינדקייט און פּינקטליכקייט, ווי עס ווערט געטהון טאַקע נור אויף באַריקאַדען און אויף שיפען, — צוויי שלאַכטפעלדער, פון וואַנען עס איז אונמעגליך צו אַנטלויפען. אין אַ מינוט צייט זענען די פענסטער פערלעגט געוואָרען, און נור קליינע לעכער האָט מען געלאָזען צווישען די שטיינער, מ'זאָל קאָנען אַרויסשטעקען די ביקסען צום שיסען.

אַנזשאָלראַס האָט זיך געזאָגט, אַז די באַלד אַזוי פיעל מענשען האָבען זיך בעשלאָסען צו שטאַרבען, דאַרף עס איינגעאָרדענט ווערען ווי געהעריג איז. ער האָט זיך געווענדט צו מאַריוס'ן:

— מיר ביידע זענען דאָ די אָנפיהרער. איך נעהם אויף זיך אַכטונג צו געבען אינווייניג אין הויז און דו בלייב דרויסען.

מ'האָט אַנגעגרייט העק און אָנגעלאָדען אַלע ביקסען. דערצו האָבען זיך כמעט אַלע בעוואָפענט מיט שווערדען און פּיסטאָלעטען: די צאָהל פון די באַריקאַדיסטען איז איצט געווען קלענער, האָט געקלעקט געווער פאַר אַלעמען.

אַנזשאָלראַס האָט געזאָגט צו זשאַווער'ן:

— און דיר וועל איך אויך נישט פערגעסען.

ער האט אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש א פיסטאלעט און געזאגט:

— ווער ס'וועט אוועק פון האנען דער לעצטער, זאל ארייננשיקען דעם שפאן א קויל אין קאפ.

— דאן? — האט עמיצער געפרעגט.

— ניין, מ'דארף נישט מישען דעם דיזיגען גוף מיט אונזערע. איבער די קליינע באריקאדע קאן מען לייכט אריבערקלעטערן אין דאס געסעל מאנטעדור מיט'ן געפאנגענעם און איהם דארטען טויטען.

אנזשאלראס איז אויסערליך געווען זעהר רוהיג, נאר דא איז געשטאנען א מענש, וואס האט אויסגעזעהן צו זיין נאך רוהיגער; דאס איז געווען — זשאווער.

אין דער מינוט האט זיך זשאן וואלזשאן געווענדעט צו אנזשאלראס'ן:

— איהר זענט דא קאמאנדיר?

— יא.

— איהר האט מיר ערשט געדאנקט?

— יא. די באריקאדע האט צוויי רעטער: מאריוס פאנמערסי און איהר.

— ווי דענקט איהר, קומט מיר א בעלוינונג?

— געוויס.

— דאן בעט איך די:

— וואס פערלאנגט איהר?

— ערלויבט מיר ארייננצושיסען דעם דאזיגען מענשען א קויל אין שטערן.

זשאווער האט אויפגעהויבען דעם קאפ, האט א קוק געטהון אויף זשאן וואלזשאנ'ען און האט געזאגט:

— דאס איז נישט מעהר ווי רעכט.

אנזשאלראס האט געפרעגט, צי קיינער האט נישט דאגעגען, דערנאך האט ער געזאגט:

— נעהמט איהם.

זשאן וואלזשאן האט גענומען דעם פיסטאלעט אין האנד. אין דער מינוט האט מען דער־הערט דעם אויסרוף פון טרומייט, וואס רופט צו אטאקע, און אלע האבען זיך א וואַרף געטהון צו דער באריקאדע.

— איך איז נישט בעסער פאר מיר, — האט זשאווער געזאגט מיט א שטילען געלעכטער. צום ווידערזעהן!

זשאן וואלזשאן האט גענומען זשאווער'ן און האט איהם אוועקגעשלעפט אין געסעל מאנטעדור. דערנאך האט ער זיך אוועקגעשטעלט און געווארפען אויפ'ן פאליציי־אינספעקטאר א שארפען קוק, ווי ער וואלט וועלען זאגען: „זשאווער, דאס בין איך!"

זשאווער האט געענטפערט:

— קאנסט זיך אן מיר נוקם זיין.

זשאן וואלזשאן האט ארויסגענומען א מעסער.

— אזוי גאר! — האט זשאווער אויסגעריפען געגען זיין ווילען. איבעריגענס, דו האסט רעכט, דאס פאסט פאר דיר בעסער.

זשאן וואלזשאן האט איבערגעשניטען די שטריק, מיט וועלכע זשאווער איז געווען געבונדען, און האט געזאגט:

— איהר זענט פריי.

נישט לייכט געווען צו פערוואונדערן זשאווער'ן, נאר דאסמאל איז ער געבליבען שטעהן פערבליפט, נישט ריהרענדיג זיך פון ארט.

זשאן וואלזשאן האט צוגעגעבען:

— איך גלויב נישט, מיר זאל געלינגען פון האנען ארויס לעבעדיג, נאר טאמער יא, זאלט איהר וויסען, אז איך וואוין אויף דער גאס פון „בעוואפענטען מענשען" נומער זיבען, אונטער'ן נאמען פאשלעוואן.

זשאווער האט זיך פערפינסטערט און איז געווארען ענהליך צו א טיגער, וואס שארפט דיינע ציינער, דערנאך האט ער געזאגט צווישען די ציינער:

— היט זיך!

— געהט! — האט זשאן וואלזשאן געענטפערט.

— זאגסטו: פאשלעוואן, די גאס פון „בעוו־

וויפּענטען מענשען״?

— נומער זיבען.

זשאַווער האָט ווידערהאָלט פאַר זיך: „נומער זיבען״. הערנאָך האָט ער פערשפּילענט דעם ראָק, האָט אויסגעגלייכט די ברוסט און זיך געלאָזען אַוועקגעהן. זשאַן וואַלזשאַן האָט איהם נאָכגעקוקט. מיט עטליכע טריט ווייטער האָט זיך זשאַווער אויסגעקערעוועט און האָט געזאָגט:

— איהר האָט זיך מיר צוגעגעסען, אַ ביטערע ציבעלע. דערהרג'עט מיך בעסער.

ער האָט אַליין נישט בעמערקט, אַז ער האָט אָנגעהויבען צו זאָגען דעם קאַטאָרזשניק „איהר״.

— גערט אַוועק, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט.

זשאַווער איז אַוועקגעגאַנגען. אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זשאַן וואַלזשאַן אויסגעשאָסען פון זיין פּיסטאָלעט און האָט זיך אומגעקערט צו דער גרויסער באַריקאַדע.

מאַריוס האָט געזעהן, ווי זשאַן וואַלזשאַן פיהרט זשאַווער'ן צום געסעל מאָנטעדור איהם דאָרט צו דערשיסען און אין זיין הארצען האָט ווידער ערוואַכט אַ חשד בנוגע צו קאָזעטע'ס פאָטער: וואָס איז דאָס פאַר אַ מענש? איז ער נישט אָפּשטאַל אַ פערברעכער? פּלוצים האָט מאַריוס דערהערט אַ שאָס, און גלייך דערויף האָט זיך בעוויזען זשאַן וואַלזשאַן און האָט געזאָגט:

— פאַרטיג.

אַ קעלט האָט אַרומגענומען מאַריוס'עס הארץ.

---

### גראַנטער האַלט וואָרט.

די סאָלדאַטען האָבען איצט געשטורמט די באַריקאַדע מיט אַלע זייערע קרעפטען. די באַריקאַדע האָט זיך געהאַלטען פעסט. איהרע פערטיידיגער האָבען אַזוי שרעקליך געדונגענט מיט פייער אויף די סאָלדאַטען, אַז יענע האָבען עטליכע מאָל געמוזט אָפּטרעטען. אָבער גלייך האָבען זיי זיך ווידער געוואָרפען צו איהר נאָך

מיט מעהר היץ. די גסיסה האָט זיך אָנגעהויבען.

אויף איין ברעג פון דער באַריקאַדע איז געשטאַנען אַנזשאָלראַס, אויפ'ן צווייטען — מאַריוס. אַנזשאָלראַס האָט אין זינען געהאַט נור די באַריקאַדע און האָט זיך געהיט און זיך אויסבעהאַלטען פון די קוילען מיט אַלע מעגליכקייטען; מאַריוס, פערקעהרט, האָט אַליין נישט געוואוסט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז, האָט זיך אַפילו נישט געפּרובט פערשטעלען און האָט געדיענט אַלס ציעל פאַר יעדען סאָלדאַט. ער איז געווען כמעט אין אַ בעוואוסטלאָזען צושטאַנד, אין אַ סאָרט שכרות.

דער אָנפאַל איז געוואָרען נאָך שטורמישער. לעגל איז געהרג'עט געוואָרען. פעילי דערהרג'עט. קורפעיראַק דערהרג'עט. זשאָלי דערהרג'עט. קאָמבפער האָט געקראָגען דריי שפּיזען אין האַרץ אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט אויפגעהויבען אַ פערוואונדעטען סאָלדאַט. קאָמבפער האָט קוים בעוויזען אַ קוק צו טהון אַרויף, צום הימעל, און איז געשטאָרבען אויפ'ן אָרט.

מאַריוס האָט זיך נאָך געהאַלטען אויף די פיס, ער האָט אָבער געקראָגען אַזוי פיעל וואונדען, מייסטענס אין קאָפּ, אַז זיין פנים איז אינגאַנצען פערגאָסען געוואָרען מיט בלוט און האָט אויסגעזעהן ווי פערוויקעלט אין אַ רויט טיכעל.

אַנזשאָלראַס נור אַליין איז נאָך נישט געווען פערוואונדעט. ער האָט געאַרבייט רוהיג און אין דערזעלבער צייט אויף אַלע כלים. יעדעס מאָל, ווען ער איז געבליבען אָהן געווער, האָט ער אויסגעשטרעקט אַ האַנד, און עמיצער פון די חברים האָט איהם דערלאַנגט עפּיס געווער. און אַנזשאָלראַס האָט ווייטער געשאָסען, געשטאָכען, געהאַקט.

ענדליך זענען די סאָלדאַטען אַריינגעדרונגען חוץ די באַריקאַדע. דער סוף איז געווען נאָהנט. דעמאָלט האָט ביי אַ גרופּע פון די באַריקאַדיסטען פּלוצים ערוואַכט די אינסטינקט צום לעבען. זיי האָבען זיך אַלאַז געטהון

צום הויז אין דער טיפעניש פון דער גאס און אנגעהויבען קלאפען אין די טהירען, שרייען, בעטען. קיינער האט נישט געעפענט. נאר פון דריטען שטאק האט שווייגענדיג געקוקט אויף זיי דער טויטער קאפ פונ'ם אלטען וועכטער, וועלכען קאביק האט דערשאסען.

אנזשאלהאס איז צוגעשפרונגען צו דער גרופע און האט אויסגעשריען, ווייזענדיג אויפ'ן שיינק:

— מיר איך איז אפען בלויז אט די טהיר!

אין וועהרענד זיי אלע האבען זיך געריסען אין טהיר אריין, האט ער איינער אליין די פער-שטעלט מיט זיין קערפער, געפאכט מיט זיין ביקס אין אלע זייטען, אזוי אז די סאלדאטען האבען נישט געקאנט צוטרעטען. ער איז אריין אין שיינק דער לעצטער. א סאלדאט האט אנ-געהאפט די טהיר מיט זיין האנד. די טהיר האט זיך פערהאקט מיט אזא קראפט, אז אלע פינף פינגער פונ'ם סאלדאט זענען געבליבען שטעקען אין טהיר, אפגעשניטען ווי מיט א מעסער.

— אריום איז געבליבען דרויסען. ער האט פלוצים דערפילט, אז די כחות גערען אים אויס, און איז געפאלען. אין דער מינוט האט אים אנגעהאפט עפיס א האנד. „איך בין גע-פאנגען און וועל דערשאסען ווערען“ איז דורכ-געפליגען ביי אים אין קאפ. זיין לעצטער געדאנק איז געווען וועגען קאזעטע'ן. דערנאך האט ער פערלירען אלע געדאנקען.

די סאלדאטען זענען געווען שרעקליך צערייצט, ערשטענס צוליעב דעם טויט פונ'ם ארטילעריסט, וועמען אלע האבען ליעב געהאט, צווייטענס, האט מען ארויסגעלאזען צווישען זיי קלאנגען, אז די רעוואלוציאנערען פייניגען ברו-טאל די געפאנגענע סאלדאטען. און עטליכע מינוט ארום האבען זיי אויפגעבראכען די טהיר פון שיינק און זענען אריין אין זאל פון אונטער-שטען שטאק, זיי האבען שוין אבער דארט קיין לעבעדיגע נישט געטראפען: אלע זענען ארויף אין צווייטען שטאק, און האבען צוהאקט די טרעפ. דא האט זיך אנגעהויבען א גיהנם: א שיכערייע איז געגאנגען פון אונטען ארויף און פון אויבען אראב, אונטען זענען געפאלען פיעל סאלדאטען, פון אויבען אראב האבען געפלא-סען גאנצע שטראמען בלוט, און דאס האט באוויזען, וואס פאר א חורבן אויבען איז. ענד-ליך איז די סאלדאטען געלונגען מיט פער-שיעדענע קונצען ארויפצוקלעטערן אין זאל פון צווייטען שטאק. זיי האבען דארט געפונען נור אנזשאלהאס'ן, די איבעריגע זענען ארויף אויפ'ן בוידעם.

— דאס איז זייער קאמאנדיר! — האט א סאלדאט אויסגעשריען. — ער האט געהרג'עט דעם ארטילעריסט.

— טויט מיך! — האט אנזשאלהאס געזאגט און האט אוועקגעווארפען זיין ביקס. ער האט זיך אויסגעגלייכט און איז געבליבען שטעהן מיט די הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט. פון זיין געעפענטען קאלנער האט ארויסגעקוקט א ווייסע, צארטע ברוסט.

אויף א רגע איז געווארען שטיל. און אין דער רגע האט זיך פלוצים באוויזען נאך א מענש: דאס איז געווען גראנטער.

גראנטער האט זיך נאר-וואס אויפגעכאפט פון שלאף. ער האט געווארפען א בליק ארום זיך און איז מיט אמאל געווארען ניכטער. אין זיינע אויגען האט זיך אנגעצונדען דאס פייער פון דער שלאכט, וועלכע ער האט פערשלא-פען. מיט פעסטע טריט האט ער דורכגעשפרייזט דאס צימער און האט זיך אוועקגעשטעלט אין איין רייה מיט אנזשאלהאס'ן.

— טויט אונז ביידע צוזאמען! — האט ער געזאגט.

ער האט אומגעקערט דעם קאפ צו אנ-זשאלהאס'ן און האט ווייך געפרעגט:

— ערלויבסט?

אנזשאלהאס האט געענטפערט מיט א שמייכעל און האט אים געדריקט די האנד.

ער האט נאך נישט אויסגעשמייכעלט, ווען

דער שאָס פון אַ סך ביקסען האָט איבערגעטרייסעלט די געביידע.

דורכגעלעכערט פון אַכט קוילען, איז אַנזשאָלראַס געבליבען שטעהן ביי דער וואַנד, ווי צוגענאָגעלט. ער האָט בלויז אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ אויף די ברוסט.

גראַנטער איז געפאַלען אַ טויטער צו זיינע פיס.

אין עטליכע סעקונדען אַרום איז מען צו־געקומען צו די איבעריגע רעוואָלוציאָנערען. מען האָט זיך געשלאָגען ביזן לעצטען. עס זיינען געהרגעט געוואָרען נאָך עטליכע סאָלדאַטען. פון די רעוואָלוציאָנערען איז קיין איינציגער ניט געבליבען. די טויטע קערפּערס האָט מען געשלײדערט דורך די פענצטער אויפן ברוק.

## 9 אונטער דער ערד.

מאַריוס איז ווירקליך אַריינגעפאַלען אין אַ געפאַנגענשאַפט. די האַנד, וואָס ער האָט דערפיהלט אויף זיך, איידער ער האָט פאַרלירען זיינע געדאַנקען, האָט געהערט — צו זשאַן־וואַלזשאַנ׳ען.

זשאַן וואַלזשאַנ׳ס טיילנאַהמע אין דער שלאַכט איז בעשטאַנען בלויז דערין, וואָס ער האָט ריזיקירט מיט זיין אייגענעם לעבען. ער האָט קיינעם פון די סאָלדאַטען נישט געטויט, נישט פאַרוואונדעט אפילו, — ער האָט נור געזאָרגט פאַר די פאַרוואונדעטע און אַכטונג געגעבען אויף די באַריקאַדע, און טאָמער איז זי ערגיץ צושטערט געוואָרען, האָט ער געטהון וואָס ער האָט געקאָנט זי צו פאַרריכטען און בעפעסטיגען. אין דער שיסעריי האָט ער זיך נישט בעטייליגט, אפילו כדי זיך אַליין צו פאַרטיידיגען. ער האָט געשוויגען און געהאָלפען וואו און ווען ער האָט געקאָנט. און דאָך האָט ער געקראָגען בלויז אַ פּאָר אונבעדייטענדע וואונדען. אידם האָט, ווי מ׳ווייסט, קיין קויל נישט גענומען.

פון דער זייט האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטען, אַז זשאַן וואַלזשאַן איז אַזוי פאַרטראַגען און פאַרנומען מיט דער שלאַכט, אַז ער קוקט זיך אויף מאַריוס׳ן גאָר נישט אום. אין דער אמת׳ן אָבער האָט ער פון אידם קיין אויג נישט אַראָבגענומען, און ווען דער יונגער־מאַן איז געפאַלען, איז ער צום פאַרוואונדעטען צוגעשפּרונגען, ווי אַ טיגער צו זיין רויב, האָט אידם געכאַפּט אויף די הענד און אַוועקגעטראָגען.

אין יענעם מאָמענט איז דער גאַנצער אָנפאַל געווען געריכטעט אויף אַנזשאָלראַס׳ן, וועלכער האָט פאַרטיידיגט די טהיר פונים שינק, און דעריבער האָט קיינער נישט בעמערקט זשאַן וואַלזשאַנ׳ען, וועלכער האָט זיך אַדורכגעטהון אַרום ווינקעל פונים שינק און איז מיט מאַריוס׳ן אויף זיין אַקסעל פאַרשוואונדען אין געסעל מאָנדעטור, דאָ האָט ער אַראָבגעלאָזען דעם בעוואוסטלאָזען קערפּער אויף דער ערד און האָט געוואָרפען אַ בליק אַרום.

די לאַגע איז געווען אַ שרעקליכע.

נאָך אַ מינוט אָדער צוויי האָט מען געקאָנט זיך דאָ בעהאַלטען, אָבער ווי לאַנג וועט עס דויערן? ווי דרעהט מען זיך אַרויס פון דער האָדיגער שחיטה, וואָס האָט געקאָכט אַרום און וועלכע וועט אין גיכען פאַרפלייצען, ווי אַ שטראָם, דאָס האָדיגע שטילע ווינקעל אויך? ער האָט זיך דערמאָהנט, אין וואָס פאַר אַ פאַרצווייפלונג ער איז געשטאַנען מיט אַכצעהן יאָהר צוריק, מיט קאָזעט׳ן אויף די הענד, נעבען אַ הויכער וואַנד, אַנטלויפענדיג פון זשאַווער׳ן, און ווי אידם איז דעמאָלט פאַרט געלונגען אַריבערצוקלעטערן איבער די וואַנד פון דעם פרויען־קלויסטער און זיך ראַטעווען. דערמאָלט איז עס געווען שווער, איצט — אוממעגליך. פון ביידע זייטען — זעקס־שטאָקיגע הייזער, הינטען — די איינגענומענע באַריקאַדע, פון פאָרענט — די קליינע באַריקאַדע, איבער וועלכע עס איז לייכט אַריבערצוקריכען, אָבער

פֿון יענער זײַט בלישטשען עטליכע צעדריגליע שפּיזען: אַ שטאַרקע אָבטײלונג פֿון סאָלדאַטען שטעהט אין היט, אַז קיינער זאָל פֿון דער יאַטקע נישט אַנטלויפֿען.

וואָס טהוט מען?

אַ פֿײגעל נור וואָלט געקאָנט פֿון דאַנען אַרויס.

מיהאָט אָבער געמוזט געפֿינען עפּיס אַ תחבולה, צו־קלערען אַ פּלאַן און איהם גלייך דורכפֿיהרען. יעדע פֿערלירענע סעקונדע קאָן קאָסטען טייער, קאָן קאָסטען — אינגאַנצען.

זשאַן וואַלזשאַנס פֿערצווייפֿעלטער בליק האָט זיך אַ גליטש געטהון איבער די הייזער, איבער דער באַריקאַדע, איבערן הימעל און האָט זיך דערנאָך אַרײַנגעשטאָכען אין די ערד, ווי ער וואָלט זי דורכלעכערן. און פּלוצים האָט זיך דער בליק אָפּגעשטעלט און איז ווי צוגעפֿרירען געוואָרען צו עפּיס. אויף דער ערד, ביי זשאַן וואַלזשאַנס פֿיס, האָט זיך אָנגעהויבען אָפּצייכענען עפּיס אַ זאַך, עפּיס אַ טונקעלע זאַך, טונקעלער פֿון דער ערד, וואָס אַרום. ער האָט דערזעהן אַ ליגענדיגע געקעסטעלטע אײַזערנע גראַטע, האַלב באַשאָטען מיט שטיינער. די גראַטע איז באַשטאַנען פֿון דיקע אײַזען־פּרענטעס, איבערגעלעגט אײנע איבער דער צווייטער. זי איז געלעגען צווישען די שטיינער פֿון ברוק, ווי אין אַ ראַמעל, די שטיינער זענען אָבער איצט געווען צותהודערט, און די גראַטע איז געווען לויז. דורך די לעכער האָט אַרויסגעקוקט אַ פֿינסטערער חלל. זשאַן וואַלזשאַן איז צוגעשפּרונגען צו דער גראַטע. זײַנע אַלטע טאַלאַנטען האָבען ערוואַכט. ער האָט צושלײַדערט די שטיינער, האָט אויפֿגעהויבען די גראַטע, געכאַפּט מאַריוס'ן אויף די הענט און זיך אַראָבגעלאָזען מיט איהם אין די פֿינסטערע עפֿענונג, ווי אין אַ ברונעם און האָט פֿערמאַכט נאָך זיך די גראַטע, אויף וועלכע עס האָט זיך גלייך ווידער אַרויפֿגעשאָטען עטליכע שטיינער. דאָס אַלץ האָט ער אָבגעטהון אין עטליכע סעקונדען. ער האָט געאַרבייט ווי אין אַ פֿיבער־היץ און מיט גרויסער קראַפֿט און געשיקטהייט.

ער האָט זיך געפֿינען אין עפּיס אַ אונטערערדישען קאָרידאָר.

דאָ איז געווען רוהיג, שטיל, פֿינסטער.

די דאָזיגע פּלוצלונגע רוהיגקייט האָט איהם ווידער דערמאָהנט אָן דעם, ווי ער איז אַמאָל אַרײַנגעפֿאַלען אינים קלויסטער אומגעריכט פֿאַר זיך אַליין. דער אונטערשיעד איז נור דער, וואָס דעמאָלט האָט ער געטראָגען קאָזעטען און איצט — מאַריוס'ן.

קים־קים האָט געגרייכט אַהער פֿון אויבען אַ אומבעשטימט, אָבער שרעקליך גערויש. דאָס האָבען די סאָלדאַטען געשטורמט דעם שיינק.

דער איבערגאַנג איז געווען צו־שאַרף. אין סאַמע מיטען פֿון דער שטאָדט איז זשאַן וואַלזשאַן פֿערשוואונדען פֿון דער שטאָדט, און גלייך פֿון דער הועלער שײַן פֿון דער זון איז ער פֿערזונקען אין די טיעפֿסטע פֿינסטערניש. ער איז אויף אַ קורצע צייט ווי בלינד געוואָרען: ער האָט גאָרנישט געזעהן, געדאַכט האָט זיך איהם, אַז ער איז טויב געוואָרען אויך: ער האָט קיין זאַך נישט געהערט.

מאַריוס איז געווען אומבעוועגליך, ווי פֿריהער, און זשאַן וואַלזשאַן האָט נישט געוואוסט, וועמען ער האַלט אויף די הענד, אַ לעבעדיגען אָדער אַ טויטען.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אויסגעצייגען אַ האַנד אין איין זײַט, דערנאָך אין די צווייטע — פֿון ביידע זײַטען האָט ער אָנגעטאַפּט אַ וואַנד. דער דורכגאַנג, הייסט עס, איז אַ שמאָלער; ער האָט זיך אויסגעגליטשט און איז שיער נישט געפֿאַלען — דער שטיינערנער גרונט אונטער די פֿיס איז געווען נאַס. ער האָט פֿאָרזיכטיג געמאַכט אַ טראָט פֿאָרויס, מורא האָבענדיג אַרײַנצופֿאַלען אין אַ לאָך אָדער אַ גרוב. דער באָדען איז ווייטער אויך געווען האַרט און נאַס. פּלוצים האָט זשאַן וואַלזשאַן דערשפּירט אַ שלעכטען גערוך. איצט האָט ער פֿערשטאַנען, וואו ער געפֿינט זיך: אין פּאַריזער קאַנאַליזאַציע.

אין עטליכע מינוט אַרום האָט ער זיי־

געטריבען אַ ביסעל צו זעהן; חוץ די גראַטע האָט געדרונגען אַהער אַ שוואַכע שיין, צו וועלכער זיינע אויגען האָבען זיך ביסלעכווייז צוגעוועהנט. הינטער איהם איז געשטאַנען אַ וואַנד, — ער האָט זיך, הייסט עס, אַראָבגעלאָזען אין אַ קורצען גראָבען, וועלכער איז געגאַנגען פון די אַרומיגע הייזער צו די גרעסערע קאַנאַלען. ווייטער איז געווען פינסטער, אַ דיקע פינסטערניש, ווי אין מצרים. שלעכט געווען צו לאָזען זיך געהן, ניט ווייסענדיג וואוהין, אָבער זשאַן וואַלזשאַן האָט בערעכענט, אַז אויב ער האָט דערזעהן די גראַטע, קאָנען אַנדערע די אויך דערזעהן און נאָך בעמערקען, אַז זי איז צוהודערט און ווי ערשט אויפגעהויבען געוואָרען. ניט קלערענדיג ווייטער, האָט ער אַרויפגערוקט מאַריוס'ן העכער אויפ'ן אַקסעל און זיך געלאָזען געהן — גלייך אינים חושך אַרײַן.

## 10. אין דער פינסטער.

אין דער ווירקליכקייט איז זייער לאַגע איצט געווען ניט פיל בעסער, איידער פריהער: די זענען נצול געוואָרען פון דער שחיטה און זענען אַרײַנגעפאַלען אין אַ וועלט פון שרעקליכע גיפטיגע גאַזען, וועלכע האָבען געקאָנט זיין ניט ווייניגער געפעהרליך, איידער ביקסען און שפּיזען.

אָבגעגאַנגען אַ פופציג טריט, איז זשאַן וואַלזשאַן צוגעקומען צו אַ גרעסערן קאַנאַל, אין וועלכען דער קלענער איז אַרײַנגעפאַלען, ווי אַ קלענער, זייטיגער שטראָם פאַלט אַרײַן אין אַ גרויסען טייך. איצט האָט מען בעדאַרפט אויסקלויבען, וואוהין צו געהן: לינקס אָדער רעכטס. זשאַן וואַלזשאַן האָט געמאַכט אַ חשבון, אַז אויב ער וועט געהן לינקס, וועט ער אין גיכען אָנקומען צום טייך, ווייל דער באָדען איז געגאַנגען משופע צו דער לינקער זייט. דאָרטען, ביים טייך, געהט דער קאַנאַל אַרויס פון אונטער דער ערד און געהט אַ שטיק וועגס אַנגעגאַנגען אויפגעדעקט. איהם וועט, הייסט עס, אויסקומען זיך צו בעווייזען אין אַ בעלעבטער געגענד, וואו מ'וועט די געוויס דערזעהן און אַרעסטירען. ער האָט איבערגעלעגט מאַריוס'ן צו זיך אויפ'ן רוקען און זיך געלאָזען רעכטס, באַרג אַרויף.

מיט עטליכע טריט ווייטער איז די שוואַכע שיין, וואָס האָט געדרונגען אַהער פון דער גראַטע, פערשוואונדען, און עס איז ווידער געוואָרען שטאָק־פינסטער. זשאַן וואַלזשאַן איז דעסטוועגען געגאַנגען ווייטער.. מאַריוס'עס ביידע הענד זענען געווען אַריבערגעוואָרפען אויפ'ן אַלטענ'ס ברוסט און דער גוף מיט די פיס זענען געהאַנגען אויף זיין רוקען. זשאַן וואַלזשאַן האָט געשפּירט ניבען זיין געזיכט דעם יונגען־מאַנ'ס בלוט־נאַסע באַק און זיין וואַרימען אָטעם. דאָס האָט בעוויזען, אַז דער פערוואונדעטער לעבט נאָך. אין מיטען קאַנאַל איז געגאַנגען אַ טײַכעל; דאָס זענען נאָך ניט אָבגעלאָפען די וואַסערן פונ'ם רעגען, וואָס איז נעכטען געגאַנגען. זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך דעריבער געמוזט האַלטען דאַרט בײַ דער וואַנד. אַזוי האָט ער זיך געגליטשט אין דער פינסטערניש, מיט זיין לאַסט אויף די פּלייצעס, ווי דער גייסט פון די האָזיגע אונטערערדישע מקומות.

אויסקלויבען אַ וועג איז געווען זעהר שווער. די קאַנאַלען זענען געגאַנגען אונטער דער שטאָדט, ווי די גאַסען אויבען, און גאַסען איז דעמאָלט געווען אין פּאַריז ניט ווייניגער ווי צוויי טויזענד מיט צוויי הונדערט. ניט זייענדיג בעקאַנט מיטין פּלאַן פון דער קאַנאַליזאַציע, האָט זשאַן וואַלזשאַן געמוזט בלאָנדזשען. ער איז געגאַנגען לאַנג, ניט ווייסענדיג וואוהין, ניט ווייסענדיג אין וועלכער געגענד ער געפינט זיך. ביסלעכווייז האָט אַ שרעק אַרײַנגעדרונגען אין זיין האַרץ. יעדער טריט האָט געקאָנט פיהרען צו עפּיס אַ תהום. ווי דרעהט מען זיך אַרויס פון דאַנען? ווי געפינט מען אַן אויסגאַנג? און אויב ער וועט איהם געפינען — צי וועט שוין ניט זיין צו־שפּעט, וועט מאַריוס ניט שטאַרבען ביז דאַן פון זיינע וואונ־

דען און גאר אליין פון הונגער? עס איז שרעקליך אומצוקומען אין אזא פלאץ, אין אזא קבר, וואוהין ער האט זיך אליין אראבגעלאזן.

ענדליך האט ער פארשטאנען, אז ער איז שוין אויף געווים ארויס פון יענער געגענד, וואו דער איבערשטאנד איז געווען. איבער זיין קאפ האט זיך געהערט א פערדהופען, אבער רעגעלמעסיג גערויש: קארעטעס זענען געפאהרען. דאס האט גערוישט די פריעדליכע שטאדט.

זשאן וואלזשאנ'ען איז געווארען א ביסעל לייכטער אויפ'ן הארצען. ער איז איצט גע־גאנגען מיט מעהר מוטיגערע טריט.

פלוצים האט ער דערזעהן פאר זיך א שא־טען, זיין אייגענעם שאטען. אין דערזעלבער צייט האט ער בעמערקט, אז אויף די שווארצע, פייכטע ווענד פון קאנאל פאלט א רויטליכע שיין. ער האט זיך מיט שטוינען אומגעקוקט צוריק און האט דערזעהן עפיס א שטערן שיינען אין דער ווייטען. נאכ'ן שטערן זענען נאכגעגאנגען א זעקס — אכט מענשען. דאס זענען געווען פאליציאנטען.

דעם 6־טען יוני איז אפגעגעבען געווארען א בעפעהל דער פאליציי אונטערצוזוכען דעם אונ־טערערדישען פאריז, טאמער האבען זיך דארט בעהאלטען רעוואלוציאנערען. איינע פון די פא־ליציי־אבטיילונגען האט זיך געפונען אין א זיי־טיגען קאנאל, בעת זשאן וואלזשאן איז געגאנ־גען פארביי. די פאליציאנטען האבען דערהערט מענשליכע טריט און זענען ארוים אין הויפט־קאנאל מיט זייער לאמטערן.

זשאן וואלזשאן איז געבליבען שטעהן. איצט, נישט הערענדיג זיינע טריט, האבען די פאליציאנטען נישט געוואוסט, וואו אהין צו געהן, ווייל די שיין פון זייער לאמטערן האט נישט בעגרייכט אזוי ווייט. זיי האבען בע־שלאסען, אז עס האט זיך זיי בלויז אויסגע־דאכט, אז די הערען טריט, און זענען אוועק־געגאנגען אין אן אנדער זייט. פאר'ן אוועקגעהן האט איינער פון די פאליציאנטען אויסגעשאסען סתם אזוי, פון יוצא וועגען. א שטיקעל שטיין, וואס איז אפגעשפרונגען נעבען אידם פון דער וואנד, האט בעוויזען זשאן וואלזשאנ'ען, אז די קויל האט געטראפען גאר נאהנט פון זיין קאפ.

אין דערזעלבער צייט האט א פאליציאנט פערפאלגט א פערברעכער אויבען, אויף דער אויבערפלעכע פון פאריז. דער פערברעכער איז געגאנגען פאראוים, דער פאליציאנט נאך אידם פון דער ווייטענס, און ביידע האבען זיך נישט געאיילט: יעדער פון זיי האט מורא געהאט, אז אויב ער וועט מאכען פעסטערע טריט, וועט דער צווייטער אויך אנהויבען לויפען. אויב דער לעזער וואלט זיך צוגעקוקט צו די צוויי לייט, וואלט ער דערקענט אינים מאן, וואס איז גע־גאנגען פאראוים, טענארדיע'ן און אין דעם פא־ליציי־אגענט — זשאווער'ן.

עס איז פארבייגעפאהרען א דראשקע. זשאווער האט א ווונק געטהון צום פוהרמאן, און יענער האט פארשטאנען, וואס מען מיינט, און האט גענומען לאנגזאם נאכפאהרען. אין די אינסטרוקציעס צו די פאליציי־אגענטען ווערט רעקאמענדירט צו האבען שטענדיג אונטער דער האנד א דראשקע בעת מען פערפאלגט פער־ברעכער.

טענארדיע האט זיך גענומען אראב צום טייך. זשאווער האט זיך געוואונדערט, צו וואס יענער געהט אהין, וואו דאס וואסער פערשטעלט אידם דעם וועג, אבער ער איז נאכגעגאנגען. פלוצים איז טענארדיע צוגעשפרונגען צו עפיס א בערגעל מיסט און האט זיך פערדעקט הינ־טער דעם. זשאווער איז צוגעלאפען נעהנטער, אבער טענארדיע איז שוין פערשוואונדען.

זשאווער האט בעמערקט אויף דער ערד א לאדען, וואס פיהרט צו דער קאנאליזאציע, און האט פערשטאנען, אז דער פערפאלגטער האט זיך אהין אראבגעלאזען. דער אגענט האט א שלעפ געטהון מיט דער האנד דעם לאדען, — דער לאדען איז געווען פערשלאסען.

— אהא! — האט זשאווער צו זיך גע־זאגט. — ער האט געהאט ביי זיך נישט קיין שלאס־ברעכער, נאר מאקע א שליסעל.

ער האָט זיך אַבער, קענטיג, וועניג געקימערט, וואָס דער פערברעכער איז פערשוואונדען. וואַהרשיינליך, האָט ער גערעכענט, אַז יעגער וועט מוזען סוף כל סוף אַרויסקריכען צוריק. ער האָט זיך אַ ביסעל אָבגערוקט פונים לאָדען און גענומען וואַרטען. די דראָזשקע איז געבליבען שטעהן מיט עטליכע טריט ווייטער.

## 11. אין זומפּ:

זשאַן וואַלזשאַן איז דערווייל געגאַנגען ווייטער.

ער איז געווען, ווי מיר ווייסען, זעהר אַ שטאַרקער מענש, און דאַנק זיין געמעסטיגטען אַרט לעבען איז זיין קראַפט מיט די יאָהרען כמעט נישט פערמינערט געוואָרען, אָבער דאָ האָט ער שוין אויך אָנגעהויבען שוואַכער צו ווערען. ער האָט געליטען פון מידקייט, הונגער און דאָרשט, בעזונדערס פון דאָרשט; וואַסער איז דאָ געווען גענוג, אָבער מ'האָט עס נישט געקאָנט טרינקען, און ער האָט געליטען, ווי מ'ליידט אויפ'ן ים, וואו וואַסער איז פערהאַן און טרינקען איז נישטאָ וואָס. זיינע פוס האָבען געבראָכען, צו עטעמען איז געווען שווער. און יעדעס מאָל ווען דורך אַ לאָך אין בריק האָט זיך אַריינגעריסען אין קאַנאַל אַ ביסעל פרישע לופט, האָט ער זיך געפיהלט אויף אַ מאָמענט ווי ניי געבוירען.

פּלוצלינג האָט ער דערפיהלט, אַז ער מוז זיך אַ ביסעל אָפּרוהען. ער האָט אָבגעזוכט אַ טרוקען שטיקעל אָרט און האָט מאַריוס'ן אַוועקגעלעגט מיט דער פאָרזיכטיגקייט און צערטליכקייט פון אַן עלטערען ברודער. ביי דער גרינגליכער שיין פון אַ קליינער עפענונג אין באַלקען פון קאַנאַל האָט דער בלאַסער, פערבלוטיגטער מאַריוס אויסגעזעהן אינגאַנצען ווי אַ טויטער. זשאַן וואַלזשאַן האָט אויפגעשפּיליעט דעם פערוואונדעטענ'ס ראָק און צוגעלעגט אַ האַנד צו זיין ברוסט. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט שוואַך, אָבער געקלאַפּט. דאַן האָט זשאַן וואַלזשאַן צעריסען זיין העמד און האָט ווי־עס־איז איבערגעבונדען מאַריוס'עס וואונדען. דערנאָך האָט ער געקוקט אַ ווייליע אויף דאָס יונגע געזיכט, און זיינע אויגען האָבען דערביי געברענט מיט אַן אונבעשרייבליכער שנאה...

ביי מאַריוס'ן אין די קעשענעס האָט זשאַן וואַלזשאַן געפונען צוויי זאַכען: דאָס זעמעל, וואָס מאַריוס האָט נעכטען געקויפט און פערגעסען, און אַ פּאָרטפעל. דאָס זעמעל האָט ער אויפגעגעסען, און דאָס האָט איהם אַ ביסעל געשטאַרקט. אין פּאָרטפעל האָט ער געפונען אַ קוויטעלע, אויף וועלכען ער האָט איבערגעלעזען: „מ'רופט מיך מאַריוס פּאָנמערסי. איך בעט, מ'זאָל ברענגען מיין קערפּער אין הויז פון מיין זיידען הערר זשילנאָרמאַן, די גאַס פילדי־קאַלווער נומער 6".

זשאַן וואַלזשאַן האָט צוריק אַריינגעלעגט דעם פּאָרטפעל מיט'ן קוויטעלע צו מאַריוס'ן אין קעשענע, האָט ווידער גענומען דעם קערפּער אויף די פּלייצעס און זיך געלאָזען אין וועג אַריין.

ער איז געגאַנגען אַ לאַנגע צייט, און פּלוצים האָט ער דערפיהלט, אַז זיינע פוס טרעטען שוין נישט נור אין וואַסער, נאָר נאָך אין בלאָטע: די אונטערשטע שיכטע פונים וואַסער איז געוואָרען וואָס אַמאָל געדיכטער.

אין יענע יאָהרען איז די פּאַריזער קאַנאַליזאַציע געווען אַזאַ שרעקליכער אָרט, אַז ווען אַ געוויסער מענש האָט זיך אונטערגענומען אַראָבצילאָזען זיך אַהין און אויסצופאָרשען דעם גאַנצען אונטערערדישען פּאַריז, אום צו געפינען מיטלען, ווי אַזוי איהם צו רייניגען, — האָט דער מיניסטער געמאָלדען דעם קעניג וועגען דעם דאָזיגען מענשען, אַלס וועגען דעם מוטהיגסטען מאַן אין דער וועלט. איינע פון די גרעסטע געפאַהרען איז בעשטאַנען אין די זומפּען, וואָס פלעגען זיך בילדען אין די קאַנאַלען פון צייט צו צייט. אַ היבשער טייל פונים וואַסער, וואָס לויפט איבער דעם שטיין־געפלאַסטערטען באָדען פון די קאַנאַלען, רינט דורך דאָרט און ווערט איינגעזויגען אין דער ערד. די ערד ווערט ווייך, צעווייכט, און אין געוויסע פּונקטען בויגט זיך

פּרצופים דער ברק און אין זינקט אין אַ זומפּ פון שמוץ און אומרײנקײטען.

פיעל מענשען זײנען אומגעקומען אין די האַרטיגע גערטער אויף אַ שרעקליכען אופן. דאָס האָט געטראָפען מיט אַרבײטער — ערד־גראָבער, דאָס האָט געטראָפען מיט אײניגע אַנט־לאָפענע פּאָליטישע פערברעכער. און װאַהרשײנליך איז גאָר קײן שרעקליכערער טױט אױף דער װעלט נישטאָ. דער טױט איז אָפטמאָל מכפּר זײן אַכזריות מיט אַ געװיסער פינסטערער הער־ליכקײט. אױף אַ שײטערהױפען, אױף דער ברוסט פון איבערגעבראָזטען ים קאָן אַ מענש זײן גרױס; אין פײער װי אין שױם איז מעגליך אױסצוזעהן מאַיעסטעטיש; האַרטען גדעהען מענ־שען אונטער עפּים װי געלײטערטע און דער־הױבענע. דאָ אָבער איז דאָס אַלץ נישטאָ. דאָ איז דער טױט אָבשײליך. אַזױ שטאַרבען איז אַ ערנידריגונג. דער מענש װערט בעת זײנע לעצטע מינוטען בלױז שמוץ. שמוץ איז — שאַנד, שמוץ איז עקעלהאַפט, נידעריג, געמײן.

דער קבר איז אומעטום פינסטער, דאָ אָבער איז ער העסליך.

און אָט אױף אַזאַ זומפּ האָט עס זשאַן װאַלזשאַן אָנגעטראָפען.

ער האָט געפיהלט, אַז דער באָדען פער־שװינדט פון אונטער זײנע פיס. אױבען איז גע־װען װאַסער און אונטען — בלאָטע. אָבער װאָס דאָ זאָל נישט זײן — געהן מוז מען. אומקעהרען זיך צוריק איז אונמעגליך. מאַריוס האַלט בײם שטאַרבען, ער אַלײן פערליערט די כחות. אױסערדעם, װאוהין געהט מען? װײסט ער דען אַ בעסערן פּלאַץ, אַ בעסערע ריכטונג? ער איז געגאַנגען װײטער.

אין אָנפאַנג האָט דער זומפּ אױסגעזעהן צו זײן נישט זעהר טיעף, אָבער װאָס װײטער זענען די פיס געזונקען טיעפער און טיעפער. אין גיכען האָט דאָס װאַסער גערײכט ביז זײנע קניה. זשאַן װאַלזשאַן האָט אױפגעהױבען מאַ־ריוסן העכער און האָט װײטער געשפּאַנט. דאָס װאַסער האָט געשטיגען ביז זײן גאַרטעל און די בלאָטע ביז די קניה. ער האָט שױן נישט געקאָנט זיך אומקעהרען, ער זאָל אפילו געװאָלט װעלען. ער איז געזונקען מעהר און מעהר; די לײחם אונטער די פיס איז געװען גענוג גע־דיכט און שטײף און װאָלט געקאָנט אױסהאַל־טען אײן מענשען, קײן צװײ אָבער נישט. זשאַן װאַלזשאַן איז אַלײן געגאַנגען, האַלטענדיג אױף די הענד אַ גוסס און אפשר גאָר אַ מת.

דאָס װאַסער האָט זיך אױפגעהױבען ביז אונטער די פּאַכװעס; ער האָט דערפיהלט, אַז ער הױבט אָן זיך צו טרינקען. זײנע פיס האָ־בען זיך קױם בעװעגט. די געדיכטקײט פון דער בלאָטע, װאָס האָט אים נישט געלאָזען אַזױ שנעל צו זינקען, האָט אין דערזעלבער צײט געשטערט זײנע בעװעגונגען און שװער געמאַכט דאָס געהן. ענדליך האָט פון װאַסער אַרױסגעשטעקט שױן בלױז זײן קאָפּ מיט די צװײ הענד אױפגעהױבען אין די הײך מיט מאַ־ריוסעס קערפּער. ער האָט אַזױ אָנגעשטרענגט זײנע קרעפטען, אַז יעדע סעקונדע האָבען די געקאָנט נאָכגעבען, װי אָנגעצױגענע סטרונע. דאָס װאַסער האָט אַרומגענומען זײן האַלז און אָנגעהױבען צו לעקען זײנע באַקען. עס איז געװען פינסטער אַרום, שטאָק פינסטער, און אין דער פינסטערניש האָט מען געהערט בלױז דעם שװערען אָטעם פון אַ מענשען, װאָס שטעהט בײ די סאַמע גרענעצען פונ׳ם טױט׳ס קעניגרײך.

װען ער האָט שױן גאָר געהאַלטען בײ פערליערען זײנע געדאַנקען, האָט ער זיך אָנ־געטהון אַ כח צום לעצטען מאָל און ׳געמאַכט נאָך אײן טראָט. און דער האָריגער טראָט האָט אים געראַטעװעט: ער האָט אָנגעטראָפען מיט׳ן פוס אױף אַ פעסטע זאַך. ער האָט זיך אױס־געגלײכט און האָט אַ שטעל געטהון אַהין דעם צװײטען פוס, — דער באָדען איז פעסט. דער פערזונקענער שטײנערנער גרונט האָט זיך דאָ װידער געהױבען. דער זומפּ האָט אָנגעהױבען צו װערען אַלץ װעניגער און װעניגער טיעף.

אַז זשאַן װאַלזשאַן איז ענדליך אַרױס אינגאַנצען פון זומפּ, האָט ער זיך פערטשע־פּעט אָן אַ שטײן און איז געפאַלען אױף די קניה. ער האָט [illegible], [illegible] אַזױ האָרף טאָקע זײן,

און איז אַ גרויסע צײַט געבליבען אין דער דאָזיגער פּאָזע, און זײַנע ליפּען האָבען שטיל געמורמעלט אַ תּפלה.

אַז ער האָט זיך ווידער געשטעלט אויף די פֿיס, האָט ער געציטערט פֿון קעלט, זײַן קערפּער איז באַדעקט געווען ביז אַראָב מיט בלאָטע, פֿון די קליידער האָט געשלאָגען אַניעפּיש — און זײַן נשמה אָבער האָט געשײַנט אַן־אויסערגעוועהנליך ליכט.

---

## 12. דער רעטער.

ער האָט זיך ווידער געלאָזען אין וועג אַרײַן, אָבער איצט האָט ער זיך געמוזט נאָך יעדנג עטליכע טריט אָפּרוהען, הגם זײַן לעבען האָט ער אין זינס נישט פֿערלוירען, האָט ער האַרט זײַנע קרעפטען איבערגעלאָזען. ענדליך, האָט ער אין דערווײַטען דערזעהן אַ שײַן; דאָס איז געווען גוטע, ווײַסע טאָג־שײַן.

ער האָט זיך דערפֿרייט, גלײַך ער וואָלט דערזעהן אַן אויסגאַנג פֿון גיהנום. זײַן מידקײַט איז פּלוצים פֿערשוואונדען, און נישט געגאַנגען איז ער שוין איצט, נאָר געלאָפֿען.

אין גיכען איז ער געשטאַנען נעבען אַרויסגאַנג, אָבער אַרויסגעהן האָט מען נישט געקאָנט.

אַ פֿעסטע אײַזערנע גראַטע האָט פֿערצוימט די עפֿענונג. אין דער גראַטע איז געווען אײַנגעפּאַסט אַ גרויסער, פֿערראָסטעטער אײַזערנער שלאָס.

אויף יענער זײַט איז געווען די פֿרײַהײַט, ליכט, אַ בלויער הימעל. דאָ איז געווען נאַס און פֿינסטער. זשאַן וואַלזשאַן האָט אַוועקגעלעגט מאַריוס'ן אויף די ערד, האָט אָנגענומען די גראַטע מיט ביידע הענד און זי אָנגעהויבען טרייסלען. ער האָט געטרייסעלט עטליכע מאָל, אָבער אומזיסט: די גראַטע האָט זיך אַפֿילו אַ ריהר נישט געטהון.

וואָס טהוט מען איצט? וואָס מען טאַקע, חלילה, מוזען דאָ אומקומען? געהן צוריק איז געווען אונמעגליך: נישט ער האָט געוואוסט וואוהין, נישט זײַנע קרעפטען וואָלטען געטראָגען דערויף. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזען נעבען מאַריוס'ן און איז פֿערזונקען אין שווערע מחשבות: געקלערט האָט ער נישט פֿון זיך און נישט פֿון מאַריוס'ן, נאָר פֿון קאָזעטען.

אַ האַנד האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף זײַן אַקסעל און אַ שטילע שטים האָט געזאָגט איהם אין אויער אַרײַן:

— מיר אַ העלפֿט.

פֿון פֿערצווייפֿלונג איז זשאַן וואַלזשאַן אַזוי פֿערגליווערט געוואָרען, אַז ער האָט אַפֿילו נישט אויפֿגעציטערט. ער האָט נור אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ און אַ קוק געטהון. נעבען איהם איז געשטאַנען אַ מענש אין אַ בלוזע. דער מענש איז געווען באָרוועס, זײַנע שיך האָט ער געהאַלטען אין די הענד. זשאַן וואַלזשאַן האָט איהם גלײַך דערקענט: דאָס איז געווען טענאַרדיע.

טענאַרדיע האָט געקוקט אויף איהם אויך, אָבער דערקענען איהם איז געווען אונמעגליך; איבער'ן בלוט און דער בלאָטע, וואָס האָבען איהם באַדעקט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. זשאַן וואַלזשאַן האָט באַלד בעמערקט, אַז טענאַרדיע האָט איהם נישט דערקענט. אַ מינוט האָבען זיי ביידע געשוויגען. ענדליך האָט טענאַרדיע געזאָגט:

— ווי אַזוי דענקסטו אַרויסצוגעהן פֿון דאַנען.

זשאַן וואַלזשאַן האָט נישט געענטפֿערט. טענאַרדיע האָט ווײַטער גערעדט:

— אָהן אַ שליסעל קאָן מען די גראַטע נישט עפֿענען, און אַרויסגעהן פֿון דאַנען קאַנסטו.

— ריכטיג, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט.

— אויב אַזוי, גיב מיר אַ העלפֿט.

— איך פֿערשטעה דיך נישט.

— דו האָסט דערמאָרדעט אַ מענשען, נײַן? אפשר? נו, און איך האָב דעם שליסעל.

טענאַרדיע האָט בײַ די ווערטער אָנגעוויזען אויף מאַריוס'ן. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך קען דיך, אָבער איך וויל דיר אַרויסהעלפֿען. דו ביזט מסתמא פֿון אונזערע לייט.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אָנגעהויבען פֿערשטעהן: טענאַרדיע האָט אים אָנגענומען פֿאַר אַ מערדער.

טענאַרדיע האָט ווייטער געזאָגט:

— הער נור אויס, קאַמעראַד, וואָלסט דאָך ניט געגאַנגען הרג'ענען דעם דאָזיגען מענשען, אויב דו וואָלסט ניט געמיינט אויסצוטרייסלען זיינע קעשענעס. גיב מיר אַ העלפֿט, וועל איך אויפֿשליסען די טהיר.

ער האָט אַרויסגעשלעפּט אַ גרויסען שליסעל פֿון זיין בלוזע און צוגעגעבען:

— ווילסט אפשר זעהן, ווי דער שליסעל צו דער פֿרייהייט זעהט אויס? אָט איז ער.

זשאַן וואַלזשאַן איז פֿערהילצערט געוואָרען, — אַזוי אונגלויבליך איז אים פֿאָרגעקומען דאָס, וואָס ער האָט געזעהן מיט זיינע אייגענע אויגען. אַ מלאך הגואל האָט זיך פֿאַר אים באַוויזען אין אַזאַ פֿערצווייפֿעלטער מינוט, און דער דאָזיגער ערלייזער איז פֿאַר אים ערשיענען — אין וועמעס געשטאַלט? אין טענאַרדיע'ס!

פֿון אַ זאַק, וואָס איז ביי אים געהאַנגען אונטער דער בלוזע, האָט טענאַרדיע אַרויסגעשלעפּט אַ שטריק און האָט אים דערלאַנגט זשאַן וואַלזשאַנ'ען.

— נעהם, — האָט ער געזאָגט, — די שטריק גיב איך דיר אַוועק אומזיסט.

— צו וואָס דאַרף איך די שטריק?

— האָסט נאָך נויטיג אַ שטיין אויך, נאָר דאָס וועסטו שוין געפֿינען דרויסען. דאָרט ליעגט אַ גאַנצער הויפֿען מיסט.

— און וואָס וועל איך טהון מיט'ן שטיין?

— בהמה, קוים ווילסטו אַריינוואַרפֿען דעם טויטען קערפּער אין טייך אַריין, מוזטו דאָך האָבען אַ שטריק מיט אַ שטיין. אויב ניט, וועט ער דאָך צוריק אַרויסשווימען!

זשאַן וואַלזשאַן האָט מאַשינאַל גענומען די שטריק.

טענאַרדיע האָט אַ קנאַק געטהון מיט די פֿינגער, ווי אים וואָלט איינגעפֿאַלען עפּעס נייעס.

— יאָ, יאָ, נור, קאַמעראַד, ווי אַזוי האָט זיך דיר איינגעגעבען אַרויסצוקריכען פֿונ'ם זומפּ? פֿוי, ווי שלעכט עס שמעקט פֿון דיר!

זעהענדיג, אַז זשאַן וואַלזשאַן שווייגט אַלץ, האָט טענאַרדיע געזאָגט:

— איך שטעל דיר אַלץ פֿראַגען, אָבער דו האָסט נאַטירליך אַ רעכט מיר ניט צו ענטפֿערן. דאָס וועט פֿאַר דיר דיענען אַלס אַ רעפּעטיציע פֿאַר'ן פֿערהער ביים אונטערזוכונגס-ריכטער. דערצו, אַז מ'שווייגט, רעדט מען שוין ממילא ניט קיין נאַרישקייטען. האָסט אָבער אַ טעות, אויב דו מיינסט, אַז אויב דו וועסט ניט זאָגען, קאָן איך זיך אַליין ניט דערוויסען, וואָס פֿאַר אַ מענש דו ביזט און וואָס דו ווילסט. דאָס איז גאָר פּשוט. דו האָסט אַ ביסעל צוגעהאַנגען דעם דאָזיגען נפש און איצט וואָלסטו וועלען אים באַהאַלטען ערגיץ וואו ווייטער. דו האָסט נויטיג דעם טייך, דאָרט קאָן מען פֿערבאָרגען נאָך גרעסערע הפצים. מילא, איך בין גרייט דיר באַהילפֿיג צו זיין אין עסק. איך בין שטענדיג גרייט באַהילפֿיג צו זיין אַ גוטען ברודער, וואָס איז פֿערקראָכען אין אַ צרה.

ער האָט גערעדט, אום אַרויסצוצופּען זשאַן וואַלזשאַנ'ען אויף אַ שמועס.

— יאָ, מחשבות'ן, וואָס פֿאַר אַ טיפּש דו ביזט: פֿאַרוואָס האָסטו אים ניט אַריינגעוואָרפֿען אין זומפּ?

זעהענדיג, אַז זשאַן וואַלזשאַן שווייגט אַלץ, האָט טענאַרדיע אים אַ שטויס געטהון אין אַקסעל און געזאָגט:

— ניי, אַ סוף זאָל עס נעהמען. צוטייל זיך מיט מיר. מיין שליסעל האָסטו געזעהן, — ווייז מיר דיין געלד.

די גאַנצע צייט האָט טענאַרדיע זיך באַמיהט צו רייִדען שטיל און זיך ווי צוגעהערט צו עפּעס פֿון צייט צו צייט. זשאַן וואַלזשאַן האָט דערפֿון געדרונגען, אַז ערגיץ ניט ווייט געפֿינט זיך נאָך ווער פֿון טענאַרדיע'ס חברים, וועמען ער וויל קיין חלק ניט געבען און דערפֿאַר היט ער זיך. מיר ווייסען, אַז די אורזאַך איז געווען

אַנגאַנרעגע: זשאַווער האָט זיך געפונען נישט ווייט פון אַרײַנגאַנג אין קאַנאַל.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אָנגעהויבען זוכען ביי זיך אין די קעשענעס. ער פלעגט שטענדיג טראָגען געלד ביי זיך, אָבער דאַסמאָל האָט ער נישט געהאַט: ער האָט פערגעסען זיין פּאָרטפעל אין מונדיר, וועלכען ער האָט אַוועקגעגעבען ביי דער באַריקאַדע. ער האָט קוים געפונען אין די וועסט-קעשענעס אַ דרייסיג—פערציג פראַנק.

טענאַרדיע האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— הם... האָסט איהם גערהרג'עט כמעט אומזיסט.

ער האָט אָהן צערעמאָניעס בעטאַפּט זשאַן וואַלזשאַנ'ס און מאַריוס'עס קעשענעס און האָט זיך צוגענומען גישט אַ העלפט, נאָר אינגאַנצען.

— טאַקע מעהר נישטאָ. אומזיסט און אומנישט גערהרג'עט אַ מענשען. נו, קאָנסט דיך געהן.

ער האָט אויפגעשלאָסען די גראַטע און מיט אַ ביזען שמייכעל נאָכגעקוקט זשאַן וואַלזשאַנ'ען, וועלכער איז שווייגענדיג אַרויסגעגאַנגען מיט מאַריוס'ן אויף די פּלייצעס. טענאַרדיע איז געווען זיכער, אַז דער אומבעקאַנטער וועט אַריינפאַלען אָנשטאָט איהם אין זשאַווער'ס הענד.

זשאַן וואַלזשאַן איז געווען פריי.

## 13. פון וואַסער אין פייער.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אַוועקגעלעגט מאַריוס'ן אויפ'ן זאַמדיגען ברעג.

אַלזאָ איז ער פריי! די שטיקענדע לופט, דער חושך, די אימה — דאָס אַלץ איז געבליבען הינטען. זשאַן וואַלזשאַן האָט געטרונקען די פרישע, ריינע געזונדטע לופט, האָט געעטעמט מיט דער פולער ברוסט. אַרום און אַרום האָט געהערשט די וואונדערבאַרע שטילקייט, וואָס קומט אין אַ לויטערן טאָג נאָך זון-אונטערגאַנג. עס איז געווען צווישען טאָג און נאַכט. און גיכען קומט זי — די נאַכט, די בעפרייערין און ערליי-זערין, דער פריינד פון אַלע יענע, וואָס נויטיגען זיך אין דער פינסטערניש, אום אַראָבצוּוואַרפען פון זיך זייער אַנגסט. רוהיג האָט זיך דער הימעל צעוואָרפען איבער דער וועלט. דער טייך האָט שטיל אונטערגעפּאַטשט ביים ברעג. פון די „עליזעען-פעלדער" האָט געגרייכט אַהער דער געזאַנג פון די פויגעל. עטליכע שטערען האָבען זיך אָנגעצונדען. דאָס איז געווען אַ אונבעשטימטער מאָמענט, וואָס האָט נישט געזאָגט נישט יאָ, נישט ניין. אויף אַזוי פיעל איז שוין געווען פינסטער, אַז מיט עטליכע טריט ווייטער האָט זיך אַלץ צוזאַמענגעגאָסען מיט דער נאַכט, און עס איז נאָך געווען גענוג ליכטיג, אום גוט צו זעהן אַלץ נעבען זיך.

אַ פּאָר מינוט האָט זיך זשאַן וואַלזשאַן געפונען אין אַ צושטאַנד פון זעלבסטפערגעסענהייט. דערנאָך איז ער געקומען צו זיך, האָט זיך אָנגעבויגען איבער מאַריוס'ן, האָט אָנגעשעפּט אין הויפען אַ ביסעל וואַסער אין טייך און פאָרזיכטיג בעשפּריצט דאָס פערבלוטיגטע געזיכט פונ'ם פערוואונדעטען. דער יונגער-מאַן האָט די אויגען נישט געעפענט, אָבער זיין האַלב געעפענטע מויל האָט געאָטעמט.

זשאַן וואַלזשאַן האָט ווידער געוואָלט אַראָבגעלאָזען זיין האַנד אין טייך נאָך אַ ביסעל וואַסער — און פּלוצים האָט ער דערשפירט, אַז עמיצער שטעהט הינטער איהם. ער האָט אומגעקערט דעם קאָפּ. ער איז ווירקליך געווען נישט אַליין.

מיט צוויי טריט ווייטער איז געשטאַנען אַ הויכער מאַן אין אַ לאַנגען ראָק, די הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט, און אין איינער פון זיי האָט געשטעקט אַ דיקער שטעקען מיט אַ בלייערן קנעפּעל. זשאַן וואַלזשאַן האָט דערקענט זשאַווער'ן.

פון איין געפאַהר איז זשאַן וואַלזשאַן אַריינגעפאַלען אין אַ צווייטע. צוויי אַזעלכע בעגעגנישען, ווי טענאַרדיע און זשאַווער, איינע נאָך דער צווייטער — דאָס איז געווען שוין צו-שווער.

זשאַווער האָט נישט דערקענט זשאַן וואַלזשאַנ'ען, וועלכען עס איז טאַקע אונמעגליך געווע-

ווען צו דערקענען, אַזוי האָט פֿאַרענדערט זײַן אויסזעהן דער דורכגאַנג דורכ'ן אונטערערדישען פּאַריז. דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר האָט רוהיג און קורץ געפֿרעגט:

— ווער זענט איהר?

— איך?

— יאָ, ווער זענט איהר?

— זשאַן וואַלזשאַן.

זשאַווער האָט גענומען זײַן שטעקען צווישען די צייהן, האָט זיך אויסגעבויגען און אַרויפֿגעלעגט זײַנע קרעפֿטיגע הענד זשאַן וואַלזשאַנ'ען אויף די אַקסלען. ער האָט געקוקט אַ ווײַלע גלײַך אויף זײַן געגנער און האָט איהם ענדליך דערקענט. זשאַווער'ס בליק איז געווען שרעקליך. זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך ניט געראַנגעלט און האָט זיך געהאַלטען געלאַסען און קאַלטבלוטיג ווי אַ לייב, אויף וועלכען אַ קעצעל איז אָנגעפֿאַלען.

— אינספּעקטאָר זשאַווער, — האָט ער געזאָגט, — איהר האָט מיך געפּאַקט. איבעריגענס, איך האַלט זיך פֿאַר אייער געפֿאַנגענעם פֿון היינטיגען פֿריה־מאָרגען אָן. ניט צוליעב דעם האָב איך אייך געזאָגט מײַן אַדרעס, כדי פֿון אייך צו אַנטלויפֿען. נעהמט מיך, אָבער ערלויבט מיר פֿריהער אָבצוטהון איין זאַך.

זשאַווער האָט ווי ניט געהערט, וואָס מ'רעדט צו איהם. ער איז געשטאַנען פֿאַרטראַכט. ענדליך האָט ער אָבגעלאָזען זשאַן וואַלזשאַנ'ס אַקסלען און האָט אַרויסגערעדט שטיל, ווי פֿון שלאָף:

— וואָס האָט איהר דאָ געטהון? ווער איז דער דאָזיגער מענש?

ער האָט שוין ניט געווענדט זיך צו זשאַן וואַלזשאַנ'ען אויף „דו".

— וועגען איהם טאַקע האָב איך געוואָלט רעדען מיט אייך, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געענטפֿערט. טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט, נאָר העלפֿט מיר פֿריהער איהם ברענגען צו איהם אַהיים. דאָס איז מײַן איינציגע ביטע.

זשאַווער'ס געזיכט האָט זיך פֿאַרקנייטשט. דאָס פֿלעגט מיט איהם טרעפֿען יעדעס מאָל, ווען ער האָט געפֿיהלט, אַז ער וועט מוזען אײַן עפּיס נאָכגעבען. ער האָט אַרויסגענומען אַ טיכעל פֿון קעשענע, האָט עס אײַנגעטונקט אין וואַסער און אָבגעווישט דערמיט מאַריוס'עס פֿאַרבלוטיגטען שטערן.

— דער מענש איז געווען אויף דער באַריקאַדע, — האָט ער געזאָגט, ווי רעדענדיג צו זיך אַליין. דאָס איז דערזעלבער, וועמען זיי האָבען גערופֿען מאַריוס.

ער האָט אַלץ געזעהן און געהערט, שפּעהענדיג אין שיינק געבונדען און ערוואַרטענדיג דעם טויט.

זשאַווער האָט גענומען מאַריוס'עס האַנד און האָט אַ טאַפּ געטהון דעם פּולס.

— ער איז פֿאַרוואונדעט, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט.

— ער איז טויט, — האָט זשאַווער געענטפֿערט.

— ניין. דערווײַל נאָך ניט.

— הייסט עס, איהר האָט איהם געבראַכט אַהער פֿון דער באַריקאַדע?

זשאַווער איז, קענטיג, געווען שטאַרק צורודערט, אַז ער האָט געקאָנט ניט שטעלען קיין פֿראַגען וועגען אַזאַ וויכטיגער זאַך, ווי דאָס דורכגעהן דורך די קאַנאַליזאַציע.

זשאַן וואַלזשאַן האָט דערווײַל געזאָגט:

— ער וואוינט אויף דער גאַס פֿיל־די־קאַלווער, בײַ זײַן זיידען... איך האָב פֿערגעסען זײַן פֿאַמיליען־נאָמען.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אַרויסגענומען פֿון מאַריוס'עס בוזעם־קעשענע דעם פּאָרטפֿעל, פֿון דאָרט דאָס קוויטעלע מיט דעם אַדרעס און האָט עס דערלאַנגט זשאַווער'ן. דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר האָט איבערגעלעזען און אויסגערופֿען:

— קוטשער!

די דראָזשקע, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געוואַרט אויף זשאַווער'ן, איז צוגעפֿאָהרען צו זיי. דעם פּאָרטפֿעל האָט זשאַווער אַרײַנגעלעגט צו זיך אין קעשענע. מען האָט דעם פֿערוואונדעטען אַרויפֿגענומען אויף די דראָזשקע, זשאַווער

אין זשאַן וואַלזשאַן האָבען זיך געזעצט געגענאיבער, און די דראָזשקע איז אַוועק צו דער זייט פון דער באַסטיליע.

עס איז שוין געווען רעכט נאַכט, ווען די דראָזשקע איז געבליבען שטעהן נעבען הויז נומער 6 אויף דער גאַס פיל־די־קאַלוועֶר. זשאַווער האָט אָנגעקלאַפּט אין טויער, און דער וועכטער האָט געעפענט.

— דאָ וואוינט עפּיס איינער אַ זשילנאָרמאַן?

— יאָ. וואָס דאַרפט איהר איהם?

— מ'האָט געבראַכט צופיהרען זיין זוהן.

— זיין זוהן? — האָט דער וועכטער מאַשינאַל איבערגעפרעגט.

— יאָ. ער איז געווען אויף אַ באַריקאַדע, און אָט איז דאָס רעזולטאַט.

זשאַן וואַלזשאַן און דער קוטשער האָבען דערווייל אַרויסגענומען מאַריוס'ן פון דער דראָזשקע.

דער וועכטער האָט אויפגעוועקט דעם דינער, דער דינער — די דינסט, די דינסט — די מוהמע, מאַדמואַזעל זשילנאָרמאַן. דעם אַלטען האָבען זיי בעשלאָסען דערווייל נישט צו וועקען: וואָס שפּעטער ער וועט זיך דערוויסען, אַלץ גלייכער איז פאַר איהם.

מאַריוס'ן האָט מען אַרויפגעטראָגען אויפ'ן צווייטען שטאָק און אַוועקגעלעגט אויף אַ קושעטקע. דער דינער איז אַוועק נאָך אַ דאָקטאָר און די דינסט ניקאָלעטע האָט געעפענט אַ שאַנק און האָט אָנגעהויבען אָנגרייטען וועש. דערווייל האָט זשאַן וואַלזשאַן דערשפּירט אויף זיך זשאַווער'ס האַנד. ער האָט פערשטאַנען, וואָס מ'מיינט און איז אַרויס מיט'ן פּאָליציי־אינספּעקטאָר אויף די גאַס.

## 14. זשאַווער אַראָב פון דער סצענע.

זיי האָבען זיך אַריינגעזעצט אין דער דראָזשקע.

— אינספּעקטאָר זשאַווער, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט, — טהוט מיט מיר נאָך איין חסד.

— וואָס ווילט איהר? — האָט זשאַווער געפרעגט מיט אַ רוהיגער שטים.

— ערלויבט מיר אַריינצוגעהן צו זיך אַהיים אויף אַ מינוט. דערנאָך טהוט מיט מיר ווי אייך געפעלט.

זשאַווער איז אַ פּאָר מינוט געזעסען שווייגענדיג, מיט אַנאַראָבגעלאָזטען קאָפּ. דערנאָך האָט ער געזאָגט צום קוטשער,

— די גאַס פון „בעוואָפענטען מענשען“, נומער 7.

די דראָזשקע האָט זיך אָבגעשטעלט ביים אַריינפאָהר אין די גאַס פון „בעוואָפענטען מענשען“, ווייל די גאַס איז געווען זעהר אַ שמאָלע, און עקיפּאַזשען האָבען זיך אין איהר נישט געקאָנט אויסקעדרעהען. זשאַווער און זשאַן וואַלזשאַן זענען אַראָב פון דער דראָזשקע.

דער פוהרמאַן האָט גענומען מיט גרויסער הכנעה ערקלערען דעם „הערן אינספּעקטאָר“, אַז דער אויטרעכטער סאַמעט, מיט וועלכען זיין עקיפּאַזש איז פון אינווייניג בעשלאָגען, איז אינגאַנצען פערשמירט אין בלוט און אין בלאָטע, און אַז מען דאַרף איהם אומקעהרען דעם שאָדען. דערצו האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע זיין ביכעל און געבעטען זשאַווער'ן פערשרייבען דאָרט, אַז ער האָט געטהון דאָס זייניגע ווי געהעריג איז.

זשאַווער האָט דאָס ביכעל נישט גענומען און געפרעגט:

— וויפיעל קומט דיר פאַר דאָס וואַרטען און פאַר'ן סאַמעט?

— זיבען מיט אַ האַלבער שטונדע, — האָט דער פוהרמאַן געענטפערט. — דערצו איז דנה

סאַמעט, געווען נאָך גאָר נײַ. אַכצן פראַנק, דער אינספּעקטאָר.

זשאַווער האָט באַצאָלט און אַוועקגעלאָזן די חראָושקע.

די זעגען אַרײַן אין די גאַס, וועלכע איז, ווי געוויינלעך, געווען פּוסט. צוגעקומען צום הויז נומער זיבן, האָט זשאַן וואַלזשאַן אָנגעקלאַפּט. די טיר האָט זיך געעפנט.

— גוט, — האָט זשאַווער געזאָגט, — גייט.

דערנאָך האָט ער צוגעגעבן מיט אַ מאָדנעם אויסדרוק, ווי ער וואָלט זיך אָנגעטאָן אַ כּח:

— איך וועל וואַרטן אויף אײַך דאָ.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אַ קוק געטאָן אויף זשאַווער'ן. אים איז געווען אַ חידוש, דער פּנים־ביסענער פּאָליציי־אינספּעקטאָר זאָל אים אָפּלאָזן אויף אַ מינוט פון אויג. ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט, איז אַרײַן אין קאָרידאָר און זיך געלאָזן גיין איבער די שטיגן אַרויף.

אויפ'ן ערשטן שטאָק איז ער אויף אַ רגע געבליבן שטיין און האָט געוואָרפן אַ קוק דורך דאָס פענצטער פון קאָרידאָר אויף די גאַס. נעבן הויז איז געשטאַנען אַ לאַמטערן. די גאַס איז געווען קליין, און די לאַמטערן האָט זי באַלויכטן פון איין עק ביז'ן צווייטן. זשאַן וואַלזשאַן איז געבליבן ווי פאַרשטיינערט. אויף דער גאַס האָט מען קיינעם נישט געזען.

זשאַווער איז פאַרשוואונדן.

יאָ, זשאַווער איז אַוועקגעגאַנגען. מיט לאַנגזאַמע טריט, מיט אַנידערגעלאָזטן קאָפּ און מיט די הענט פאַרלייגט אויפן רוקן האָט ער זיך דערווײַטערט פון דער גאַס פון „באַוואָפנטע מענטשן".

צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן האָט זשאַווער אָנגענומען אַ פּאָזע, וואָס באַווײַזט שוואַכקייט און ענטשלאָסנקייט. זײַן גאַנץ לעבן איז ער אַרומגעגאַנגען מיט'ן קאָפּ אין דער הויך און מיט די הענט אויף דער ברוסט. אָבער איצט איז געווען עפּעס אַנדערש. איצט איז זשאַווער נישט געווען זשאַווער.

ער איז נישט געגאַנגען כּתּם אין די וועלט אַרײַן, נאָר אין אַ באַשטימטער ריכטונג. מיט'ן קירצעסטן וועג האָט ער זיך דערנענטערט צום טײַך.

ער איז געבליבן שטיין אויף דער בריק נאָטר־דאַם, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפ'ן געלענדער און זיך טיף פאַרטראַכט.

אַלץ אין אים האָט זיך איבערגעקערט. שוין עטלעכע שטונדן איז ער נישט געווען דער, וואָס שטענדיג. זשאַווער האָט געפילט, אַז דער באַגריף פון „פליכט" בײַ אים אין קאָפּ שפּאַלט זיך אויף צווייען. צוויי וועגן האָט ער געזען פאַר זיך, און ביידע זענען געווען גראַד, און דאָס האָט אויף אים אָנגעוואָרפן אַן אימה, ווײַל זײַן גאַנץ לעבן האָט ער געוואוסט בלויז פון איין גראַדן וועג.

וואָס טוט מען איצט? אַרויסגעבן זשאַן וואַלזשאַנ'ען איז נישט גוט; לאָזן אים פרײַ איז אויך נישט גוט. אין ערשטן פאַל, וואָלט ער, זשאַווער, געווען נידעריגער פונ'ם קאַטאָרזשניק; אין צווייטן פאַל — שטעלט זיך דער קאַטאָרזשניק העכער פונ'ם געזעץ, — הכּלל גאָט פאַר וועלכן זשאַווער האָט געקניט זײַן גאַנץ לעבן.

זשאַווער האָט שרעקלעך געליטן. באַזונדערס האָט ער געליטן דערפון, וואָס ער איז געווען געצוואונגען צו דענקען. זשאַווער האָט שטענדיג געפונען פאַר איבעריג און שעדלעך צו דענקען וועגן וואָס ס'ניט איז, אויסער זײַנע דירעקטע פליכטן. דאָ אָבער איז דער ווידערשפּרוך געווען אַזוי שרעקלעך, אַז דענקען האָט ער געמוזט.

ווי איז עס מעגלעך, אַז ער, זשאַווער, זאָל אָפּלאָזן אַ פאַרברעכער? מ'האָט פּשוט באַדאַרפט גיין צוריק אין די גאַס פון „באַוואָפנטע מענטשן" און אַרעסטירן זשאַן וואַלזשאַנ'ען. אַזוי האָט מען באַדאַרפט טאָן. אָבער טאָן עס האָט ער נישט געקאָנט. עפּעס אַזוינס איז אים געשטאַנען אין וועג.

וואָס איז דאָס געווען? איז דען מעגלעך, אַז עס עקזיסטירט אויף דער וועלט נאָך עפּעס אַ זאַך, אויסער דעם געזעץ און שטאַרקער פון

נעהמען? אַ קאַטאָרזשניק, וואָס זיין פערזאָן איז הייליג און אונבערירבאַר! זשאַווער איז געוועזען אינגאַנצען אַראָפּגעשלאָגען פון טראָפּ.

אַלץ, וואָס זשאַווער האָט געהאַלטען פאַר אמת און יושר, איז איצט געוועזען צוריבען אויף שטויב. זשאַן וואַלזשאַן'ס גרויסמוטהיגקייט האָט איהם אינגאַנצען נידערגעשלאָגען. ווערשט איצט האָט ער זיך דערמאָהנט פאַקטען, אויף וועלכע ער האָט פריהער קיין אכט נישט געגעבען. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן זשאַן וואַלזשאַן'ס אויפפיהרונג, בעת יענער איז, אונטער'ן נאָמען מאַדלען, געווען בירגערמייסטער אין דער שטאָדט מאָנפערמעיל, — און פאַר איהם איז אויסגעפאַקסט אַ פיגור פון אַ מענשען, וואָס פערדיענט אַכטונג. אַ קאַטאָרזשניק אַ בעל-רחמים, וועלכער צאָהלט מיט גוטעס פאַר בייז, איז מוחל זיין קריוודע, ענטזאַגט זיך פון נקמה, וויל בעסער אַליין אומקומען, איידער לאָזען אונטערגעהן זיין שונא, — אַ קאַטאָרזשניק, וואָס איז מעהר ענליך צו אַ מלאך, איידער צו אַ מענשען! זשאַווער האָט געשפירט, אַז צו איהם אין האַרץ גנב'עט זיך אַריין עטוואָס שרעקליכעס — אַ געפיהל פון דרך-ארץ, כמעט פון פערגעטערונג בנוגע צו אַ קאַטאָרזשניק. ניין, דאָס טאָר נישט זיין!

ער האָט אָבער אויך געפיהלט, אַז איבערגעבען זשאַן וואַלזשאַנ'ען אין די הענד פון געזעץ, וואָלט געווען פון זיין זייט די געמיינסטע טהאַט. זשאַווער האָט געזעהן קלאָר, אַז גם זענען פאַראַן אויף דער וועלט זאַכען, וואָס זענען העכער פונ'ם געזעץ און פון זיין פליכט אַלס פאָליציי-בעאַמטער. ער האָט פלוצים דערזעהן, אַז דאָס געזעץ קען נישט אַרומנעהמען אַלץ, אַז די ריכטער זענען נישט מעהר ווי מענשען, אַז די געזעלשאַפט אַליין איז ווייט פון פאָלקאָממענהייט, אַז דאָס געריכט קען מאַכען אַ טעות, — יאָ, יאָ, פשוט אַ טעות!

אַ לאַנגע צייט איז זשאַווער געשטאַנען אויף דער בריק און האָט געטראַכט. ענדליך האָט זיך אַלץ אין איהם פערדרעהט און פערפלאָנטערט. און ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ מענש, וואָס האָט גע-זעהן די וועלט חרוב ווערען.

ער איז אַוועק אין נאָהנטען פאָליציי-אַמט, האָט אָנגעשריבען אַ ראַפּאָרט וועגען פערשיעדענע זאַכען, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו זיין דיענסט. אַט דעם ראַפּאָרט געלאָזען אויפ'ן טיש און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק צום טייך. דאָ איז ער געשטאַנען אַ ווייל'ע שטיל, דערנאָך האָט ער אַוועקגעלעגט זיין הוט אויפ'ן אַנ-לעהן פון דער בריק. און אַ סעקונדע אַרום האָט אַ לאַנגע, שוואַרצע פיגור אַ שפּרונג געטהאָן אי-בערן אַנלעהן און איז מיט אַ שטאַרק געריוש פער-שוואונדען אין דעם טונקעלען וואַסער פון טייך.

---

## 15. אַ זיידענ'ס האַרץ.

מאַריוס'ן האָט מען אַריבערגעטראָגען אין גאַסט-צימער. אַז דער דאָקטאָר איז געקומען, איז דער פערוואונדעטער נאָך אַלץ געלעגען אין דעמזעלבען בעוואוסטלאָזען צושטאַנד וואָס פריהער.

מאַדמואַזעל זשילנאָרמאַן, שטאַרק איבער-געשראָקען, איז אַרומגעגאַנגען איבער'ן צימער מיט צונויפגעלעגטע הענד, נישט זענענדיג אימשטאַנד צו טהון וואָס עס איז, און האָט אַלץ געטענה'ט: „אַך, מיין גאָט, וואָס דאָ איז געשעהען!“ אַז ביי איהר אין קאָפּ איז אַ ביסעל קלאָרער געוואָרען, האָט זי צוגעגעבען: „עס האָט זיך גאָר אַנדערש נישט געקאָנט ענדיגען“.

דער דאָקטאָר האָט מאַריוס'ן אונטערזוכט און האָט אויסגעפונען, אַז אויפ'ן קערפּער ביי איהם זענען קיין ערנסטע וואונדען נישטאָ, די ביינער זענען אין ערגיץ נישט געריהרט און נור די ווייכע טהיילען זענען אין פיעל ערטער צוריסען פון קוילען. דערפאַר אָבער דער קאָפּ איז געוועזען צוהאַקט אין פערשיעדענע פונקטען, און דערווייל איז אונמעגליך געווען צו זאָגען, אויב דער שאַרבען איז אויך גערירט, אָדער בלויז די הויט און דאָס פלייש. נישט קיין גו-טער סימן איז געוועזען דער צושטאַנד פון חלשות,

וואָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, הערצו האָט מאַריוס פערלוירען זעהר אַ סך בלוט.

דער דאָקטאָר האָט געוואַשען און באַנדאַזשירט מאַריוס'עס וואונדען, און זיין מינע דערביי איז געווען זעהר נישט קיין פרעהליכע. צייטענווייז האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין.

אין מיטען וואַשען די וואונדען האָט זיך בעוויזען אין טהיר, וואָס פיהרט צו די שלאָף־צימערן, אַ ווייסע פיגור.

דאָס איז געווען דער זיידע.

שוין צוויי טאָג נאָכאַנאַנד האָט דער אויפשטאַנד גערייצט און גערעגט זשילנאָרמאַנ'ען און געשטערט זיין רוה. פאָריגע נאַכט האָט ער נישט געקאָנט איינשלאָפען און אַ גאַנצען טאָג דערנאָך האָט ער געהאַט אַ סאָרט פיבער. פריה אין אָוענד האָט ער זיך געלעגט אין בעט אַריין און איז איינגעשלאָפען.

אַלטע לייט האָבען אַ גרינגען שלאָף. זיין שלאָף־צימער איז געווען נעבען גאַסט־צימער, און ווי שטאַרק מ'האָט זיך געהיט, האָט דאָס גערויש איהם דאָך אויפגעוועקט. דורך אַ שפּאַלט אין טהיר האָט ער בעמערקט אַ שיין. ער האָט זיך פערוואונדערט, איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו דער טהיר.

זעהר אַ פערוואונדערטער איז ער געשטאַנען אין טהיר און געקוקט אין צימער אַריין.

אין זיין ווייסען חלאַט האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ בר־מינן אין תכריכים. ער האָט דערזעהן אין צימער אַ בעט מיט אַ מאַטראַץ, אויפ'ן מאַטראַץ אַ יונגען פערבלוטיגטען מענשען, בלאַס ווי קרייד, מיט געשלאָסענע אויגען, מיט אַן אָפענעם מויל, בעדעקט מיט וואונדען און אונבעוועגליך.

דער זיידע האָט אָנגעהויבען ציטערן פון קאָפּ ביז די פיס, זיינע אויגען זענען פערגלעזערט געוואָרען, דאָס פנים האָט זיך אויסגעצויגען, איז געוואָרען שאַרף און ערד־פאַרביג. ער האָט אַרויסגעמורמעלט:

— מאַריוס!

— בעל־הבית, — האָט דער דינער געזאָגט, — דאָס דאָזיגען יונגען הערר האָט מען ערשט געבראַכט. ער איז געווען אויף אַ באַריקאַדע און...

— און איז געשטאָרבען! — האָט דער אַלטער אויסגעשריען מיט אַ שרעקליכער שטים, — אַך, באַנדיט!

אין פלוצים האָט זיך דער הונדערט־יעהריגער אַלטער אויסגעגלייכט, ווי אַ מענש ביי דער גסיסה.

— מיין הער, — האָט ער געזאָגט, — איהר זענט אַ דאָקטאָר. זאָגט מיר דעם אמת, ער איז געשטאָרבען, יאָ?

דער דאָקטאָר האָט געשוויגען מיט אַ פערקלעמט האַרץ.

זשילנאָרמאַן האָט פערבראָכען די הענד און האָט אויסגעשאָסען מיט אַ שוידערליכען געלעכטער.

— געשטאָרבען! ער איז געשטאָרבען! ער האָט זיך געלאָזען הרג'ענען אויף אַ באַריקאַדע! פון שנאה צו מיר! ער האָט עקסטרא אַזוי געטהון, מיר אויף להכעיס! אַך, דו בלוט־זויגער! אַט אַזוי האָט ער עם כ'ר אָבגעצאָהלט! אוי, אומגליק! געשטאָרבען!

ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, האָט עס ברייט געעפענט און גענומען רעדען אין די נאַכט אַריין:

— צוהאַקט, צובראָכט, צודרג'עט, צוממית'ט, געקוילעט, צושניטען אויף שטיקער! בעטראַכט נור דעם דאָזיגען טויגעניכטס! ער האָט גוט געוואוסט, אַז איך וואַרט אויף איהם, אַז איך האָב געהייסען פאַר איהם אַ צימער אָנגרייטען און אַז ביי מיר צו־קאָפּענס איבערן בעט הענגט זיין בילד פון דער צייט, ווען ער איז נאָך געווען אַ ברעקעלע! אָ, ער האָט גוט געוואוסט, אַז ער מעג צוריקקומען, אַז שוין עטליכע יאָהר ווי איך וואַרט אויף איהם אין די אָווענדען, זיצענדיג נעבען אייוועז, און ווער שיער נישט משוגע פון צער. דו האָסט געוואוסט, אַז דו קאָנסט קומען און זאָגען נור: „אַט בין איך" — וועסטו בעל־הבית איבערן גאַנצען הויז, און איך וועל ערפילען יעדען וואונש דיינעם, און

וואָס דו ווּעסט נור וועלען, וועסטו קאָנען מאַכען מיט'ן אַלטען טאַרישען ייִדען! און אַנשטאָט דעם ביזטו אַוועק אויף די באַריקאַדע און זיך געלאָזען טויטען פון כעס, וואָס איך בין אַ ראָיאַליסט! דאָס איז געמיין!

ער האָט געשוויגען אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעפאַנגען:

— און דאָס אַלץ מאַכען אַן אײַערע צײַטונגען. איהר ווערט האָבען שרײַבער, פּלוידערזעק, אַדוואָקאַטען, רעדנער, דעבאַטען, פּראָגרעס, בילדונג, פּרעסע-פרײַהײַט — און די קינדער אײַערע ווערט מען אײַך ברענגען אַהיים צוהאַקט ווי אַ קאָטלעט! אַך, מאַריוס, מאַריוס! דערהרג'עט! אַזאַ טויט, אַזאַ שרעקליכער טויט, און פריהער פאַר מיר, איך האָב איהם איבערגעלעבט! גזלן וואָס דו ביזט! דאָקטאָר, איהר הערט? אַז ער איז געווען אַ קליינינקער, האָט ער נישט געקאָנט אויסריידען קיין „ד“, און זײַן שטים איז געווען ווי בײַ אַ פייגעלע. ער פלעגט געהן אין שטאָדט-גאָרטען שפּאַצירען מיט זײַן וועגעלע און גראַבאײַזען, ווּ האָט ליעב געהאַט גראָבען דאָרט די ערד, און איך פלעג נאָכגעהן און פערגלײַכען צוריק מיט מײַן שטעקען, כדי די אויפזעהער זאָלען זיך נישט בייזערן. אַז ער פלעגט אַרײַנקומען אין חדר-פריה אין מײַן צימער, פלעג איך זיך כלומר'שט בייזערן, אָבער אין דער אמת'ן איז עס פאַר מיר געווען פונקט ווי די זון האָט מיר געמאַכט אַ באַזוך. מיט אַזעלכע יונגעלעך קאָנט איהר גאָרנישט מאַכען. זיי נעהמען אײַך אַרײַן אין זייערע הענדטלעך, און איהר מוזט נאָכדעם טאַנצען אַזוי, ווי זיי שפּיעלען. דעם אמת געזאָגט, איז נאָך קיין בעסער קינד אויף דער וועלט נישט געווען. און איצט האָבען אײַערע רעוואָלוציאָנען איהם דערהרג'עט,

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבען מאַריוס'ן, האָט געקוקט אויף איהם און געמורמעלט: „אַך, דו האַרצלאָזער מענש! אַך, רוצח! רעוואָלוציאָנער!“ דאָס האָט אַ גוסס מיט אַ שוואַכער שטים געמאַכט פאָרווירפען אַ טויטען.

ביסלעכווייז איז ער געוואָרן אָפּגעשוואַכט און אויסערליך רוהיגער, אָבער דײַן שטים האָט מען שוין קוים געהערט:

— פאַר מיר איז עס אַלץ איינס, איצט וועל איך שוין אויך שטאַרבען! איך בין שוין אַלט הונדערט יאָהר, איך האָב שוין לאַנג געדאַרפט שטאַרבען. איהר פערשטעהט, ס'איז אַ נפש? אין דײַנע יאָהרען דאַרף מען נאָכלויפען נאָך מיידלעך, נישט לאָזען זיך הרג'ענען. און צוליעב וואָס? צוליעב אַ רעפּובליק! צוליעב דעם גענעראַל לאַמאַרק! און וואָס, אַ שטיינער, האָסטו געהאַט פון'ם דאָזיגען גענעראַל לאַמאַרק? משוגע קאָן מען ווערען! פּגר איצט אויף דער גלעטער-עלענה ווי אַ שטיין! מילא, אַ סוף זאָל עס נעהמען, שטאַרבען איז שטאַרבען. וואָס גיט איהר איהם שמעקען די טראָפּענס, צו וואָס זענען די רפואות? איהר זעהט דען נישט, אַז ער איז געשטאָרבען? ער איז געשטאָרבען אויף דער אמת, דער שנעק האָט קיינמאָל קיין זאַך נישט געטהון אויף העלפט. יאָ, אַ שענדליכע צײַט לעבען מיר איבער, אַ שענדליכע, — אָט וואָס איך דענק וועגען אײַערע אידעען, וועגען אײַערע סיסטעמען, וועגען אײַערע רעוואָלוציעס, מיט וועלכע איהר שרעקט די געגנז שוין זעכציג יאָהר נאָכאַנאַנד! אַז דו האָסט אויף מיר קיין רחמנות נישט געהאַט און זיך געלאָזען הרג'ענען, וועל איך גאָר אַפילו נישט טרויערן נאָך דײַן טויט, — הערסט, דו רוצח!

אין דעם מאָמענט האָט מאַריוס געעפענט די אויגען און האָט אָנגעשטעלט אויף זשילנאָרמאַנ'ען אַ פערהוידיכטען, פערנעבעלטען בליק.

— מאַריוס! — האָט דער אַלטער אויסגעשריען נישט מיט זײַן שטים. מאַריוס! מײַן קינד, מײַן אויג אין קאָפּ, מײַן טײַערער זוהן! האָסט געעפענט די אויגען — קוקסט אויף מיר — דו לעבסט!... אַ, אַ דאַנק!

און דער זקן איז געפאַלן אין חלשות.



## 16. דער שונא גיט זיך אונטער.

פיעל וואכען נאכאנאנד איז מאריוס געווען צווישען לעבען און טויט. א שטארק פיעבער האט איהם געפייניגט, הערצו האט זיך אינטערגעווארפען א מארך־ענטציג־דונג. זשילנארמאן איז די גאנצע צייט נישט אבגעטראטען פון זיין בעט און איז פון יסורים געווען נישט ווייניגער קראנק ווי מאריוס.

יעדען טאג, און אפטמאל צוויי מאל אין טאג, פלעגט קומען א גאלאנטער, גרויער הערר, אנשטענדיג געקליידעט, לויט דעם וועכטער'ס ווערטער, און פרעגען, וואס דער קראנקער מאכט.

ענדליך, אין פיער מאנאטען ארום, האט דער דאקטאר ערקלערט, אז איצט קאן ער גאראנטירען פאר זיין פאציענט'ס לעבען. אבער דער פראצעס פון'ם געזונט ווערען האט זיך נאך געצויגען צוויי מאנאטען, און די גאנצע צייט האט מאריוס געמוזט ליגען אין בעט.

דער זיידע איז שיער פון זינען נישט ארויס פון פרייד, ווי פריהער פון צרות. דער אלטער איז געווען איבערגליקליך.

מאריוס האט געלאזען זיך קוריען, טהון מיט זיין גוף, וואס מ'וויל, און אליין האט ער, שיינט ער איז צו די געדאנקען געקומען, נישט אויפגעהערט צו קלערען פון קאזעט'ן. וואו געפינט זי זיך איצט? וואס איז מיט איהר געווארען? זיין טייל נאהמע אין דער שלאכט ביי דער באריקאדע האט ער געדענקט ווי דורך א חלום און ווער עס האט איהם פון דארט געראטעוועט, האט ער נישט געוואוסט, ווי ס'האבען עס נישט געוואוסט די אדומיגע. מען האט איהם נור דערצעהלט, אז עפעס מענשען האבען איהם געבראכט אין א בעוואוסטלאזען צושטאנד און זענען באלד פערשוואונדען.

דעם זיידענ'ס צערטליכקייט האט איהם נישט גערירט. ערשטענס, האט ער נישט גע־וואוסט אויך אזוי פיעל, אויך וויפיעל דער אלטער האט איהם ליעב געהאט, און צווייטענס, איז ער געווען איבערצייגט, אז ווי באלד ער וועט נור אנהויבען רעדען פון קאזעט'ן, וועט זיך ווידער אנפאנגען דאס אמאליגע. ער איז דעריבער געבליבען קאלט צו זשילנארמאנ'ס אויפמערקזאמקייט צו איהם און האט זיך געגרייט אויסצוהאלטען פאר קאזעט'ן א שווערע מלחמה.

פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך פערטשעפען מיט'ן אלטען דערוויל ביי קלייניגקייטען. איינמאל האט דער אלטער זיך אויסגעהייקט עפיס פערעכטליך וועגען די פיהרער פון דער ערשטער פראנצויזישער רעוואלוציע. מאריוס האט דערויף רויה געזאגט:

— די מענשען פון 93־טען יאהר זענען געווען ריעזען.

דער זיידע איז אנטשוויגען געווארען און האט דעם גאנצען טאג קיין ווארט נישט גע־רעדט; דאס איז געווען אוים מורא צו פערשא־פען מאריוס'ן שמערצען, מאריוס אבער האט געמיינט, אז דער אלטער שווייגט פון כעס און האט ערווארטעט, עס זאל אויסברעכען א שטורם. דער שטורם איז נישט געקומען.

איינמאל האט מאריוס באשלאסען, אז עס איז געקומען די צייט אנצוהויבען די מלחמה, און האט געזאגט צום זיידען:

— איך האב מיט אייך צו רעדען וועגען עפיס.

— וועגען וואס, א שטייגער?

— איך האב זיך בעשלאסען חתונה צו האבען.

— נו, איך האב זיך דערויף גערעכט, — האט דער אלטער געזאגט און זיך פונאנדערגעלאכט.

— וואס הייסט, איהר האט זיך גערעכט?

— יא, גערעכט. דאס מיידעל וועט זיין דיינס.

דער האסטיגער ענטפער האט מאריוס'ן אזוי איבערראשט, אז ער האט א ציטער געטהון

זשילנארמאן האט דערוויל ווייטער גערעדט:

— יאָ, יאָ; קאָזשעטשקע װעט זײַן דײַנע. װי דו זעהסט, װײס איך שױן, װי די הײסט איך. איך האָב געקלײַבט װעגען איהר ידיעות: די איז שען, קלוג און גוט, און זי גיט די ליעבסטע צו־בעט, האָלט זי אין אײן װײנען. יעדען טאָג קומט אַהער אַ גאַלטער מאַן און איהר נאָמען צו פרעגען, װאָס דו מאַכסט. דאָס איז אַ גאָלדענע פון אַ מײדעל. דו װאָלסט דאָ געװען מאַכען אַ שמאַרב, װאָלט מען אונז דרײַען געמוזט בעגראָבען, און איהר טרױער װאָלט מען געטראָגען צוגלײַך מיט מײַנער. אָ, דיר טהוט באַנג; װי איך זעה, װאָס איך האָב זיך אַזױ לײַכט אינטערגעגעבען? עס פערדריסט דיך, װאָס דו קאָנסט מיט מיר נישט מלחמה האַלטען? נײן, גוטער ברודער, מעהר װעל איך אַזעלכע זאַכען נישט דערלאָזען. איך האָב געזעהן, אַז דו האָסט מיך פײַנט, האָב איך זיך געפרעגט: װאָס טהוט מען אַזױנס, אַז דער דאָזיגער לומפּ זאָל מיך ליעב קריגען? נו, בין איך געפאַלען אױף אַ שכל: איהר װילט התונה האָבען, מײַן גנעדיגער הערר, — זעהר שען, מיט אַלע כבודין! איך װינש דיר גליק, מײַן טײַער קינד!

אין דער אַלטער האָט זיך פּלוצים צעװײנט.

דערנאָך האָט ער אַרומגענומען מאַריוסעס קאָפּ, האָט איהם צוגעדריקט צום האַרצען, און דער זײדע מיט'ן אײניקעל האָבען בײדע גענומען װײנען. דאָס זענען געװען טרעהרען פון גליק.

— טאַטע! — האָט מאַריוס אױסגערופען.

— אַזױ, האָסט מיך נאָך; הײסט עס, ליעב? — האָט דער אַלטער אַרױסגערעדט. — נו; ער האָט שױן קױם אַמאָל געעפענט אַ מױל און מיך גערופען טאַטע.

מאַריוס האָט שטיל געזאָגט:

— טאַטע, מיר איז שױן בעסער; און מיר דאַכט, איך װאָלט זי שױן געמעגט זעהן.

— איך האָב שױן דאָס אױך בעװאָרענט. מאָרגען װעסטו זי זעהן.

— טאַטע?

— נו?

— פאַרװאָס נישט הײַנט?

— פאַרװאָס נישט הײַנט? זאָל זײַן הײַנט. יאָ, טאַקע הײַנט. דו האָסט מיך דרײַ מאָל גערופען „טאַטע", און פאַר אַזאַ זאַך מעג מען ערפילען דײַנעם אַ װאונש. מ'װעט די שױן ברײַנגען. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, און איך האָב שױן אַלץ בעזאָרגט. אַזאַ מעשה איז שױן אַמאָל בעשריבען געװאָרען אין פערזען. דערמאָהן זיך נאָר דעם סוף פון דער פּאָעמע „דער יונגער קראַנקער" פון אַנדרע שעניע, דעמזעלביגען אַנדרע שעניע, װעלכען די באַנדי... איך װיל זאָגען, די ריעזען פון 93־טען יאָהר האָבען געקױלעט...

מאַריוס איז געװען אַזױ פערטראָגען, אַז ער האָט גאָרנישט געהערט, װאָס דער זײדע רעדט, און האָט פיעל מעהר געקלערט װעגען קאָזשעטע'ן, אײדער װעגען דעם 93־טען יאָהר. דעם אַלטען אָבער האָט זיך אױסגערעכנט, אַז מאַריוס איז בײז געװאָרען, איז ער געװאָרען טױט פון שרעק, װאָס ער איז דאָ אַזױ שלים־מזל'דיג אַרײַנגעפאָהרען מיט אַנדרע שעניע. ער האָט גענומען פערריכטען דעם עסק:

— יאָ, אַדאַי, דער אױסדרוק „געקױלעט" פּאַסט זיך נישט אַהער. די מעשה איז, אַז די גרױסע רעװאָלוציאָנערע זשעניען, װעלכע זענען כלל נישט געװען קײן רוצחים, נאָר טאַקע אמת'ע העלדען, דער חית זאָל זײ נעהמען, האָבען געפונען אַז אַנדרע שעניע מאַכט זײ אַ ביסעל אײנג, דעריבער האָבען זײ איהם דעם קאָפּ אַראָבגע... איך מײן צו זאָגען, אַז די גרױסע מענשען פון 93־טען יאָהר, אום צו בעשיצען די געזעלשאַפט פון געפאַהר, האָבען זיך געװענדעט צו אַנדרע שעניע מיט אַ העפליכער ביטע, ער זאָל געהן צו...

דער אַלטער האָט זיך אינגאַנצען פערפּלאָנטערט. זײַנע אײגענע װערטער האָבען איהם אַזױ צוגעדריקט צו דער װאַנד, אַז נישט ער האָט זײ געקאָנט װענדיגען, נישט צוריק נעהמען. פון אױפרעגונג האָט איהם בעשלאָגען אַ שװײס. ער איז דעריבער אױפגעשפּרונגען פון אָרט און מיט דעם האַסט, אױף װעלכען ער איז נאָך געװען

פּעהוּה, איז ער אַרויסגעשפּרונגען אין קאָרידאָר, וואו ער האָט זיך אָנגעשטויסען נאָז צו נאָז מיט דינער באַסק, וועלכער איז געשטאַנען און האָט געפּוצט אַ פּאָר שטיוועל. דער אַלטער, רויט ווי קאַרמוערין, מיט שוים אויף די ליפּען און מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, האָט אָנגעחאַפּט באַסקין פאַרין גאָרגעל און האָט מיט אַ ווילדער שטים אַרויסגעקוויטשעט איהם אין פּנים אַרײַן.:

— איך שווער בײַ אַלע שרים אין דער וועלט, אַז אַט די רוצחים האָבען איהם דערהרג'עט!

— וועמען?

— אַנדרעע שעניע?

— יאָ, מײַן הערר! — האָט דער הערשאַקענער באַסק מסכים געווען.

## 17. קאָזעטע׳ס נדן.

נאָך דעמזעלבען טאָג האָבען זיך מאַריוס און קאָזעטע ווידער געזעהן בײַם קראַנקען אין צימער.

מיר ענטזאַגען זיך צו בעשרײַבען, וואָס זיי האָבען געפיהלט און גערעדט צווישען זיך בײַם ערשטען זעהן. פאַרדאַן זאַכען, וואָס רײַדען וועגען זיי איז אַנ׳אומזיסטע טרחה, ווײַל עס איז אונמעגליך זיי צו שילדערן אַזוי העל, ווי זיי פערדיענען עס.

זשילנאָרמאַן איז איבעראַשט און ענטציקט געוואָרען, הערענדיג קאָזעטע'ן. די גאַנצע פאַמיליע, נישט אויסגעשלאָסען באַסקען און ניקאָלעטען, האָט זיך געפונען אין צימער.

גלײַכצײַטיג מיט קאָזעטע'ן, נאָר אַ ביסעל הינטער איהר, איז אַרײַנגעקומען אַ מאַן מיט גרויע האָר און אַ ערנסט געזיכט, וועלכער האָט אַפילו געשמייכעלט, אָבער זײַן שמייכעל איז געווען אַ אונבעשטימטער און גיכער אַ טרויעריגער, אײדער אַ פרעהליכער. דאָס איז געווען „פּאָשלעװאַן' אָדער, ווי מיר ווייסען, זשאַן וואַלזשאַן.

ער איז ווירקליך געווען, ווי דער דויזוועכטער האָט געזאָגט, זעהר שעהן געקליידעט, אין אַ נײַעם שוואַרצען אַנצוג, מיט אַ ווײַסען האַלסטוך.

דעם וועכטער איז ער אַפילו יאָ פאָרגעקומען קענטליך, אָבער איהם האָט אַפילו אײַנפאַלען נישט געקאָנט, אַז דער דאָזיגער פערפּוצטער, אָנשטענדיגער בירזשויאַ, וואָס איז זעהר ענהליך צו אַ נאָטאַריוס, איז דערזעלבער שרעקליכער מענש, וואָס איז געשטאַנען דעם 6-טען יוני אין אָוונד נעבען טויער אַ שמוציגער, 'אַנגעריסענער, מיט אַ פערחמורעטע פּנים, פערבלאָטיגט און פערבלוטיגט, מיט מאַריוס'עס קערפּער אויף די הענד. אין דאָך, אַז זשאַן וואַלזשאַן איז אַרײַן אין הויז נאָך קאָזעטע'ן, האָט דער וועכטער נישט געקאָנט זיך אײַנהאַלטען און האָט אין דער שטיל געזאָגט צו זײַן ווײַב:

— איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר: מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז איך האָב שוין דעם דאָזיגען מענשען אַמאָל געזעהן. איך קאָן מיך אָבער פאַר קײן פאַל נישט דערמאָהנען וואו און ווי אַזוי.

זשאַן וואַלזשאַן איז אַרײַנגעקומען נאָך קאָזעטע'ן מיט עפּעס אַ פּעקיל, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ בוך, אונטער'ן אָרעם. דאָס בוך איז געווען פערוויקעלט אין אַ פּאַפּיר, וואָס איז געווען גרינליך און ווי בעדעקט מיט שימעל.

שוין-זשע טראָגט דער דאָזיגער הערר שטענדיג אַרום מיט זיך ביכער אונטער'ן אָרעם? — האָט מאַדמואַזעל זשילנאָרמאַן שטיל געפרעגט בײַ ניקאָלעטען. די אַלטע מויד האָט נישט ליעב געהאַט קײן ביכער.

— איז וואָס איז דאָ אַזוינס? — האָט זיך אָבגערופען זשילנאָרמאַן, וועלכער האָט געהערט די פראַגע. — ער איז אַ געלעהרטער. געלעהרטע טראָגען זיך שטענדיג אַרום מיט ביכער.

דערנאָך האָט ער זיך פערנייגט און הייך געזאָגט:

— הערר טראַנשלעוואַן...

אַזאַ אַריסטאָקראַטישע געוואוינהייט האָט ער געהאַט, דער אַלטער, צו פֿאַרגעסן די נעמען פֿון מענטשן, וואָס האָבן נישט געהערט צו דער אַריסטאָקראַטיע.

— הערר טראַנשלעוואַן, איך האָב די ערע צו בעטן בײַ אײַך פֿאַר מײַן אייניקל, דעם באַראָן מאַריוס פּאָנמערסי, מאַדמואַזעל קאָזעטס האַנט.

דער „הערר טראַנשלעוואַן" האָט זיך שווײַגנדיק פֿאַרנייגט.

— נו, דער עסק איז אָבגעמאַכט,— האָט דער זיידע געזאָגט.— איהר קאָנט זיך איצט פֿאַרנעמען איינער דעם צווייטן.

די יונגע-לײַט האָבן זיך נישט געלאָזט בעטן און האָבן גענומען פּלוידערן וועגן דיי-ערע געשעפֿטן.

און געשעפֿטן האָט מען געהאַט אַ היבש ביסעל: מ'האָט געדאַרפֿט אויסדערצעהלען, ווי אַזוי מ'האָט זיך אַנגעליטן פֿאַר די צײַט, ווי מ'האָט געבענקט איינס נאָכ'ן צווייטן און אַזוי ווײַטער. בעזונדערס פֿיעל האָט געפּלוידערט קאָזעטע, וועלכע האָט לחלוטין נישט געקאָנט פֿאַרשטעהן, וואָס איז דאָס פֿאַר אַנאָנשיקעניש אָט די פּאָליטיק, צו וואָס דאַרף מען זי און נאָך וואָס מישט זי זיך אין איהרע, קאָזעטעס, געשעפֿטן.

מאַדמואַזעל זשילנאָרמאַן האָט מיט גרויסער באַוואונדערונג באַטראַכט דאָס יונגע פּאָרפֿאָלק. און מיר מוזען מודה זײַן, אַז אין דעם בליק פֿון דער אַלטער מויד איז נישט געווען קיין נידעריגע קנאה,— דאָס איז געווען בלויז אַ פֿאַרלירענער, צוטראַגענער בליק פֿון אַנעלענדער אַלטער פֿרוי, וואָס האָט איהר לעבן נישט אויסגעלעבט.

זשילנאָרמאַן האָט הויך אויסגעדריקט זײַן באַגײַסטערונג פֿון קאָזעטען:

— דאָס איז אַ זײַדענע קינד!—האָט ער געשריגן.— איינס אין דער וועלט. די גוים

ווי אַמוטט,— און צו גלײַכער צײַט אַ גרויסאַרטיגע דאַמע! זײַן וועט זי נישט מעהר ווי אַ באַראָנעסע, אָבער זי איז, איך נאָמנות, געבוירען צו זײַן אַ מאַרקיזע. אָבער אַ שאָדע, כ'לעבען!— האָט ער פּלוצים צוגעגעבען מיט אַ טרויעריגען טאָן.— מײַן גאַנץ פֿערמעגן באַשטעהט אין אַ לעבענסלענגליכער רענטע. מילא, איז אַזוי לאַנג איך לעב, וועט מען נאָך ווי עס איז דורכקומען, אָבער נאָך מײַן טויט— אין אַ יאָהר צוואַנציג אַרום, הייסט עס,— וועט איהר, מײַנע אָרימע קינדער, נישט פֿערמאָגען קיין סו. איירע ווײַסע הענטלעך, מאַדאַם באַראָנעסע, וועלען פֿערזוכען דעם טעם פֿון אַרבייט און נויט.

אין דער מינוט האָט זיך אָבגערופֿען אַ חזנישע, זיכערע שטים:

— מאַדמואַזעל פֿאָשלעוואַן פֿערמאָגט זעקס הונדערט טויזענד פֿראַנק.

דאָס האָט געזאָגט זשאַן וואַלזשאַן.

די גאַנצע צײַט האָט ער קיין וואָרט נישט גערעדט, און אַלע האָבן ווי פֿערגעסען אָן איהם, הגם ער איז געשטאַנען נעבען אָט די אַלע גליקליכע מענטשען.

— זעקס הונדערט טויזענד פֿראַנק?—האָט זשילנאָרמאַן איבערגעפֿרעגט.

— אפשר מיט אַ פֿערצעהן-פֿופֿצעהן טויזענד ווייניגער,— האָט זשאַן וואַלזשאַן געענטפֿערט.

און אויפֿן טיש האָט ער אַוועקגעלעגט דאָס פּעקעל, וועגען וועלכען מאַדמואַזעל זשילנאָרמאַן האָט געמיינט, עס איז אַ בוך.

זשאַן וואַלזשאַן האָט געעפֿענט דעם פּאַקעט; ער איז געווען שטײַף געפּאַקט מיט באַנקנאָטען. מ'האָט זיי איבערגעקוקט און איבערגעצעהלט. דאָרט זענען געווען פֿינף הונדערט בילעטען צו טויזענד פֿראַנק און הונדערט מיט אַכט און זעכציג בילעטען צו פֿינף הונדערט פֿראַנק, צוזאַמען, הייסט עס, פֿינף הונדערט מיט פֿיער און אַכציג טויזענד פֿראַנק.

— אָט דאָס הייסט אַ בּוך!— האָט זשילי־נאָרמאַן געזאָגט.

— פונף הונדערט מיער און אַכטציג טוי־זענד פראַנק?...— האָט מאַדמוּאַזעל זשילנאָרמאַן אַרויסגעמורמעלט.

— יאָ, יאָ, טאָכטער, ווי געפעלט עס דיר?— האָט זיך דער אַלטער אָפּגערופען.— דער טרויעריגער אונגעזעהער, מאַריוס, האָט זיך אויסגע־זוכט צווישען די צווייגען אַ גאָלדענעם פויגעל. הײַנט גייה גלייב היינטיגע יונגע־לייט! געהערט אַ געשיכטע?... סטודענטען געפינען פאַר זיך סטודענטקעס מיט זעקס הונדערט טויזענד פראַנק! דער גאָט פון ליבע מאַכט, בעסערע געשעפטען, איידער ראָטשילד!

וואָס אָנבעלאַנגט מאַריוסען מיט קאָזעטען, האָבען זיי קיין אַכט נישט געגעבען אויף אַזאַ קלייניגקייט. זיי זענען געזעסען און האָבען בעסער געקוקט די גאַנצע צייט— איינס אויף דאָס אַנדערע.

---

## 18. דער אונבעקאַנטער רעטער.

מאַריוס איז געווען גליקליך, און דאָך האָט ער געהאַט זיינע דאגות.

איהם האָט נישט געלאָזט רוהען דער געדאַנק וועגען צווייא מענשען, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר זיין הייליגסטען חוב זיי צו געפינען און וועלכע זענען אָבער ווי אין וואַסער אַריין. די דאָזיגע צוויי מענשען זענען געווען טענאַרדיע און דער אונבעקאַנטער, וואָס האָט איהם, מאַריוסען, געראַטעוועט פון טויט אין יענעם טאָג, ווען די באַריקאַדע אויף דער גאַס שאַנווערי איז איינגענומען געוואָרען פון די סאָלדאַטען.

טענאַרדיע מעג זיך זיין אַ לומפּ, פאַר מאַריוסען אָבער איז ער געווען דער רעטער פון זיין פאָטער, און איידער זיין אייגען גליק וועט דער־גרייכען דעם העכסטען פונקט, האָט מאַריוס געוואָלט טהון אַלץ, וואָס נור מעגליך, פאַר דעם דאָרטיגען מענשען. מאַריוס האָט נישט געוואוסט די איינצעלהייטען פון דעם, ווי אַזוי טענאַרדיע האָט „געראַטעוועט" דעם פּאָלקאָווניק פּאָנמערסי, און האָט דעריבער נישט הושד געווען, אַז ער האָט טענאַרדיען להלוות נישט פאַר וואָס דאַנקבאַר צו זיין.

אומזיסט אָבער איז געווען מאַריוס'עס מיה: טענאַרדיע איז פערשוואונדען— און פערשוואונדען אויס מורא פאַרן טויט: איבער דער געשיכטע מיט זשאַן וואַלזשאַנען האָט מען איהם אונטער די אויגען פערמשפט צום טויט.

וואָס אָנבעלאַנגט דעם צווייטען, מאַריוס'עס אונבעקאַנטען רעטער, איז דער יונגער־מאַן אין אָנפאַנג געווען וואַרים אויף אַ שפור: דער שפור־אַגענט, וועלכען מאַריוס האָט גע־טראָפען, האָט אויסגעזוכט די דראָזשקע, וואָס האָט געבראַכט מאַריוסען מיט זיינע בעגלייטער אַהיים דעם 6־טען יוני אָוועגד. דער קוטשער האָט דערצעהלט, ווי ער האָט געוואַרט אַ היבשע צייט, אויפ'ן בעפעהל פון אַ פּאָליציי־אַגענט, אויפ'ן ברעג נישט ווייט פון די „עליזעען־פעלדער", ווי פונ'ם קאַנאַל האָט זיך בעוויזען אַ מענש, וואָס האָט געטראָגען אַ פערוואונדעטען אויף דער פּלייצע און ווי דער פּאָליציי־אַגענט האָט זיי בּיידען „פערנומען". דערנאָך האָבען זיי אָנגעקומען דעם פערוואונדעטען צו זשילנאָרמאַנ'ס וואוינונג און זענען אַוועקגעפאָהרען צו דער גאַס פון „בעוואָפענטען מענשען". דאָרט האָט דער פּאָליציי־אַגענט דעם קוטשער אָבגע־לאָזען און איז אַוועק מיט'ן אַנדערן. מעהר האָט דער קוטשער נישט געוואוסט.

אומזיסט האָט זיך מאַריוס געדרעהט דעם קאָפּ, טראַכטענדיג, ווער זיין רעטער האָט גע־קאָנט זיין, ווי אַזוי האָט עס געטראָפען, אַז מ'האָט איהם געפונען ביים ברעג פון טייך, ווערהענד געפאַלען איז ער אויף דער גאַס שאַנווערי? עמיצער האָט איהם איבערגעטראָגען פונ'ם מאַרק־קוואַרטאַל צו די עליזעען־פעלדער. אָבער ווי אַזוי? דורכ'ן קאַנאַל. אַ אונערהערטע העלדי־שע טהאַט!

וואָס איז אַהינגעקומען דער דאָזיגער

מענש? וואו איז, וועניגסטענס, דער פאליציי-אגענט, פארוואס שווייגט ער וועגען דער גאנצער געשיכטע? פארוואס באווייזט זיך דער ריכטער נישט פאר דעם מענשען, וועלכער האט געגנבעט איהם אזא הוב? טראכט אהין, טראכט אהער — אלץ איז ווי פערצויגען מיט א געדיכטען שלייער, דורך וועלכען האט איינער קען נישט דורכדרינגען.

אויף יעדען פאל האט מאריוס געהייסען בעהאלטען די פערבלוטיגטע קליידער, וועלכע ער האט געטראגען בעת מ'האט איהם געבראכט צום זיידען, טאמער וועט ער דורך זיי קאנען אמאל דערגעהן דעם סוד פון זיין הצלה. ביים בעקוקען די קליידער, האט ער בעמערקט, אז דער ראק איז עפעס מאדנע צוריסען: עס האט געפעהלט א גאנץ שטיק צייג פון דער פאלע.

איינמאל אין אוונט האט מאריוס גע-שמועסט מיט קאזעטע'ן און זשאן וואלזשאנ'ען וועגען דער דאזיגער טונקעלער געשיכטע, וועגען דעם אונבעקאנטען און וועגען מאריוס'עס אומזיסטע אנשטרענגונגען איהם צו געפינען. דער „הערר פאשלעוואן" איז דערביי געזעסען מיט אזא גלייכגילטיגער מינע, אז ביי מאריוס'ן האט כ'ך כל סוף געפלאצט די געדולד, און ער האט אויסגערופען הייציג, כמעט מיט כעס:

— יא, יא, ווער יעניער מענש זאל נישט זיין, אבער דאס איז א גרויסע העלדענטהאט! בעדענקט נור, וואס ער האט באוויזען, מיין ליעבער הערר: ער איז אריינגעפאלען אין סאמע ברען פון דער שלאכט, האט מיך ארויסגעטראגען אויף זיינע הענד און זיך אראבגעלאזען מיט מיר אין קאנאל; אנדערטהאלבען מייל וועג האט ער געמוזט מאכען דורך א שרעקליכע אונטער-ערדישע גאלעריע, געבויגען אין דרייען! אנ-דערטהאלבען מייל בלאנדזשען אין דער פינ-סטער, אין שמוץ און מיט א טויטען מענשען אויף די פלייצעס! צוליעב וואס? כדי צו ראטע-ווען דעם דאזיגען מת. דער מת בין איך, עס גע-ווען. ער האט ריזיקירט צעהן, צוואנציג מאל מיט זיין לעבען צוליעב א פרעמדען מענשען. וואס פאר א מחותן איז ער מיט מיר? פארוואס איז ער געם מחויב געווען צו טהון דאס אלץ פון

מיינטוועגען? א, ווען קאזעטע'ס זעקס הונדערט טויזענד פראנק וואלטען געווען מיינע...

— זיי זענען אייערע, — האט איהם זשאן וואלזשאן איבערגעריסען די רייד.

— מיינע? — האט מאריוס האסטיג איבער-געבראכט. — גוט, — איך וואלט זיי אויסגעבייטען ביז'ן לעצטען סאנטים אויף אויסצוזוכען דעם דאזיגען מענשען.

זשאן וואלזשאן האט קיין ווארט נישט געענטפערט.

## 19. מאריוס פערשטעהט נישט.

אין פעברואר איז פארגעקומען די חתונה פון מאריוס'ן מיט קאזעטע'ן, און אויף מארגען אין דער-פריה, ווען אלע, אויסער דער דינער-שאפט, ביי זשילנארמאנ'ען אין הויז זענען נאך געשלאפען, האט מען אנגעקלאפט אין טהיר פון פארער-צימער. באסק האט געעפענט די טהיר און האט דערזעהן „פאשלעוואנ'ען". ער האט איהם אריינגעפיהרט אין גאסט-צימער, וועלכע איז נאך נישט געווען אפילו צוגעקליבען פון דער נעכטיגער שמחה.

— איער הערר איז שוין אויפגעשטאנען? — האט זשאן וואלזשאן געפרעגט ביי באסק'ן.

— וועלכען מיינט איהר — דעם אלטען, צי דעם יונגען?

— דעם הערר פאנמערסי.

— דעם הערר בארא'ן? — האט באסק איבערגעפרעגט.

דער טיטול האט ביים דינער געהאט א גרויסען ווערטה, און דער דינער האט נישט גע-קאנט ערלויבען, מ'זאל איהם דורכלאזען.

— דעם הערר בארא'ן? — האט ער נאכ-אמאל איבערגעזאגט. — איך וועל געהן זעהן. איך וועל איהם מעלדען, אז דער הערר פאשלעוואן וויל איהם זעהן.

— ניין, זאגט איהם נישט, אז איך בין עס.

זאָגט אים נור, אַז עמיצער וויל אים זעהן.

— אַ!— האָט באַסק געזאָגט און האָט דעם באַסט אָנגעקוקט פערשטוינט.

— איך וויל אים מאַכען אַ סורפּריז.

— אַהאַ!— האָט באַסק ווידער געזאָגט און איז אַרויס פון צימער.

זשאַן וואַלזשאַן איז געבליבען אַליין.

עטליכע מינוט זענען פאַרביי. ער איז אַלץ געשטאַנען אויף דעמזעלבען אָרט, נישט רירענדיג מיט קיין אבר, בלאַס און מיט פערדוי-כטע און ווי מיעפער געזונקענע אויגען. עס איז לייכט געווען צו דערקענען, אַז ער האָט פערבראַכט אַ שווערע, שלאָפלאָזע נאַכט, אַ נאַכט פון אינערהערטע ליידען, האַרצווערטאָג און קאַמפּף מיט זיך אַליין.

ביי דער טהיר האָט עפּיס אַ שאָרך געטהון, און זשאַן וואַלזשאַן האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

מאַריוס איז אַריינגעקומען אַ שיינגעזונדע און מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען.

— דאָס זענט איהר, פאָטער!— האָט ער אויסגערופען, דערזעהענדיג דעם גאַסט.— וואָס פאַרוואָס דער דאָזיגער טפּש האָט געמאַכט אַזאַ געהיימניספולע מינע!

דאָס וואָרט „פאָטער״, וואָס מאַריוס האָט געבראַכט בנוגע צו זשאַן וואַלזשאַנען, האָט בעדייט, אַז דער יונגער-מאַן איז איבערגליקליך. ביז איצט האָט מאַריוס געפיהלט צו קאָזעטע'ס פאָטער עפּיס אַ קאַלטקייט, וואָס ער אַליין האָט זיך איהר אורזאַך נישט געקאָנט ערקלערען. עפּיס איז אים דער מענש פאָרגעקומען פרעמדערטיג. איצט, אונטער די וואַרימע שטראַהלען פון גליק, איז די קאַלטקייט פערשוואונדען, און זשאַן וואַלזשאַן איז פאַר מאַריוס'ן געווען אַזאַ פאָטער, ווי פאַר קאָזעטע'ן.

— נעכטען האָבען מיר לאַנג געשמועסט וועגען אייך,— האָט דער יונגער-מאַן ווייטער געזאָגט.— איהר וואָלט וויסען, ווי קאָזעטע האָט אייך ליעב! איך האָף, איהר האָט נישט פערגעסען, אַז פאַר אייך איז דאָ פאָרבערייטעט אַ צימער. מיר ווילען גאָרנישט הערען, אַז איהר זאָלט וואוינען ערגיץ אַנדערש-וואו. איהר האָט געזעהן אייער צימער? עס איז נישט ווייט פון אונזערן. די פענסטער קוקען אַרויס אין גאָרטען, דאָס בעט איז פאַרטיג און וואַרט נור אויף אייך. קאָזעטע האָט דאָרט אַוועקגעשטעלט אַן אַלטמאָדישען פאָטער-שטוהל, מיט סאַמעט געדעקט, און האָט צום שטוהל געזאָגט: „עפנען פאַר אים דיינע אָרעמס״,— פאַר אייך, הייסט עס.

זשאַן וואַלזשאַן האָט געוואָלט עפּיס זאָגען, נאָר מאַריוס האָט עס נישט בעמערקט, און האָט ווייטער גערעדט, נישט איינשטעהענדיג קיין מינוט אויף אַ וואָרט, מיט ענטציקען און בעגייסטערונג:

— יאָ, יאָ! פריהלינגס-צייט בעוויזט זיך אין גאָרטען אַ נאַכטיגאַל: זי האָט אַ נעסט אין די אַקאַציען, פונקט געגענאיבער אייער פענסטער. אין צוויי מאָנאַטען אַרום וועט זי קומען צופליהען. איהר נעסט וועט אויסקומען ביי אייער לינקער זייט, און אונזערעס— ביי אייער רעכטער. ביי-נאַכט וועט זינגען די נאַכטיגאַל, ביי-טאָג וועט קאָזעטע פּישטשען. אייער צימער קוקט מיט די פענסטער גראָד צו דער זון-זייט.

זשאַן וואַלזשאַן האָט ווידער פּרובירט עפענען דאָס מויל, אָבער אומזיסט.

— קאָזעטע קלויבט זיך,— האָט מאַריוס נישט אויפגעהערט,— אויסצושטעלען אייערע ביכער אין שאַנק, די „רייזע פונם קאַפּיטאַן קוק״ און וואַנקובער'ס רייזע-בעשרייבונגען. אויסער דעם, האָט איהר נאָך, האַלט זיך, עפּיס אַ קליינעם טשעמאָדאַן, וועלכער איז ביי אייך זעהר טייער, האָב איך געמאַכט פאַר אים אַ בכבודיגען פּלאַץ. מיין זיידען האָט איהר גאָר געוואונען געפאַלען, און איהר פּאַסט זיך זעהר איינער צום צווייטען, מיר וועלען אַלע צוזאַמען. איהר קאָנט שפּיעלען אין וויסט? אויב איהר קאָנט, וועט איהר גאָר אינגאַנצען אָבקוימען דעם זיידען. איהר וועט שפּאַצירען מיט קאָזעטען בעת איך וועל זיין בעשעפטיגט אין געריכט, איהר וועט מיט איהר שפּאַצירען אונטער דער האַנד, ווי אין

יענע צייטן אין לוקסעמבורגער גאָרטן, איהר געדענקט? מיר האָבען פעסט בעשלאָסען צו זיין גליקליך. און איהר וועט זיין גליקליך מיט אונזער גליק. איהר הערט, וואָס איך רייד, פאָטער? אַך, יאָ, איך האָב שיער נישט פערגעסען, — איהר פריהשטיקט היינט, נאַטירליך, מיט אונז!

זשאַן וואַלזשאַן האָט קוים געפונען אַ מעגליכקייט אַריינצושטעלען אַ וואָרט.

— מיין הערר! — האָט ער געזאָגט. — צום אַלעם ערשטען מוז איך אייך זאָגען אָט וואָס: איך בין — אַ געוועזענער קאַטאָרזשניק.

עס עקזיסטירט אַ גרענעץ פאַרן שכל, ווי פאַר דאָס אויער: עס טרעפט, אַז דאָס אויער פערנעהמט נישט אַ וועלכען עס איז קלאַנג, דעסגלייכען מאַכט זיך, אַז דער שכל פערנעהמט נישט עפּיס אַ זאַך, אָפּטמאָל אַ גאַנץ געוועהנליכע, — ער בעגרייפט נישט.

די ווערטער „איך בין אַ געוועזענער קאַטאָרזשניק", וואָס זענען אַרויס פון זשאַן וואַלזשאַנ'ס מויל, זענען אַריבער די גרעניץ פון הערמעגליכקייט. מאַריוס האָט זיי אַזוי ווי נישט געהערט. געפיהלט האָט ער, אַז מ'האָט איהם עפּיס געזאָגט, נאָר וואָס — וועגען דעם האָט ער זיך קיין קלאָרען חשבון נישט געקאָנט אָבגעבען. נישט מעהר, זיין געזיכט האָט אויסגעדריקט ערשטוינונג.

דערנאָך ערשט האָט ער בעמערקט, אַז דער מענש, וואָס שטעהט דאָ פאַר איהם, זעהט אויס שרעקליך: פערבלענדט פון זיין גליק, האָט ער ביז איצט נישט געזעהן, ווי בלאַס זשאַן וואַלזשאַן איז.

ענדליך האָט מאַריוס אַרויסגעמורמעלט:

— וואָס רעדט איהר עס עפּיס...

## 20. אַ קרבן פון געוויסען.

— איך זאָג, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געענטפערט, — אַז איך בין געווען פערשיקט אויף קאַטאָרגע.

— איהר פיהרט מיך אַראָב פון זינען! — האָט מאַריוס אויסגעשריען.

— הערר פּאָנמערסי, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט: — איך האָב פערבראַכט ניינצען יאָהר אויף קאַטאָרגע. מ'האָט מיך פערמשפּט פאַר אַ גנבה. דערנאָך האָט מען מיך ווידער אַמאָל פאַר אַ גנבה, אַלס אַ רעצידיוויסט, פערמשפּט צו לעבענסלענגליכער קאַטאָרגע. איצט בין איך אַן אַנטלאָפענער קאַטאָרזשניק.

אומזיסט האָט מאַריוס זיך בעמיהט נישט צו גלויבען, וואָס זיינע אויערן הערען, — דער בעשולדיגטער אַליין איז געשטאַנען אַנטקעגען איהם און האָט גערעדט קלאָרע דבורים. און פּלוצים, ווי עס טרעפט אָפט אין אַזאַ פאַל, האָט זיך איהם די גאַנצע געשיכטע פאָרגעשטעלט נאָך ערגער, איידער די איז געווען אין דער ווירקליכקייט.

— רעדט, דערצעהלט אַלץ! — האָט מאַריוס אויסגעשריען. — איהר זענט קאָזעטע'ס פאָטער?

און מיט אַן אויסדרוק פון שרעק האָט ער געמאַכט אַ טריט אַ הינטער.

זשאַן וואַלזשאַן האָט מאַיעסטעטיש אויפגעהויבען דעם קאָפּ; אין דער מינוט האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אויסגעוואַקסען ביזן באַלקען.

— דערין מוזט איהר מיר גלויבען, מיין הערר, און הגם דאָס געזעץ אָנערקענט נישט אַ קאַטאָרזשניק'ס שבועה...

ער האָט געשוויגען אַ ביסעל, דערנאָך האָט ער מיט אַ מין מאַכטפולער, פינסטערער ענערגיע דערענדיגט, צעהלענדיג די ווערטער:

— ... וועט איהר מיר יאָ גלויבען. איך שווער ביי גאָט, אַז איך בין נישט קאָזעטע'ס פאָטער! באַראָן פּאָנמערסי, איך בין אַ פּויער פון פאַווראָל. איך האָב געלעבט פון אינטערשניידען בוימער. מ'רופט מיך נישט פאָשלעוואַן, נאָר זשאַן וואַלזשאַן. איך בין קאָזעטען אַ ווילדפרעמדער. בערוהיגט אייך.

מאַריוס האָט אַרויסגעמורמעלט:

— ווער קאָן עס מיר בעווייזען?

— איך. ווייל איך זאָג אַזוי.

מאַריוס האָט געקוקט אויף דעם האָזיגען מענשען: ער איז געווען טרויעריג און רוהיג

אין דער דאָזיגער קאַלטקייט און רוהיגקייט האָט זיך געשפּירט דער אמת.

— איך גלויב אייך, — האָט מאַריוס געזאָגט.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אַ שאָקעל געטהון מיטן קאָפּ און האָט ווייטער גערעדט:

— וואָס איך געהער זיך אָן קאָזעטע'ן? גאָרנישט. צופעליג האָב איך זי באַגעגענט. מיט צעהן יאָהר צוריק האָב איך נישט געוואוסט אַפילו, אַז די עקזיסטירט אויף דער וועלט. בעת איך האָב זי אָנגעטראָפען, איז זי געווען עלענד, אַ יתומה'לע אָהן טאַטע־מאַמע. איך גלויב, איהר קאָנט פערשטעהן, אַז איך האָב אויך אַ האַרץ. זי האָט זיך אין מיר גענויטיגט, דעריבער האָב איך זי ליעב געקראָגען. קינדערליך זענען אַזוי הילפלאָז, אַז אַפילו אַזאַ מענש ווי איך קאָן ווערען זייער בעשיצער. נו, האָב איך ערפילט די דאָזיגע פליכט בנוגע צו קאָזעטע'ן. איך האַלט נישט אַזאַ קלייניגקייט פאַר אַ בעזונדערן פערדיענסט; נאָר אויב דאָס איז יאָ אַ מצוה, אַרט מיך נישט, אַז מ'זאָל עס טאַקע האַלטען פאַר אַ מצוה. פערצייכענט עס פאַר אַ פונקט, וואָס קאָן פערקלענערן מיין שולד. איצט פערלאָזט קאָזעטע דעם אַרט לעבען, וואָס מיר האָבען געפיהרט צוזאַמען; אונזערע וועגען געהען זיך פונאַנדער. פון היינט אָן בין איך פאַר איהר — גאָרנישט. זי איז איצט באַראָנעסע פּאָנמערסי. אַליין געהט גוט. וואָס אָנבעלאַנגט די זעקס הונדערט טויזענד פראַנק, איז האָטש איהר דערמאָהנט וועגען זיי נישט, זאָג איך אָבער, אַז איהר זוילט וועגען זיי פרעגען. אַלזאָ: דאָס געלד האָט מען בייא מיר בעהאַלטען. איהר ווילט וויסען, ווער און ווי אַזוי? — וואָס מאַכט עס אייך אויס? איך גיב איצט אָב צוריק דעם קאַפּיטאַל, וואָס מ'האָט בייא מיר איינגעלעגט. מעהר, גלויב איך, האָט איהר בייא מיר נישט צו פרעגען.

בייא מאַריוס'ן אין האַרצען האָט געבושעוועט אַ שטורם. ער האָט נישט געוואוסט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז.

— הערט נור, — האָט ער אויסגעשריען, — צו וואָס דערצעהלט איהר מיר אָט דאָס אַלץ? וואָס האָט אייך געצוואונגען זיך מודה צו זיין? דער סוד האָט געקאָנט בלייבען בייא אייך. קיינער האָט אייך נישט געמסר'ט, קיינער האָט אייך נישט נאָכגעשפּירט, קיינער האָט דערפון נים געוואוסט. דאָ מוז נאָך עפּעס זיין בעהאַלטען! איהר מוזט האָבען אַ וויכטיגע אורזאַך דערצו, — און וואָס בעשטעהט זי?

— אַן אורזאַך? — האָט זשאַן וואַלזשאַן שטיל געזאָגט. — יאָ, געוויס, פאַראַן אַן אורזאַך, אַפילו זעהר אַ מאָדנע: איך וויל זיין ערהליך. איהר פערשטעהט? דאָס גאַנצע אומגליק איז דאָ אין דער שטרעבונג צו האַנדלען ערהליך. איך פיהל זיך אַזוי ווי געשמידט אין קייטען, וואָס לאָזען מיך נישט מאַכען קיין איינציגען טריט נישט אין די ריכטונג, וואָס מיין געוויסען ווייזט מיר אָן. אויף דער עלטער ווערען די דאָזיגע קייטען נאָך שטאַרקער, אַלע אַנדערע קייטען צופאַלען, און די — ווערען וואָס אַמאָל שטאַרקער. אָ, איך האָב פּרובירט זיי צורייסען, נישט איין מאָל פּרובירט, — אָבער אומזיסט. אַוועקפאָהרען פון דאַנען קאָן איך נישט: מיין האַרץ וואָלט עס נישט אויסגעהאַלטען. פאַרוואָס־זשע טאַקע בין איך געבליבען, נישט־דערצעהלענדיג קיינעם ווער איך בין? געוויס טו איך זעהר נאַריש, איהר האָט רעכט. איהר לעגט פאָר מיר אַ צימער אין הויז, די באַראָנעסע האָט געשטעלט פאַר מיר אַ שטוהל און געזאָגט צו איהם: „קומט פאַר איהם מיינע אָרעמס", דער זיידע איז אויך פון מיר צופרידען, — מיר וואָלטען געקאָנט לעבען אין איין פאַמיליע.

ער איז פּלוצים אַנטשוויגען געוואָרען און אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ. אין אַ מינוט אַרום האָט ער אויפגעהויבען די אויגען און ווייטער גערעדט:

— ניין, איך האָב נישט קיין פאַמיליע! אַ נאַרישע זאַך — דאָס געוויסען. איהר מיינט, מיר איז דאָס גרינג אָנגעקומען? ניין, אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך געראַנגעלט מיט זיך אַליין. איך האָב אָבער גאָרנישט אויסגעפיהרט. נישט איך האָב געקאָנט איבערדרייסען דעם פאָדעם, וואָס בינדט מיין האַרץ צו קאָזעטע'ן, נישט איך בין

אומשטאַנד געווען שטום צו מאַכען די שטים, וואָס האָט געענטפערט צו מיר: „גײה, און דערצעהל׳!" איהר זאָגט, קיינער האָט מיך נישט געמסר׳ט? — איהר האָט אַ טעות מיין הערר: מ׳האָט! אויף מיר יאָ דערלאַנגט אַ מסירה, מ׳זוכט מיך! מען פערפאָלגט מיך! איהר ווייסט ווער? — איך אַליין. איך קאָן נישט מעהר קיינעם נאַרען. און אויסערדעם, ווי וואָלט זיין, ווען איהר דערוויסט זיך פאָרט סוף כל סוף? ווי וואָלט איהר זיך דאַן געמאָלט געפיהלט? ניין, אַזוי האָט עס געמוזט זיין. פערפאַלען!

מאַריוס האָט איהם אויסגעשטרעקט זיין האַנד. זשאַן וואַלזשאַן האָט נישט געוואָלט די צו נעהמען, און מאַריוס האָט אַליין גענומען דיא אַלטענס אַראָבגעלאָזטע האַנד. דריקענדיג זי, האָט ער געפיהלט, אַז זי איז קאַלט ווי אייז.

— מיין זיידע, — האָט ער געזאָגט, — האָט אַ סך איינפלוסרייכע גוטע פריינד, איך וועל פועל׳ן, מ׳זאָל אייך בעגנעדיגען.

— דאָס איז ניצלאָז, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געענטפערט. — מ׳רעכענט מיך פאַר געשטאָרבען, און קיינער טשעפּעט מיך נישט. אויסערדעם, נישט אין דעם געדט עס. אַז איהר ווילט זיין גליקליך, טאָרט איהר נישט קלערען וועגען אייער פליכט; אויב נישט, זענט איהר אַ פערלוירענער. איבעריגענס, דאָס געוויסען בעלוינט אייך אויך: עס גיט אייך צו ליידען אַזעלכע יסורים, אַז איהר דערשפירט די אָנוועזענהייט פון גאָט נאָהענט נעבען זיך.

אין דער מינוט האָט זיך שטיל געעפענט די טהיר, דורך וועלכע מאַריוס איז אַריינגעקומען, און אויף דער שוועל האָט זיך בעוויזען קאָזעטע.

— איך גײה אין געהערט, — האָט די געזאָגט, — אַז איהר רעדט וועגען פּאָליטיק. ווי נאַריש דאָס איז צו פערנעהמען זיך מיט פּאָליטיק אַנשטאָט זיך צו פערנעהמען מיט מיר.



## 21. דאָס אַלטע האַרץ.

זשאַן וואַלזשאַן האָט אויפגעציטערט.

— קאָזעטע! — האָט מאַריוס אין שרעק אַרויסגעמורמעלט.

זיי האָבען ביידע אויסגעזעהן ווי פערברעכער, וועלכע מ׳האָט געפאַקט ביי דער האַנד.

קאָזעטע איז אַליין געשטאַנען אויף דער שוועל און האָט געקוקט אויף זיי, און פון איהרע אויגען האָבען געפלאַסען שטראַהלען פון פרייד.

— איך האָב אייך געפאַקט! — האָט זי געזאָגט. — געהערט דורך די טהיר, ווי דער טאַטע האָט גערעדט ווערטער: געוויסען... פליכט... דאָס איז פּאָליטיק. איך וויל נישט. היינט רעדען פון פּאָליטיק איז אַן עולה.

— האָסט אַ טעות, קאָזעטע, — האָט מאַריוס געענטפערט, — מיר האָבען גערעדט וועגען געשעפט, מיר קלערען דאָ, ווי בעסער איינצולעגען דיינע זעקס הונדערט טויזענד פראַנק...

— עס הויבט זיך גאָר נישט אָן, — האָט קאָזעטע איהם איבערגעשלאָגען די רייד. — אַלאָ, איך גײה צו אייך. מ׳קאָן?

נישט וואַרטענדיג אויף קיין ענטפער, איז זי אַריין אין צימער. זי איז געווען אין אַ ברייטען, ווייסען פּעניוואַר מיט צעהן טויזענד פאַלדעלעך און קנייטשעלעך און מיט ברייטע אָפענע אַרבעל. אויף אַלטע בילדער פלעגט מען מאָלען אַזעלכע מלאכים מיט אַ גאָלדענער שיין אַרום קאָפּ.

זי האָט זיך בעקוקט אין שפּיגעל פון קאָפּ ביז די פיס און האָט אויסגערופען מיט ענטציקען:

— אַמאָל איז געווען אַ מלך מיט אַ מלכה! אָ, ווי גוט מיר איז!

זי האָט זיך אַ דרעה געטהון פאַר מאַריוס׳ן און זשאַן וואַלזשאַנ׳ען און געזאָגט:

— איך זעץ זיך נעבען אייך, און איהר רעדט אייך וועגען וואָס איהר ווילט. איך ווייס, אַז מאַנסבילען דאַרפען רעדען, וועל איך זיין אַ חכמה און שווייגען.

מאַריוס האָט די געגומען פאַר אַ האַנד.

— מיר רײדען װעגען געשעפט,— האָט ער געזאָגט,— מיט צאָהלען און ציפערן,— עס װעט דיר מאוס װערען צו הערען.

— סיאַר אַ שײן האַלזטוך דו האָסט הײנט אָנגעטהאָן! מײן הערר, איהר הױבט אָן צו קאָקעטירען... נײן, עס װעט מיר נישט מאוס װערען.

— איך פערזיכער דיך, אַז יאָ.

— און איך פערזיכער דיך, אַז נײן. איך דאַרף נישט װיסען, װאָס איהר רעדט, מיר איז גענוג צו הערען אײערע שטימען. אַלזאָ, איך בלײב דאָ.

— נײן, קאָזעטע, דאָס איז אונמעגליך!

— אונמעגליך?

— יאָ.

— בין איך דען דאָ אַ פרעמדע?

זשאַן װאַלזשאַן האָט די גאַנצע צײט געשװיגען. קאָזעטע האָט זיך געװענדט צו איהם:

— טאַטע, װאָס שװײגט איהר? װאָס נעהמט איהר זיך נישט אָן פאַר מיר? צו װאָס האָט איהר מיר געגעבען אַזאַ מאַן? איהר זעהט זעהר גוט, אַז איך בין אומגליקליך. דער מאַן מײנער שלאָגט מיך, נו, נעהמט מיך אַרום.

זשאַן װאַלזשאַן איז צוגעגאַנגען צו איהר.

די האָט געזאָגט צו מאַריוס'ן:

— און איהר, מײן הערר, קריגט אַ גריסע אָנשטאָט אַ קוש.

די האָט אונטערגעשטעלט איהר שטערן. זשאַן װאַלזשאַן האָט געמאַכט נאָך אַ טראָט צו איהר. זי האָט פלוצים אָבגעטראָטען אַהינטער.

— טאַטע, װאָס זעהט איהר אַזױ בלאַס? איהר זענט נישט געזונד?

— נײן.

— שלעכט געשלאָפען אפשר?

— נײן.

— איהר האָט עגמת-נפש?

— נײן.

— נו, נעהמט מיך אַרום. װי באַלד איהר זענט געזונד און צופריעדען, בין איך שױן אױך נישט בײז.

זשאַן װאַלזשאַן האָט די אַ קוש געטהאָן אין שטערן.

— נו, מיקאָן רײדען אין מײן אָנװעזענהײט אױך. בין איך דען אַזאַ נאַר? און אױסערדעם, עס איז גאָרנישט אַזאַ װיכטיגע זאַך,— װאָס צו טהון מיט געלד, אױף מיר אַנ'עסק. איך װיל בלײבען נעבען אײך. איך בין הײנט אַ גאַנץ שײנינקע. מאַריוס, טהו נור אַ קוק אױף מיר.

זײערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט, און פון בײדע פאָר אױגען האָבען אַ שאָס געטהון בליצען. בײדע האָבען פערגעסען אָן אַלץ אין דער װעלט.

— איך האָב דיך ליעב!— האָט מאַריוס געזאָגט.

— איך פערגעטער דיך!— האָט קאָזעטע געענטפערט.

זײ זענען אַרײנגעפאַלען אײנס צום צװײטען אין די אָרעמס.

— איצט,— האָט קאָזעטע מיט נצחון געזאָגט, אױסגלײכענדיג אױף זיך דעם צוקנײטשטען פעניואַר,— בלײב איך דאָ.

— נײן, קאָזעטע, איך בעט דיך!

— װי, װידער נײן?

— גלױב מיר, קאָזעטע, עס איז אונמעגליך.

— אַ, איהר רעדט שױן שטרענג! הערר מאַן און הערר פאָטער— איהר זענט בײדע טיראַנען. גוט, איך געה אַװעק. מירן זעהן, װי איהר װעט זיך בעגעהן אָהן מיר. איך בין זעהר בײז.

זי איז אַרױס פון צימער. אין אַ סעקונדע אַרום האָט זי װידער געעפענט די טהיר און אַרײנגעזאָגט:

— איך בין שרעקליך בײז.

די טהיר האָט זיך פערמאַכט. דאָסמאָל איז זי פערשװאונדען אינגאַנצען.

— אָרימע קאָזעטע!— האָט מאַריוס אַרױסגעמורמעלט.— אַז זי װעט זיך דערװיסען...

זשאַן װאַלזשאַן האָט אױפגעציטערט פון קאָפּ ביז די פיס און האָט אַ קוק געטהון אױפ'ן יונגען-מאַן מיט פערטונקעלטע אױגען.

— קאָזעטע! אָ, יאָ, ריכטיג, איהר װעט

דערצעהלען קאָזעטען. דאָס וועט זיין גאַנץ ריכטיג, אָבער מיר איז עס נישט איינגעפאַלען. עס קומט אַמאָל אויס, אַז אויף איין זאַך קלעקט ביי אַ מענשען כח, און אויף די צווייטע — (נישט. גנעדיגע הערר, איך בעשווער אייך — זאָגט װעס איהר נישט! איהר ווייסט דאָך אַלץ — איז עס חעניג? מיך אַרט נישט, מיך קימערט נישט די גאַנצע וועלט, אָבער קאָזעטע — ניין, עס טויג נישט, די ווייסט נישט, וואָס חאָס איז, און וועט זיך איבערשרעקען. אַ קאַטאָרזשניק. נו, ווי וועט איהר איהר ערקלערען, וואָס הייסט אַ קאַטאָרזשניק?.. איינמאָל האָט זי געזעהן, ווי מען האָט געפיהרט אַ פּאַרטיע קאַטאָרזשניקעס, האָט זי זיך פאַר זיי געשראָקען... אָ, גאָט!

ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף אַ שטוהל, און פון זיינע אויגען האָבען אָנגעהויבען פליסען טרעהרען, שטילע, שווייגענדיגע טרעהרען. מען האָט קוים געהערט, ווי ער האָט אַרויסגערעדט:

— אָ, ווי איך וואָלט וועלען שטאַרבען!

— זייט רוהיג, — האָט מאַריוס געזאָגט, — איך וועל קיינעם אייער געהיימניש נישט דערצעהלען.

ער איז נישט געוועזען געריהרט אַזוי פיעל, וויפיעל ער האָט געהאַרפט זיין, און האָט שוין אָנגעהויבען צו פיהלען אַ תהום צווישען זיך און דעם קאַטאָרזשניק. ער האָט צוגעגעבען:

— וואָס אָנבעלאַנגט דעם פקדון — דאָס געלד, וואָס מ'האָט ביי אייך איינגעלעגט און וועלכעס איהר האָט אומגעקעהרט, בעווייזט עס, פערשטעהט זיך, אייער ערענטליכקייט. דערפאַר קומט אייך אַ בעלוינונג. בעשטימט אַליין אַ סומע און האָט נישט מורא, מ'זאָל מיינען, אַז איהר פערלאַנגט אַ צו־הויכע בעלוינונג.

— איך דאַנק אייך, מיין הערר, — האָט זשאַן וואַלזשאַן מיט הכנעה געענטפערט.

ער האָט געשוויגען אַ ביסעל און צוגעגעבען:

— איצט איז שוין כמעט אַלץ געענדיגט. בלייבט נאָך איין זאַך.

— נעמליך, וואָס?

זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך געשלאָגען מיט דער רעדע, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— קאָן איך קומען זעהן קאָזעטען?

— מיר האַלט זיך, אַז ניין; דאָס וואָלט געוועזען דאָס בעסטע, — האָט מאַריוס קאַלט געגענטפערט.

— וועל איך זי מעהר נישט זעהן! — האָט זשאַן וואַלזשאַן אַרויסגעמורמעלט און האָט זיך געלאָזען צו דער טהיר.

ער האָט געעפענט די טהיר, דערנאָך האָט ער זי ווידער צוגעמאַכט און האָט זיך אומגעקעהרט צו מאַריוס'ן. זיין געזיכט איז שוין געוועזען נישט בלאַס, נאָר בלוי; ווי ביי אַ דערטרונקענעם. די אויגען האָבען געברענט, און זיין שטים איז געוועזען מאָדנע רוהיג.

— הערט נור אויס, מיין הערר, — האָט ער געזאָגט, — אויב איהר וועט ערלויבען, וועל איך קומען אַ קוק טהון אויף איהר. ווען מיר וואָלט נישט געוועזען אַזוי שווער זיך שיידען פון איהר, וואָלט איך אייך גאָרנישט געזאָגט, איך וואָלט איינפאַך אַוועקגעפאָהרען פון דאַנען. איך מוז זי אָבער זעהן, איהר פערשטעהט? איך האָב זי געזעהן אָט אַזאַ ברעקעלע, — און איצט זאָל איך זי נישט זעהן, וועל איך... וועט מיר... בכלל, איך בעט ביי אייך ערלויבניש צו קומען אין די אָווענדען, ווען קיינער זעהט נישט. האָטש פון צייט צו צייט. דערצו איז עס פאַר איהר אויך נויטיג: אויב איך וועל פלוצים אויפהערען אינגאַנצען צו קומען, וועט זי נישט וויסען וואָס איבערצוטראַכטען און וועט ווערען אומרוהיג.

— גוט, — האָט מאַריוס געענטפערט, — איהר קאָנט קומען יעדען אָווענד. קאָזעטע וועט אויף אייך וואַרטען.

— אַ דאַנק, מיין הערר, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געענטפערט.

ער האָט זיך פערנויגט, דערנאָך האָט דער גליקליכער בעגלייט דעם אומגליקליכען צו דער טהיר, און די דאָזיגע מענשען האָבען זיך צושיידט.

## 22. דער אָנהויב פון סוף.

אין די ערשטע זומערדיגע מאָנאַטען פון יאָהר 1833 האָבען די זעלטענע פאַרביַיגעהער אין קוואַרטאַל מאַרע, ווי אויך די איינוואוינער פון די דאָרטיגע קרעמלעך יעדען פאַר-נאַכט אין אַ בעשטימטער שטונדע געזעהן אַ זיבציג-יעה-ריגען אַלטען מאַן אַרויסגעהן פון דער גאַס פון „בעוואָפענטע מענשען" און זיך לאַנגזאַם געלאָזען געהן צו דער גאַס פיל-די-קאַלוועה.

לאַנגזאַם, מיט'ן קאָפּ פאָראויס, נישט העהרענדיג און נישט זעהענדיג, וואָס אַרום טוהט זיך, פלעגט דער אַלטער געהן זיין וועג, און וואָס נעהנטער ער איז צוגעקומען צו דער גאַס פיל-די-קאַלוועה, איז זיין בליק געוואָרען ליכטיגער. קומענדיג אָבער צו דער דערמאָהנטער גאַס, פלעגט ער אויפציטערן, וואַרפען אַ בליק אין די גאַס אַריין, שטעהן אַ פאָאָר מינוט, ווי אַ פערשטיינערטער, און זיך אומקעהרען צוריק. דעם וועג צוריק פלעגט ער דורכמאַכען שוין לאַנגזאַמער, און זיין בליק דערביי איז וואָס אַ מינוט געוואָרען פינסטערער און פינסטערער.

די אַלטע ווייבער פון דער גאַס, זעהענדיג אִיהם פאַרביַיגעהן, פלעגען ריידען צווישען זיך: „דער מענש איז אַ געשטערטער". קינדער זענען אִיהם נאָכגעלאָפען און געמאַכט פון אִיהם חוזק. ער האָט נישט בעמערקט — גישט די ערשטע, נישט די צווייטע.

דער אַלטער איז געווען זשאַן וואַלזשאַן.

די ערשטע צייט נאָך זיין געשפרעך מיט מאַריוס'ן פלעגט ער קומען אין די אָווענדען זיך זעהן מיט קאָזעטע'ן. אויף קאָזעטע'ס פראַגען: פאַרוואָס ער וואוינט נישט מיט זיי; פאַרוואָס ער קומט הינקא אין אָווענד, וואָס איז די אורזאַך, וואָס ער הייסט זיך רופען נישט „פאָטער", נאָר „העֶרר זשאַן" — האָט ער געענטפערט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין, נאָר ער קאָן איהר נישט ערקלעהרען פאַרוואָס. מיט דער צייט האָט קאָזעטע זיך צוגעוועהנט צו דעם אַלעם און האָט אויפגעהערט פרעגען קשיות. בהדרגה (ביסלעכווייז) האָט זשאַן וואַלזשאַן בעמערקט, אַז מען בעמיהט זיך אִיהם נאָך מעהר צו דערווייטערן פון קאָזעטע'ן און ענדליך האָט מען אִיהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז ער וואָלט געדאַרפט אינגאַנצען איבערריַיסען מיט קאָזעטע'ן אַלע פערבינדונגען. זשאַן וואַלזשאַן האָט מיט הכנעה איבערגעטראָגען דעם דאָזיגען לעצטען קלאַפּ אויך און איז אַרוים פון הויז, וואו זיין האַרץ איז געבליבען, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ.

וואָס איז געווען די אורזאַך פון אַזאַ שטרענגקייט פון מאַריוס'עס זייט?

נאָך דער ערקלעהרונג, וואָס זשאַן וואַלזשאַן האָט אִיהם געגעבען איבער זיין פערגאַנגענהייט, זענען פאַר מאַריוס'ן קלאָר געוואָרען פועל פרטים, וועלכע ער האָט פריהער נישט געקאָנט בעגרייפען. דערפאַר אָבער אַנדערע האָט ער פערשטאַנען נאָך ערגער ווי פריהער און האָט זיי אויסגעטייטשט פאַלש. אִיהם איז איצט קלאָר געוואָרען זיין אַנטיפּאַטיע, זיין אינסטינקטיווע קאַלטקייט צו דעם מענשען, וועלכען ער האָט אַ צייט לאַנג געהאַלטען פאַר קאָזעטע'ס פאָטער: ער האָט געשפירט אין אִיהם אַ פערברעכער, — אַזוי, ווענינסטענס, האָט מאַריוס געדענקט. דערפרעגען זיך ביי זשאַן וואַלזשאַנ'ען מעהר וועגען זיין לעבען האָט ער מורא געהאַט, טאָמער דערוויסט ער זיך פון נאָך שרעקליכערע זאַכען. אַזוי, צום ביישפּיעל, האָט זיך

מאַריוס געשטעלט די פראַגע: וואָס פאַר אַ געשיכטע איז עס פאָרגעקומען דאָן ביי זשאָנדרעטין, ריכטיגער — ביי טענאַרדיערן, אין הויז? פאַרוואָס האָט זשאַן וואַלזשאַן נישט גערופן צו־הילף און פאַרוואָס איז ער אַנטלאָפן, בעת די פאָליציי איז געקומען? — קלאָר: ווייל ער אַליין איז געווען אַ נאַנטלאָפענער פאַרברעכער.

אַנאַנדערע פראַגע: צו וואָס איז זשאַן וואַלזשאַן געקומען אויף דער באַריקאַדע? קיין אָנטייל אין דער שלאַכט האָט ער נישט גענומען, — וואָס, אַלזאָ, האָט אים אַהין געבראַכט? ליט מאַריוס'עס מיינונג, האָט געקאָנט זיין בלויז איין ענטפער אויף די האַרביגע פראַגע: זשאַווער. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז דער פאָליציי־אינספּעקטאָר און דער קאַטאָרזשניק זענען געווען בעקאַנט שוין פון לאַנג, און אַז דער ערשטער האָט דעם צווייטן שטאַרק געשטערט. זשאַן וואַלזשאַן האָט זיך דערוואוסט — ווער ווייסט ווי אַזוי? — אַז זשאַווער געפינט זיך אויף דער באַריקאַדע, און איז געקומען זיך אָבצורעכענען מיט זיין שונא ביי אַזאַ גוטער געלעגנהייט. און ער האָט זיין ציל דערגרייכט: מאַריוס האָט זיך דערמאָנט, אַז זשאַן וואַלזשאַן האָט אויף זיך גענומען אויסצופירן דעם טויט־אורטייל פון די רעוואָלוציאָנערן איבער זשאַווערן, און שפּעטער האָט מאַריוס געהערט אַ שאָס פון געסעל מאָנטעדור, וואוהין דער תלין איז אַוועק מיט זיין קרבן. אַלזאָ, קאָזעטעס ערציהער איז נישט נאָר אַ קאַטאָרזשניק, נישט נאָר אַ מענש, וואָס איז בעגאַנגען אַ מאָל אַ גנבה, — ער איז נאָך אַ מערדער אויך!... ביי דעם האַרביגן געדאַנק האָט מאַריוס איבערגעציטערט פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט בעשלאָסן צו דערווייטערן דעם האַרביגן מענשן פון קאָזעטן אויף אייביג — און האָט זיין בעשלוס דורכגעפירט.

אויסערדעם, האָט מאַריוס אַוועקגעלייגט קאָזעטעס געלד אין אַ באַנק און האָט דערפון קיין סאַנטים נישט גערירט, ביז ער וועט זיך נישט דערוויסן אויף קלאָר, אַז דאָס געלט קומט פון אַ ריינער קוועלע. אמת, דערווייל איז אויסגעקומען צו ליידן אַ ביסעל דחקות, ווייל זשילנאָרמאַנס מיטלען זענען געווען זייער בעגרענעצט, און מאַריוס אַליין האָט דערווייל מיט זיין אַדוואָקאַטור פאַרדינט ווייניג, — אָבער ער האָט דערצו נישט געקאָנט העלפן.

און אַזוי אַרום איז זשאַן וואַלזשאַן געבליבן עלענדער, ווי אַ שטיין.

ער איז געוואָרן וואָס אַ טאָג שוואַכער. איינמאָל איז ער אַרויס פון הויז, האָט געמאַכט דריי טריט און איז געצוואונגען געווען זיך אָנצושפּאַרן אָן אַ וואַנד. ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון סוף. אויף מאָרגן איז ער שוין פון הויז נישט אַרויס. אויפן דריטן טאָג האָט ער נישט געקאָנט אויפשטיין פון בעט. טוסען איז שוין איצט אויך נישט געווען מיט זשאַן וואַלזשאַנען, זי איז געבליבן ביי קאָזעטן, האָט די ווירטין פון הויז רחמנות געקראָגן אויף אים, דעם קראַנקן קוואַרטיראַנט און גערופן צו אים אַ דאָקטאָר. אַרויסגייענדיג, האָט דער דאָקטאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— וואָס הערט זיך, הער דאָקטאָר? — האָט די ווירטין געפרעגט.

— שלעכט.

— וואָס איז אים?

— גאָרנישט און אַלץ. ער האָט געמוזט פאַרלירן אַ נאָענטן מענשן, שטאַרבט ער דערפון.

און אַ געוויסן אָוונט האָט זשאַן וואַל־

שוין זיך דערפֿוהלט בעזונדערס שוואַך. מיט גרויסער מיה האָט ער אַרויסגענומען קאָזעטע׳ס קינדער־קליידער און חוץ בישאָף מיריעל׳ס זילבערנע לייכטער און האָט דאָס אַלץ אויסגעלעגט און איבערגעשטעלט נעבען זיך אויפ׳ן טיש. דערנאָך האָט ער גענומען טינט און פעדער און אַ שטיקעל פּאַפּיר און האָט אָנגעהויבען שרייבען:

„זיי געזונד, קאָזעטע. איך וועל דיר אַלץ ערקלערען. דיין מאַן איז גערעכט, וואָס ער האָט מיר געגעבען צו מערקען, אַז איך דאַרף זיך דערווייטערן פון דיר. ער האָט אפילו אַ ביסעל אַ טעות געמאַכט, פונדעסטוועגען האָט ער געהאַנדעלט ריכטיג. ער איז אַן אויסגעצייכענטער מענש. זאָלסט איהם שטענדיג ליעבען, איך נאָך מיין טויט. הערר פּאָנמערסי, האָט ליעב מיין אָרים קינד. קאָזעטע, איך האָב נאָך געוואָלט זאָגען, אַז דאָס געלד איז דיינס און אַז עס איז כשר פערדיענט. די מעשה איז אַזוי: שוואַרצע קרעלען פלעגט מען קיין פראַנקרייך אַריינפיהרען פון אַנדערע לענדער, האָב איך צוגעקלערט אַ מיטעל ווי אַזוי זיי צו מאַכען דאָ אין זיי זאָלען קאָסטען אַ סך ביליגער׳׳...

די פעדער איז פּלוצים אַרויסגעפאַלען פון זיין האַנד, און ער האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד.

— אַז—האָט ער אויסגעשריען. — איך וועל זי מעהר ניט זעהן! קיינמאָל מעהר ניט זעהן! גאָט, מיין גאָט!...

אין דער מינוט האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טהיר.

— דער מענש, וואָס האָט געבראַכט דעם בריעף, וואַרט אין פאָרצימער אויף ענטפער.

מאַריוס האָט גענומען דעם בריעף אין האַנד. אויפ׳ן קאָנווערט איז געווען אָנגעשריבען: „צום העררן באַראָן פּאָנמערסי׳׳. די האַנדשריפט איז מאַריוס׳ן פאָרגעקומען בעקאַנט. פּלוצים האָט ער דערשפּירט פונ׳ם בריעף אַ גערוך פון טאַבאַק, און דאָס האָט מיט אַמאָל אויסגעלייטערט זיין זכרון. ער האָט שנעל געעפענט דעם בריעף און דורכגעלעזען פאָלגענדעס:

„הערר באַראָן, איך ווייס דאָס געהיימניש פון אַ געוויסען מענשען, וועלכען איהר קענט אויך. ווינשענדיג צו האָבען די עהרע אייך צו דיענען מיט עפּעס, בין איך בערייט אייך צו ענטדעקען דאָס דאָזיגע געהיימניש. איך קען אייך לייכט געבען אַן עצה, ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון דער דאָזיגער פּערזאָן, וואָס האָט קיין רעכט נישט צו רעכנען זיך צו אייער הויכגעשעצטער פאַמיליע, ווען די באַראָנעסע אַליין שטאַמט פון גרויסען יחוס. איך וואַרט אויף אייער בעפעהל.

גרייט אייך צו דיענען. טענאַר׳׳.

מאַריוס האָט זיך שטאַרק דערפריידט. ער איז געווען זיכער, אַז דער שרייבער פונ׳ם בריעף איז טענאַרדיע. ווען איהם וואָלט נאָך געלונגען צו געפינען די צווייטע פּערזאָן, זיין אומבעקאַנטען רעטער, וואָלט ער שוין געווען גאָר גליקליך.

ער האָט אַרויסגענומען פון טיש־קעסטעל עטליכע באַנקנאָטען, האָט זיי אַריינגעלעגט צו זיך אין קעשענע און געזאָגט צו באַסק׳ן:

— בעט אַריין אַהער דעם דאָזיגען מאַן.

די טהיר האָט זיך געעפענט, און מאַריוס איז געבליבען שטעהן ערשטוינט. דאָס איז נישט געווען דער מענש, וועלכען ער האָט ערוואַרטעט.

דאָס איז געווען אַן אַלטער מאַן, מיט אַ גרויסער נאָז, גרינע ברילען אויף די אויגען, אַ הויכען קאָלנער און גרויע האָר. געקליידט איז ער געווען אין שוואַרצען פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ „שטאַטס־מאַן׳׳, אַ הויכער בעאַמטער.

## 23. ווידער דיפּלאָמאַט.

מיט צוויי שטונדען פריהער האָט באַסק דערלאַנגט מאַריוס׳ן אַ בריעף, זאָגענדיג דערביי:

אַ געוויסער מענשען, וועלכער ווייסט, אַז

אין פּאַריז זענען פאַרהאַן קראַמען, וואו יעדער איינער קאָן פערוואַנדעלט ווערען אין אַ גראַף, אַ בעאַמטען, אַ באַנקיר — וואָלט די דאָזיגע קליי־דינג פון וועג ניט אַראָבגעשלאָגען. מאַריוס אָבער האָט פון די אַלע זאַכען קיין בעגריף ניט געהאַט. איהם האָט פערדראָסען די זשנטטוישונג, און ער האָט דעם גאַסט טרוקען געפרעגט:

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?

דער אונבעקאַנטער האָט געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

— מיר דאַכט, איך האָב שוין געהאַט די עהרע צו זעהן דעם הער באַראָן ביי דער פירסטין באַגראַטיאָן און ביים וויקאָנט דאַמבּרע אין הויז?

— איך קען ניט די פירסטין באַגראַ־טיאָן, — האָט מאַריוס געענטפערט, — ניט דעם וויקאָנט דאַמבּרע און בין קיינמאָל ביי זיי אין הויז ניט געוועזען.

דער ענטפער איז געקומען אין אַ גאַנץ שאַרפען טאָן, אָבער דער גאַסט איז דערפון ניט נתפּעל געוואָרען און האָט אויסגערופען:

— אָ, אויב אַזוי, האָבען מיר זיך זיכער געזעהן ביי שאַטאָבריאַנ'ען! איך קען שאַטאָ־בריאַנ'ען זעהר גוט. ער איז אַ וואוילער יונג. ער פלעגט אָפטמאָל מיר זאָגען: „טענאַר, מיין פריינד, אפשר וואָלטען מיר געמאַכט אַ כוסה?"

מאַריוס'עס געזיכט איז געוואָרען נאָך שטרענגער:

— איך האָב ניט די עהרע צו זיין בעקאַנט מיט שאַטאָבריאַנ'ען. הכּלל, צו דער זאַך: וואָס ווילט איהר?

דער הברה־מאַן האָט זיך פערנייגט און אָנגעהויבען:

— הער באַראָן, הערט מיך אויס. אין אַמעריקאַ, נעבען פּאַנאַמאַ, איז פאַרהאַן אַ דאָרף מיט'ן נאָמען האַיאַ. דאָס דאָרף בעשטעהט אינ־גאַנצען פון איין גרויסען הויז, וואָס איז בעוואוינט פון אַכט הונדערט מענשען. דאָס הויז איז בעז־פעסטיגט, די מענשען קענען בעוואָפענט. צו וואָס איז דאָס? ווייל די געגענד איז פול מיט מענשען־פרעסער. צו וואָס־זשע פאָהרט מען אַהין? ווייל דאָס איז אַ וואונדער־לאַנד; דאָרט איז פאַרהאַן גאָלד.

— צו וואָס דערצעהלט איהר מיר דאָס אַלץ? — האָט מאַריוס אונגעדולדיג געפרעגט.

— אָט צוליעב וואָס, הער באַראָן. איך בין אַן אַלטער דיפּלאָמאַט, מיעד פונ'ם לעבען און פון דער אַלטער ציוויליזאַציע. איך וויל זוכען מיין גליק צווישען די ווילדע.

— ווייטער.

— הער באַראָן, עגאָאיזם איז אַ וועלט־געזעץ. יעדערער האָט נור זיך אין זינען. יעדער היט זיין אינטערעס.

— ווייטער. ענדיגט.

— איך וואָלט וועלען זיך בעזעצען אין האַיאַ. מיר זענען אין דריי: איך האָב אַ פרוי און אַ טאָכטער. די טאָכטער איז זעהר שען. די רייזע איז אַ ווייטע און קאָסט טייער. דערוועגען דאַרף איך געלד.

— וואָס געהער זיך עס אָן מיט מיר? — האָט מאַריוס געפרעגט.

— האָט דען דער הער באַראָן ניט געלעזען מיין בריעף?

מאַריוס האָט זיך דערמאָהנט אָן בריעף און אָן זיין השד וועגען דעם, ווער דער מענש איז. ער האָט געוואָרפען אויף יענעם אַ שאַרפען קוק און האָט געזאָגט:

— רעדט.

— רעכט, הער באַראָן, איך וועל רעדען. איך וויל אייך פערקויפען אַ געהיימניש.

— אַ געהיימניש?

— יאָ.

— זי האָט אַ שייכות צו מיר?

— אַ ביסעל.

— וואָס איז עס פאַר אַ געהיימניש?

— איך וועל עס אייך דערצעהלען אומ־זיסט, — האָט דער אונבעקאַנטער געזאָגט. — איהר וועט זעהן, ווי אינטערעסאַנט דאָס איז.

— דערצעהלט.

— הער באַראָן, איהר האַלט ביי זיך אין הויז אַ גנב און אַ מערדער.

מאַריוס האָט אַ ציטער געטהון.

— איך? ניין, — האָט ער געזאָגט.

דער אינטעקאַנטער האָט רוהיג גערעדט ווייטער:

— אַ גנב און אַ מערדער. מערקט אייך, הערר באַראָן, אַז איך רייד נישט וועגען לאַנגאַנגענע מעשים, וואָס האָט געזעץ איז זיי מוחל צוליעב לאַנג־יעהריגקייט און פאַר גאָט איז מען זיי מכפר מיט תשובה־טהון. ניין, איך רייד וועגען זאַכען, וואָס קענען נישט לאַנג געשעהן און פון וועלכע די גערעכטיגקייט האָט קיין בעגריף נישט. איך וועל אייך זאָגען אומיסט דעם האָזיגען מענשענס אמת'ן נאָמען.

— איך הער.

— מ'רופט איהם זשאַן וואַלזשאַן.

— איך ווייס עס.

— ער איז אַן אַנטלאָפענער קאַטאָרושניק.

— איך ווייס עס.

— איהר ווייסט עס איצט, אַז איך האָב אייך געזאָגט.

— ניין, איך האָב עס פריהער געוואוסט.

דער אינטעקאַנטער האָט געשאָסען אויף מאַריוס'ן אַ ווילדען בליק און האָט גלייך חערנאָך אַראָפּגעלאָזען די אויגען, אָבער מאַריוס האָט עס בעמערקט, און דער האָזיגער בליק האָט איהם נאָך מעהר איבערצייגט, אַז ער האָט קיין טעות נישט געהאַט, אַז דער מענש איז ווירקליך יענער, פאַר וועמען ער האָט איהם אָנגענומען פון אָנפאַנג אָן.

— מילא, איך דערוועג זיך נישט צו ווידערשפּרעכען דעם הערר באַראָן, — האָט דער אינטעקאַנטער געזאָגט. — יעדענפאַלס, זעהט איהר, אַז איך בין גוט אינפאָרמירט. דאָס, וואָס איך וויל איצט דערצעהלען, ווייס איך נור אַליין. דאָס איז אַ וויכטיגע געהיימניש, און איך וויל פאַר איהר אַ קלייניגקייט — צוואַנציג טויזענד פראַנק.

— איך ווייס דאָס געהיימניש אויך, פּונקט ווי אַלע אַנדערע געהיימנישען, — האָט מאַריוס געענטפערט.

דער אינטעקאַנטער האָט זיך צוגעאיילט אַראָפּצולאָזען פון פּרייז:

— הערר באַראָן, גיט צעהן טויזענד, וועל איך אייך אַלץ זאָגען.

— איך זאָג דאָך אייך, אַז איך ווייס שוין אַלץ.

ביים אינטעקאַנטען האָבען די אויגען אויפגעבליצט.

— איך מוז דאָך אָבער היינט עסען מיטאָג! איך דערצעהל גלייך. גיט מיר צוואַנציג פראַנק.

מאַריוס האָט אויף איהם אַ שאַרפען קוק געטהון.

— איך ווייס נישט נור, ווער זשאַן וואַלזשאַן איז, איך ווייס אויך אייער נאָמען.

— מיין נאָמען?

— יאָ.

— דאָס איז נישט שווער: איך האָב זיך אונטערגעשריבען אויפ'ן בריעף. מיין נאָמען איז טענאַר.

— ...דיע, — האָט מאַריוס געזאָגט.

— וואָס?

— טענאַרדיע.

— ווער איז דאָס?

ער האָט זיך צולאַכט. מאַריוס איז נישט נתפעל געוואָרען פון זיין געלעכטער און האָט ווייטער געזאָגט:

— איהר זענט אויך דער אַרבייטער זשאָנדרעט, דער קאָמעדיאַנט פאַבאַנטו, דער פּאָעט זשענפלאָ און דער שפּאַניער דאָן אַלוואַרעץ. איהר האָט געהאַלטען אַ טראַקטיר אין מאָנפערמעיל.

— אַ טראַקטיר! קיינמאָל נישט

— דערצו קאָן איך אייך זאָגען, אַז איהר זענט אַ לומפּ. און איצט, נאַט אייך!

מיט די ווערטער האָט מאַריוס אַרויסגענומען אַ באַנק־בילעט און איהם אַ וואָרף געטהון טענאַרדיע'ן אין פּנים אַריין.

— אַ דאַנק! פינף הונדערט פראַנק! הערר באַראָן!

דער באַנדיט האָט זיך געבוקט און גענומען אין הענט, האָט געדאַנקט און געשטוינט:

— פינף הונדערט פראנק — דאס איז געלד!

דערנאך האט ער פלוצים אויסגעשריגען:

— נו, און איצט וועלען מיר זיך בעווייזען ווי מיר זעהען אויס אין דער ווירקליכקייט!

ער האט אראפגעהאפט זיין פאריק און די ברילען און אויסגעטופען:

— ריכטיג, הער באראן, איך בין ווירקליך טענארדיע.

## 24. א נייע בעשולדיגונג.

טענארדיע איז געווען אין כעס אויף די גאנצע וועלט, דערפאר וואס ער איז אזוי מאוס דורכגעפאלען.

ער האט אזוי געהארעוועט, ביז ער האט אויסגעפינען, מיט דער הילף פון זיין טאכטער זעלמא, אז קאזעטע האט חתונה געהאט פאר עטליכע יאהר — אין אז ער איז געקומען דערצעהלען, ווער זשאן וואלזשאן איז, ווייסט מען שוין אלץ וועגען איהם! טענארדיע'ן האט זיך אפילו נישט געחלומ'ט, אז ער זעהט פאר זיך זיין געוועזענעם שכן, דעם ארימען סטודענט, וואס האט געוואוינט מיט איהם א ציממער נעבען א ציממער. איהם איז אויך נישט איינגעפאלען, אז דער באראן זאל האבען עפיס א שייכות צו יענעם פערהאנדעלטען אפיציר, וועלכען ער האט געפינען, מיט יאהרען צוריק, אויפ'ן שלאכט-פעלד ביי וואטערלאא. נאר בעזונדערס האט איהם ערשטוינט דאס, וואס דער באראן קען איהם אזוי גוט און ווייסט כמעט זיין גאנצע פערגאנגענהייט.

מאריוס, פון זיין זייט, האט זיך בעקלערט, אז פון טענארדיע'ן קאן ער זיך סוליכט דערוויסען, פון וואס פאר א קוועלע קאזעטע'ס רייכטום שטאמט. ער האט חעריבער פרובירט אויספארשען דעם באנדיט, און צוליעב דעם האט ער אנגעהויבען רייידן דער ערשטער:

— טענארדיע, איך האב אייך געזאגט אייער נאמען, איצט, אויב איהר ווילט, וועל איך אייך דערצעהלען די סודות, וואס איהר האט מיר געבראכט. איך האב אויך געזאמעלט ידיעות און ווייס מעהר פון אייך. זשאן וואלזשאן איז ווירקליך א גנב און א מערדער, ווייל ער האט בעגנב'עט א רייכען פאבריקאנט מיט'ן נאמען מאדלען און האט געהרג'עט דעם פאליציי-אינספעקטאר זשאווער.

— איך פערשטעה אייך נישט, הער באראן, — האט טענארדיע געענטפערט.

— איהר וועט גלייך פערשטעהן. הערט. אין יאהר 1822 האט אין מאנטרעיל געוואוינט א מענש אונטער'ן נאמען מאדלען, וועלכער האט געהאט השבונות מיט דער פאליציי. דער דאזיגער מענש איז געווארען א צדיק אין פולען זינען פון ווארט. ער האט געגרינדעט א נייע אינדוסטריע, די פאבריקאציע פון שווארצע קרעלען, האט בערייכערט די געגענד און געזארגט פאר אלמנות און יתומים. ער אליין איז אויך רייך געווארען, נאר ביי איהם איז דאס געווען א נעבען-זאך, ווייל, ווי געזאגט, ער האט זיין גאנץ לעבען געווידמעט די שוואכע און אונטערדריקטע. א בעפרייטער קאטארזשניק האט איהם גע'מסר'ט, אז ער איז גארנישט מאדלען, מאדלען'ען האט מען ארעסטירט, און דער מסור האט ארויסגענומען פון א באנק מאדלען'ס פערמעגען, העכער א האלב מיליאן פראנק, אויף א באלשען טשעק. דער דאזיגער מסור און גנב איז געווען זשאן וואלזשאן. און א מערדער איז ער דערפאר, וואס ער האט ערמארדעט דעם אינספעקטאר זשאווער; ער האט איהם דערשאסען פון א רעוואלווער. איך ווייס עס אויף געוויס, ווייל איך בין אליין דערביי געוועזען.

טענארדיע האט געווארפען אויף מאריוס'ן א בליק פול מיט נצחון. ער האט איצט חערזעהן, אז נאך נישט אלץ איז פערלוירען און אז זיעגען וועט ער, טענארדיע. ער האט אבער אנגענומען א אונטערטעניגע מינע און האט מיט עניוות געזאגט:

— הערה בּאַראָן, מיר זענען אַראָב פונ'ם דרך.

— ווי? — האָט מאַריוס פערוואונדערט געפרעגט. — אידר וואָגט נאָך ווידערצושפּרעכען? דאָס זענען בּעשטעטיגטע פאַקטען.

— ניין, נישט געשטויגען, נישט געפלוי-גען. הערה בּאַראָן, זשאַן וואַלזשאַן האָט נישט בּעגנבעט מאַדלענ'ען און האָט נישט גע-הרג'עט זשאַווער'ן.

— דאָס איז שטאַרק געזאָגט; מיט וואָס קאָנט איהר דאָס בּעווייזען?

— איך האָב ערנסטע בּעווייזען.

— וועלכע? רעדט.

— ערשטענס: ער האָט נישט געקאָנט בּעגנבענען מאַדלענ'ען, ווייל זשאַן וואַלזשאַן איז טאַקע מאַדלען אַליין.

— וואָס דערצעהלט איהר דאָ פאַר בּבא-מעשׂות!

— צווייטענס: ער האָט נישט גע'הרג'עט זשאַווער'ן, ווייל זשאַווער אַליין האָט גע'הרג'עט זשאַווער'ן.

— איך פערשטעה נישט.

— זשאַווער איז בּעגאַנגען זעלבּסט-מאָרד.

— בּעווייזט עס! בּעווייזט עס! — האָט מאַריוס געשריען אויסער זיך.

טענאַרדיע האָט זיך קאַלטבּלוטיג געצעהלט די ווערטער:

— דעם פּאָליציי-אינספּעקטאָר זשאַווער האָט מען געפונען אַדערטרונקענעם אין טייך אונטער דער „בריק פון די הלפנים".

— בּעווייזען, בּעווייזען אַהער!

טענאַרדיע האָט אַרויסגענומען אַ קאָנווערט מיט פּאַפּירען.

— הערר בּאַראָן, — האָט ער געזאָגט, — איך וועל אייך בּאַלד בּעווייזען, אַז וואָס איך זאָג, איז ריכטיג.

ער האָט אַרויסגענומען צוויי אויסשניטען פון פּאָליציאישע צייטונגען. איינע איז געווען פון אַנאַלטער נומער און האָט דערצעהלט די געשיכטע פונ'ם קאַטאָרזשניק זשאַן וואַלזשאַן, וועלכער האָט געוואוינט אין מאָנטרעיל אונטער'ן נאָמען מאַדלען. די צווייטע צייטונג האָט בּע-שטעטיגט דעם פאַקט וועגען זשאַווער'ס זעלבּסט-מאָרד און האָט נאָך איבּערגעגעבּען זשאַווער'ס אייגענע ערצעהלונג וועגען דעם, ווי אַזוי איי-נער פון די רעוואָלוציאָנערען האָט איהם גערא-טעוועט פון טויט בּיי דער בּאַריקאַדע שאַנווערי און האָט אויסגעשאָסען אין די לופט, אַנשטאָט איהם אין קאָפּ אַריין.

מאַריוס איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— הייסט עס, — האָט ער אויסגעשריען, — יענער אומגליקליכער איז ווירקליך מאַדלען, דער וואוילטהעטער פון אַ גאַנצער געגענד! הייסט עס, דאָס געלד איז עהרליך, כּשר פערדינטעס געלד! הייסט עס, זשאַן וואַלזשאַן האָט זשאַ-ווער'ן נישט געטויט, נאָר געראַטעוועט! ער איז אַ העלד! אַ היילינער!

— ש–שאַ! — האָט טענאַרדיע געענט-פערט. — ער איז נישט קיין העלד און נישט קיין היילינער, נאָר טאַקע אַ גנב און אַ מערדער.

— ווידער אַמאָל! — האָט מאַריוס אויסגע-רופען, ווי אָנגעכאַפּט מיט אַנ'עמער קאַלט וואַסער.

— יאָ, ווידער אַמאָל אַ גנב און נאָכאַמאָל אַ מערדער, — האָט טענאַרדיע געענטפערט. — איהר הייצט זיך גור נישט, הערר בּאַראָן, זעצט זיך אַנידער און ערלויבּט מיר זיך אויך אַנ דער-זעצען, וועל איך אייך אַלץ דערצעהלען.

מאַריוס האָט איהם אָנגעוויזען אויף אַ שטוהל און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ צווייטען.

— הערר בּאַראָן, — האָט טענאַרדיע אָנ-געהויבּען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך בּעקוועם איינגעאָרדענט אויף אַ ווייכען שטוהל, — דעם 6-טען יוני פון יאָהר 1832, דאָס הייסט, כּמעט מיט אַ יאָהר צוריק, אין דעם טאָג, ווען עס זע-

נען פאַרגעקומען די אונאָרדנונגען אויף די גאַסען פון פּאַריז, האָט זיך אַ מענש בעהאַלטען אין דער שטאָטישער קאַנאַליזאַציע, נעבען פּונקט, וואו דער הויפּט־קאַנאַל דערנעהערט זיך צום טייך, צווישען דער יענאַ־בריק און דער בריק פון די אינוואַלידען.

מאַריוס האָט פּלוצים צוגערוקט זיין שטוהל נעהנטער צו טענאַרדיען. טענאַרדיע האָט עס בעמערקט און האָט גענומען דערצעהלען לאַנגזאַם, מיט דער מינע פון אַ רעדנער, וואָס ווייסט, אַז מ'הערט זיך צו צו זיינע רייד מיט האַרצקלאַפּעניש.

## 25. די אָבגעריסענע פּאָלע.

— דער האָזיגער מענש, — האָט טענאַרדיע פאָרטגעזעצט, — וועלכער איז געצוואונגען געווען זיך צו בעהאַלטען, — אמת, נישט צוליעב פּאָליטישע טעמים, — האָט זיך געמאַכט אַ בעהעלטעניש אין קאַנאַל, צו וועלכען ער האָט צוגעקראָגען אַ שליסעל. איך דערמאָהן אייך נאָכאַמאָל, אַז דאָס, וואָס איך גייע אייך דערצעהלען, איז פאָרגעקומען דעם 6־טען יוני, אַרום אַכט אַ זייגער אין אָווענד. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ געריוש פון טריט אין קאַנאַל. זעהר פערוואונדערט, האָט ער זיך פעררוקט אין אַ ווינקעל און געוואַרט, וואָס דאָ וועט זיין. דער אַרויסגאַנג פון קאַנאַל, מיט אַ גראַטע פערצאַמט, איז געווען נישט ווייט פון דאָרטען און האָט דורכגעלאָזען אַ שוואַכע שיין, וועלכע האָט דעם מענשען געגעבען די מעגליכקייט צו בעקוקען און דערקענען דעם ניי־אָנגעקומענעם. דער לעצטער איז געווען אַן אַנטלאָפענער קאַטאָרזשניק און האָט געטראָגען אויף די פּלייצעס — אַ טויטען מענשען. קלאָר, אַז דאָ איז געשעהן אַ מאָרד. וועגען רויב אָדער גנבה איז דאָ איבעריג צו רעדען, — אומזיסט הרג'עט מען נישט קיין מענשען. דער קאַטאָרזשניק האָט זיך געקליבען אַריינצוואַרפען דעם מת אין טייך אַריין. מ'האָט אַפילו געקאָנט פרעגען אַ האַרבע קשיא: איידער דער קאַטאָרזשניק איז צוגעקומען צו דער גראַטע, האָט ער געמוזט אויפ'ן וועג איבערגעהן אַ שרעקליכע גרוב. פרעגט זיך: פאַר וואָס האָט ער דעם ערמאָרדעטען אַהין נישט אַריינגעוואָרפען? אין דער אמת'ן אָבער איז עס אַ פראַגע נור פאַר אַ „פּריץ“, וואָס איז נישט געניט אין די זאַכען. אַ מענש, וואָס האָט אַ ביסעלע פּראַקטיק אין לעבען, וועט גלייך פערשטעהן, אַז דער מערדער האָט נישט געוואָלט, אַז די אַרבייטער, וואָס אַרבייטען אין קאַנאַל, זאָלען גלייך אויף מאָרגען געפינען דעם קערפּער. אַז אַ פערברעכען ווערט ענטדעקט, איז דערמיט שוין אַליין אויף אַ העלפט ענטדעקט דער פערברעכער אויך. דעם אמת אָבער מוז איך זאָגען, אַז עס איז שווער צו פערשטעהן, ווי אַזוי איהם איז געלונגען די זאָגיגע גרוב אַריבערצוגעהן בשלום: זי איז טיעף, לאַנג און פול מיט שמוץ און אומריינקייטען, און ער איז געגאַנגען כמעט אויף אַ זיכערען און שרעקליכען טויט.

מאַריוס האָט צוגערוקט זיין שטוהל נאָך נעהנטער. טענאַרדיע האָט איבערגעהאַפּט דעם אָטעם און האָט ווייטער געפיהרט זיין ערצעהלונג:

— דער קאַנאַל, הערר באַראָן, איז נישט קיין פריי פעלד, און פּלאַץ איז דאָרט פאַראַן זעהר ווענינ. אַז צוויי מענשען פערקריכען אַהין, מוזען זיי זיך בעגעגנען. און אַזוי איז געשעהן דאָסמאָל אויך. דער בעשטענדיגער איינוואוינער פון קאַנאַל און דער צופעליגער פאַרבייגעהער האָבען זיך אָנגעשטויסען איינער אויפ'ן צווייטען, צו ביידענס פערדרוס און אומצופרידענהייט. דער פאַרבייגעהער האָט געזאָגט: „דו זעהסט, וואָס איך טראָג אויף זיך; איך מוז פון דאַנען אַרויסגעהן; דו האָסט אַ שליסעל, — גיב מיר איהם“. דער קאַטאָרזשניק איז געווען זעהר אַ שטאַרקער מאַן, האָט דער בעשטענדיגער קיין ברירה נישט געהאַט און האָט געמוזט עפענען פאַר איהם די גראַטע. נאָר פריהער האָט ער בעוויזען צו בעקוקען דעם געהרג'עטען און אָב־

צורײַסן אַ שטיק פּאָלע פון זײַן ראָק. דער טויטער איז געווען יונג, גוט געקליידט און, קענטיג, רײַך. איצט פערשטעהט איהר שוין אַלץ, הערר באַראָן: דער קאַטאָרזשניק איז געווען זשאַן וואַלזשאַן, דער בעשטענדיגער אײַנוואוינער פון קאַנאַל — בין איך, און אָט איז דאָס שטיק פון דער פּאָלע...

מיט די ווערטער האָט טענאַרדיע אַרויסגענומען פון קעשענע, אַ שטיק שוואַרץ געוואַנד, בעדעקט מיט טונקעלע פלעקען פון פערגליווערטען בלוט.

מאַריוס איז אויפגעשטאַנען פון אָרט, בלאַס און אָהן אָטעם; נישט אַראָבנעהמענדיג קיין אויג פונ'ם שטיקעל געוואַנד, איז ער אָבגעטראָטען צו דער וואַנד, האָט אָנגעטאַפּט מיט איין האַנד דעם שליסעל פון דער וואַנד-שאַנק, האָט איבערגעדרעהט דעם שליסעל און געעפענט דאָס טהיר'ל. דערנאָך האָט ער אַרײַנגעשטעקט זײַן האַנד אין שאַנק.

טענאַרדיע האָט דערווײַל געזאָגט:

— הערר באַראָן, איך דענק, אַז דער געהרגעטער יונגער-מאַן איז געווען אַ רײַכער אויסלענדער, וואָס האָט געהאַט בײַ זיך אַ סך געלד און וועלכען זשאַן וואַלזשאַן האָט אַרײַנגעהאַפּט אין נעץ.

— דער יונגער-מאַן בין איך, און אָט האָט איהר דעם ראָק אויך! — האָט מאַריוס אויסגערופען און אַ וואָרף געטהון אויפ'ן טיש זײַן אַלטען פערבלוטיגטען ראָק. ער האָט אַרויסגעריסען בײַ טענאַרדיע'ן פון האַנד דאָס שטיק צײַג און צוגעלעגט עס צו דער צוריסענער פּאָלע. דאָס שטיק האָט זיך צוגעפּאַסט צום ריס פּינקטליך אויף דער האָאָר.

טענאַרדיע האָט זיך דערשראָקען און אַ טראַכט געטהון: „איך בין אַרײַנגעפאַלען“.

מאַריוס האָט זיך אויסגעגלײַכט. ער האָט געציטערט פון קאָפּ ביז די פיס, איז געווען אין פערצווייפלונג און האָט צו גלײַכער צײַט געשײַנט פון פרייד.

ער האָט אַרײַנגעשטעקט די האַנד צו זיך אין קעשענע, האָט אַרויסגעשלעפּט אַ הויפען באַנק-בילעטען צו פינף הונדערט און צו טויזענד פראַנק און האָט זיי פערדריקט אין פויסט. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו טענאַרדיע'ן, האָט איהם אונטערגערוקט דעם פויסט אונטער די נאָז און האָט אויסגעשריען מיט אַ ווילדער שטים:

— איהר זענט אַ לומפּ, אַ ליגנער, אַ רכילות-טרײַבער, אַ באַנדיט! איהר האָט געוואָלט אַ מענשען בעשמוצען — און האָט איהם ריין געוואַשען; איהר האָט געמיינט איהם צו ערנידריגען און האָט איהם דערהויבען ביז'ן הימעל. דאָס זענט איהר אַ גנב און אַ מערדער! איך האָב אײַך געזעהן, זשאָנדרעט—טענאַרדיע, אין הויזעל אויפ'ן בולוואַר האָפּיטאַל; איך ווייס גענוג פון אײַערע מעשים, — עס וואָלט געקלעקט אײַך צו פערשיקען אויף קאַטאָרגע אויף אײַער גאַנץ לעבען, ווען איך וואָלט עס וועלען. נאַט, בעטלער, דאָ האָט איהר טויזענד פראַנק!

דערבײַ האָט ער טענאַרדיע'ן אַ וואַרף געטהון אַ בילעט.

— אַ, געמיינער לומפּ! זאָל עס אײַך דינען פאַר אַ לעקציע אויף ווײַטער, ווי אַזוי צו האַנדלען מיט פרעמדע סעקרעטען, איהר נאַכט-שפּיאָן, נידערטרעכטיגע בריאה וואָס איהר זענט! נאַט אײַך נאָך פינף הונדערט פראַנק און טראָגט זיך אָב פון דאַנען! אײַך ראַטעוועט וואַטערלאָאָ פון דער שטראָף, וועלכע איהר האָט כשר פערדיענט.

— וואַטערלאָאָ! — האָט טענאַרדיע ערשטוינט אַרויסגעברומט, רוקענדיג דערווײַל דאָס געלד אין קעשענע.

— יאָ, איהר מערדער! איהר האָט דאָרט געראַטעוועט פון טויט אַ פּאָלקאָווניק...

— אַ גענעראַל, — האָט טענאַרדיע געענטפערט, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ מיט שטאָלץ.

— אַ פּאָלקאָווניק, נישט קיין גענעראַל! — האָט מאַריוס מיט כעס אויסגערופען. — פאַר אַ גענעראַל וואָלט איך קיין פּרוטה נישט געגעבען. מאַרש פון דאַנען! נאַט אײַך נאָך דרײַ טויזענד פראַנק, און לאָמיך אײַער טרפה'נעם פּרצוף נישט אָנקוקען. פאָרט, איך ווינש אײַך גליק, דאָס איז גאַר, וואָס איך קאָן אײַך זאָ-

גען. איך וועל זעהן, איהר וועלט וואָס גיכער אָבפאָהרען, און ביים וואָקסאָהר קריגט איהר פון מיר נאָך צוואַנציג טויזענד פראַנק. זוכט באַהר אַ זיך אַ תליה אין אַן אַנדער פלאַץ.

) אינטאַנצען צוטומעלט און ענטציקט אין דערהעלבער צייט, האָט טענאַרדיע בעהאַנקט און איז אַרויס פון הויז, נישט אָנהויבענדיג צו פער-שטעהן, וואָס דאָ טהוט זיך.

מיר וועלען זאָגען וועגען דעם דאָזיגען פאַרשוין עטליכע געצעהלטע ווערטער און איהם פערלאָזען אויף שטענדיג. פערברעכען און גע-מיינהייט איז געווען טענאַרדיע'ס אונהיילבאַרע קראַנקהייט. ער איז אַוועק קיין אַמעריקאַ און איז דאָרט געוואָרען, מיט מאַריוס'עס געלד, אַ שקלאַ-פען-הענדלער.

באַלד ווי טענאַרדיע איז אַרויס, איז מאַר-יוס אַריינגעפלויגען ווי אַ באָמבע צו קאָזעטע'ן אין צימער.

— קאָזעטע, קאָזעטע! קום גיכער, לאָ-מיר פאָהרען! באַלד, די קאַרעטע! אַך, מיין גאָט, דאָס האָט ער מיך דאָך גערעטעוועט! שנעלער, קאָזעטע, האָב דיין שאַל!

קאָזעטע האָט בעשלאָסען, אַז מאַריוס איז אַראָב פון זינען, פונדעסטוועגען האָט זי גע-פאָלגט.

מאַריוס איז געווען אויסער זיך. ער האָט אָנגעהויבען צו זעהן אין זשאַן וואַלזשאַנ'ען עפּעס אַ פינסטערע און גלייכצייטיג אַ הויכע פערזאָן.

אין אַ מינוט אַרום זענען זיי געזעסען אין דער קאַרעטע.

— קוטשער! — האָט מאַריוס בעפוילען — די גאַס פון „בעוואָפענטען מענשען", נומער זיעבען.

— אַך! — האָט קאָזעטע אויסגעשריען. — סאַראַ גליק! מיר פאָהרען צום הערן זשאַן!

— צו דיין פאָטער, דיין פאָטער, קאָזעטע! — האָט מאַריוס געענטפערט. — איצט ווייס איך שוין אַלץ. דו האָסט מיין בריעף נישט ערהאַל-טען, — מסתמא האָט איהם גאַוראָש אָבגעגעבען דיין פאָטער אין די הענד, איז ער אַוועק אויף די באַריקאַדע, כדי מיך צו ראַטעווען. אגב אוראה האָט ער געראַטעוועט זשאַווער'ן. דאָס איז אַ מענש, וואָס פערגעהמט זיך מיט ראַטעווען אַנ-דערע, פערשטעהסט! אַך, ווי געמיין איך האָב איהם בעהאַנדעלט! און ער האָט מיך דורכגע-טראָגען דורכ'ן שרעקליכען קאַנאַל, וואו מ'קאָן הונדערט מאָל אומקומען אין שמוץ! מ'ר'ן איהם נעהמען צו זיך. מיין גאַנץ לעבען וועל איך איהם אָוועקגעבען. דאָס איז אַ הייליגער, קאָ-זעטע. גאַוראָש האָט איהם זיכער איבערגע-געבען דעם בריעף, פערשטעהסט, קאָזעטע?

קאָזעטע האָט נישט פערשטאַנען אַ וואָרט.

— דו האָסט רעכט, — האָט זי געענט-פערט.

## 26. צובראָכען.

דערהערענדיג דעם קלאַפּ אין טהיר פון זיין צימער, האָט זשאַן וואַלזשאַן אויסגעדרעהט דעם קאָפּ און געזאָגט מיט אַ שוואַכער שטים:

— אַריין.

די טהיר האָט זיך געעפענט. קאָזעטע איז אַריינגעפליגען אין צימער. מאַריוס איז גע-בליבען שטעהן ביי דער טהיר.

— קאָזעטע! — האָט זשאַן וואַלזשאַן אויס-געשריען און האָט געעפענט זיינע אָרעמס. ער איז געווען שרעקליך בלאַס, נאָר זיינע אויגען האָבען אויפגעשיינט.

קאָזעטע איז צוגעפאַלען אָהן אָטעם צו זיין ברוסט.

— טאַטע!

זשאַן וואַלזשאַן האָט געמורמעלט:

— קאָזעטע! ס'איהר, באַראָנעסע! ס'ביסט, אַך, גאָט מיינער! ס'דו, טאָכטער! דו ביסט מיר, הייסט עס, מוחל!

מאַריוס איז צוגעטראָטען נעהנטער, און קוים איינהאַלטענדיג זיך פון געוויין, האָט ער אויסגערופען:

— פאָטער!

— זענט איהר, הייסט עס, מיר אויך מוהל! ווי נאריש דער מענש איז: איך האב געמיינט, מיינע אויגען וועלען זי שוין קיינמאל נישט זעהן. און איצט איז מיין טאכטער ווידער געגעבען מיר. אך, ווען איהר וואלט וויסען, ווי אומגליקליך איך בין געוועזען!

ער האט נישט געקאנט האפען דעם אטעם, און ס'איז אוועק א גאנצע מינוט איידער ער האט ווידער געקאנט רעדען.

— איך ניטיג זיך ווירקליך הערין — צו האפען א קוק אויף קאזעטען פון צייט צו צייט. הערר פאנמערסי, ערלויבט מיר איהר צו זאגען „חי". דאס איז נישט אויף לאנג. און איהר, הערר פאנמערסי, זענט אויך געקומען צו מיר, אויך איהר זענט מיר מוהל!

מאריוס האט עס שוין מעהר נישט געקאנט איבערטראגען.

— קאזעטע, קאזעטע, דו הערסט, וואס ער רעדט! — האט ער אויסגעשריען. — ער רעדט זיך אלץ זיינס: מוהל און מוהל! ביי מיר בעט ער ענטשולדיגונג! ווייסטו, מיט וואס ער האט זיך פאר מיר פערדינט? ער האט מיך געראטעוועט פון טויט. צוליעב מיר איז ער געוועזען אויף דער באריקאדע, געקראכען אין קאנאל, שיער נישט אומגעקומען מיט א שרעקליכען טויט! דערנאך האט ער מיר געשענקט דיך, קאזעטע. לסוף בעט ער ביי מיר ענטשולדיגונג! מיין גאנץ לעבען צו פערברענגען ביי זיינע פיס וואלט איך אויך ווייניג געוועזען איהם אבצודאנקען. קאזעטע, דער מענש איז א העלד, א הייליגער, א מלאך, — דו הערסט, קאזעטע!

— ש-שא, וואס רעדט איהר עס עפים! — האט זשאן וואלזשאן צומישט געזאגט.

— נו, און איהר! — האט מאריוס אויסגעשריען מיט א מאראנעם כעס. — פארוואס האט איהר געשוויגען? איהר ראטעוועט מענשען פון טויט — און דערצעהלט עס זיי נישט! דערנאך קומט איהר נאך און דערצעהלט אן אל דאס בייז אויף זיך אליין. דאס איז שרעקליך!

— אך, מיין גאט, ווי קאלט אייערע הענט זענען! וואס איז אייך? זענט איהר קראנק?

— איך האב דערצעהלט דעם אמת, — האט זשאן וואלזשאן געענטפערט.

— ניין, — האט מאריוס געענטפערט, — א האלבער אמת איז קיין אמת נישט. פארוואס האט איהר נישט געזאגט, אז איהר זענט עס דער געוועזענער פאבריקאנט מאדלען? צו וואס האט איהר פערבארגען, אז איהר האט געראטעוועט זשאווערן? וואס איז דאס געוועזען פאר א גאנג צו בעהאלטען פון מיר, אז אייך האב איך צו פערדאנקען מיין לעבען?

— איך האב נישט געוואלט אייך בינדען, אייך איינג מאכען...

— איינג מאכען? ווען איינג מאכען? וואס איינג מאכען? וואס רעדט איהר זיך איין — אז מירין אייך איבערלאזען דא?... ניין, און טויזענד מאל ניין. איהר זענט איהר פאטער און מיין פאטער. א גליק דאס איז א ביסעל, וואס איך האב זיך צופעליג דערוואוסט די גאנצע געשיכטע! עס וועט אייך גארנישט העלפען, — מיר נעהמען אייך אוועק פון חאנען.

— מארגען, — האט זשאן וואלזשאן געענטפערט, — וועל איך שוין דא נישט זיין, אבער ביי אייך אויך נישט.

— אפילו מיט געוואלט וועל איך אייך צונעהמען, — האט קאזעטע זיך אריינגעמישט. — איך האב פאר אייך אנגעגרייט א צימער. אלץ, וועל איך טהון, וואס איהר וועט נור הייסען!

זשאן וואלזשאן האט נישט פערשטאנען, וואס זי רעדט. ער האט נור געהערט איהר שטים. א טרעהר האט זיך בעוויזען אין זיין אויג.

— א סימן, אז גאט איז מכפר אויף מיינע זינד! — האט ער שטיל ארויסגעמורמעלט. — יא, וואוינען צוזאמען וואלט ווירקליך געוועזען זעהר גוט. א שאד...

די טרעהר איז נישט ארויס, זי איז צוריק פערשוואונדען אין אויג. ער האט זי פערביטען מיט א שמייכעל.

קאזעטע האט גענומען זיינע הענד.

— איך? ניין, — האט זשאן וואלזשאן געענטפערט. — איך פיהל זיך זעהר גוט.

נישטמעהר...
ער איז געבליבען שטיל.
— וואָס, נישטמעהר?
— איך וועל באַלד שטאַרבען.
די יונגע-לייט האָבען איבגעציטערט.
— שטאַרבען! — האָט מאַריוס אויסגעשריען.
— יאָ. אָבער דאָס איז גאָרנישט. רייד נאָך אַ ביסעל, קאָזעטע, איך וויל הערען ווי דו רעדסט.
מאַריוס האָט געקוקט אויפ'ן אַלטען מיט טויט-שרעק. קאָזעטע האָט אַרויסגעלאָזען אַ שרעקליך געשריי:
— טאַטע, טאַטע! איהר וועט לעבען, איך וויל, איהר זאָלט לעבען, — איהר הערט, אַזוי וויל איך!

זשאַן וואַלזשאַן האָט אויף איהר אַ קוק געטהון מיט ליעבע און בערגעטערונג.
— אָ, יאָ, קאָזעטע, ערלויב מיר נישט צו שטאַרבען. אפשר וועל איך דיך פאָלגען. אַז איהר זענט געקומען אַהער, האָב איך שוין כמעט געגוסס'ט, און איצט ווער איך ווי לעבעדיגער.

— איהר זענט פיל מיט לעבען און קרעפטען! — האָט מאַריוס זיך אָבגערופען. — און איהר רעדט זיך איין, אַז אַזעלכע מענשען ווי איהר שטאַרבען? מיר'ן אייך נישט לאָזען!
זשאַן וואַלזשאַן האָט געשמייכעלט.
— קינדער, קינדער, גאָט ווייסט, וואָס ער טהוט! איהר דאַרפט לעבען און זיין גליקליך, און איך — ווער דאַרף מיך? האָסט אַ וואוילען מאַן, קאָזעטע, דו וועסט זיין גוט מיט איהם.
מ'האָט אָנגעקלאַפט אין טהיר, און דער דאָקטאָר איז אַריינגעקומען. מאַריוס איז צו איהם צוגעלאָפען.
— דאָקטאָר!
מעהר האָט ער נישט געזאָגט, אָבער די שטומע פראַגע האָט קלאָר אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגען. דער דאָקטאָר האָט געענטפערט איהם בלויז מיט אַ בליק.
— אויב אונז געפעלט נישט וואָס, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געזאָגט, — איז נאָך דערפון נישט געדרונגען, אַז מיר האָבען אַ רעכט צו האָבען תרעומות אויף גאָט.
עס איז געוואָרען שטיל. ביי אַלעמען זענען פערקלעמט געוואָרען די הערצער.
דער דאָקטאָר איז אַוועק.
מאַריוס און קאָזעטע זענען געלעגען נעבען זשאַן וואַלזשאַנ'ס פיס, האָבען געקישט זיינע הענט און זיי געוואַשען מיט שטילע און ביטערע טרעהרען.
די הויזווירטהין איז אַריין און געפרעגט, אויב זי זאָל שיקען נאָך אַ גייסטליכען.
— איך האָב דאָ איינעם, — האָט זשאַן וואַלזשאַן געענטפערט, אָנווייזענדיג מיט דער האַנד אין דער לופט.
ווער ווייסט? אפשר האָט דער בישאָף מיריעל זיך ווירקליך געפונען אין צימער בעת דער דאָזיגער פטירה...
דאָס ליכט אין די צוויי זילבערנע לייכטער האָבען געוואָרפען אַ שוואַכע שיין אַרום.
פריידליך און רוהיג, אונבעמערקט פאַר די צוויי יונגע מענשען, האָט די מידע נשמה פערלאָזען דעם גוף. די שווערע קייטען האָבען זיך ענדליך צובראָכען, און זשאַן וואַלזשאַנ'ס גייסט איז פון זיי פריי געוואָרען אויף אייביג.

